## מענדעלע מוכר ספרים

# אויסגעוויילטע ווערק

פערטער באנד




פארלאג „יידיש בוך" וואַרשע 1954

MENDEŁE MOJCHER SFORIM

# DZIEŁA WYBRANE

IV tom

Redaktor: G. SMOLAR

רעדאַקטאָר: ה. סמאָליאַר

Okładkę projektował: I. REJZMAN

הילע געצייכנט: י. רייזמאַן

*Printed in Poland*

Wydawnictwo „Idisz Buch" Warszawa, Nowogrodzka 5.

Nr zam. 1690. Nakład 5,350 egz. Druk ukończono w listopadzie 1954 r.
Ark. druk. 19,6. Ark. wyd. 16,5. Papier druk VII kl. 80 g, 61 × 86 cm.
Druk RSW „Prasa", Warszawa, Tarczyńska 8. 5-B-54989

# צוריק אַהיים

## א.

אמר מענדעלע מוכר ספרים — זאָגט מענדעלע מוכר ספרים: אַט די שטאָט גלופּסק, וואָס איך וויל אייך פון איר דערציילן, איז חשובער ווי אַלע אַנדערע שטעט, וואָריעם אויף איר נאָמען רופט זיך אַ גאַנצער יידישער קאַנט. און נישט אומזיסט האָט זי זוכה געווען צו אַזאַ גדולה, נישט אומזיסט רופט מען זי „עיר ואם בישראל“. איר דאַרפט וויסן, אַז ס'איז נישטאָ ביי אונדז קיין איין ייד, וואָס ער זאָל נישט האָבן אַ שטיקל שייכות צו גלופּסק, וואָס סע זאָל אין אים נישט שטעקן כאָטש איין חלק פון גלופּסקער טייערע מעלות. אויב איר אַליין, רבותי, זענט נישט געבוירן געוואָרן אין גלופּסק, איז ביי מיר גאָר קיין ספק נישטאָ, אַז אייערע טאַטעס אָדער זיידעס זענען געווען גלופּסקער, און אויב גלופּסקער בלוט רינט נישט אין אַלע אייערע רמ"ח אברים און אין יעדן מינדסטן אָדער, איז כאָטש אין איין ווינקעלע פון אייער מוח קאָן מען געפינען אַ סימן פון גלופּסק. איך בין שוין, ברוך השם, נישט קיין יונגעלע, איך האָב זיך אָנגעזען אַ וועלט, זאָג איך אייך, אַז איך האָב נאָך נישט באַגעגנט קיין אייציקן יידן, וואָס זיינע תנועות, זיינע גענג, זיינע פירערכצן סיי אין וועלט־זאַכן, סיי אין הימל־זאַכן זאָלן נישט שמעקן כאָטש אַ ביסעלע מיט גלופּסק. סע מעג זיין אַ משכיל צי אַ פּראָסטאַק, אַ גביר צי אַ קבצן — אויף אַלע איז אָנגעשריבן גלופּסק, אויף אַלע איז דאָס אויס־געקריצט מיט טיפע צייכנס — נישט אָפּצווישן.

אַ האַרציקער שמייכל שוועבט אויף מיינע ליפּן, ווען איך דערמאָן איצט דעם נאָמען גלופּסק, אַ שמייכל — אַ גוטע בשורה, אַ גרוס די קינדער פון זייער מאַמען, די אייניקלעך פון זייער באָבען, די פריינט פון זייער טייערער קרובה; זאָלן זיי שעפּן נחת פון די מעשיות, וואָס איך וועל דערציילן, זאָלן זיי זיך פריידן, וועל איך אויך האָבן הנאה.

זייט וויסן, ליבע ברידער, סיי נאָענטע, סיי ווייטע, סיי אויפן ים, סיי אויף דער יבשה, זייט וויסן, אַז אונדזער מוטער גלופּסק לעבט נאָך, מיט גאָטס הילף!

קומט, קינדער, וועל איך אייך דערציילן, וואָס זי טוט, וואָס זי טראַכט, וויאַזוי סע פירן זיך אירע ייִדן; איך וועל זי אייך אויסמאָלן ווי א לעבעדיקער: ווי זי שטייט און גייט, ווי זי קליידט זיך, ווי זי האַנדלט און וואַנדלט. און זי זאָל ביי אייך, חלילה, גאָר נישט זיין אַראָפּגעפּאַלן אין די אויגן, וואָס זי איז אַן אַלטע; בישקשה, זי איז נאָך נישט עובר בטל, אירע פּאַרצייטיקע מנהגים לעבן נאָך, זיי זענען נאָך נישט פאַרגעסן געוואָרן צווישן אחינו בני ישראל. וועל איך זי אייך פאָרשטעלן מיט איר גאַנצן חן, מיט אַלע אירע קנייטשלעך, כדי איר זאָלט זי קענען.

גלופּסק איז אַן אמתע יידישע שטאָט מיט אַלע פּיטשעוקעס. פון אַרכיטעקטן, וואָס בויען הייזער מיט אַ פּלאַן און מיט אַ סדר, האָט זי קיינמאָל נישט געהערט. אירע הייזער הייבן זיך נישט אין דער הייך, קריכן נישט מיט חוצפּה אין הימל אַריין, נאָר זיי שטייען זיך בידעריקע, ווי די גיונקעלעך, טייל איינגעבויגן, די דעכער אַראָפּגערוקט ביז דער ערד, אַלע אָן פאַרב, אָן צאַצקעס, אָן פּוצן פון דרויסן. דער ייד ווייסט, אַז שקר החן והבל היופי, די אַלע שמאָכטעס זענען נישט ווערט אַ צעבראָכענעם גראָשן. די דירה ביים ייִדן האָט אַ ווערט נאָר פון אינעווייניק; דאָרט איז ביי אים דער גאַנצער עולם קטן: דאָס בעט און דער טיש און דער צעבער און די קינדערלעך, זאָלן לעבן און געזונט זיין, און אַלצדינג, וואָס אַ ייד פאַרמאָגט, פון דער שאַפע מיט די קופּערנע פענדלעך, ביז הי קיך־טעפּלעך און דעם בעזעם מיט דעם אַריינגעשטעקטן פלאָקן אינמיטן. דער מנהג פון רערן אויף אָפּצופירן די רעגן־וואַסער און פון שטיינערנע בריקלעך פאַר די טירן איז דאָ נישט אָנגענומען; דעם צעבער און די טעפּלעך גיסט מען אויס פונקט אַנטקעגן טיר, קומען חזרים און באָדן זיך ביזן האַלדז אין בלאָטע און צעגראָבן דאָס געדיכטע אַרום און האָבן הנאה תענוג. הייבט זיך, ברוך השם, אַ געשמאַקער ריח און זעצט אין נאָז אַריין. און סע קומט אמאָל אַ סטראַזשניק, אַ צורר, און הייבט אָן רודן אַ מוח, ס'זאָל זיין ריין, פאַרשטאָפּט מען אים דעם פּיסק מיט אַ טרונק בראָנפן און אַ שטיק חלה, דאַרפט איר ווייסן, האָט אין זיך, נישט נאָר אַזאַ טבע, אַז זי פאַרקערעוועט דעם פלאַם פון די פרייטיקצונאַכטיקע ליכט — וואָס דאָס איז בדוק ומנוסה שוין פון לאַנגע יאָרן — נאָר זי איז אַ סגולה צו אַזעלכע חברה־לייט אויך, צו פאַרקערעווען זיי פון דער יידישער גאַס. בשעת הדחק, אַז ער טשעפּעט זיך זייער שטאַרק, גיט מען אים אַ שטיקל געהאַקטע פיש, אָנגעפילט מיט ציבעלעס און מיט קנאָבל, ווערט ער גאָר ווייך, ווי אַ פּוטער, און אַלצדינג בלייבט ביים אַלטן — עולם כמנהגו. נאָר איינמאָל האָט זיך געטראָפן, אַז מ'האָט גלופּסק גענייט בעל־כרחה צו משנה זיין אירע פּאַרצייטיקע מנהגים און צו אויספּוצן זיך פאַר לייטן. ס'איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז איינער פון די גאָר הויכע אדונים וועט דורכפאָרן איבער אונדזער שטאָט. איז געוואָרן אַ רעש אין גלופּסק און מ'האָט זיך גענומען גרייטן. יידעלעך זענען אַרויסגעקראָכן

פון זייערע לעכער, יעדערער מיט אַ בינטל שמאַטעס פאַר אַ באַרשט און מיט משונה־מאָדנע פּאַנים. האָבן דעמלט אונדזערע גלופּסקער באַוויזן, וואָס אייגער קאָן: מ'האָט אויסגעמאָלט אויף די הייזער אַלערליי לייבן און לעמפּערטן און פּיפּערנאָטערס און אַנדערע ווילדע באַשעפענישן, וואָס מע קאָן זיי זען אויף די ווענט פון אַ שול און אויף אַ מזרח. ווייסט איר, וואָס פאַר אַ פּנים גלופּסק האָט דעמלט געהאַט? ווי אַ כּלה־מויד, וואָס האָט זיך אויסגעפּרינדעט אין אַלערליי מלבושים מיט פּאַטשערקעס און מיט פּליטערלעך, כּדי צו געפעלן דעם חתן מיט די מחותנים. די ייִנגלעך האָבן דערזען אַזוינע חידושים־מדיקע געמעלן, זענען זיי געוואָרן פאַרגאַפט און האָבן זיך געזאָגט: וואָס גרויס, איז פאָרט נישט קליין! אפילו עלטערע מענטשן האָבן זיך אויך אָפּגעשטעלט קוקן. דער סטראָזש מיכאַי, וועלכער פאַרלעשט פּרייטיקצונאַכט די ליכט, איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפענעם מויל, און די רעכטע האַנט זייגע, וואָס האָט געטראָגן פון דער קעשענע אַ שטיק חלה צום מויל, איז געבליבן ווי פאַרגליווערט אינמיטן וועג; פּעטריכע, די גויע, וואָס מעלקט שבת די בהמות ביי ייִדישע מענטשער, האָט זיך צעלאַכט פאַר שמחה, האַלטנדיק די הענט אויפן בויך. דער סטראַזשניק איז געשטאַנען און געקוקט אויף גלופּסקער ווונדער, געשאָקלט מיטן קאָפּ, געקראַצט זיך אין דער פּאַטילניצע, געמאַכט מיט די ליפּן און עפּעס געמורקעט אַזוינס, וואָס די גלופּסקער האָבן עס געהאַלטן פאַר אַ שבח; מסתמא האָט זיך דער ערל געוווּנדערט אויף ייִדישער חכמה און זיך געטראַכט: טאַק, אַן עם חכם ונבון די דאָזיקע ייִדישע אומה. די ייִדן האָבן דערפון שטאַרק הנאה געהאַט, ס'האָט זיך זיי באַוויזן אַ שטיקל האָפענונג, אַז פון היינט אָן וועט דער דאָזיקער רשע זיי שוין לאָזן צורו און וועט זיך מער נישט טשעפּען. געווען, אמת, אייגער, וואָס האָט געמורמלט אויף גלופּסק, זאָגנדיק, אַז אַזאַ מין שיינקייט מאַכט זי נאָך מיאוסער און באַווייזט נאָר, אַז זי האָט נישט קיין געשמאַק. נאָר אַזוי ווי דאָס האָט געזאָגט אייגער פון די אַפּיקורסים, די נאַרישע חקרנים, דעריבער האָט זיך קיינער אויף אים נישט אומגעקוקט: אַקוראַט ווי דער הונט בילט.

גלופּסק האָט זוכה געווען צו אַזאַ נאָמען אויך צוליב דער מידה פון סבלנות, וואָס איז אין איר פאַראַן, און אויך צוליב דעם, וואָס זי איז אַ גרויסע ענווטע, זי איז מוחל אויף איר כבוד. פרעגט אומיסנע אירע באַלעבאַטים, אירע זקנים, וויפל מאָל האָט מען זי געזידלט בפרהסיא פאַר די גריבער אינמיטן גאַס, פאַר די שטיינער, וואָס ליגן צעזייט און צעשפּרייט איבערן מאַרק, שטייגער מיט שאַרפע שפּיצן, ווי די מעסערס, רחמנא־לצלן, וואָס מע פאַרטשעפּעט זיך פאַר זיי און מע פאַלט און מע ברעכט רוק און לענד, באַהיט זאָל מען ווערן; וויפל מאָל האָט מען זיך געבייזערט פאַר די טויטע קעץ מיט די געפּגרטע הינט, מיט אַלערליי אַנדערע שרצים, וואָס מע וואַרפט אַרויס, ווו סע טרעפט זיך, — און נאָר נישט, זי האָט זיך געמאַכט נישט ווייסנדיק, זי האָט מוחל געווען, וואָס מע טוט איר אָן אַזאַ

בזיון. שונאים האָבן אויף איר, דאַכט זיך, געשיט שוועבל און פעך פאַר איר טייך, פאַר איר מקווה, וואָס זענען פויל, פאַרעיפּושט, אָנגעפילט מיט מיסט און קויט און אַלערליי פּאַסקודסטווע; פאַר די אָפּטע שרפות, וואָס טרעפן זיך דאָרט, מחמת די הייזער שטייען אין ענגשאַפט און אין שטיקעניש, ממש איינגעטוליעט אייגנס אין אַנדערן, — און וואָס מיינט איר? זי האָט זיך געמאַכט פאַר אַ תם, אויסגעהערט אַלצדינג און שאַ — נישט געענטפערט דאָס אַנדערע וואָרט.

דאָ האָט איר אייך, רבותי, נאָר אַ פּאָר סמנים פון גלופּסק. איך האָב נישט געוואָלט מאריך זיין, דאָס איבעריקע וועט איר זיך שוין אָנשטויסן אַליין. טאָמער וועט אייך איבערגיין אַ שלעכטער געדאַנק און איר וועט וועלן זאָגן: סאַראַ מיאוסניצע די דאָזיקע בריאה איז, אַרט דאָס מיך נישט: הלוואַי וואָלטן אַלע מיאוסניצעס געהאַט אַזאַ חן ביי זייערע מאַנען אין די אויגן, ווי גלופּסק אין די אויגן פון אירע טויזנטער באַלעבאַטים. ס'איז דאָך אַן אַקט מיט אונדזערע גלופּסקער, אַז נישט מיט זייערע ווערטער און מיט זייער שפּראַך, נאָר אויך מיט אַלע זייערע מעשים ווייזן זיי אַרויס, ווי געטריי זיי זענען זייער ליבהאַרציקער שטאָט; ווער סע זעט זיי, דערקענט זיי באַלד, אַז זיי זענען גלופּסקער מיטן גוף און מיטן האַרץ און מיט דער גאַנצער נשמה.

אַ גלופּסקער ייד איז נישט אַזאַ מקפּיד אויף שיינע קליידער, אויף ריינקייט און כהומה אַזעלכע נאַרישקייטן, וואָס מענטשן גיבן זיך מיט זיי אָפּ אין דער גרויסער וועלט. די נייע מאָדעס, וואָס קומען אויף אין פּאַריזש און אין ווין און אין אַנדערע גרויסע שטעט, האָבן צו גלופּסק נאָר אַ קנאַפּע שייכות. טאָמער פאַרשלעפּט מען אַהער יאָ אַזאַ מאָדע איינמאָל אין אַ יובל, ווערט זי אויך אָן איר פריערדיקן גלאַנץ; אונדזערע שניידערס, פאַרשטייט איר מיך, גייען זיך מיט זייער א י י ג ע נ ע ם שניט און מיט זייערע באַזונדערע מעטאָדעס — ווערט ביי אונדז פון דער פּ אַ ר י ז ע ר יפהפיה אַן אמתע גלופּסקער באַלעבאָסטע מיטן אמתן גלופּסקער חן. אַז ס'איז אַרויסגעקומען די גזירה, יידן זאָלן זיך אָנטאָן אין דייטשישע קליידער, האָבן די גלופּסקער אויך ביסלעכווייז מקבל געווען אויף זיך דעם עול. איצט זענען זיי אין פלוג, האַלט זיך, אָנגעטאָן נאָך דער דייטשישער מאָדע און פאַר נאַטשאַלסטווע איז אַלצדינג כשר וישר, פונדעסטוועגן איז דאָ אין די קליידער עפּעס אַזאַ מין גלופּסקער יידישער קנייטש, אַזאַ מין באַזונדער חנדל, וואָס ס'איז אַפילו שווער דאָס איבערצוגעבן מיט ווערטער. דאַכט זיך אַ קאַרטוז, ווי אַלע קאַרטוזן, מיטן גאַנצן שניט און מיט אַלע פּרטים, פונדעסטוועגן ביי אַ גלופּסקער אויפן קאָפּ באַקומט ער אַ משונהדיקע יידישע צורה, אַקוראַט ווי ס'איז אין אים מגולגל געוואָרן דאָס שטריימל, עליו השלום. פוגעם סורדוט איז שוין אַוודאי נישטאָ וואָס צו רעדן: ער האָט, דאַכט זיך, אַלע נאָטן, ווי סע געהער צו זיין, אי ער איז געהאַקט אין סטאַן, אי ס'איז אויף אים אָנגענייט ביינערנע קנעפּ — דאַרף מען שוין בעסער? פונדעסטוועגן, אַז דו דערזעסט אים

אויף אַ גלופּסקער ייִדן, דערקענסטו באַלד די פּאַרצייטיקע קאַפּאָטע. הייַנט דער שפּאַלט הייַנט! בייַ אַלע מענטשן איז אַ שפּאַלט ווי אַ שפּאַלט, קייַער זיצט אים גאָרנישט און קיינער קער זיך מיט אים נישט אָן, בייַ אַ גלופּסקער עפֿנט ער זיך בשעתן גיין אויף יעדן טריט, די פּאָלעס הייבן זיך און לאָזן זיך אַראָפּ, אַקוראַט ווי זיי שרייַען: זעט, אָט גייט אַ ייִד מיט אַ שפּאַלט, אָט איז זייַן אַלף מחילות און זייַנע פּאָר פֿיס!... און כדאַי איז צו דערמאָנען, אַז דאָ רעדט זיך וועגן אַזוינע ייִדן, וואָס מע ווייסט גישט, וווּ האַלט מען מיט זיי אין דער ספֿירה: צי האָבן זיי אַ שפּאַלט, צי נישט — נישט קיין גאַנצע משכּילים און נישט קיין אמתע חסידים, עפּעס אַזוינע, אי אַהין, אי אַהער. דאָס זענען געווייגלעך די עצה־געבערס, די בעלי־סבֿרא, וואָס מישן זיך נישט געבעטענערהייט אין אַלע געשעפֿטן, סיי די געשעפֿטן פֿון אַ פּרט, סיי פֿון אַ כּלל, — פֿייַנע ייִדן, וואָס מע רופֿט זיי אַפֿילו אונטער די אויגן רב דער און דער, און ס'איז דאָ צווישן זיי אויך אַזוינע, וואָס מע רופֿט זיי „פֿעטערס“ סתּם. אַהער קאָן מען צורעכענען אַלע קלוגע בוררים, לאַנד־שדכנים, קהלשע שרייַבערס, קבלנים, שתּדלנים, חכמים — פּשרה־מאַכערס, בטלנים, וואָס ווייסן אַלצדינג... אַ גלופּסקער, אַז מע דערזעט בייַ אים אויף דער פּאָלע אַ ביסל קוגל־שמאַלץ, אַ שטיקל ווייסל פֿון אַן איי, אָדער שפּייעכץ, לייכעץ וכדומה, איז דאָס אים, חלילה, נישט קיין בזיון: פֿאַרקערט, דאָס איז אַ מין שיינדל, אַ באַווייז, אַז ער פּוצט זיך נישט און גיט זיך נישט אָפּ מיט דבֿרים־בטלים. אַפֿילו די קרוין פֿון בלאָטע, וואָס רינגלט אַרום די קאַפּאָטע פֿון אונטן, אַרט אים אויך זייער ווייניק: דער גלופּסקער ייִד טראָגט זי אַזוי לאַנג, ביז זי ווערט אַליין פֿאַרטריקנט און פֿאַלט במילא אָפּ. — דאָס האָט איר אייך, רבותי, דעם גלופּסקער ייִדן אין זייַנע אייבערשטע בגדים. די אונטערשטע, די שקאַרפּעטקעס מיט די תּחתּונים, וועט איר זיך שוין מטריח זייַן אויסמאָלן אַליין.

דער שטייגער וואָלט געווען, אַז איך זאָל נישט פֿאַרשווייגן די גלופּסקער ווייבערישע מלבושים אויך, וואָרעם מיר האָבן אַ קיום־לן, אַז אַלצדינג וועט דיר אַ נקבֿה מוחל זייַן, נאָר נישט דאָס גרויסע פֿאַרברעכן, אויב מען קוקט זיך נישט אום אויף איר פּנים, איר צירונג, אירע הנדליעך. וואָרעם, אין אמתן, צוליב וועמען פּאַרבט זיך דען און שמירט זיך אַ ייִדענע, צוליב וועמען פּוצט זי זיך און טוט זיך אָן אין עסיק און אין האָניק און זשאַלעוועט נישט נישט קיין צייט און קיין טרחה און קיין געלט, אויב נישט צוליב אונדז, אונדזערע אויגן, אונדזער האַרץ? הייַנט אַז איר קוקט זיך נישט אום, וואָס טויג די גאַנצע אַרבעט? אַזאַ חטא וועט אייך נישט מוחל זייַן קיינער, נישט די משכּילטע, נישט די פּראָסטע, נישט די שיינע, נישט די מיאוסע, נישט די יונגע, נישט די אַלטע, אַפֿילו נישט די צנועה... די מעשׂה איז אָבער, וואָס ווייבערשע קליידער זענען זייער אַ שווערע הלכה, די הלכה איז אייַנגעטיילט, כּידוע, אין פֿיר חלקים, וועלכע לערנען וועגן דעם, וואָס ס'דאַרף זייַן אויבן און אונטן, פֿאָרנט און הינטן, יעדער חלק ווידער האַלט אין

זיך אַן אוצר קאַפּיטלעך, יעדעריער קאַפּיטל — אַ גוזמא פּונקטן, יעדער פּונקט — א גאַנצן פּאַק דקדוקים, תרי״ג פּניות און רמזים און טיפע כוונות, וואָס מע קאָן זיי נישט אויסרעכענען מיטן מויל און נישט אַרויסגעבן אויפן פּאַפּיר... וואָס זשע טוט מען? שווייגן פּאַסט נישט, וואָרעם דאָס וואָלט געהייסן, אַז איך לייקן גאָר אָפּ די גלופּסקער ווייבער, אַקוראַט ווי זיי וואָלטן גאָרנישט געווען אויף דער וועלט. רעדן ווידער איז אַ שווערע מלאכה, ערגער פון אַלע ניין און דרייסיק אבות־מלאכה אינאיינעם.

הערט זשע, רבותי! איך האָב געפונען אַן עצה, וויאַזוי ארויסצוגיין בשלום פון דער קלעם. וואָרעם ווער נאָך קאָן, אַזוי ווי א ייד, זיך ארויסדרייען פון א שווערן ענין, וויזן א סבר פּנים יפות אי דעם צד, אי יענעם, מוציא זיין מיט איין דריי אלע דיעות? — הערט! מירן אויסקלייבן אַן אָרט אין גלופּסק, איר וועט זיך דאָרט אָנידערשטעלן אין א ווינקל, און איך וועל פאר אייך דורכפירן מיינע לייט, ווי אין אַ פּאַנאָראמע. בשעת סע וועלן דורכגיין די גלופּסקער ווייבער, וועט איר זיי אליין קאָנען באַטראַכטן פון קאָפּ ביז די פיס, וועט איר וויסן...

קוקט זשע, רבותי! איך הייב אויף דעם פאָרהאַנג. די סצענע איז אָפן!

ס׳איז שבת־קודש, מנחה־צייט. גאָט ברוך הוא האָט ארויסגעצויגן די תמוז־זון פון איר פוטער־פאס צו שיינען אויף זיין ליבהארציקער שטאָט גלופּסק און אויס־צוטריקענען אירע בלאָטעס און אירע קאַליוזשעס, וועלכע שטייען נאָך פון פאר פּסח. אין אייניקע ערטער האָבן זיך שוין באַוויזן סטעזשקעס צווישן די לייםיקע גריבער און פארטריקנטע הרודעס — ייִדן, עם קדושים, זאָלן קאָנען דורכגיין בשלום. די זליד׳גיווקער גאס רוישט, ווי א בינשטאָק. אומעטום דרייען זיך מענטשן און בהמות. ייִדן זענען שוין אויפגעשטאַנען פון שבתדיקן שלאָף נאָכן טשאָלנט, זיצן איגדרוייסן און שעפּן לופט. עלטערע ייִדן און ווייבער זיצן אויף די פריזבעס, ציען זיך, גענעצן, שפייען און שנייצן זיך די נאָז מיט א שלשלת, אנדערע קייען באָב און ארבעס און גייען אוים פאר א קאַלטן טרונק וואסער. לעבן זיי שפּילן זיך די קינדערלעך; צוויי האַלטן אַ הריטון ביי די ציצות, און יענער העציקעט זיך, שפּרינגט ווי אַ לאָשעק. א קאָמפּאַניע ווייסע־הברהניקעס גראָבט זיך אין מיסט, ווי די הענער, מאכט א שטויב ביז אונטערן הימל. אַן אנדערע קאָמפּאַניע שפּרינגט און טאַנצט אין דעם דערשטיקנדיקן וואסער פונעם רינשטאָק, וואָס איז פון אויבן פארצויגן מיט א גרין היטל. איין ייִנגעלע קומט מיט א הארט איי, אַן אנדערס מיט א שטיק חלה, די מיילער און די שפּיץ נעזער זענען אויסגעשמירט אין סאָק פון געפּרעגלטע יאַגדעס; חברה שטעקן ארויס די צונגען און באַרימען זיך, וועמענס ס׳איז שווארצער. אויף א פריזבע זיצט אַן עלטערער ייד אין א כאלאַטל, מיט אַ זילבערנעם מעדאַל אויף דער ברוסט; ער זיצט און שווייגט און קוקט ארום און ארום מיט א ברוגז פּנים, ווי סע פּאַסט פאר א בכבודיקן ייִדן, — און סע שטייט אויף אים, דאכט זיך, אָנגעשריבן, אז דאָס איז אייגער פון די עטלעכע מלמדים,

וואָס זענען געוואָרן לערער אין די היינטיקע שולן. ער שאָקלט זיך, כדי מע זאָל בעסער זען דעם מעדאל, כדי די גאנצע גאס זאָל וויסן: ככה יעשה לאיש — אזא גדולה איז באשערט דעם, וואָס איז נושא חן אין די הויכע פּעטערבורגער פענצטער.

אין אמתן איז נעבעך א גאָטס רחמנות א קוק צו טאָן אויף דעם יידן, ווי אויף אַ פריבלודנע שעפעלע, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון דער טשערעדע און בלאָנקעט, נעבעך, ארום אין דעם מדבר. לעבן דעם מעדאליסט פון ביידע זייטן זיצן זייגנדיקע ווייבער מיט קליינע קינדערלעך, לעבן זיי — גלאַט אזוי מיידלעך מיט ווייבלעך, וואָס גיאנטשען אָפּגעריסענע, בלויזע, נאַקעטע יאטלעך. איינע שטופּט דעם שרייענדיקן נפשל אין מויל אריין די ברוסט, בשעת מעשה ווישנדיק איר דאָס פּנים, שנייצנדיק דאָס נעזל און שילטנדיק מיט טויטע קללות, ווינטשענדיק איר הארץ=ווייטיק, אירע צרות און אירע שלעק און יסורים און קלעמעניש דעם קינד און אַלע אירע שונאים און אַלע שונאי=ישראל, אייגעזונקען זאָלן זיי ווערן, דערבארעמדיקער פאָטער! אַן אַנדערע פאָרעט זיך מיטן קינדס אומריין קעפל, עצהט זיך מיט א שכנה, א מאמע פון, געזונט זאָלן זיי זיין, צען קינדערלעך, וואָס זי מוז שוין זיין א געניטע אין הלכות קרעץ און טשערעקעס און פאַרכעס און אנדערע שלעק, און זי לערנט די חברטע, וויאזוי מע מאכט עפּעס א מין זאלב, וואָס ס'איז חידושים נפלאים, און וואָס די גאנצע שטאָט לעקט פון איר די פינגער. גאָר די אלע, וואָס זיצן דאָ, אויף ביידע זייטן גאס, זענען נישט מער ווי אַ רעמל צום שיינעם בילד, וואָס מיר זעען אינמיטן גאס. דאָרט שלעפּן זיך אָן צוימלעך, פראנק און פריי, א פּאָר יידישע פערד, וואָס רוען זיך אוים די ביינער אום שבת=קודש; די קליאַטשעס זענען אַלטע, מיאוסע, מאָגערע, הויט און ביין, די רוקנס צעקארבט, צעשונדן, צעקאראשעט, מע זעט, אז דער באַלעבאָס האָט נישט געזשאלעוועט קיין פוזשעלעס און קיין בייטש. איינער, דער „אָדלער“, הינקט אויף צוויי פיס, די גריווע איז ביי אים קאָלטענעוואטע, פארפּלאָכטן, פארפּלאָנטעט מיט שטרוי און פלאקס, און אויפן האלדז הענגט אים אַ עמער; ביים אנדערן, דעם „לייב“, איז דער האלדז ארומגעוויקלט מיט א פּאטשיילע, די אונטערשטע ליפּ הענגט אראָפּ און סע קוקן ארוים די ציין — קומט אוים, אז ער שמייכלט; פונעם רעכטן אויג רינט אים כסדר. די ביידע געטרייע חברים גייען זיך פּאמעלעך, טריט ביי טריט, מיט א פערדישן ישוב=הדעת, זיי רוקן זיך צום ברונעם, וווּ מע וועט זיי געבן א טרונק. הינטער זיי גייט זיך בהרחבה עזריאל דער באַלעגאָלע. דאָס שבתדיקע העמד איז ביי אים צעשפּיליעט, ביידע עקן פונעם קאָלנער פלאטערן אויפן ווינט, ווי דאָס זעגל=טוך פון אַ שיף; די ציצות פונעם טלית=קטן באָמבלען זיך אַזש איבער די הויזן, וועלכע זענען אויסגעשמירט אין סמאָלע און אין פעטס און סע פעלט זיי א קנעפּל פונקט דאָרט, וווּ ס'וואָלט דווקא געדארפט זיין פאַרשפּיליעט. ער גייט זיך, עזריאל, ווי א מאָנארך. ווער איז היינט צו אים גלייך! אַ גאַנצע וואָך האָט ער געהאָרעוועט, ער און די פערד, געארבעט עבודת פרך:

געשלעפּט אַ בויך אָנגעלאָדן ביז אַרויף מיט ייִדן, גלופּסקער און אַנדערע, געטראָגן קלומקעס מיט זעק, אויסגעשטאָגן אַלערליי טענות און געשרייען פון די פאַרשויגען, וואָס זיי קאָנען נישט אויסציִען די פיס, מע שטופּט זיי פון אַלע זייטן, מע קאָן זיך נישט רירן איבער די קערב מיט אייער און דער שטייג מיט עופות, וואָס ער האָט אַרייַנגעפּרעסט אין וואָגן — אַ רעשטל צו די צרות; אַ גאַנצע וואָך האָט ער זיך געמוטשעט מיט די פערד, געשמיסן מיט דער בייטש, געבראָקט ווי אין קרויט אַריין, געשיט קללות מיט חרמות, פאַרשאָלטן אַי זיי, אַי זיך דאָס געביין, און מע פלעגט פאַריקריכן אין אַ בלאָטע. הייַנט, שבת, איז ער מלך, הייַנט איז זיין טאָג. ער רוט, ער שעפּט נחת פון זיין ווייב, וועלכע גייט מיט אים נאָך די פערד, די טייערע ברויטגעבער זיינע, אינאיינעם מיט די גרעסערע און קלענערע קינדערלעך, וואָס אַ טייל טראָגט מען אויף די הענט, אַ טייל האַלטן זיך פאַר דער מאַמעס פאַרטעך און אַ טייל גייען אַליין.

שאַט, רבותי, שטיל! סע הערט זיך אַ גערויש. אַ גרויסער עולם רוקט זיך מיט אַ ליאַרעם, אַ געפילדער, אַ גערודער. אַז דאָס וועט קומען נענטער, זאָלט איר נישט מיינען, אַז ס'איז אַ הערטל געגנדז. ניין, — דאָס זענען די גלופּסקער ווייבער, די גלופּסקער מיידלעך. יונג און אַלט זענען אַרויס אין גאַס אַריין שפּאַצירן. אָט גייען זיי שוין, אָט זענען זיי שוין דאָ!

זעט, וואָס פאַר אַ חילוק עס איז צווישן אַ גלופּסקערין און אַ ייִדענע פון אַן אַנדער שטאָט. יענע, אַז זי נעמט אויף אַ נייע מאָדע, וואַרפט זי די אַלטע אינגאַנצן אַוועק, אַקוראַט ווי זי איז גאָרנישט געווען אויף דער וועלט. די נייע, ווידער, איז ביי אַלע אויף איין נוסח, אויף איין שטייגער — ווי געמאַכט אין איין פאָרעם. די גלופּסקער ייִדענע זאָגט זיך, חלילה, נישט אָפּ פון אַ נייער מאָדע, נאָר וואָס דען? זי מאַכט זי איבער נאָך איר אייגענעם גוסט, זי פאַרדרייט זי אויף איר שטייגער און דערביי איז זי נישט מבטל דאָס אַלטע אויך. דעריבער, אַז איר טוט אַ קוק אויף די גלופּסקער ווייבער, קאָנט איר זען אַלע מאָדעס פון כמיעלניצקיס צייטן ביז הייַנטיקן טאָג און אפילו אַזוינע, וואָס ס'וועלן ערשט אַמאָל איינפאַלן אַ שניידער, אַ מאָדע-מאַכער ביז סוף כל-הדורות. איצט, נאָך דער קורצער הקדמה, קוקט זשע, רבותי, לאָזט נישט אַראָפּ קיין אויג!

אָט גייען שורות אויסגעפּוצטע מיידלעך מיט בלויזע קעפּ. דאָס זענען כלות. זיי פאַרנעמען די גאַנצע גאַס אין דער ברייט, און זיי גייען גאָר, דאַכט זיך, נישט, נאָר זיי שוועבן, באַשייַנענדיק די שטאָט מיט זייער צירונג און מיט די מתנות, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די חתנים כפי המדובר. אָנגעטאָן זענען זיי אין כל טוב, אין זייד און אין פאַי און אין סאַמעט, נאָר אַ פּראַכט, נאָר די מלבושים זענען צונויפגעשטעלט אַזוי, אַז איינס מיטן דריטן איז נאָר אַ קנאַפּער מחותן: אַ מאַלאָרוסקע העמדל מיט בלויע און רויטע אויסגענייטע קווייטן איז אָנגעטאָן צו אַ קליידל מיט אַ שלעפּ פון צוויי אַרשין די לענג. דאָס קאַפּטל איז פּאַטנט ברייט

און בײַ די זײַטן שמאָל. דער ראָק, פֿאַרקערט, פֿאָרנט שמאָל און פֿון די זײַטן ברייט. אײן מיידל גייט גאָר אין אײן קלייד, מיט א הויכן האַלדז און קורצע אַרבל, דאָס אַנדערע שלעפּט אויף זיך מאַנטילקעס מיט שאַרפֿעס, וואָס פֿלאַטערן אויפֿן ווינט; קישעלעך און האַנטטעכער שפּאַרן אַרויס הינטן פֿון די קליידלעך, ממש אַ יצר־הרע צו קוקן. צוויי קרינאָלינעס, ווי אָנגעבלאָזענע לופֿטבאַלאָנען, שטויסן, גייענדיק, איינע די אַנדערע, און בשעת סע פֿאַרדרייסט זיך בײַ איינער די אונטער־שטע רייף, זעען זיך אַרויס פֿאַרדריפּעטע, קוטיקע שמאַטעס — אַז סע פֿאַרשע־מען זיך אַזש די גאָלדענע אוירינגלעך אין די אויערן און סע ווערן שוואַרץ די גלאַנצנדיקע שטיינדלעך אין די בראָנזעלעטן... סע געפֿעלט אײַך נישט, האַ? איר דרייט מיט דער נאָז און קוקט שוין בעסער אויף די קליינע מיידעלעך, וואָס גייען מיט די כלות? אדרבא, זייער פֿיין! איך האָב אויך ליב קינדער, און דווקא אַזוינע, וואָס האַלטן זיך קינדעריש; אפֿילו דאָס קינדערשע פּלאַפּלען, דאָס שפּרינגען און טאַנצן איז בײַ מיר ליב און טייער. איז אָבער די צרה, וואָס אין גלופּסק איז נישטאָ קיין קינדער. גלופּסקער ייִנגלעך זענען קליינע ייִדעלעך מיט אַלע פּאָסטעמקעס: מיטן רעדן, מיטן אָנטאָן, מיטן היטן זיך, מיט דעם פּחד און דעם טרויער און די דאגות, וואָס זענען אָנגעשריבן אויף זייערע פּנימער. דער חילוק איז נאָר, וואָס זיי זענען קליינע, זיי האָבן נישט קיין בערד און קיין ווײַבער. גלופּסקער מיידעלעך זענען אַלטע ווײַבער אי מיט זייער לשון, אי מיט זייערע נענג, זייער תנועות, זייער הכנעה, זייער שטילקייט און אַראָפּגעפֿאַלנקייט, אי אפֿילו מיט זייער חכמה. נאָר וואָס דען? זיי זענען קליינע און קינדלען נישט, ווײַטער גאָרנישט. קינדער אָן קינדערישקייט, קינדער — אַלטע מענטשן! איז דען דאָ א זאַך, וואָס זאָל דערוועקן אַזויפֿיל אי טרויער, אי האַרצווייטיק, אי פֿאַרדראָס, אי טיפֿן רחמנות? קינדער אָן קינדערישקייט זענען פּונקט, ווי די געמאַכטע קווייטן אויף די היט פֿון די ווײַבלעך...

אכטונג, רבותי! מיינט נישט, אַז דאָס זענען גערטנער. דאָס גייען די ווײַב־לעך, ווי א טשערעדע שאָף, און אויף זייערע היטעלעך וואַקסן דאָס גראָז און בלעטער און קווייטן און אַלערליי אַנדערע שפּראָצונגען. די גלופּסקער ווײַבער האָבן נישט מורא פֿאַר כלאים: זיי פֿלאַנצן אויף זייערע היטעלעך מילגראָמען און זאַנ־גען, ווײַנטרויבן מיט מאַנדלען, ציבעלעס מיט קאַרשן, מיט קאַבאַקלער, וועריצעלעך כריין מיט שאָלעכץ פֿון קאַרטאָפֿליעס צווישן גאַנצע פּעק גראָז און הושענות — א פֿאַרגעניגן! סע פֿעלן נישט קיין פֿויגלען צווישן די בלעטער. דאָ א שוואַלב, דאָרט א סאָראָקע, א זשוק, א זומער־פֿייגעלע, אַלערליי מאָדנע באַשעפֿענישן גאָר אָן א צאָל. די פּוסטע ערטער דאָרט איננמיטן, וואָס דאַכט זיך אײַך אויס, ווי ליי־דיקע פּלעצער איננמיטן א געדיכטן וואַלד, דאָס זענען די טיכלעך און פּאַטשיילעס אויף די קעפּ פֿון די גלופּסקער צנועות — סײַ די, וואָס זענען געווען צנועות פֿון דער יוגנט אָן, סײַ די, וואָס זענען געוואָרן גוט און פֿרום ערשט אויף דער עלטער, אַז זיי האָבן שוין אויפֿגעהערט קינדלען און זענען געוואָרן גבאיטעס אין א גוטער

שעה. די עקן פון די פאטשיילעס זענען ביי מייל ווייבער צוגעשפיליעט מיט אַ שפּילקע, ביי אנדערע — פארבונדן מיט א שלייף, ביי נאָך אנדערע זענען די עקן פריי און פלאטערן הינטן אויפן ווינט. די היטעלעך מיט די גערטנער האלטן זיך מיט נסים אויף גראָבע, געדיכטע פארוקן, וואָס דער קאָפּ שטעקט אין זיי כמעט ביז די אויגן, און די אויגן ווארפן זיך, לויפן אין אלע זייטן און קיין זאך בלייבט פון זיי נישט פארבאָרגן. קיין אויערן און קיין האלדז זעט מען נישט, נאָר רינגע־לעך, קייטעלעך, פערל און דימענטן — אמתע אָדער פאלשע. דער קאָפּ מיט דער גאַנצער מאכינאציע זיצט אויף א גוף מיט צווי פיס, און דער גוף איז איינגעוויקלט אין קליידער פון אלערליי קאָלירן, וואָס זענען אָנגעטאָן איינס אויפן אנדערן, ווי די שאָלעכץ פון א ציבעלע: אויבן א זיידענער מאנטל, א טייערע טאַלמע — פאר־לייטן, אונטן קויטיקע, צעריסענע שמאַטעס. און כאָטש די זון סמאליעט, און דער עולם שוויצט, גיבעך, אז ס'איז א גאָטס רחמנות, פונדעסטוועגן קאָנט איר דאָ זען ווייבלעך אויסגעפּוצטע אין זייער וואַרעמע מלבושים, וואָרעם די תאַווה צו פּוצן זיך איז אזוי גרויס, אז זי איז גובר די היץ און דאָס שוויצן אום זומער, די קעלט און דעם פראָסט און דעם שניי אינמיטן ווינטער. אין רחמים ביי ווייבערשע מאָדע: אז מע דאַרף, ס'זאָל יענעם שטעכן די אויגן מיינער אַ מלבוש, אַ צירונג, ווער וועט דאָ גיין קוקן אויף צער־בעלי־החיים?... די ווייבער, אז זיי גייען, שווייגן זיי, חלילה, נישט, נאָר מע האלט אין איין פלאפלען. איינע רעדט מיט דער אנדערער, האכט זיך, גאָר ווי א גוטע שוועסטער, רוימט איר אין אויער אריין אלע סודות פון איר שטוב און פון דער דאָליע, וואָס זי האָט ביים מאַן. אין דער אייגענער צייט ווארפט זי אָבער א קוק אויף יענערס באָקעס, און סע כאַפּט זי אָן אַ קנאה, קערעוועט זי זיך אויס און ווינקט מיט אן אייגל צו די, וואָס שטייען הינטן. פארשטייען זיי דעם ווונק און ענטפערן אויך מיט אן אייגל און מיט א גלעכטערל, ווי אייגער רעדט: מיר ווייסן, מיר ווייסן, זי איז טאַקע א גרויסער לא יוצלח; אָבער אז די ערשטע דרייט אוים דעם קאָפּ אין אן אנדער זייט, מאכן זיי פון איר פונקט אזוי חוזק, ווי פון יענער. און בשעת מע דרייט הינטן מיט די נעז און מע ווינקט מיט די אויגן און מע שאָקלט מיט די קעפּ וואָס ווייטער אלעמאָל מער, ווערט א מהומה און א גירעגיש און א שאָקלעניש אויבן אין די גערטנער אויף די קעפּ. סע ציטערט די פעטרישקע און סע פלאטערט דער פויגל, סע וויגט זיך דאָס קאבאקל און סע הוידען זיך די צווייגלעך. הושענות קלאפּן זיך איינס אין דער אנדערער, סע פאלן פּירות פון דער הייך. א גלופּסקער מעוברתע יידענע איז אויך נישט שווער צו דערקענען: זי האלט דעם רוקן אויסגעבויגן אויף צוריק, טראָגט דעם בויך מיט א משונה גדלות, קוקט אויף אלע מיט א פארקרומט פּנים, אקוראט ווי זי האָט צו אייך טענות, אקוראט ווי איר זענט איר עפּעס שולדיק. איר זענט איר מחויב פאלן צו די פיס און איר האנקען פאר דער גרויסער טובה, וואָס זי טוט, פארמערנדיק די צאָל פון אונדזערע יידעלעך, כן ירבו... אָן זע איך א באַקאַנטע, פייטל דעם

מעקלערס ווייב, ברײַנדל, אַ ייִדענע, קיין עין־הרע, א מאשין. זי איז אָנגע־וואָפנט מיט איר גאנצן צירונג, דער קאָפּ, ווי א באקדייזשע, דאָס היטעלע האלט למזל אין איין בליען, דאָס פּנים פארפלאמט פון די ווארעמע קליידער מיט דעם שווע־ן מאנטל. ווארט א ווײַלע, אָט וועל איך זי א רוף טאָן, די גרויסע חכמה, און וועל זי אייך פאָרשטעלן.

— גוט שבת, ברײַנדל! איר הערט?... — ניין, זי הערט נישט. זי לויפט, ווי פון א שרפה... ס'איז געוואָרן אינמיטן דרינען א געפילדער, א יאָגעניש... היט זיך, רבותי!... ווייבער לויפן, איילן... די טשערעדע גייט! די בהמות קומען פון דער פאשע. פאָרנט יאָגן זיך די ציגן אין איין אימפעט, מיטן צאפ, דעם עזות־פּנים, בראש. זייגנדיקע קי גייען און ריעווען, דאָס בענקען זיי נאָך די קעלבלעך, וואָס זיי האָבן געלאָזט אין דער היים. טעלעצעס דרייען זיך, מאכן ווילדע שטיק, און דער בוהאי, דער בחור מיט די גרויסע הערנער און שטאַרקע קאָפּיטעס, יאָגט זיך נאָך זיי. א געשריי אין גאס, א טומל, א רעש, און דער שטויב פליט וואָלקנווייז ביז אונטערן הימל.

אוים, רבותי! די סצענע איז געענדיקט, דער פאָרהאנג פאלט!

איך, מענדעלע מוכר ספרים, זאָג אייך מיט א קלאָרער דעה און מיט א רואיק געמיט, אז א גלופּסקער ייד איז בטבע אן עניו, ער יאָגט זיך נישט נאָך כבוד, ער איז א בישן, א בעל־רחמנות, ער פאלט נישט אריין אין יענעמס רייד, ער ווייסט נישט פון קיין גוזמות, פון קיין פּליאָטקעס און אז. וו. און אז. וו. און טאָמער וועט עמעצער זאָגן פארקערט, זאָלט איר וויסן, אז ער איז א פּושע ישראל, און דאָס, וואָס ער זאָגט, איז א חילול השם און א גרויסע באליידיקונג פאר יידן, און סע קומט אים דערפאר, אז ער זאָל נישט האָבן קיין חלק לעולם הבא. איי וואָס, טאָמער וועט קומען איינער און פרעגן א שאלה: סטייטש, מיר זעען דאָך דעם היפּוך! א סימן — די גלופּסקער גבירים און פיינע באלעבאַטים, וואָס זיי קאָמאַנדעווען איבער קהל, קוקן אויפן פּראָסטן עולם ווי אויף א סטאדע שאָף, און ס'איז נישטאָ קיין גרעסערע בעלי־גאווה, קיין מיאוסערע צבועקעס, קיין ערגערע אכזרים, ווי זיי? סטייטש, מע קאָן דאָך אָנרעכענען א גאנצן רייסטער פאסקודנע מעשיות, וויאזוי זיי האלטן זיך גרויס, וויאזוי זיי האָבן נישט קיין רחמנות אויף יענעם, ווי־אזוי זיי טוען אָפּ די ערגסטע פּסלנות: דער גביר ר' גימפּל ב"ר זרח האָט געטאָן אַזוי, און דער נגיד ר' האָצמאַך ב"ר גרונם — אזוי און אזוי? וועל איך אים אויף אזא קשיא ענטפערן: שוטה שבעולם! ביסט דען בלינד? דו זעסט דען נישט, אז אלצדינג, וואָס דו זאָגסט, איז נאָר צווישן אייגענע, אין די אייגענע ד' אמות? נאָר אנטקעגן א יידן איז דער גלופּסקער א גאנצער מאכער, א „יא טאָבי דאם“, נאָר אַז ער האַנדלט מיט אחינו בני ישראל, איז ער אַ תקיף, אַן אָדון בפקדך, אַן אייזערנער בעל גאווה. אז סע קומט אָבער צום גוי, האָסטו געזען, ווי קליין ער ווערט, ווי נידעריק ער האלט זיך, ווי איינגעבויגן סע ווערט זיין רוקן אפילו פאר

דעם ערגסטן, ווי געטריי ער איז מקיים די מצווה: הזהרו בגוי קטן? אויב איר ווילט, קאָן איך אייך אָנגווייזן נישט איין גלופּסקער גביר, וואָס צווישן גלופּסקער איז ער אַן אדיר, אַ שררה, אַ לייב: נישט צוצוטרעטן, און פאַרן פּריץ איז ער אַ פליג, אַ ביונקעלע, אַ גענבער, אַ גרויסער עניו, קריכט אויף דעם בויך און קושט די האַנט און בוקט זיך בדחילה ורחימא פאַר יעדן זילבערנעם קנעפּל, וואָס דאָס איז, כידוע, אַ גרויסער כבוד און אַ שיינקייט פאַרן גאַנצן פאָלק ישראל. טאָמער וועט ער זאָגן: יאָ, אמת, דעריגען בין איך דיר מודה, זיי זשע דו מיר כאָטש מודה, אַז די גלופּסקער זענען להוט נאָך כבוד, אַ סימן — די שולן און בתי מדרשים, ווו ס'ניט נישט אוועק קיין שבת און יום־טוב אָן קריג און מחלוקות, ווו ס'פליען פּעטש און קולאַקעס, ווי האָגל, יידן רייסן אויס איינער דעם אַנדערן די פּיאות און די בערד צוליב שטעט און עליות און גבאות און שחיטות און חזנות און מגידות און כדומה אַזעלכע זאַכן — וועל איך אים דערויף ענטפערן, אַז ער איז אַ בור, אַן עם הארץ, וואָרעם די מלחמה, וואָס דאָרט פירט זיך, איז אין אמתן אַ מלחמת מצווה, די ריסעגישן מיט די קריג זענען אַ מחלוקות לשם שמים, צוליב דעם כבוד פון גאָט ברוך הוא און דעם כבוד פון דער הייליקער תורה. די פּעטש מיט די אויסגעריסענע פּיאות דאַרפן זענען נאָר אַ באַוויז, אַז יידן זענען פרום, אַז זיי זענען זיך מפקיר מיט לייב און לעבן פאַר דער תורה און פאַרן מקום קדוש, וואָס דאָס איז זייער שטאַרקסטע פעסטונג, זייער גרויסקייט, זייער גאַנצע גבורה. אַ סימן — האָסט דען אַמאָל געזען, אפּיקורסים זאָלן אַזוי טאָן?... און די טענה, אַז די גלופּסקער האָבן אין זיך נישט די מידה פון רחמנות, ווייל זיי יאָגן איינער דעם אַנדערן, דערגייען זיך די יאָרן, שרייבן דאָנאָסן און גייען מיט מסירות און דערקוטשען דערמיט נאַטשאַלסטווע אַזויפיל, אַז ס'איז יענע שוין געוואָרן נמאס ומאוס, בשעת די צדקה־עניים זענען ביי זיי פאַרוואָרלאָזט, די תלמוד־תורות מיט די שפּיטאָלן וויסט, די קהלשע געשעפטן אָן אַ סדר און אָן אַ טאָלק, — אַזאַ טענה באַווייזט נאָר, אַז ווער ס'זאָגט אַזוי, איז אַ שוטה, אַ טיפּש, וואָס פאַרשטייט נישט דעם פּשט פון „רחמנות". אַ מענטש אַ געזונטער, וואָס דער גוף איז ביי אים גאַנץ און דער בייטל נישט מאָגער, דאַרף נישט אָנקומען צו יענעמס רחמנות. הייסט עס, אַז מיט דער מידת הרחמים קאָן אים דער עולם נישט אָנרירן בשום אופן, און אַזוי ווי דער כלל קאָן דאָך נישט לאָזן דעם יחיד אָן זיין השגחה, מוז מען זיך צו אים נעמען מיט דעם מידת הדין. דערפון איז געדרונגען, אַז כל זמן אַ ייד קאָן זיך נאָך האַלטן אויף די פיס און ציען דאָס שטיקל פרנסה אָן יענעמס טובה, נישט דאַרפנדיק נישט זיין עצה, נישט זיין חכמה, נישט זיין הסכמה און נישט זיין אַפּיטראָפּסות, מעג מען אים רודפן, דערלאַנגען אַלעמאָל ביזן ביין, כדי ער זאָל געדענקען, אַז אַ ייד טאָר נישט לעבן מיט אַ רואיקן קאָפּ און טאָר זיך נישט פאַר־לאָזן אויף זיך אַליין און אויף זיין אייגענעם שכל. דערפאַר אַז ער פאַלט, אַז ער ווערט אָן די פרנסה און דאַרף אָנקומען צו מתנת בשר ודם, ווערן די גלופּסקער

תיכף גרויסע בעלי־רחמנות, מע פארטענט אים באלד אין דעם כלל פון בטלנים, וואָס גייען ארום איבער די הייזער. אז ער ווערט קראַנק, נעמט מען אים אריין אין הקדש, און אז ער שטארבט, ברענגט מען אים צו קבורה. איבער יעדן גראָשן, וואָס די גבירים גיבן אוים אויף צדקה, מאכן זיי אָן א גאַנצן טאראראם, כדי די וועלט זאָל וויסן, אז ס׳איז נאָך דאָ בעלי החמנות צווישן יידן. די רייכע גלופּסקער קמצנים, וואָס האָבן נישט ביך צו העלפן אן אָרעמאן מיט זייער גראָשן, העלפן אים לכל הפחות מיט א קרעכץ, א זיפץ, געבן אים ווזילע עצות! זאָגן אים וואַרעמען מוסר, טרייסטן אים און לערנען זיך פארלאָזן אויף גאָט און אויף זיינע גרויסע חסדים. אפילו די קהלשע כאפּערס, די קאָבלעפּל, וואָס א מטבע, אז זי קלעפּט זיך צו צו זייערע פינגער, קאָן זי זיך נישט אָפּרייסן בשום ענין ואופן, אפילו זיי האָבן שטאַרק רחמנות אויף זיך אליין, וואָרעם ס׳ע שטייט דאָך א בפירושער פסוק: „גומל נפשו איש חסיד“, און ווידער האָבן מיר א פסוק: „יודע צדיק נפש בהמתו“ — בהמתו מיינט מען דעם גוף, וואָס אן ערלעכער ייד איז מחויב צו זאָרגן ווענן אים און אים ווויל צו טאָן. און אזוי ווי ס׳ע זענען צעגאַנגען, גוי א רויך, די טענות קעגן גלופּסקער בעלי רחמנות, אזוי זענען אויך בטול ומבוטל די טענות קעגן אונדזערע בישנים. שונאי ישראל האָבן אויסגעטראכט, אז ס׳איז נישטאָ קיין גרעסערע עזות־פּנימער, ווי גלופּסקער, אז אין דעם פּרט איז נישטאָ קיין חילוק צווישן א גביר און א קבצן, א משכיל און א חסיד, א גבאי און א בטלן. מע דערציילט זיך אָן גאַנצע פּעק מיט מעשיות, וואָס פאר אן עזות מחוצף פּנים דער גלופּסקער איז. די מעשה איז אָבער, אז יעדע זאך דארף מען באטראכטן פון צוויי זייטן. אזוי פירט זיך שוין אויף דער וועלט, אז גוטס איז בסדר אויסגעמישט מיט שלעכטס, אָן א שאָטן איז נישטאָ קיין ליכט. און אויב אזוי, וועט שוין אלצדינג אויסקומען ווויל און פיין, מיט דעם אייבערשטנס הילף. וואָרעם, צוריק רעדנדיק, ווען ווערט אַ גביר אַן עזות־פּנים? אַז מען איז זיך פּאַר אים מכניע, מע חנפעט אים, מע לויבט אים ביז אין הימל אריין, מע געפינט אין אים אזוינע מעלות טובות, וואָס ער האָט זיי קיינמאָל נישט געהאט און וועט זיי נישט האָבן, מען איז מבטל דעם אייגענעם רצון פאַר זיין רצון אָדער זיין משוגעת. און אמשכיל, אשטייגער, ווען ווערט א מחוצף? אז ער האָט אויף זיין לעבן נישט געזען גאָרנישט אחוץ גלופּסק, וווּ ער איז אויסגעוואקסן און באקומען אלע זיינע קענטעניש. אזא משכיל גלייבט טאַקע באמונה שלימה, אז קיין העכערס, ווי די גלופּסקער השכלה, איז נישטאָ, אז דערמיט הייבט זיך אָן און דערמיט לאָזט זיך אוים די גאַנצע חכמה אויף דער וועלט, און ער, דער משכיל, ווייסט שוין אלצדינג, און קיינער קאָן זיך צו אים נישט גלייכן. דאָס אייגענע איז מיט אלע גלופּסקער יידן, וועלכע ווערן עזותניקעס נאָר דעמלט, ווען איר גיט זיי שלום־עליכם און לאָזט זיי אריבער איבער אייער שוועל. אָבער א גלופּסקער גביר, אז קיינער קוקט זיך אויף אים נישט אום און קיינער מאכט זיך נישט ווויסנדיק פון אלע זיינע משוגעתן, אָדער א

גלופּסקער משכיל, אַז ער וועט פאַרוואָרפן אין אַ גרויסער שטאָט און דערזעט, אַז ער טויג אויף כּפּרות מיט זיין בידנע ביסל קענטעניש, און דעסגלייכן יעדער גלופּסקער ייד, אויב איר רעדט מיט אים שטייענדיק אין טיר, אַז דאָס געציילטע ווערטער, און קיין האַנט דערלאַנגט איר אים דווקא נישט, — דעמלט איז ער אַ גרויסער בישן, האָט דרך־ארץ פאַר לייטן, רעדט בנעימותדיק, שטיל און פיין, גאָרנישט צו דערקענען. אָט אַזוי, רבותי, קאָן מען פאַרטייטשן אויך אַלע אַנדערע גלופּסקער מידות, וואָס סע דאַכט זיך, אַז אין פלוג זענען זיי סותר מיינע ווערטער. דאָס, וואָס סע דאַכט זיך, אַז די גלופּסקער, ווען זיי קומען אויף אַ אסיפה, שלאָגן זיי איבער איינער דעם אַנדערנס רייד, לאָזן נישט ענדיקן, פאַרפּלאָנטן איינער דעם צווייטן, שיטן מיט גלייכווערטלעך און משלים און וויצן, און ס'איז ביי זיי נישט קיין אסיפה, נאָר אַ יאַריד — איז דאָס נאָר אין קהלשע זאַכן, וואָס אין אסיפה איז דאָ דער עיקר אויף צו שרייען און פילדערן און געוואַלדעווען, וויפל מ'האָט כּוח, כּדי אַלע זאָלן וויסן, אַז ר' פייבוש ב"ר טרייטל איז אויך אַ באַלעבאָס און האָט אויך פראַווע צו שרייען. דער תּוך פון אַזעלכע אסיפות איז נאָר דער טומל און די שטיקעניש, און אַז מ'האָט אָפּגעליאַרעמט און אָפּגעקוועטשט זיך די זייטן, מע ווייסט אַליין נישט צוליב וואָס, צעגייט מען זיך בשלום און מע קומט אַהיים מיט דעם אייגענעם, מיט וואָס מ'איז אַוועקגעגאַנגען. די קהלשע ענינים פירן זיך ביי אונדז, ברוך השם, אויף דעם אַלטן שטייגער, און די גלופּסקער יידן זעען און שווייגן דווקא, זיי מאַכן נישט קיין געשרייען, זיי מישן זיך נישט אין די רייד און אין די הנהגות פון די קהל־לייט. טוט אַ קוק, למשל, אויף אַ גלופּסקער פּראָצעמניק, וואָס אויף דער אסיפה האָט ער אַ וואָרט נישט געלאָזט אַרויסרעדן מיט זיינע פּוסטע שמועסן; און אַז ער איז ביי זיך אין דער היים, און דער ייד, וואָס לייט ביי אים געלט, קומט און בעט זיך פאַר אים און חלשט, שווייגט ער דווקא יאָ; יענער וויינט מיט בלוטיקע טרערן, דערציילט אים זיין ביטערע לאַגע, און ער שלאָגט אים דווקא נישט איבער די רייד, ביז דער ייד ווערט הייזעריק רעדנדיק און גייט אַוועק מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ.

— ר' מענדעלע! — האָט מיר געזאָגט מיינער אַ באַקאַנטער, שמועסנדיק מיט מיר וועגן גלופּסקער יידן און הערנדיק, ווי איך לויב זיי אין טאָג אַריין מיט די אייגענע ווערטער און מיט די אייגענע ראיות, ווי איך שרייב דאָ. — ר' מענדעלע! עפּעס שמעקן מיר אייערע רייד מיט פּלפּול, ממש סע זעצט אין דער נאָז, נישט אויסגערעדט זאָל זיין. איך מיט אייך רעד קלאָרע דיבורים, פּראָסט און פּשוט, ווי דער שכל איז מחייב, און ווי די פאַקטן באַווייזן אונדז יעדן טאָג, און איר פאַר־דרייט מיר די פאַקטן, טייטשט אויס אַלצדינג מיט אַ פּלפּול און אַ סברא, אַקוראַט ווי איר לערנט מיט מיר אַ בלאַט גמרא.

— ווען איר וואָלט אין דער יוגנט געלערנט גמרא, — האָב איך געענטפערט מיט אַ רוגזה, — וואָלט איר איצט, כ'לעבן, נישט געזוכט קיין חסרונות אויף די

גלופסקער. אייך און אייערס גלייכן בעט איך נאָר איינס: טשעפּעט מיר נישט מיין ליבהאַרציקע גלופּסק! אַט דאָס איז טאַקע דער אומגליק, וואָס איר האָט נישט געלערנט קיין גמרא, זענט איר אונדז א פרעמדער, פאַרשטייט איר נישט די סברות און די טיפע געדאַנקען, וואָס שטעקן אין מיינע רייד.

— דעם אמת מוז איך אייך זאָגן, אז אייערע ווערטער זענען מיר פונקט אזוי פריקרע, ווי די אלע מאמרים, וואָס זענען געשריבן מיט דעם זעלבן נוסח, — האָט מיין באַקאַנטער געענטפערט, טייטנדיק אויף א גאַנצן פּאַק יידישע גאַזעטן, וואָס זענען געלעגן פאַר אים. — און איר, ר' מענדעלע, פאַרשטייט יאָ, וואָס איר רעדט, און גלייבט טאַקע דריגען אויך? אדרבא, זאָגט, נאָר זאָגט דעם גאַנצן אמת.

— אוודאי פאַרשטיי איך און אוודאי גלייב איך, וואָס איך רעד, פונקט ווי די שרייבער פאַרשטייען, וואָס זיי שרייבן, און גלייבן אין זייערע מאמרים...

— אויב אזוי... אויב אזוי, זענט איר... נישט ביים זינען! — האָט יענער געענטפערט שטאַרק פאַרווונדערט, און האָט דערביי געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איינער, וואָס איז זיך פון עפּעס מייאש.

איך פאַרשפּאָר אייך זאָגן, רבותי, אז דאָס איז געווען איינער פון די יידישע פּאַטריאָטן, נישט פון אונדזערע מענטשן. איך ווייס ביי זיך זייער גוט, אז איך בין, ברוך השם, נישט משוגע, נישט קיין חסר דעה, פונקט ווי איך ווייס, אז איר, רבותי, איר אלע אונדזערע מכובדים, וואָס איר שרייבט מאמרים און האַלט פלאַמפייערדיקע רעדעס, זענט אוודאי נישט משוגעים און נישט קיין נאַראָנים, חלילה, ווי סע קאָן זיך אַמאָל דאַכטן. אוודאי דרשנט איר נישט אומזיסט, מסתמא האָט איר אייערע באַהאַלטענע כוונות... דעריבער לאָמיר זשע נישט מורא האָבן פאַר אלערליי עזות־פּנימער, וואָס טרעטן ארויס מיט טענות, לאָמיר זיך אויסלאַכן פון אלע זייערע זידלערייען. ביי מיר איז געבליבן, אז פון היינט אָן און ווייטער ענטפער איך זיי גאָרנישט, לאָזן זיי רעדן צעזעצטערהייט. איך וועל דעריבער זיי נישט גיין אָפּענטפערן אויף זייערע טענות, אז גלופּסקער יידן האָבן, קלאָמפּערשט, ליב צו זאָגן גוזמאות, צו מאַכן דעם חלום גרעסער פון דער נאַכט. וואָס אַרט מיך, אז זיי רעדן? איך וועל בעסער זיך נעמען צו דער מליצה, איך וועל דערציילן גלופּסקער שבחים, ווי מיין הארץ גלוסט, און וועל נישט מורא האָבן, מאַמער וועט עמעצער זאָגן, אז איך דערצייל גוזמאות, ווי דער שטייגער פון א גלופּסקער בעל־לשון.

פּרנסות איז, קיין עין־הרע, דאָ אין גלופּסק, ווי שטערן אין הימל! וויפל חדר־יינגלעך, אזויפיל איז דאָרט דאָ מלמדים און באַהעלפערס; וויפל בחורים מיט מיידלעך, אזויפיל שדכנים; וויפל קונים, אזויפיל קרעמערס; וויפל סוחרים און פּראַצעטניקעס, אזויפיל מעקלערס; וויפל באַלעבאַטים, אזויפיל בטלנים; וויפל גאַסן, אזויפיל שולן, קלויזן, בתי־מדרשים און מנינים, און פונקט אזויפיל איז דאָ חזנים, גבאים, שמשים, בעל־קורהאס און בעל־תוקעס; וויפל חסידים פון פאַרשידענע רביים,

אזויפיל רבנים, דיינים און שוחטים; וויפל מצות, אזויפיל בעקערס, קנעטעריגס, ריעדלערס און משגיחים; וויפל שלעק מיט ווייטיקן, אזויפיל אָפּשפּרעכערס, בעל־טובות, קהלס סטראַפּטשעס און מוסרים. אחוץ דעם נאָך דאַרף מען צורעכענען די קאַבצאַנסקער שענקערס, די שמאַטע־הענדלערס, די פאַרלעגער מיט די מחברים, מיט די רעדאַקטאָרן, מיט די מוכר־ספרימניקעס. און וויפל ס'איז דאָ די אַלע מינים אינייינעם, אזויפיל איז דאָ אין גלופּסק קבצנים און אביונים. מ'האָט א בלבול אויסגעטראַכט אויף די גלופּסקער, אַז זיי זענען רייך ווי קורח. גלייבט נישט! קורחס אוצרות פאַרמאָגן נאָר עטלעכע, געציילטע מענטשן פון זייערע אייניקלעך און זייערע באַסאָקעס, די איבעריקע מוטשען זיך נעבעך אויפן שטיקל ברויט, קומען אָפּ, האָרעווען, דרייען א מוח, און ס'העלפט נישט, כאָטש צעריים זיך: נישטאָ קיין געלט! טאָמער זעט איר אַמאָל, א גלופּסקער ייד פירט זיך מיטן טראַסק, ווי א גביר, פאָרט ארויס אין א פאַעטאָנדל מיט א פּאָר ברענענדיקע סוסים, זאָלט איר וויסן, אַז ס'איז נאָר אן אָנשטעל, א פאַרבלענדעניש, כדי לייט זאָלן מיינען. אין אמתן איז ביי אים די קעשענע פּונקט אזוי לעכערדיק, ווי ביי אלע גלופּסקער קבצנים. הכלל, ס'גליקט נישט אונדזערע גלופּסקער ברידער אין זייער פּרנסה, זיי האָבן נישט קיין מזל, וואָהין זיי קערן זיך און ווענדן, און פונדעסטוועגן איז א פאַרגעניגן צו וווינען מיט זיי אינייינעם, וואָרעם ווער קאָן נאָך אזוי זיין א קבצן, ווי דער גלופּסקער, ווער איז נאָך אזוי מסוגל צו טראָגן דעם דלות און זיך פאָרט האַלטן ווי עס איז!...

גוט און ווויל איז מיר געווען אין גלופּסק פריער מיט יאָרן. שטיל, רואיק איז מיר געווען אויף דער נשמה, פּונקט, אַשטייגער, ווי איינעם, וואָס ליגט זיך אינמיטן העלן טאָג אין א פינצטערן חדר אויסגעצויגן ווי א גראַף אויף זיין בעטל. ארום און ארום זענען מענטשן פאַרהאָרעוועט, מע לויפט, מע טוט מעשים, מען איז שטאַרק פאַרנומען מיט וועלט־זאַכן, מען איז צוגעבונדן צו דער ערד מיט אלע חושים, און דו שוועבסט זיך פריי ארום מיט דיין פאַנטאַזיע נאָר הויך, ווו די וועלט האָט אַן עק, בויסט זיך בנינים אין דער לופטן און פילסט נישט, ווי די צייט גייט אַוועק. אז איך פלעג ארויסגיין אין גאַס אַריין און דערזען, ווי עס שיטן זיך, קיין עין־הרע, יידעלעך אָן א שיעור, ווי מע רוקט זיך אהין און אהער, מע באַגעגנט זיך, מע פאַרהאַלט זיך אויף א רגע אינמיטן וועג און מע צעגייט זיך ווידער, לויפנדיק מיט אן אימפּעט, איילנדיק יעדערער צו זיין געשעפט, ווייסט איר, וואָס פאַר א פּנים זיי האָבן ביי מיר געהאַט? פּונקט ווי מוראַשקעס, — מענטשן־מוראַשקעס, וואָס דער אייבערשטער האָט מיט זיין גרויס חסד זיי אַריינגעגעבן אינסטינקטן און געפילן און האָט זיי פאַרזאָרגט מיט קונציקע אברים, כדי זיי זאָלן זיך קאָנען זוכן זייער ברויט. אָט לויפט אזא מין גלופּסקער מוראַשקע: זי האָט צוויי הערנער אויף צו טאַפּן מיט זיי, ממש ווי צוויי הענט ביי א מענטשן. און זי באַטאַפּט אַלצדינג, וואָס זי טרעפט אויפן וועג; זי האָט א שאַרפן חוש־הריח און דערשמעקט

פונדערווייטנס דאָס, וואָס זי דאַרף, סע מעג אפילו זיין פאַרגראָבן ניין איילן אין דער ערד, אָדער סע מעג ליגן טיף ביי איך אין קעשענע. זיי זענען אַ שוואַכע אומה, די דאָזיקע מוראשקעס. מיט כּוח קאָנען זיי נישט נעמען, זוכן זיי אַלערליי חכמות, קונצן, איבערגעשפּיצטע המצאות. אַנישט וואָלט זיי, חלילה, אויסגעקומען גאָר פּלאַטשיק. נאָר אַ דאַנק גאָט דערפאַר, וואָס ער פאַרלאָזט זיי נישט, ווי אין פסוק שטייט: ורחמיו על כל מעשיו. באַווייזט זיך אין גלופּסק אַ נייער נפש, ווערט אַ טומל, אַ קאָכעניש, מע לויפט זיך צונויף, מע שטעלט זיך אים אַרום פון אַלע זייטן, מע באַשמעקט אים, מע באַטאַפּט אים, וואָס איז ער פאַר אַ בריאה, מע טאַנצט און מע שפרינגט פאַר אים אין איין אָטעם. אויף איין שטיקל ברויט וואַרפן זיך גאַנצע כאָפּטעס מוראשקעס. פאַר איין קערנדל האַלט זיך מיט די ציין אַ גאַנצע עדה. איך פלעג גאָר שטיין פונדערווייטנס, קוקן, וואָס סע טוט זיך ביי זיי, און שמייכלען. אַז סע פלעגט מיר אַמאָל שוין גאָר ווערן פאַסקודנע אויפן האַרצן, נישט איבערצוטראָגן, מחמת איך בין בטבע אַ מרה=שחורהדיק, פלעג איך אויף זיי אויפהייבן מיין שטעקן אָדער אויף זיי אויסגיסן אַ טראָפּן טינט, פלעגן זיי פאַר מיר אַנטלויפן, זיך באַהאַלטן אין זייערע לעכער, און פון דאָרטן האָבן זיי מיך געשטאָכן מיט זייערע שאַרפע אייגעלעך; אַמאָל פלעגט זיך אַ חברה=מאַן איינשטעלן דאָס לעבן און מיר אַ ביס טאָן הינטן אַרום, נאָר דאָס האָט נישט מער ווי געטאָן, ווי, אַ שטייגער, דער ביס פון אַ פלוי — פלעגט דאָס מיך ווייניק וואָס אַרן. שפּעטער פלעגן זיי ווידער אַרויסקריכן פון די לעכער, וואָרעם זיי האָבן נעבעך געוואָלט עסן — פלעגן זיי זיך נעמען צו דער אַרבעט מיט נייעם אימפּעט. און איך האָב געקוקט און געשמייכלט, ווי פריער, און מיר זענען ווידער געווען גוטע ברידער. מיר האָבן געזען באַשיינפּערלעך, אַז מיר זענען אַ זיווג מן השמים, האָבן מיר געלעבט אין איין נעסט בשלום ושלווה, ווי דער שטייגער איז פון יעדן באַשערטן זיווג, וואָס אַמאָל קושט מען זיך און ס'איז קוצעניו=מוצעניו, אַמאָל רייסט מען זיך און מע בייסט זיך, אַז סע פליען שלייערס, און פונדעסטוועגן לעבט מען פאָרט. מיר האָבן אַזוי לאַנג געהויזט אינאיינעם, ביז דער נישט גוטער האָט זיך נישט אַריינגעמישט און נישט אָנגעמאַכט קיין מחלוקת צווישן אונדז בעוונותינו הרבים. בין איך אַרויסגעפאָרן פון גלופּסק אַ ברוגזער, מיט אַ שווער האַרץ, און האָב מיר געטראַכט: אויס, און עק, איך קער זיך שוין נישט אָן מיט גלופּסק, איך וויל שוין נישט קענען די דאָרטיקע יידעלעך, איך וועל מיט זיי שוין קיינמאָל נישט האָבן קיין מגע=משא. ס'איז אַוועק אַ שטיק צייט — איך האָב טאַקע געשוויגן, נישט געלאָזט זיי גריסן, נישט געשריבן זיי קיין וואָרט. טרעפט זיך אָבער אַ מעשה — איך הייב אָן בענקען נאָך דעם היימישן ווינקעלע, נאָך די ליבהאַרציקע גלופּסקער יידן, סע ציט מיך אַהיים, איך וויל דאָרט פאַרברענגען מיין רעשטל יאָרן שטיל און פרידלעך, ווי אַמאָל. נו, בין איך איצטער ווידער אין גלופּסק, איך שטיי איבעראַניים אויף דער וואַך, איך קוק זיך צו צו אַלצ=

דינג, וואָס סע טוט זיך אין שטאָט און אינעם גאַנצן קאַנט, און וואָס איך זע און הער, דערצייל איך דער גרויסער וועלט, כדי מע זאָל וויסן.

## ב.

רבונו של עולם! פֿאַר דיר איז אָפֿנבאַר דאָס הארץ פֿון דיין ליב פֿאָלק ישראל, דו קענסט גוט זייערע געננ, זייערע תנועות און העוויות. קיין זאַך בלייבט פֿאַר דיר נישט פֿאַרבאָרגן, ווייסטו דאָך, גאָטעניו, אַז דיין עדה, דיינע צאן־קדשים, זענען בטבע צו גוט, אַז זיי זאָלן זיך קאָנען איינהאַלטן, זיי זאָלן יענעם נישט צערנען, אים נישט געבן קיין עצות, כאָטש יענער בעט זיי נישט אַזאַ טובה. דאָס איז ביי זיי די אייגענע גוטסקייט, ווי ביי א קו, להבדיל, וואָס וויל געבן דעם קעלבל זייגן מער, ווי אין יענעם קאָן אריין; אַז עמעצער וויל נישט זייער חכמה און זאָגט זיי: איך וועל מיר גיין מיט מיין אייגענעם דרך, וועלן זיי אים דאָס נישט מוחל זיין וויל ער וועט לעבן. נאָט, דו ווייסט, אַז דיינע יידן זענען גרויסע וותרנים, זיי ווילן יענעם לערנען שכל מער, ווי זיי פֿאַרמאָגן אליין, מער, ווי זיי קאָנען פֿאַרשטיין. זיי גייען אוים צו הערן נייעס, צו וויסן, וואָס סע טוט זיך אויף דער גרויסער וועלט. זיי ווילן אָבער געוויר ווערן אַלצדינג אָן טרחה, אָן מאַטערניש, נישט פֿאַרלירנדיק קיין צייט און קיין געלט אויף לערנען. אַז סע טרעפֿט זיך זיי אייגער פֿון יענע חברה־לייט, וואָס טראָגן די פּאָטשט, שיטן מיט נייעסן ווי פֿון א זאַק — אַזוינע איז ביי אונדז דאָ, קיין עין־הרע, נישט ווייניקער ווי רכילות־טרייבער, פּליאָטקע־מאַכערס און דאַנאָסן־שרייבער — וויל מען אים נישט אויסהערן כסדר, פֿון אלף ביז תיו, נאָר מע טרייבט אים אונטער, ער זאָל דערציילן די גאַנצע מעשה אין איין שמע־ישראל. יענער, ס'רוב א בטלן, א טעלער־לעקער, וואָס ציט קוים דאָס שטיקל חיונה פֿון די פּאָטשטן, לאָזט זיך דווקא לאַנג נישט בעטן: ער דרייט איבער די יוצרות, כאַפּט דעם סוף פֿאַרן אָנהייב, ווי מע פֿאַרלאַנגט פֿון אים. וואָרעם אונדזערע יידן, זאָלן לעבן, וואָס אלע יאָרן גייען ביי זיי אוועק אין דאגת־פּרנסה, און זיי האָבן נישט קיין רואיקע מינוט, וועלן זיך נישט אָפּגעבן מיט אזא זאַך, וואָס האָט נישט קיין שייכות צו משא־ומתן, זיי האָבן נישט קיין חשק דורכצונעמען אַן ענין פּאַוואָליענקע, מיט ישוב־הדעת, פֿונעם אָנהייב ביזן סוף. זיי גיב נאָר שטענדיק דעם תוך, דעם עיקר, לערן זיי אוים תורה כולה אויף איין פֿוס. און קעפּ האָבן זיי דאָך פֿייערדיקע, דער מוח פֿליט ביי זיי כסדר, אויפֿטאָן אַן אויבער־הסברה איז ביי זיי נישט ווערט א פּעטרעשקע. נאָר איז זיי געגוג איין רמז וועגן עפּעס אַן עסק — מאָלן זיי זיך שוין אוים דעם גאַנצן עסק מיט אלע פּיטשעווקעס. גיב זיי נאָר איין פּינטעלע, וועלן זיי פֿון אים אויסבויען אין דער לופֿטן א גאַנצן בנין.

רבונו של עולם! איך קום איצט דערציילן וועגן דיינע קינדער, דיין ליב פֿאָלק ישראל, וויאַזוי זיי לעבן, און וואָס סע טוט זיך ביי זיי אין זייער מקום־מנוחה. זיי

לאָזן מיך אָבער נישט אויסרעדן א וואָרט. זיי פאַרשלאָגן מיר די רייד, סע זאָל זיך ביי מיר נישט ארויסכאַפּן עפּעס אַזוינס, וואָס סע וועט זיי נישט זיין צום הארצן. בעט איך דיך, רבונו של עולם, דו זאָלסט זיי לערנען דרך־ארץ, אַז זיי זאָלן וויסן דעם חילוק פון אַ מענטש ביז אַ בהמה; גיב זיי צו פאַרשטיין, אַז איך דאַרף נישט האָבן זייער חכמה, און לאָזן זיי מיך נישט מזכה זיין מיט זייערע עצות; לאָז זיי דערקענען, ווער זיי זענען און וואָס זיי זענען, און לאָזן זיי שווייגן, וואָרעם בייזערן זיך וועט דאָך סיידוי נישט העלפן; פאַרשטאָפּ, אַלמעכטיקער גאָט, דאָס מויל פון די פּליערס, די כאַפּערס, אַז זיי זאָלן מיך נישט אונטעררייבן צו ענדיקן די מעשה פאַרן סוף, מקצר צו זיין מער, ווי איך האָב בדעה; און האַלט איין זייער אומגעדולד, אַז זיי זאָלן אויסוואַרטן, ביז איך וועל זיי לכתחילה נישט דערציילן דאָס, וואָס סע האָט זיך געטראָפן מיט מיר אליין אין מיין מקום. און איך בעט דיך, גאָטעניו, זאָלסט מיך דערמאָנען לפּרנסה ולכלכלה, און זאָלסט מיר מצליח זיין מיין וועג, כדי איך זאָל קאָנען קויפן א פערד מיט אַן עגלה, בעגלא ובזמן קריב.

און איר זאָגט אמן, רבותי! וואָרעם איך בעט דאָך אויף אַ פערד נישט צוליב ראָסקאָש, איך בין דאָך, חלילה, נישט אויסן צו פאָרן רייטנדיק, צו קנאַקן מיט אַ בייטש, צו גלייכן זיך מיט פּריצים, ווי עס טוען אונדזערע יידישע גבירים. איך בין, ווי איר זעט מיך, אַ פּראָסטער ייד, פונעם אַלטן שניט. פאָרן רייטנדיק קאָן איך נישט, פאַר א הינטל אַנטלויף איך, ווו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט. און מיין נאָמען מענדל האָב איך, חלילה, נישט איבערגעביטן אויף א גוייש. וואָס דען, א פערד דאַרף איך האָבן, פּראָסט־פּשוט, צוליב דער פּרנסה, וואָרעם מיין פריערדיקע קליאַטשע האָט מען — אוי וויי! — פאַרנומען אין פּלען אריין...

איר שווייגט, רבותי, איר וווּנדערט זיך, איר טראַכט, מסתמא, אַז איך מאַך פון אייך חוזק, אָדער איך בין אליין נישט ביים זינען. חלילה וחס! איך טרייב נישט קיין קאַטאָוועס, און בין נאָך, דאַנקען גאָט, ביי אלע געדאַנקען. די מעשה איז טאַקע געוועזן אַזוי ווי איך זאָג אייך: מיין פערדל האָט מען גענומען אין פּלען אין דער שטאָט קאַבצאַנסק, ווו איך האָב געוווינט, איינעם יאָר תר״מ לפ״ק, צו די ערשטע סליחות פאַרטאָג. די מעשה איז געוועזן אַזוי:

תיכף נאָך סליחות גיי איך מיר פון דער שול מיט א רואיק געמיט און פיל זיך גאָר נישט שלעכט, ווי געוויינלעך א ייד, וואָס האָט אראָפּגעפּטרט דאָס דאַווגען און איז נישט געבליבן שולדיק דעם רבונו של עולם גאָרנישט. אזא ייד פילט זיך, אַקוראַט ווי ער האָט אראָפּגעוואָרפן פון די פּלייצעס א שווערן עול, אקוראַט ווי ער האָט אָפּגעצאָלט א דערעסענעם חוב. ער האָט נאָך דערביי א פּתחון־פּה צו זאָגן: „דערבאַרעמדיקער גאָט! איך האָב אָפּגעטאָן מיינס, אלצדינג אַזוי ווי דו האָסט מיך געהייסן, איצט טו זשע דו דיינס און באַצאָל מיר מיין שכר, וואָרעם וואָס נאָך קאָנסטו פאַרלאַנגען פון אזא כשרן ייד, ווי איך?“ ער רעכנט זיך מיטן רבונו של עולם, איז הארצן וויל ער אים נאָרן מיט א שאַרפן פּלפּול און קונציקע

טענות; ער וויל אים איבעררעדן, איבערקליגן, מאכנדיק א פרומע מינע: „גאָט, איך גלייב, אז דו ביסט א כל־יכול, אלצדיינג, וואָס דו טוסט, איז צו גוטן, נאָר איך מיט מיין קליינעם פארשטאַנד קאָן נישט משיג זיין אלע דיינע מידות. און תוך כדי דיבור טוט אים א קיצל דער יצר־הרע, און ער הייבט אָן אונטערזאָגן דעם רבונו של עולם: פונדעסטוועגן וואָלט געווען זייער גוט, ווען דו וואָלסט געטאָן אזוי און אזוי, ווערליק ס'זאָל זיין בעסער פאר מיר, ווען דו וואָלסט מיר געוויזן בפועל דיין גרויסקייט, און איך וואָלט געזען באשיינפערלעך, אז פאר דיר איז נישט שווער קיין זאך... אזוי טראכט זיך דער ייד, און איז ביי זיך שטאָל און אייזן: סטייטש, דער רבונו של עולם אַליין זאָגט דאָך „נצחוני בני", הייסט עס, אַז מע קאָן אים איבעררעדן, מע דארף נאָר האָבן די העזה... טענהט ער און לאָזט נישט אָפּ און גלייבט באמונה שלימה — ער וועט גובר זיין, וואָרעם גאָט ברוך הוא האָט גאָרנישט וואָס צו ענטפערן, ער האָט אים פארשטעלט דעם וועג פון אלע זייטן, בלייבט נישט גאָרנישט, נאָר טאָן, וואָס מע בעט אים... איך גיי מיר אזוי אריינגעטאָן אין די דאָזיקע געדאַנקען, כאַפּן זיך איז נישטאָ וואָס, גיי איך מיר פּאַמעלעך, טריט ביי טריט, און פיל אליין נישט, ווי איך ברום: „במוצאי יום מנוחה". איך קום נענטער צו מיין דירה, דערזע איך פון ווייטן עפּעס א רייטער אויף א פערד, טראכט איך מיר: מסתמא זענען אָנגעקומען סאָלדאטן אין שטאָט אריין און מיר האָט מען דאָס אריינגעשטעלט דעם רייטער פאר אן אורח. בלייב איך שטיין א צעטראָגענער און טראכט: „מער פעלט מיר נישט, ווי אזא אָנשיקעניש אויף מיין קאָפּ. ס'איז אזוי אויך, ברוך השם, אָסיען, סע ווערט קאלט, סע גייט א סדרה הוצאות: דעם קינד א פּאָר שיכלעך, דעם א רעקל, א שאַלעכל, א וואַרעם שטיקל בגד; אפילו לאטעס, משטיינס־געזאָגט, קאָסט אויך געלט; הייגט, קיין עין־הרע זאָל נישט זיין, דאָס עסן, הייגט האָלץ. איינעם שטיבל מוז מען אריינבראָקן עטלעכע קערבלעך: סע רינט דער דאך, איין וואַנט האָט זיך שטאַרק אָנגעבויגן, ווייל פאַלן כורעים; אין די פענצטער פעלן טאַפליעס. מיינע שיך האָבן שוין פון אַ שטיק צייט אויך געעפנט די מיילער; אַז איך גיי אין אַ בלאָטע, קווטשען זיי, פּישטשען, בעטן זיך רחמים: וואָס האָסטו צו אונדז, געננג אונדז שוין געמוטשעט, לאָז אונדז שוין זיך אויסרוען אויפן סמיעטניק. די קאַפּאָטע גיט מיר אויך שוין אָנצוהערעניש, אַז זי האָט מיר אָפּגעדינט, געטריי און ערלעך, מער ווי מע דאַרף, סע איז אין איר שוין, נעבעך, נישטאָ קיין גאַנץ אבר, זי איז הוילע לאָך און לאַטע פון דעם קאָלנער ביז דעם עק פאָלע, וויפל זשע איז שוין דער שיעור? שוין צייט זי לאָזן געמאַך אויף די עלטערע יאָרן. און דאָ מאָלט זיך מיר אויס מיין עלטער מיידל. זי איז, נעבעך, דערשלאָגן, זי קרעכצט און זיפצט: טאַטע הארציקער, וואָס וועט זיין דער סוף? מאַך מיך חתונה און לאָז נעמען אַן עק צו די בזיונות. און דער מחותן שיסט מיט בריוולעך: „שלום לאהובי מחותני וכו', זייט זשע מוחל, ציילט אָפּ דאָס נדן במזומנים ביז דער לעצטער פרוטה, אַנישט שיק איך אָפּ די תנאים". דער מלמד

מאָנט שכר=לימוד פאַרן ייִנגל, דער קצב לאָזט נישט דורכגיין די גאַס, דער קריע=
מער האָט זיך איינגעשפּאַרט: ער באָרגט מער נישט. און דער שמש מאָנט פאַר
די שטעט אין שול, מיינע און מיין אַלטערס. אוי, רבונו של עולם! קאַרג גאָר,
ווייניק צרות אויף מיין קאָפּ, דאַרף איך נאָך האָבן אַ נייעם אומגליק, אַ סאָלדאַט,
אַ ווילד פרעמדן נפש, אַ זאַקוציע, און ווען? פונקט ערב יום טוב! — נאָר וואָס
מעקעט דאָרט אַזוי די ציג? וואָס געוואַלדעוועט זי מיט אַזאַ רחמנות=קול? אַהאַ,
מסתמא איז זי אויך נישט צופרידן מיט דעם נייעם גאַסט, מסתמא האָט דער יוון
זי אַרויסגעטריבן פון איר ווינקל מיט שיינע עטלעכע קלעפּ, ווי דער שטייגער איז
פון אַ יוון. אוי, אַז אָך און וויי איז דיר, יידעלע! פון זינט דו שטייסט אויף, ביז
דו לייגסט זיך, ווייסטו נישט פון קיין חיי=שעה, רק דו ליידסט יסורים, רק דיין
האַרץ איז פאַרביטערט, אָנגעזאַפּט מיט ווייטיקן און קלעמעניש. וואָס זשע קומט
אַרויס, אַז דו שטייסט אויף גאַנץ פרי? ווי נאָר דו עפנסט די אויגן, עפענען זיך
אויף דיר טויזנטער שלעק; ווי נאָר דו שטעלסט אַ פוס אויף דער ערד, שטעלן
זיך דיר אַנטקעגן אַלע דיינע שונאים. אַז דו גייסט אין גאַס, באַגעגענען דיר מחנות
ווילדע מענטשן, בייזע, וויסטע מחבלים, ערגער פון סדום, רחמנא לצלן. אַזוי שטיי
איך אַ שטיקל צייט און טראַכט, זיפץ, און קראַץ זיך אַזש פאַר עגמת=נפש. נאָכדעם
לאָז איך זיך ווידער גיין אַהיים. אַז איך קום נעענטער צו מיין שטיבל, דערזע איך —
דער טויער איז אָפן און עפּעס אַ חברהמאַן זיצט רייטנדיק אויף אַ פערד, שמייסט
עס, ציט פאַרן צײמל, אַרבעט אויף אַלע כלים, וויל דערמיט אַרויספאָרן פונעם
טויער. טראַכט איך מיר: „ברוך שפטרני! פאָר דיר צו אַלדי וויסטע פינצטערע
יאָר, דו און דיין פערדל, הלוואַי זאָל איך דיך שוין נישט אָנקוקן ווייל איך וועל
לעבן“. איך קום אין הויף אַריין און — סע באַפאַלט מיך אַ פחד... אוי, דאָס
פערדל! ס׳איז דאָך מיין אייגן פערדל, מיין ליבהאַרציקע קליאַטשע, וואָס אַלע
אירע יאָרן האָט זי געהאַט נאָר איין עובדה — שלעפּן דאָס ביידל מיט ספרים;
וואָס זינט איך קען זי, האָט זי, חלילה, קיינמאָל נישט געטאָן קיין גיכן טריט,
נישט געהעצקעט זיך, נאָר געגאַנגען פּאַמעליער, בנעימותדיק, מיט ישוב=הדעת;
וואָס אַחוץ אַמאָל אַ האַרב וואָרט, אַ שטיקל מוסר, האָט זי פון מיר קיינמאָל
קיין בייז נישט געזען, ווער רעדט שוין אַ בייטש. אוי, געוואַלד, ס׳איז דאָך מיין
בידנע פערדל, מיין אויסגעדייוועטע קליאַטשע! סע זיצט אויף איר אַ פרעמדער
גוי, שלאָגט זי מכות=רצח, שינדט פון איר די פעל, זי זאָל לויפן, שפּרינגען. דאָס
פערדל, נעבעך, וויל נישט, סע הירזשעט מיט אַ ברוגז, סע נעמט זיך אָן מיט
האַרץ און בריקעוועט און שטעלט זיך דיבאָם דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן.
צווישן די פיס פּלאָנטעט זיך ביי אים מיין ציג, מיין כשרע בהמה, וואָס מ׳האָט
זי צוגעבונדן צו אים מיט אַ שטריק פאַר די הערנער. וואָס טוט אַ ייִד, אַז ער
דערזעט אַזאַ מעשה? שרייט ער, מאַכט ער קולות. ווי נאָר איך האָב געעפנט אַ
מויל, האָבן זיך באַוויזן די לייט, באָרוועסע, ווילדע, מיט אַ פייפן און אַ געשריי,

מ'איז מיך באַפאַלן פון אַלע זייטן, געקלאַפּט, געהרגעט, געממיתט, ביז איך בין אומגעפאַלן און געבליבן שטיל.

אַז איך האָב געעפנט די אויגן, איז שוין געווען גרויסער טאָג. איך ליג אַ צעטומלטער, אַ צעמישטער. סע טוט מיר וויי יעדער אבר, און איך ווייס נישט אויף קלאָר, וווּ איך בין. ביסלעכווייז קום איך צו זיך און איך דערזע, אַז איך ליג אין שטאַל, אויף אַ קופּע שטרוי! איך טו אַ קוק הירך אַ שפּאַלט אינדרויסן אַרויס, און סע ווערט אין מיר פאַרציטערט יעדער אבר. דער גאַנצער הויף איז פול מיט צעבראָכענע כלים, צעריסענע, צעפליקטע בגדים, שמאַטעס און טראַנטעס אָנגעוואָרפן איינס איבערן אַנדערן: פעדערן, קאָלדרעס, באַוול, צעריסענע ליילעכער, אויפגעטרענטע קישנס; שטרוי און בינטלעך האָלץ און רומל־ספרים, איניינעם מיט צעבראָכענע טעפּ, צעהאַקטע מעבל, צעקלאַפּטע גלעזער און אַלערליי אַנדערע זאַכן פונעם באַלעבאַטישקייט: איבערבעטן, בענקלעך, צעברעקלטע רעדער פונעם ביידל, שערבלעך, קאַלך, אַש, איבערגעמישט מיט דער טונקעוואַניע פון די ווענט; אינמיטן דריגען אַ פעסל געזייערטע אוגערקעס מיט אַ פּעקל תחינות פון שרה בת טובים, אַ צעשפּאָלטענע מולטער מיט אַ געלעכערטער מאַקרעטע, אַ לאָקשן־ברעט מיט בינטלעך ציצות און איבערגעהאַקטע רצועות, אַ זיפּ, אַ רעשעטע, אַ קעסל, אַ קאָרב, אַ בעזעם אינמיטן. אַן איבערקערעניש, משטיינס־געזאָגט, אַ בהלה, אַ חורבן, ווי נאָך אַן ערד־ציטערניש אָדער נאָך אַ שרפה; אַרום און אַרום הער איך קולות, געשרייען, געוואַלדן, ממש סע לעכערט דעם מוח. אין דער לופטן פליען פעדערן, שטיקלעך שמות, בלעטלעך פון ספרים, סע שמעקט עפּעס זייער שאַרף, סע זעצט אין דער נאָז אַ פּאַסקודנער ריח. איך שריי — קיינער הערט נישט. איך רוף — מע ענטפערט מיר נישט אָפּ. איך האָב דערזען, מע קומט מיר נישט צו הילף, האָב איך זיך אָנגעטאָן אַ כוח און האָב געפּרוווט אַליין אויפשטיין. לאָמיך זיך כאָטש דערשלעפּן אינדרויסן, האָב איך מיר געטראַכט, אפשר וועל איך געווויר ווערן, וואָס דאָס איז פאַר אַ מעשה. איך האָב זיך אָבער קוים אויפגעשטעלט אויף די פיס, האָב איך זיך געגעבן אַ בייג אָן צוריק און בין ווידער אומגעפאַלן און געבליבן אַ פאַרשמאַכטער.

אַ שטיק צייט בין איך געלעגן קראַנק, געווען אויסער זיך, ממש נישט ביי די געדאַנקען. איך האָב געזען אַן איבערגעקערטע וועלט: קאַפּוירע דינים, פאַרקערטע מנהגים, מאָדנע ווונדערבאַרע שטראָפן, אַלץ עפּעס אַזוינע משונהדיקע שרעקלעכע מעשים, וואָס סע לייגט זיך גאָרנישט אויפן מוח. אַז ס'איז געקומען די צייט, וואָס איך האָב שוין געדאַרפט אַוועק פון דאָרטן, האָט מען מיר געגעבן אַ שנעל איבער די ליפּן און מע האָט מיך באַשוווירן, איך זאָל נישט מגלה זיין אויף דער וועלט קיין זאַך פון דעם, וואָס איך האָב דאָרט געהערט און געזען. דעריבער אַז איך האָב גוט אָפּגעשוויצט — שוויצן איז, כידוע, אַ טייערע רפואה — האָב איך געמאַכט אַ שוויַיג, נישט גערעדט קיין וואָרט, נאָר כסדר געזיפצט, געוווּנקען מיט

די אויגן און געשטאַמלט אַזוינס, וואָס קיינער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין. — דערט ווערטער, ר׳ מענדעלע, זייט אַ מענטש! ביז וואַנען איז דער שיעור ליגן ווי אַ גולם! — האָבן מיך געמונטערט און געמוסרט די, וואָס זענען מיך געקומען מבקר חולה זיין. איך האָב אָבער אַלץ געזיפצט, געגלאָצט מיט די אויגן און — נישט קיין לשון. געזונט זאָלן זיין מיינע בני־בית און מיינע גוטע פריינד, וואָס האָבן אויף מיר אַכטונג געגעבן, בשעת איך בין געווען קראַנק. זיי האָבן דערפילט מיין ווייטיק, זיי האָבן געזען, אַז איך בין שטאַרק צעטראָגן, צעטומלט און האַלט אין איין זיפצן, האָבן זיי זיך געסטאַרעט מיר גרינגער מאַכן דאָס האַרץ, געטרייסט מיך, דערציילט מיר ווייניקער, ווי ס׳איז געווען באמת, געזען נישט מאַכן פון דער מעשה קיין ווען.

וואָס איז געשען? עט, גאָרנישט, גנבים האָבן זיך צו אונדז פאַרקליבן. אַז איך האָב דעמלט דערזען דעם רייטער אויפן פערד און האָב געמאַכט אַ געוואַלד, זענען זיך צונויפגעלאָפן די שכנים, וואָס זענען אויך געהאַט אויפגעשטאַנען צו סליחות. צוויי פון די גנבים זענען אַנטלאָפן מיטן פערד און מיט דער ציג, די איבעריקע האָט מען געכאַפּט, און זיי זיצן איצט אין טורמע. אַזוי האָבן דערציילט מיינע פריינד, אַקוראַט ווי דאָס וואָלט געווען פון די מעשים שבכל יום. איך האָב אָבער געקוקט אויף זיי און געזען, אַז זייערע פנימער זענען אויסגעדאַרט, די באַקן איינגעפאַלן, די ליפן ווייס, די אויגן רויט, דער קוק פינצטער, וויסט. זיי זענען געווען צעבראָכן, אויסגעמוטשעט, קראַנק ווי אַלע קראַנקע, קוים זיך געהאַלטן אויף די פיס. מ׳האָט געזען אין זיי, אַז זיי זענען אויסגעשטאַנען שווערע טעג, ביטערע צרות, געפּאַסט אַ לאַנגע צייט. „אוי, ברידער, דערציילט זשע, וואָס איז דאָ געווען?“ — האָב איך זיי געבעטן. זיי האָבן זיך אָבער געמאַכט נישט וויסנדיק, באַהאַלטן טיף אין האַרצן די צרות מיט די ווייטיקן, כדי זיי זאָלן מיר נישט אָנ־טאָן קיין יסורים. זיי האָבן מיר אַלץ איינגערעדט מיט אַ שמייכל און מיט ווייכע ווערטער, אַז איך זאָל ליגן רואיק. די גנבה וועט מען, אם ירצה השם, בלי ספק געפינען, און די גנבים, אַז מע האָט זיי שוין געכאַפּט, וועלן זיי מסתמא באַקומען זייער ערלעך אויסקומעניש. דער עיקר איז, איך זאָל זיך נישט נעמען צום האַרצן, זיך פאַרלאָזן אויפן אייבערשטנס הילף. ער איז אַ טאַטע, ווי אין פסוק שטייט: הנה לא ינום ולא ישן...

שווער צו קוקן אויף די טרערן פון אַן אומגליקלעכן, בשעת ער באַוויינט זיין ביטער מזל; אָבער נאָך שווערער איז צו זען אַ פאַראומערט, דערשלאָגענעם מענטשן, וואָס דאָס האַרץ טוט אים ווי, די נשמה וויינט אין דער שטיל — און דאָס פנים לאַכט! אַ צעווייטיקט האַרץ און אַ פריילעך פנים — דאָס איז אַזאַ שרעקלעכער זיווג, אַזאַ מוראדיקע פּאָר, ווי אַ שטייגער אַ טויטע כלה אונטער אַ שוואַרצער חופה אויפן בית־הקברות. אַפילו אַ שטיינערן האַרץ קאָן צעגאַנגען ווערן קוקנדיק... אַז יידן וויינען ביי די קינות אום תשעה־באב, אַרט דאָס מיך

נישט אַזוי, ווי אַז יידן זינגען „אקדמות“ אום שבועות. לעבעדיק, האָפּערדיק זינגען זיי דיעמלט; די פריילעכע שירה זאָגט זיי צו אַ לעבן פון כבוד און גדולה, נחת און פאַרגעניגן, רופט זיי צו דער פעטער סעודה פונעם לוויתן; זיי זעען שוין, ווי זיי זיצן אַרום די טישן, ווי די פריינצן, עסן און טרינקען און טוען זיך וווֹיל; גרויסע הארן, פריצים באַדינען זיי מיט ליבשאַפט און דרך-ארץ, גייען אויס נאָך זייער אַ שמייכל, זייערם אַ גוט וואָרט, — און ווען? בשעת אַליין זענען זיי וויסט און עלנט, געיאָגט און געפּלאָגט, אַלע האָבן זיי פיינט, אַלע זענען זיי מבזה, און ווער סע וויל הייבט אויף זיי די האַנט... ווען איך וואָלט געווען געזעסן מיט די אבלי-ציון ביי די טייכן פון בבל, וואָלט איך דווקא אַראָפּגענומען אַ האַרפע פון די ווערבעס דאָרטן און וואָלט געזונגען אונדזערע באַליידיקער אַ מאָדנע ליד, אַ פריילעך ליד אָנגעזאַפּט מיט מרה-שחורה; דאָס ליד וואָלט אריין, ווי סם, אין זייער נשמה, סע וואָלט דורכגענומען זייער האַרץ, דורכגעשטאָכן עס, ווי מיט שאַרפע שפּיזן, מיט שרעקלעכער חרטה. איך וואָלט געזונגען און געשפּילט, געשפּילט און געזונגען, און זיי וואָלטן געטאַנצט, ווי מטורף, ביז זיי וואָלטן זיך אַליין אָנגעכאַפּט און צעשטויסן אין שטיין!

איך האָב געזען די בני-בית מיינע, ווי זיי האַלטן איין זייערע וויטיקן און סטאַרען זיך שמייכלען צוליב מיר, האָב איך זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט — און געוויינט...

אונדזער האָפענונג איז נישט מקוים געוואָרן: מ'האָט אונדז צוריק נישט אומגעקערט גאָרנישט פון דעם, וואָס מ'האָט ביי אונדז געגנבעט! ס'איז נאָך אַ נס, וואָס ס'איז אונדז אָפּגעגאַנגען גלאַט, וואָס מ'האָט נאָך אונדז נישט גערופן צום משפט. אַזוי האָט אונדז געגעבן צו פאַרשטיין איינער פון די באַוווסטע אַדוואָקאַטן. און דער שכל איז טאַקע מחייב, אַז ער איז גערעכט. וואָרעם ווען באַשטראָפט מען דען אַ גנב און ווען קערט מען אום די גנבה דעם באַלעבאָס אירן? — בשעת ס'איז עולם כמנהגו, דער גנב פירט זיך ווי אַ גנב, ד. ה. ער טוט אָפּ דאָס שטיקל אַרבעט שטילערהייט, אין דער פינצטער, קיינער זאָל נישט זען. דעמלט איז אויף אים דאָ אַ משפט און אַ פּסק. אָבער ווי איז דער דין, אַז מע טוט די אַרבעט פראַנק און פריי, אינמיטן העלן טאָג, אַז מע שלאָגט אויס די פענצטער און מע טוט זיך אַ לאָז איבער די גאַסן מיט העק און מיט דרוקעס און מע באַלאַגערט די שטאָט, ווי די סאָלדאַטן, איז דאָס דאָך שוין אַ מלחמה. הייסט עס, אַז מיין ציג און מיין פערד האָט מען גענומען אין פלען בשעת מלחמה. הקיצור, וואָס זאָל איך לאַנג ברייען: מיר האָבן געבענטשט גומל, וואָס מיר זענען אָפּגעקומען מיט דער ציג און מיט דעם פערד: זאָלן זיי פאַר אונדז זיין אַ שיינע, ריינע כפּרה.

איך האָב אַביסל מקצר געווען די פּרטים פון דער מעשה, וואָרעם מ'האָט וועגן דעם שוין געשריבן באריכות אין די קינות, וואָס איינער פון אונדזערע נייע פּאָעטן-קלאָגמוטערס האָט מחבר געווען לכבוד קאַבצאַנסק. איר דאַרפט וויסן, אַז היינ-

טיקע ביטערע יאָרן, ווען סע שטייען אויף אונדז אויף אַזויפיל מזיקים און בייזע מחבלים, וואַקסן, קיין עין הרע, אין די יידישע צייטונגען נייע שרייבערס, ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגן. אַזוי איז ביי אונדז שוין די מאָדע, אַז יעדע נייע געשעעניש, וואָס סע טרעפט זיך דעם כלל ישראל, סיי צו גוטן, סיי צו שלעכטן, רופט אַרויס באַזונדערע פּאָעטן און שרייבערס, דרשנים און שתדלנים, אָט אַ שטייגער ווי אַ בלאָטע, באַלד ווי סע צעגייט דער שניי, באַווייזן זיך אין איר זשאַבעס, וועלכע קוואַקן דאָרט די גאַנצע צייט, כל זמן ס'איז דאָ אַ ביסל פייכקייט; אַז סע ווערט אָבער אויסגעטריקנט די בלאָטע מיט דעם עיפּוש, ווערן זיי אַנטשוויגן און סע בלייבט פון זיי נישט קיין זכר. איך וויל נאָר, אגב אורחא, פאַרריכטן ביי יענעם מקונן עטלעכע זאַכן, וואָס ער האָט געשריבן נישט אמת. עס האָט זיך ביי אים, פאַרשטייט איר מיך, אַזוי צעפלאַקערט די מליצה, אַז ער האָט אַריינגעבראָכט אין דער קינה אַזעלכע מיני ווערטער: „אוי, ווי געשריגן, טויזנטער הייזער זענען געוואָרן וויסט איינעם טאָג פון שטראָף, צענדליקער טויזנטער יידן האָבן פאַרלוירן זייער עשירות, מענטשן דערצויגענע אויף זייד און פּרעכטיקע פּאַלאַצן גייען אַרום אָן אַ קלייד. הונגעריקע און דאָרשטיקע וואַלגערן זיי זיך אין אַלע גאַסן און אַז. וו..“ אין אמתן איז קאַבצאַנסק אַ קליין שטעטל, ווי אַ גענעץ די גרויס, און ווען סע זאָל נישט זיין קיין איסור צו ציילן אונדזערע יידן, וואָלט איך איבערגעציילט אַלע קאַבצאַנסקער אין אַזויפיל צייט, וויפל סע געדויערט אַ שטייגער ביי אַ יידן אַ קרעמער אָדער אַ סוחר דער וואָכעדיקער וואַרמעס. זינט קאַבצאַנסק שטייט, איז דאָרט קיין „פּרעכטיקע פּאַלאַצן“ נישט געווען, אַפילו קיין גרויסע הייזער אויך נישט, אַחוץ די שענק אינמיטן מאַרק — אַ נידעריקע געמויערטע דירה, ווי אַ פעלד־קרעטשמע. און אויב דאָס רוב יידן, בפרט נאָך אין די קליינע שטעטלעך, זענען, כידוע, גרויסע קבצנים, זענען די קאַבצאַנסקער נאָך גרעסערע דלפנים, טאַקע ממש עניים ואביונים, ווער רעדט שוין פון „עשירות“! סע טרעפט זייער אָפט, אַז מע האָט אַפילו נישט וואָס צו פאַרזעצן, כדי צו קויפן מעל אויף שבתדיקער חלה. נאָר וואָס טויג אייך פיל בריען? כדי איר זאָלט האָבן אַן השגה, וואָס קאַבצאַנסק איז, וועל איך אייך נאָר זאָגן, אַז איך, מענדעליע, אייער אַלטער באַקאַנטער, בין דאָרט פאַררעכנט פאַר איינעם פון די פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים, וואָס האָבן פּרנסה בשפע! און וואָס פאַר אַ פּרנסה איך האָב, פאַרשטייט איך אייך דאָך דערציילן. איר ווייסט אַליין זייער גוט, אַז סע איז נישט פון ראָטשילדס פּרנסות, אַפילו נישט די פּרנסה פון אַן עוסק בצרכי ציבור אָדער אַ גבאי פון צדקה. קוים, קוים, וואָס זי קאָן זיך גלייכן, בעוונותינו הרבים, צו דער פּרנסה פון אַ יידישן שרייבער, וועלכער אַרבעט אין אַ רעדאַקציע... איך זאָג דאָס נישט מער, נאָר כדי איר זאָלט דערקענען די גרויסע מעלות פון אונדזערע נייע פּאָעטן. זיי זענען, חלילה, נישט קיין פּראָסטע מענטשן, נישט ווי אַלע געוויינלעכע בּרואים, וואָס דרייען זיך אַרום אויף אונדזער זינדיקע־

וועלט. זיי זענען ווייט אָפּגעשיידט פון די הבלי העולם הזה. מיר וווינען אויף דער ערד, זיי פליען אין הימל אַריין; מיר דערציילן דאָס, וואָס מיר זעען, זיי דערציילן ס'רוב דאָס, וואָס זיי האָבן קיינמאָל נישט געזען, וואָס ס'איז נישט געשטויגן נישט געפלויגן; מיר רעדן ווי מענטשן, פּראָסט פשוט, יעדערער קאָן אונדז פאַרשטיין, זיי זינגען, האַקן מליצות, בראָקן פיוטים, שיטן מיט קנאַקנדיקע ווערטער, ביגדן צונויף אַזוינע פסוקים, וואָס קלעפּן זיך ווי אַן אַרבעס אין וואַנט, און נישט יעדערער איז זוכה צו פאַרשטיין, וואָס זיי מיינען.

אין יענע טעג איז קאַבצאַנסק פאַר אַזאַ יידן ווי איך געווען דאָס אייגענע, וואָס אַ קעמפּע אינמיטן ים פאַר אַ מענטשן, וואָס ס'איז אים אונטערגעגאַנגען די שיף. דאָס פערדל האָט מען, ברוך השם, פאַרנומען אין פלען, איז נישט געווען ווער ס'זאָל מיר פירן מיין סחורה איבער יידישע שטעט, האָב איך זיך נישט געקאָנט רירן פונעם אָרט. קויפן אַ נייעם איז געווען, ווי זאָגט מען דאָס, אפס כסף. פאַר קיין אַנדער געשעפט האָב איך זיך אויך נישט געקאָנט נעמען. בין איך געזעסן אין קאַבצאַנסק אָן אַ שטאָך אַרבעט. וואָס טוט אַ ייד? פאַרברענגט מען די ליידיקע צייט אין בית־מדרש הינטערן אויוון צווישן אַ חברה בטלנים, וואָס האַלטן אין איין שמועסן וועגן פּאָליטיק און מלחמה. איבער דער מעשה מיט די באָסיאַקעס האָט זיך מיין חברה שטאַרק געשאַרפט דעם מוח, געאַמפּערט זיך, געדרשנט מיט כוונה. די פשטנים צווישן זיי, וואָס זענען אין לערנען נישט געגאַנגען ווייטער פון אַ בלאַט גמרא אָן מפרשים, אי דאָס איז די טרוקענע בלאַט גמרא זיי אויך אָנגעקומען מיט גרויסע צרות, און אין „זוהר" האָבן זיי אַריינגעקוקט ווי אַ האָן אין „בני אדם", נאָר צוליב דעם, ס'זאָל זיי פאַררעכנט ווערן די אָפּגעזאָגטע בלעטלעך, — די דאָזיקע פּראָסטע ברידער האָבן געקוקט אויף דער מעשה זייער פשוט: אַ מענטש האָט אַ פערד, אַ ציג און אַ קו, איז דער שטייגער, אַז ס'קומען ביינאַכט גנבים און גנבענען זיי אַוועק. אויב מע כאַפּט די גנבים ביי דער אַרבעט, און זיי דערזען פאַר זיך דעם באַלעבאָס, האָבן זיי אַ ברירה: אָדער זיי וואַרפן אַוועק די אַרבעט אינמיטן און אַנטלויפן, אָדער זיי הערן דעם באַלעבאָס ווי דעם קאָטער און טוען זיך זייערס. אַז ער מאַכט אַ גוואַלד, ה. ה. ער גיט זיי אָנצוהערעניש, אַז זייער אַרבעט איז אים נישט שטאַרק געפעלן, שענקען זיי אים עטלעכע קלעפּ און קולאַקעס און סטוסאַקעס, כדי ער זאָל שווייגן. דערפון מאַכט זיך אַמאָל, אַז ס'ווערט אַ גרויסער סכסוך. וועדליק דעם דאָזיקן פשט, איז די מהומה אין אונדזער שטעטל גאָרנישט קיין יוצא מן הכלל, ס'איז אַ געוויינלעכע זאַך, אַזוי איז דער סדר העולם. אַנדערע אָבער, די לומדים מיט די שאַרפע קעפּלעך, די וואָס זענען געניט אין תוספות און מהרש"א און מהר"ם שיף, האָבן זיך שטאַרק פאַרטיפט אין דעם ענין, אויפגעטאָן אַ סך סברות, אויסגעטייטשט אים גאָר אויף אַן אַנדער אופן. נאָך זייער מיינונג איז אויסגעקומען,

אַז דאָס, וואָס ס'האָט זיך ביי אונדז געטראָפֿן, איז אַ יוצא מן הכלל, אַז דעם ענין דאַרף מען פֿ אַ ר ש ט י י ן, וואָרעם אין אים שטעקט זייער אַ סך כוונות.

דער ראש וראשון און דער גרעסטער למדן צווישן דער דאָזיקער הינטער־אויון־קאָמפּאַניע איז דעמאָלט געווען גימפּל. גימפּל האָט אַלע זיינע יאָרן געלעבט אין קאַבצאַנסק און מקיים געווען די גמרא „יאה עניותא לישראל“, נאָר טאַקע מיט אַלע דיקדוקי עניות. געווען, געבעט, אַז עני ואביון אין זיבן פֿאָלעס, נאָר דערפֿאַר זייער אַ היציקע בריאה, ממש פֿלאַם־פֿייער. אַז ער האָט זיך עפּעס איינגענומען אין קאָפּ אַריין, סע מעג זיין אַפֿילו אָן שום באַווייזן, גלאַט אַזוי על פּי סברא, האָט ער נישט גערוט, ביז ער וועט נישט איינרעדן יענעם, אַז זיין סברא איז דער ריינער אמת; דערביי דאַרף ער נישט האָבן קיין שכלדיקע טענות, קיין ראיות פֿון דער פּראַקטיקע, — ער האַלט מיט די, וואָס זאָגן: „ובאותות זה המטה“ — דער בעסטער באַווייז איז דער שטעקן, די גזרה פֿון אַ תלמיד־חכם — אַזוי היים איך, אַזוי פֿאַרשטיי איך, איר מוזט גלייבן, אַקוראַט ווי דאָס איז אַ הלכה למשה מסיני. טאָמער קווענקלט זיך עמעצער, בטלט צו אים גימפּל אויס אַלע זיינע בייזע חלומות, מאַכט אים גלייך מיט דער בלאָטע, און לאָזט נאָך אויף אים אַרויס אַ שם־רע, אַז ער איז אַ כופר בעיקר, ער האָט פֿיינט דעם כלל ישראל. גימפּל איז פֿון די, וואָס זיי האַלטן, אַז יידישקייט איז זייער חזקה: נאָר ער איז אַ ייד. די איבעריקע זענען א ו י ך, משמייניס געזאָגט, יידן; ער איז דער תוך, דער תמצית פֿון דער יידישער אומה, די איבעריקע זענען נאָר די שאָלעכץ, זיי זענען אַ טפֿל, און אַז עמעצער האַלט נישט אַזוי ווי ער, גימפּל, האַלט ער נישט פֿונעם יידישקייט. אין דעם פּרט איז טאַקע גימפּל אַן אמת'ער ייד, ווייל אַזוי ווי ער גלייבן באמונה שלמה אַלע יידן פֿון דעם סאָרט. צוליב די אַלערליי גימפּלס, וואָס זיי האַלטן זיך פֿאַרן אייבערשטן פֿונעם שטייסל, פֿאַר דער קרוין און דעם צירונג פֿון דער כנסת ישראל, איז טאַקע ביי אונדז דאָ אַזויפֿיל קנאה און שנאה און מחלוקת און רייסענישן, און ס'איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אונדזער יידישע אחדות!

אַזאַ ייד ווי גימפּל האָט זיך שטענדיק זיינע אייגענע חסידים — חניפֿהניקעס, אַ גאַנצע חברה גראָבע יונגען — צבועקעס, נידעריקע בריאים, פֿליאָטקע־מאַכער, וואָס העלפֿן אונטער זייער תנא קמא, באָמקען אים כסדר נאָך, האָקן ליגנס און מאַכן אַן מחלוקת, דאָס רוב נישט פֿאַר ליבשאַפֿט צו אים, נאָר מחמת זיי האָבן מורא, ער זאָל אויף זיי נישט שיטן קיין פֿעד און שוועבל, ער זאָל זיי נישט דערגיין די יאָרן מיט זיינע שטעכווערטלעך. אגב, מיינען זיי, אַז דורך זיין קאָמפּאַניע וועלן זיי אפֿשר ציען אַ שטיקל חיונה, פֿאַרריכטן אַביסל די ביטערע פּרנסה, און אַמאָל — פֿאַרוואָס נישט? — טאַקע פֿאַרזוכן דעם טעם פֿון כבוד אויך. צווישן די אַלע גימפּלס מקורבים זענען צוויי, לעמל און קאַרפּל, אים טאַקע געווען איבער־געגעבן מיט לייב און לעבן. די איבעריקע האָבן אים אָפּגעגעבן כבוד נאָר לפּנים, און אין האַרצן פֿלעגט זיי טאַקע משונה הנאה טאָן, אַז עמעצער האָט זייער גימפּ־

לען אָנגעריבן אַ מאַרדע; לעמל און קאַרפּל, פּאַרקערט, האָבן אין אים טאַקע געגלייבט, ביי זיי איז אַ וואָרט זיינס געווען קודש, כאָטש זיי האָבן עס נישט פאַרשטאַנען. געוויינלעך פלעגן זיי קוקן אויף גימפּלס מתנגדים מיט אַ קרום שמייכעלע, וואָס ס'איז אין דעם געלעגן אַלצדינג: אי חוזק, אי רחמנות, אי פאַרווונדערונג, ווי אייגער רעדט: „וואָס זענט איר איינגאַנצן ווערט, מה אנו ומה חיינו? וואָס איז אייער חכמה מיט אייער קענטעניש, משטיינס־געזאָגט? אַנטקעגן גימפּלען האָט איר אַלע אַ פּנים, ווי פליגן! גימפּל איז הונדערט מאָל געלערנט, כאָטש מיר פאַרשטייען נישט, וואָס ער רעדט, און איר... עט! איידער מיר האָבן נאָך געהערט, וואָס איר ווילט דברן, ווייסן מיר, אַז ס'איז בלאָטע שבבלאָטע!...“ ווער ס'איז אַ מבין, איז אים אַזאַ קוק מיט אַזאַ שמייכעלע ערגער ווי אַ פּאַטש אין פּנים.

— ניין, ניין, איר וועט מיר נישט איינרעדן! — שרייט גימפּל מיט אַן אימפּעט. — נישט צוליבן פּערדל איז געקומען די צרה אויף קאַבצאַנסק, וואָרעם וואָס האָט אַ פערד פאַר אַ ווערדע, אַז מע זאָל צוליב דעם מאַכן אַ תל פון אַ גאַנצער שטאָט, עוקר מן השורש זיין אַן עדה מיט יידן? ניין, מסתמא האָט מען דאָ טאַקע געמיינט די גאַנצע קהילה. דאָס פּערדל, פאַרשטייט איר מיך, איז געווען נישט מער ווי אַן אויסרייד.

— אוודאי, דאָס פערד איז געווען נישט מער ווי אַן אויסרייד! — זאָגט נאָך קאַרפּל מיט גרויס כוונה.

— מע האָט טאַקע געמיינט די גאַנצע קהילה! — שרייט לעמל און קוקט מיט אַ נצחון־שמייכעלע אַרום און אַרום.

— און וואָס האָט מען צו דער קהילה? — פרעגט איינער פון די פּראָסטע ברידער. — אפשר וועט איר זאָגן: קנאה? אפשר איז זיי גרויס אין די אויגן אונדזער עשירות, אונדזערע מאַיאָנטקעס, אַז אַך און ווי צו מיינע שונאים. ס'איז זיך דאָ אין וואָס מקנא צו זיין! אדרבא, לאָז מען טאַקע זען, וויאַזוי מיר מוטשען זיך. קיין פּרנסה איז, ברוך השם, נישטאָ, דאָס טרוקענע שטיקל ברויט קומט אָן מיט גרינע ווערעם, מע הענגט כסדר אין דער לופטן, מע לעבט פונעם ווינט, און מע דאַנקט דעם רבונו של עולם, אַז מע קומט איבער אַ טאָג.

— וואָס „זיי“ גיבן אָפּ די חזירים, וואָלט ביי מיר געווען גענוג פאַר מיינע בני־בית אויף אַ גאַנצער וואָך, — זיפצט איינער אַן איינגעהויקערטער ייד מיט אַ פינצטערן פּנים. — מע לעבט ערגער ווי אַ הונט, רחמנא ליצלן. גאַנצע טעג קומט נישט קיין ביסן ברויט אין מויל אַריין. וויאַזוי האַלטן מיר זיך נאָך אויף די פיס? ס'איז טאַקע גרויסע ניסים, מעגט איר מיר גלייבן. אַז אַך און ווי איז אונדז אַלע, וואָס איז דאָ צו רעדן. מיט אַ טאָפּ קאַרטאָפליעס קומט מען אָפּ פון ערב שבת ביז ערב שבת, אי דאָס עסט מען עס אויך אין איין ציטערניש, סע קומט אָן מיט חרפות, בזיונות, מיט וויטיקן, מיט שלעק...

— אפשר וועט איר זאָגן, — טענהט מיט היץ אַ דריטער פּשטן, — אַז מ'איז זיך אין אונדז גלאַט נוקם פאַר אונדזער תקיפות? גאָט אין הימל! מיר זענען דען נישט קיין ייִדן, בני אברהם, יצחק ויעקב? איינגעבויגענע, דערשלאָגענע, דערשראָקענע, וואָס ציטערן אַפילו פאַרן קלענסטן גוי?

— אַ סימן, — רופט זיך אָן נאָך איינער, אַ האַלבער שוטה, אַ האַלבער לץ, אַ תמעוואַטער נפש, וואָס אַלע מאַכן פון אים חוזק, — אַ סימן האָט איר: די וואַנצן, די שפּינען מיט די איבעריקע מיאוסע באַשעפענישן, וואָס פּרוכפּערן זיך און מערן זיך ביי אונדז, און מ'יר רירן זיי, חלילה, נישט אָן; זיי זייגן אונדזער בלוט, און מיר פּרוּוון אַפילו נישט אַרויסטרייבן זיי פון זייערע ליגער, מיר זאָגן: זאָל זיך גאָט אָננעמען אונדזער קריוודע. איז שוין אַ כל=שכן די פייַנע בחורים, די באָרוועסע קאָמאַנדע, וואָס מיר האָבן זיי קיינמאָל אין אונדזערע אויגן נישט געזען און קיינמאָל נישט געהאַט מיט זיין קיין מגע ומשא...

וואָס די חקרנים, די איבערגעשפּיצטע קעפּלעך, האָבן געענטפערט, האָב איך שוין נישט געהערט. סע האָט מיר שטאַרק פאַרקלעמט דאָס האַרץ אויף דער גאַנצער קאָמפּאַניע, סע האָט זיך מיר געוואָלט וויינען אויף זייער פינצטער מזל. בין איך אויפגעשטאַנען און אַרויסגעגאַנגען פונעם בית=מדרש מיט אַ שווער געמיט.

גייענדיק אין מאַרק, אַ פאַרביטערטער, אַ באַטריבטער, זע איך, ווי גאַווריליע דער גאַרבער גייט אַרויס פון ברוך=אבא משולם=פייבוש חיה=פייגעס שענק און מיט אים נאָך פיר גויים: מיקיטאַ און כוועדער די וועבער און וולאָס און אַלעקסע, וואָס מאַכן לאַפּציעס און קערבלעך, אַלץ היימישע גויים, תושבים, וואָס זיצן ביי זיך אין דער היים. אַלע זענען שיכור, קוים וואָס זיי שלעפּן די פיס. זיי דרייען זיך אַהין און אַהער און זינגען שיכורע מיאוסע לידלעך, כאָטש ס'איז היינט נישט קיין זונטיק און נישט קיין חגא. די אַלע גויים זענען טאַקע פון אונדזער שטאָט. אין זייער גוישער קהילה האַלט מען זיי פאַר לייטישע, ערלעכע, בכבודיקע מענטשן. פּרנסה האָבן זיי דערפון, וואָס זיי אַרבעטן און פאַרקויפן דאָס אויסגעאַרבעטע אונדזערע ייִדישע סוחרים. יענע צאָלן במזומנים און פירן אַוועק די סחורה אין גרויסע שטעט איבערן לאַנד. אויף אַזאַ אופן האָבן קאַבצאַנסקער לאַפּציעס און קערבלעך באַקומען אַ שם אויף דער וועלט, און מע קויפט זיי זייער גערן. צוליב די ייִדישע סוחרים האָבן די גוייִשע באַלמעלאָכעס שטענדיק אַ סך אַרבעט און פאַרדינען גאָר נישט שלעכט. אין אַ גויט, אַשטייגער פאַר א חגא, אָדער אַז סע טרעפט זיך אַ פּגר, אָדער, פאַרקערט, אַ הוליאַנקע, אַ חתונה, אַ שמחה, קומט זיי דער ייִדישער סוחר צוהילף, גיט זיי עטלעכע קערבלעך אויף באָרג, זיי זאָלן נאָכדעם אָפּאַרבעטן. צוליב דער פּרנסה זענען די היגע גויים שטאַרק אויפגעטראָגן מיט די ייִדן, פירן גוטברודערשאַפט נאָך פון קדמונים, גייען איינס צום אַנדערן צוגאַסט און האַלטן זיך אַן עצה, ווען סע ווערט עפּעס ענג. גויים קומען צו אַ ייִדן

אין שטוב אריין, קענען די קינדער ביים נאָמען, שפּילן זיך מיט זיי, טרייבן קאַטאָ־וועס, און די קינדער רופן זיי „פּ ע ט ע ר ס“: פּעטער מיקיטאַ! פּעטער גאַוורילאַ! און רעדן מיט זיי יידיש. אַז אַ ייד מאַכט חתונה אַ קינד און סע שפּילן ביי אים קלעזמער, קומען געוויינלעך די „פּעטערס“ אויך אויף דער חתונה; אַז דער עולם האַלט זיך ביי די זייטן פון דעם בדחנס דרשה, לאַכן זיי אויך מיט אַלע איינגיינעם. זיי ברענגען דעם בעל־שמחה דרשה־געשאַנק, ווער אַ האָן אָדער אַ הון, ווער עטלע־כע ציגנדליק אייער, אַ פלעצל האָניק, אַ מעסטל קאַרטאָפליעס וכדומה. שמחת־תורה אויף דער נאַכט, אַז מע פירט די גבאים אין שול אַריין מיט אַ געזאַנג און אַ געפּילדער, און מע שפּרינגט און מע טאַנצט מיט אַ שמחה און אַ חדווה און אַ פלעסקערייַ, אַז ס'איז ממש הימל עפן זיך, אָדער צו די הקפות, אַז מע קריגט זיך און מע שעלט זיך אין טאַטנס טאַטן און מע רייסט זיך באָרד און פּיאות, ווי דער שטייגער איז, און מע זינגט און מע העצקעט זיך און מע פרייט זיך אַנט־קעגן דער תורה, זענען גאַוורילע מיט כוועדערן מיט אַלעקסען אויך דאָ. זיי שטייען פאַרקוועטשט צווישן עולם ייגנלעך מיט ווייבער און שרייען „צאן קדשים!“ גלייך מיט אַלע יידן.

גאַוורילען האָב איך געקענט שוין פון לאַנג, נאָך זינט ס'איז מיר געפּגרט דאָס ערשטע פערדל, וואָס האָט מיר איבערגעלאָזט בירושה די פעל, און גאַוורילע האָט זי אויסגעאַרבעט. די איבעריקע פיר גויים האָב איך אויך געקענט. טראַכט איך מיר: איך וועל צוגיין צו זיי, מאַכן מיט זיי אַ שמועס, לאָמיר הערן, וואָס זאָגן זיי אויף אונדזער אומגליק. אפשר וועט מיר אַ ביסל גרינגער ווערן אויפן האַרצן.

— גאָט העלף! — זאָג איך גאַוורילען און פאַרנייג זיך פאַר אים מיט דרך־ארץ, שאָקל מיטן קאָפּ און טו אַ רוק דאָס היטל אויף דער פּאַטילניצע: עלעהיי אַראָפּגענומען, הייסט עס.

— זשיד! — ענטפערט גאַוורילע מיט עזות, אַרייגלייגנדיק אין דעם וואָרט אַזויפיל בזיונות, חיפל ס'איז נאָר מעגלעך, און שמעכנדיק מיך מיט די אויגן.

— געדעכט, גאַוורילע לעבן! — ענטפער איך צוקער־זיס און מאַך זיך תמע־וואַטע משום דרכי שלום, אַקוראַט ווי איך פאַרשטיי נישט, אַז ער וויל מיר אָנטאָן אַ בזיון. — אַוודאי בין איך אַ זשיד, דיין באַקאַנטער זשיד מענדל!

— מענדלאַ, מענדלאַ! — שפּעט פון מיר גאַוורילע און נעמט די פּאָלע פון דער סווימע און מאַכט פון איר אַ „חזירשן אויער“: — אָט האָסטו דיר, זשיד כאַלאַמיי!

דאָס האָב איך שוין נישט געקאָנט איבערטראָגן: אַ הונט, להבדיל, שווייגט דאָך אויך נישט, אַז מע טשעפּעט זיך צו אים, אַ כל־שכן אַ מענטש. קערעווע איך זיך אויס צו דער איבעריקער חברה, אַקוראַט ווי איך פאַרלאָז זיך אויף זייער יושר, און זאָג מיט אַ טענה:

— אדרבא... זאָגט איך, גוטע מענטשן, פאַר וואָס קומט דאָס מיר?... דאַכט זיך, גאַווריִלע אַזאַ לייטישער גוי, וואָס זשע ייִדלט ער מיך אומזיסט אומגיישט?...

— ביסט אַ זשיד! — שרייט מיקיטאַ אויס מיט אַ בייזער.

— ביסט אַזאַ מאָשעניק, ווי ברוך דער שענקער, פאַרכאַפּט זאָל ער ווערן! — שעלט אַלעקסעי און שענקט ברוכן אַ „מי שברך“ אונטער די אויגן, דערמאָנענדיק זיין מאַמען.

— אויב אַזוי, — פרעג איך זיי אַ האַרבע קשיא, — אויב אַזוי, וואָס זשע גייט איר צו ברוך דעם מאָשעניק טרינקען בראָנפן, איר האָט דאָך אַ גוייִשן שענקער אויך?

— יענער איז נאָך אַ גרעסערער מאָשעניק, ווי דער זשיד, — ענטפערט די חברה. — ער מישט דעם בראָנפן מיט וואַסער; הייגט ניט דאָך ברוך אויף באָרג, און יענער וויל ניט.

— ימח שמו זאָל ווערן ברוכקע דער מאָשעניק! — ברומט גאַווריִלע און קלאַפּט זיך מיט אַ קולאַק אין האַרצן. — ער באָרגט, נאָכדעם מאָנט ער... איך האָב קיין געלט ניט, פאַרשאָלטענער זשיד! הערסט? אַזאַ בלוטזויגער... איך האָב ניט!

— ווער זשע גייט דיך טרינקען? — פּרוו איך באַרואיקן גאַווריִלעס רציחה. — אַז דו צאָלסט דיין חוב ניט, איז יענער, וואָס באָרגט דיר, אַ בלוטזויגער?

— ער פאַרנאַרט מיך, דער טריפהנער זשיד, ער פאַררופט מיך אַלעמאָל צו זיך אין שענק אריין. ס'איז אַ יצר־הרע... — שטאַמלט גאַווריִלע.

— איי, גאַווריִלע, גאַווריִלע! — זאָג איך, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. — לאָמיר זיך ניט נאַרן, לאָמיר רעדן דעם רעכטן אמת. דיין יצר־טוב מוסרט דיך, וואָס די שיכורסט, ווילסטו אַרויפוואַרפן דעם חטא אויף יענעם. טוט רען אַזוי אַ לייטישער מענטש? אַ גמרא זאָגט: „ניט די מויז איז דער גנב, די לאָך איז דער גנב“. מילא, איז אַ מויז — אַ נאַריש באַשעפעניש, דו ביסט דאָך אָבער עפּעס אַ מענטש, גאַווריִלע, האָסט שכל און האָסט אַ פרייען ווילן, וואָס זשע איז עמעצער שולדיק, אַז דו קאָנסט ניט ביישטיין אַנטקעגן דיין יצר־הרע? זיי זיך מודה, גאַווריִלע לעבן, אַז דו ביסט אומגערעכט, וועט דיר גאָט דערפאַר מוחל זיין די עבירה.

גאַווריִלע לייגט אַנידער ביידע לאַפּעס אויף מיינע אַקסלען, שאָקלט מיטן קאָפּ און קוקט אויף מיר און שווייגט אַ שטיקל צייט. נאָכדעם זאָגט ער מיט אַ פריינדלעכן שמייכל:

— איי, זאָל דיך כאַפּן דער שוואַרציאָר, מענדלאַ! ביסט גערעכט... איך האָב דיך ליב, מענדלאַ, אויף מיין וואָרט! קום, וועלן מיר מאַכן אַ כוסה, כ'לעבן...

איך זע, אַז ס'איז אַן עת־רצון, מוסר איך אים ווייטער, אַלץ מיט אַ גמרא.

— זעסט, גאַווריִלע, אונדזערע חכמים זאָגן: „עבירה גוררת עבירה“; אַז מע טרינקט, אַרבעט מען ניט, אַז מע אַרבעט ניט, ווערט מען אַ בעלן אויף יענעמס און מע...

— ניין, ניין, מענדלאַ, — שלאָגט מיר גאַווריִלע איבער אינמיטן די רייד. — איך וועל באַצאָלן, וואָס איך בין שולדיק ברוכן, האָב ניט קיין דאגה. איך וועל באַצאָלן, אָט ווי דו זעסט מיך לעבן. נאָר וואָס זאָל איך טאָן, — ער הייבט פּלוצלינג אָן צו רעדן מיט אַ וויינענדיק קול, — אַז איך האָב איצט ניט, איצט האָבן מיר קיינער ניט, ניט איך, ניט די איבעריקע גויים, נישטאָ, מענדלאַ, קיין געלט!

— נישטאָ קיין אַרבעט, מע פאַרדינט ניט, זינט ס'איז געווען אָט די רציחות אין שטאָט. אַ סך פון די העגדלער זענען געוואָרן קבצנים, צאָלט מען אונדז ניט פאַר אונדזער סחורה. נו, אַז מע גייט אַרום ליידיק, ציט אין שענק אַריין. — אַזוי רופט זיך אָן וולאַס, אַ געזעצטער גוי, איינער פון די חשובסטע צווישן זיינע ברידער. דערביי טוט ער אַ פּאָר מיט דער האַנט איבער דער פּאַטילניצע און לאָזט אַרויס אַ שווערן זיפץ.

— ווער זשע איז אייך שולדיק! — בייזער איך זיך. — איי, גויים, גויים!

— ווער איז שולדיק? — וואונדערן זיי זיך. — לאָזן „יענע“ זאָגן. יענע דערציילן אונדז, אַז פרעמדע לעבן פון אונדזער אַרבעט, אַז רק מע ראַבעוועט אונדז, מע זויגט אונדזער בלוט. דער גר, זאָגן זיי, ווערט אַלעמאָל רייכער, קריכט אין די פעדערן אַריין, און מיר, די היימישע, זאָגן זיי, ווערן וואָס אַ טאָג אָרעמער. אָט אַזוי דערציילן זיי אונדז, מחמת זיי האָבן אויף אונדז רחמנות.

— דער רוח זאָל נעמען די בעלי רחמנות! — זאָגט וולאַס פרוועריק, מיט אַ שווער געמיט. — פונוואַנען האָבן זיי זיך גענומען, די אַלע ווילע דרשנים, וואָס מאַכן זיך אומגעבעטענע־היימ פאַר אַפּעקונעס איבער אונדז? מיטן מויל רעדן זיי גלאַטע ריידעלעך, און אין האַרצן ביי זיי ליגט אַ שוואַרציאַר, גלייבט מיר. אַנו, פרוווט אומיסנע, בעט נאָר די דאָזיקע באַרמהאַרציקע, וועלן זיי אונדז אפשר געבן כאָטש איין צעבראָכענעם גראָשן, אַז ס'איז אונדז ענג? וועלן זיי אפשר ניישט אויסנוצן אונדזער ביטערע צייט און נישט פאַרקלענערן אונדזער געצאָלט, אַז זיי וועלן דאַרפן האָבן אונדזער אַרבעט? ברידער, שפּייט זיי אָן אַ פול פּנים, און לאָזן זיי אַלע גיין צו אַלדי רוחות!

— צו אַלדי רוחות! — ענטפערט די חבֿרה אַלע אייניינעם. — זאָל זיי גאָט שיקן מכות מיט בכורות...

— מענדלאַ, איך האָב דיך ליב! אויף מיין וואָרט! לאָז, מענדלאַ, וועל איך דיר אַ קוש טאָן! — היצט זיך גאַווריִלע און נעמט מיך אַרום. — קוגל וועסטו מיר געבן, אַז איך וועל קומען שבת?

— און איך, — זאָגט מיקיטאַ, אָנבלאָזנדיק די באַקן, אַקוראַט ווי ער וואָלט שוין געהאַט אַ פֿול מויל, — איך האָב ליב יידישע געפֿילטע פֿיש. צוליב זיי אַליין, צוליב די פֿיש, איז כדאי צו ליב האָבן דעם יידן.

— וואָס מיר יידן און וואָס מיר גויים? — חקירהט אלעקסע, קנייטשנדיק דעם שטערן. — זייער אמונה, אונדזער אמונה, זייערע מנהגים, אונדזערע מנהגים — אַלץ היינו הך. ביי אונדז פּאַסכא, ביי זיי — פּסח, ביי אונדז כוועדער, ביי זיי סודרוס...

איך געזעגן זיך מיט דער חברה און גיי אַהיים שטאַרק צופֿרידן, וואָס איך האָב נושא חן געווען ביי גאַווריִלען מיט זיינע חברים.

אַז איך בין אויפֿן אַנדערן טאָג געקומען אין בית־מדרש אַריין, האָב איך געטראָפֿן די חבֿרה זיצן און רעדן אַלץ וועגן דעם אייגענעם עסק. די הרובע איז גוט אויסגעהייצט. דער עולם איז שטאַרק אַריינגעטאָן אין שמועס, מע פֿילדערט, מע היצט זיך, די פּנימער פֿלאַמען. סע איז צוגעקומען עטלעכע נייע מענטשן אויך, אַ סימן, אַז דער ענין, וואָס מע באַטראַכט דאָ, איז זייער חשוב. סע שטייט די שאלה: וואָס טוט מען? — מיר זענען געוואָרן עניים, אביונים, די הייזער — חורבות, די קלייטן צעראַבעוועט, מע איז קוים אַרויס מיטן לעבן. קאַבצאַנסק איז געוואָרן אַ פּוסטקע, דער מסחר — אַ תל, נישטאָ קיין געשעפֿטן און נישטאָ קיין האָפֿענונג אויף בעסערס! זאָגן די פּראָסטע ברידער: מע דאַרף נישט טאָן גאָרנישט, סע איז אונדז נישט קיין נאָווינע. מיר זײ[illegible]ן אַלע יאָרן, ברוך השם, גרויסע קבצנים, די פּרנסה קומט אונדז שטענדיק אָ[illegible] קלעמעניש, פֿונדעסטוועגן זענען מיר, מיט גאָטס הילף, נישט געשטאָרבן. מיר האָבן אי געהאַט קינדער, אי חתונה געמאַכט, אי מיר לעבן איצט אויך ווי עס איז. אויב ס'האָט זיך אונדז געטראָפֿן אַן אומגליק, איז מילא בכן, קאַרג אומגליקן טרעפֿן זיך אויף דער וועלט? ס'איז דאָך נישט מער ווי אַ צופֿאַל, דאַרפֿן מיר האָבן בטחון אויף דעם, וואָס לעבט אייביק, אַז ער וועט אונדז געבן כוח איבערצוטראָגן אַלע אונדזערע צרות און מיר וועלן נאָך, אם ירצה השם, דערלעבן צו בעסערע יאָרן, ווען די קאַבצאַנסקער לאַפּציעס וועלן זיך צעגיין אויף דער וועלט אין די מיליאָנען, — וואָרעם אַלע וועלן זיך אָנטאָן אין לאַפּציעס, — און קערבלעך און אויסגעאַרבעטע פֿעל וועט מען אויך אַרויספֿירן גאַנצע אוצרות. די גאַווריִלעס מיט די מיקיטעס זענען איצט אויך אין דער ערד. זיי האָבן נישט קיין פּרנסה אַזוי ווי מיר. לאָז נאָר איבערגיין עטלעכע וואָכן, וועט ווידער אַלצדינג ווערן ווי פֿריער, און — עולם כמנהגו נוהג. דערווייל אָבער איז דאָ איין עצה: א מ ו נ ה! תּפֿילה טאָן צום רבונו של עולם, גוזר תּענית זיין, זאָגן תּהילים און סליחות...

ענטפֿערן דערויף די למדנים: סטייטש, ווי קאָן מען זיך דאָס פֿאַרלאָזן אויף ניסים? דאָס הייסט דאָך: אויספּרוּוון דעם רבונו של עולם, דאָס איז דאָך אַ גרויסע עבֿירה. אַדרבא, וואָס וועלן מיר אויסזיצן אָט אַזוי־אָ, מיט צונויפֿגעלייגטע הענט?

ביז וואַנען איז דער שיעור — ביז מיר וועלן אַלע אויסגיין פאַר הונגער? געדענקט: אם אין אני לי מי לי?...

זאָגן די פשטנים: נו, גוט, לאָמיר זיך לאָזן איבער יידישע שטעט, צווישן אונדזערע ברידער, רחמנים בני רחמנים. זיי האַלטן דאָך אויס אי עגונות, אי גשרפים, אי אורחים און אייניקלעך, אי גבאים פון הכנסת כלה, אי בטלנים, ירושלמים, מגידים, משולחים — אַלע די, וואָס גייען אין די הייזער. הייגט אויב אונדזערע יידעלעך זענען מפרנס אַזוינע אַלטפרענקישע אביונים, וואָס מע קען זיי שוין פון כמה דורות, איז דאָך אַ קל וחומר, אַז אונדז, ניי־מאָדנע, שפּאָגל־נייע קבצנים, וועלן זיי אַוודאי אויפנעמען נאָך מיט גרעסערן כבוד! נאָר לאָז זיין, אַז זיי וועלן אונדז נישט האַלטן חשובער, ווי אַנדערע, גוט. אָבער על פי גזרה שווה איז דאָך דער שכל מחייב, אַז מיר זענען נישט ערגער ווי עגונות אָדער גשרפים?

— ווי צו די יאָרן! — זיפצט מען צווישן עולם. — די אָרעמקייט אין תחום איז היינט אזוי גרויס, אז סע איז נישטאָ קיין האָפענונג צו מפרנס זיין זיך נישט מיט אַ קל וחומר און נישט מיט אַ גזרה שווה. וואָס, ס'איז דען ווייניק דאָ קבצנים אין קאַבצאַנסק, וואָס מיר זאָלן גיין שטאַרבן אין יידישן תחום?

— דאַרף מען גיין מחוץ לתחום! — זאָגט איינער פון די קאַבצאַנסקער.

— צוריק אהיים! — כאַפּט זיך עמעצער אָן. סע ווערט א טומל מיט אַ געפילדער...

— שטילער, שאַ! — שרייט לעמל אויף אַ קול. — שאַט, רבותי, גימפּל וויל עפּעס רעדן.

— מע זאָגט: בית יעקב לכו ונלכה!... — הייבט אָן גימפּל בשעת סע ווערט צווישן עולם א שושקעניש: ששש... ששש... מחמת יעדער איינער וויל איינשטילן דעם צווייטן. — ווען מע באַטראַכט דאָס פון איין זייט, וואָלט איך געקאָנט זאָגן — שטילער, שטילער, רבותי! זשומעט נישט אזוי ווי די פליגן! — אזוי וואָלט איך געזאָגט, ווען איך באַטראַכט דאָס פון איין זייט; פון דער אַנדערער זייט איז אָבער גוט, אז סע טראָגן די פיס, בשעת סע טראָגט אייך דער געדאַנק, דאָס הייסט...

— וואָס רעדט ער דאָרט? — פרעגן די, וואָס שטייען פון דער ווייטנס. — זאָגט אונדז, וואָס מיינט ער?

— מיר ווייסן אויך נישט, — ענטפערן די, וואָס שטייען נענטער. — ער רעדט נישט קיין קלאָרע דיבורים, נאָר ער דרייט אהין און אהער, קומט אויס, אז מיט איין פוס שטייט ער אין תחום און מיטן אַנדערן מחוץ לתחום.

— א רוח אין דיין טאַטנס מאמעס ערד אריין! — שעלט קאַרפּל איינעם פון דער חברה און איז גרייט אים צערייסן ווי א הערינג, דערפאר וואָס ער האָט זיך א קרום געטאָן פון גימפּלס דרשה.

סע ווערט א מחלוקה, א געשריי, א יאריד. מע אמפּערט זיך און מע קריגט זיך און מע שעלט זיך און מע זאָגט זיך וואָס אין דער קאָרט.

איך האָב געוואָלט אָנזאָגן מיינע ליבהאַרציקע ברידער די גוטע בשורה, אַז באַווייליע און מיקיטע מיט זייער קאָמפּאַניע זענען שוין, מיט גאָטס הילף, נישט ברוגז; אַז איך האָב אַליין געהערט, ווי זיי לויבן אונדז: א ווילער יידישער קוגל, טייערע יידישע געפילטע פיש! איך האָב אָבער דערזען, אַז סע איז א שעת רוגזא, און קיינער וועט נישט הערן, האָב איך זיך געמוזט איינהאַלטן און נישט דערציילן די טייערע נחמה.

די קאַבצאַנסקער חכמים האָבן געחקירהט, און די קאַבצאַנסקער באַלעבאַטים זענען געוואָרן אַלעמאָל גרעסערע אביונים. סע איז אַוועקגעגאַנגען א שטיקל צייט, האָט מען אָנגעהויבן אַרויסצופאָרן פון קאַבצאַנסק, אַנטלויפן, וווהין די אויגן טראָגן.

גאָט האָט אָבער קאַבצאַנסק נישט פאַרלאָזט און האָט אונדז צוגעשיקט א נייע פּאַרטיע קבצנים. ספירה-צייט, אכט טאָג נאָך פּסח, איז אַריינגעקומען אין שטאָט אַריין א נייע כאַפּטע יידן מיט ווייבער און קינדער, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, פאַרוואָגלטע, פאַרוויינטע — דאָס זענען געווען דאָרפס-יידן פון די אַרומיקע דערפער. זיי האָבן מיט געוויין און יללות דערציילט, אַז סע איז זיי באַפאַלן אַ גרויסע קאָמפּאַניע באָסיאַקעס, צעראַבעוועט זייער האָב און גוטס, א תל געמאַכט פון זייערע הייזער, זיי זענען געבליבן נאַקעט און באָרוועס און קוים זיך אַרויסגעראַטעוועט מיטן לעבן. האָבן מיר שוין געוווסט, אַז דאָס, וואָס סע איז געשען אין קאַבצאַנסק, איז געשען אומעטום, אַז סע איז אזא אָנשיקעניש אויף דער וועלט.

— עס זאָל זיין דער ווילן פון פאַר דיר, גאָט אין הימל, — האָב איך מיר געטראַכט, — אַז דו זאָלסט ווידער אויפריכטן דיין שטאָט איינגיכן. לעת עתה מוז מען דאָך אָבער עסן און טרינקען, וואָס וועט זיין דער תכלית — זיצן הינטערן אויוון און פירן שיינע געשפּרעכן? האָב איך זיך גענומען וואַרפן אויף אַלע זייטן, געניסטערט, געאַקערט מיט דער נאָז, ביז איך האָב באַקומען א פערד און וועגעלע און איינגעקויפט אַלטע און נייע יידישע ספרים. איצט פאָר איך אַרום מיט מיין סחורה אַלע יאָר פון שטאָט צו שטאָט, ווו נאָר סע וווינען אחינו בני ישראל, אָבער אהיים קום איך קיין גלופּסק, וואָרעם דאָ ווין איך איצט, דאָס איז איצט מיין מקום מנוחה.

# אַ שטאָט אין מזרח־וואַנט

## מעשה נורא, וואָס איז זיך פאַרלאָפן אין קאַבצאַנסק

קאַבצאַנסק, איינער פון יענע געווישע מקומות, ווו די יידן רוען, איז תמיד פאַררעכנט געווען אין דער וועלט פאַר א שטעטל א רואיקס, א שטילס. יידן ערלעבע, צעבראָכענע, אַלטפעטערישע, זענען זיך דאָרט געזעסן, אויסגעטאָן פון דער וועלט, געגאַנגען זייער וועג, געאַרבעט אין דעם יידישקייט: זיך געיידלט, געקינדלט און מיט אלע פירושים טאַקע אָפּגעריכט גלות. זיי איז, ווי מען זאָגט, חוץ גאָט און ציצות נישט אָנגעגאַנגען די אַלע היינטיקע חכמות. אַ כפרה פון זייערטוועגן אַלע ניי=מאָדנע פאַרלאַמענטן=סמאַרלאַמענטן מיט די פּאָליטיקעס, דרשות, אמפּערייען דאָרט, פאַר זייער קלויז, פאַר זייער אונטער=אויוון, און זייער באָד, להבדיל. אַ ייד אין גלות, איז דער שטייגער זייערער געווען צו זאָגן, באַדאַרף מוחל זיין אויף כבוד, נישט פאַררייסן די נאָז, נישט קוקן אַרויף. א ייד אין גלות באַדאַרף זיין דער קאָפּ אין דער נידער. ער איז מחויב איבערצוטראָגן אַלצדינג, הערן, זען און שווייגן. און אָט אזוי האָט קאַבצאַנסק, זינט זי איז קאַבצאַנסק, געלעבט שיינפיין, שאַ=שטיל. וואָס גאָט האָט געגעבן, גוטס, שלעכטס, האָט זי מקבל באהבה געווען; א פּאַטש אפילו, א שפּיי אין פּנים אויך אָנגענומען פאַר ליב; ביי איר איז עס געבליבן — שאַ! און פּלוצעם איז קאַבצאַנסק אַרויס פון די כלים, איבערגעביטן איז זי געוואָרן. ווי שטיל דאָרט איז אמאָל געווען, אזוי רעשט זיך, קאָכט זיך אין איר היינט, עפּעס גאָר א פייערשפּייענדיקער באַרג, באַהיט זאָל מען ווערן — פייערט, שיסט, גיסט פעך און שוועבל, און האָס געפילדער אירם צעטראָגט זיך העט ווייט. ניכער וואָלט מען זיך גערעכט אויף איר א טויט, א מיתה משונה די שונאים, איידער הערן פון איר אזוינע געוואַלדן, גאָר א שרעק.

און פון וואָס, וועט מען זיכער פרעגן, האָט אָט דאָס גאַנצע איבערקערעניש זיך גענומען? — אוי, א געלעכטער צו זאָגן, א געלעכטער מיט גרינע ווערעם! גענומען האָט זיך עס גאָר אין אָנהייב פון עפּעס א קלייניקייט, דערנאָך האָט זיך

עס געקייטלט איין מעשה אין דער אַנדערער, ביז ס'איז געוואָרן אַ גאַנצער באַרג, פֿונוואַנען ס'איז אַרויס דער גאַנצער גיהנום: לאַנגע צונגען פֿלאַם־פֿייערדיקע — קראַד־טראַד־טאַראַראַד, קולות ביז אין דעם זיבעטן הימל! נישט מער, וואָס איז דאָ זיך צו וווּנדערן, אַז איינגאַנצן הענגט דער ייד אויף אַ האָר, שטייט אויף משקולת. אַ מיגדכט קלייניקייט ווירקט אויף דעם גאַנצן גאַנג פֿונעם יידישן לעבן. דאָס יידישע מזל איז שוין אַזוי, משטייגס־געזאָגט. איבער אַ האָן מיט אַ הון איז צעשטערט געוואָרן אַ שטאָט טור־מלכא, און איבער אַ דעמבענע אַקס איז געוואָרן אַ תל פֿון ביתר. אַזוי איז די יידנס אַלטע געשיכטע און אַזוי אויך די געשיכטע זייערע די נייע. פֿון אַ נאַרישט וואָרט אַ מוסקאַט־קויל, פֿון שו־שו־שו יענעם אין די אויערן דונערט־בליצט, און עס גיסט זיך אויס אויף זיי די תוכחה.

אוי, איבער אַ שטאָט אין מזרח־וואַנט איז אין קאַבצאַנסק הייגט אַ בייזע מהומה!

* * *

נאָך העט־העט, פֿון גאַנץ לאַנג, זינט עס האָט זיך אויסגעמוערט די קאַבצאַנסקער גרויסע קלויז, ביז אין די שפּעטערדיקע צייטן, האָבן פּאַרנומען דאָרט אַ שטאָט אין מזרח־וואַנט די לייבעלעך. אַזוי האָט די גרעסטע, געהויבנסטע משפּחה אין קאַבצאַנסק געהייסן, אויף דעם נאָמען פֿונעם עלטער־זיידן ר' לייבעלע, זכרונו לברכה, — דער נגיד, דער פּרנס־חודש, דער פֿיינע־בריה אין דער גאַנצער קהילה, מיט וועלכן קאַבצאַנסק האָט זיך שטאַרק מייחס געווען. די דאָזיקע שטאָט איז איבערגעגאַנגען בירושה פֿון טאַטעס צו קינדער ביז אויף לעצט צו ר' אליקום געצלען, עליו השלום, אויך אַ גרויסער פּאַרנעם, אַ תקיף, אַ כל־ולך אין הויף ביים דוקעס — דער פּריץ פֿון קאַבצאַנסקער שליסל און נאָך אַנדערע גרויסע מאַיאָנטקעס. ר' אליקום געצל האָט געהאַלטן קאַבצאַנסק פֿון דוקעס באַרענדע און איז נתעשר געוואָרן. מען האָט אים געשאַצט אַוודאי אין אַ דריי־פֿיר זעקלעך, חוץ זיין נחלה — אַ שאָך פּריציש איינפּאָר־הויז מיט באַלעבאַטישקייט און אַ בוידעם מיט היי, וואָס איינעם האָט עס בסך־הכל געמעגט באַטרעפֿן אויף טרפֿות שייגע גראָבע עטלעכע הונדערט קערבלעך. יאָ, יאָ, ס'איז אַ סברא, אַז נאָך אפשר מיט אַ שמיצל אַריבער! זיין רייכקייט, זיין גרויסקייט איז געווען נאָר שלא כדרך הטבע. הייגו, וואָס הייסט גרויסקייט? — גרויסקייט הייסט נישט דאָס אַליין נאָר, וואָס יידישע קינדער אין שטעטל האָבן פֿאַר אים געהאַט דאָס ניינערייקע קחחת, דרך־ארץ הייסט עס, נאָר געקוואָלן אָנקוקנדיק זיין ליכטיק פּנים, משונה הנאה געהאַט פֿון זיין ווילדער ברייטקייט, ווי ער זוצט זיך, אשטייגער, אויף זיין שטאָט ברייט־לעך, די גרייז־גרויע באָרד צעפֿלאָסן, דער טלית מיט אַן עטרה פֿון פּליטערלעך איבערן קאָפּ, און שאָקלט זיך אַ געוואַלד; ניין, דאָס איז נאָך גאָרנישט; פֿון יידנס

דרך=ארץ האָבן איז אַמאָל גאָרנישט געדרונגען. אלא וואָס דען, אַפילו גויים, להבדיל, זענען פֿאַר אים די כּפּרה געווען, נישט אַנדערש אים גערופֿן ווי „גאַש אַלאַקום“ (געצל איז זיי שווער געווען אויסצורעדן). דער עקאָנאָם פֿונעם הויף און אַמאָל טאַקע אויך דעם דוקעס קאַמערדינער אין עפּעס אַ מין טיזליק מיט טרעסטן און מעשענע קנעפּלעך פֿלעגן קומען שבת, יום=טובֿ עסן ביי אים פֿיש. פֿאַר פּסח פֿלעגט ער פֿונעם הויף באַקומען ווייץ אויף מצה און אַ פּאָר אינדיקעס, אַזוי איז עס שוין געשטעלט געווען. ביים אויסגעבן די מיזינקע זיוגע, איז זי, די כּלה הייסט עס, אויף מאָרגן נאָך דער חופּה געגאַנגען מיט די מחותּנים און מיט די קלעזמער צום דוקעס אין הויף. זי אַליין מיט אירע כּשרע הענט האָט צוגעטראָגן דעם דוקעס אַ טאַץ מיט לעקעך און איינגעמאַכטס, מיט שטרודל און מלכות=ברייטלעך. דער דוקעס האָט עס מיט אַ משוגה=זים שמייכעלע צוגענומען, אַנידערגעלייגט אויפֿן טאַץ אַ רויט=גילדענעם רענדל, דרשה=געשאַנק הייסט עס, עפּעס געבעבעט, אָנגעבעבעט אַ פֿולן קאָפּ, אויסגעמישט קאַשע מיט מאָן, אַלץ: כּבֿע, כּבֿע, פּיאַהקעלע, ציצעלע, כּוסיר, תּלמוד, לאַפּסערדאַקעלע, דער רוח ווייסט, וואָס ער האָט געמיינט. אַזאַ מין מזל=טובֿ ביי זיי איז עס, אַפּנים. דערנאָך האָט ער, אָנגעמיענדריק זי, די כּלה הייסט עס, ביים בעקעלע, אַ גלעט געטאָן, איין מאָל, און געזאָגט: פּיענקנאַ דיוווטשינאַ! נאָך אַ מאָל אַ גלעט, אַ קניפּ אין בעקעלע, און צו ר' אליקום=געצלען שוין שמייכלענדיק געזאָגט: האַרנאַ או טעבי, לאַקום, צורקאַ! — אָט וואָס הייסט כּבֿוד, אָט וואָס הייסט גרויסקייט!...

נאָר גיי טו עפּעס דעם רבונו של עולם. אַז ער זיצט אויבן און דרייט דאָס רעדל, טאַקע ווי אין דעם „ונתנה תוקף“ דאָרט: מי ירום ומי ישפל — ווער אַרויף, און ווער אַראָפּ. באַדאַרף זיך אין אַ צייט אַרום איבערדרייען דאָס רעדל, און ר' אליקום=געצל פֿאַלט אַראָפּ, בלייבט אַ קבצן הייסט עס. יאָ, אַ קבצן וואָלט נאָך געווען נישקשה, גומער ערגער, וקבצנו ביחד, גלייך מיט אַלע קאַבצאַנסקער יידן, מיר נישט, דיר נישט, ווי זאָגט מען עפּעס — עט, פֿונדעסטוועגן לעבט מען דאָך, ברוך השם, אַ ביסל נישט דערעסן, נישט דערטרונקען, מילא וואָס? בע!... נישט צו פֿאַרזינדיקן. מען שטערבט אָפּ דאָס לעבן און מען שטאַרבט גלייך מיט לייטן. נאָר ער, נישט אַ קבצן בפּשטות איז ער געבליבן, נאָר אַ קבצן מיט מכּות, ומיט חובֿות. אייגנטלעך איז ער נישט געבליבן, וואָרעם ער איז גאָר לכתחילה נישט געווען קיין עושר, ווי מען האָט געמיינט. גלאַט, קאַבצאַנסק האָט אים איינגעווינט פֿאַר אַ נגיד, געהויבן אויף דוקעס, האָט ער, ווי דער שטייגער איז, זיך געמוזט האַלטן. קאַבצאַנסק האָט געלוינט מאַכן אים ביי זיך פֿאַר אַ גבֿיר, כּדי צו נעמען ביי אים נדבֿות, און ער, נעבעך, אַז אָך און ווי צו אים, האָט געמוזט געבן. עס טרעפֿט זיך אַמאָל צווישן יידן אַזוינע זאַכן. דער סוף איז געווען ווי געוויינטלעך — יבֿש! במזומנים נישטאָ קיין גראָשן, איינגעטונקט אין חובֿות, פֿאַר דער אַרענדע אַ צייט לאַנג נישט געצאָלט קיין ראַטע, פֿאַר בראָנפֿן דעם פּריץ קומט אויך. הכּלל, עס

קומט, קומט, מע מאָנט, מען פֿאָדערט. און דער ענטפֿער זייַנער איז, ווי עס הייסט געוויינטלעך בײַ סוחרים, — קוממיות! ר' אליקום-געצל מיט זייַן גוט האַרץ האָט עס נישט געקאָנט איבערטראָגן, זיך פֿאַרעסן און געשטאָרבן. דער פּריץ האָט פֿאַר די חובֿות צוגענומען זייַן הויז, געלייגט אַן אַרעסט אויף די חפֿצים, אויך אויף דער שטאָט זייַנער אין מזרח-וואַנט. דאָס הויזגעזינד ר' אליקום-געצלס האָט זיך צעשלעפּט, דער אַהין, דער אַהער — אויס לייבעלעך!

די שטאָט שטייט ליידיק, נישט באַזעצט, זעט אויס ווי אַ ווייסטע אַלמנה. ליב איז זי איטלעכן טאַקע, ליב און טייער, צום האַרצן; נאָר וואָס טוט מען אָבער מיט דעם פּריץ? ער איז, ווי איטלעכער מאַגנאַט, אַ שטיקל קאַפּריז, ווי איטלעכער שררה, אַ ביסל משוגע — עס ווילט זיך אים זייַן אַ באַלעבאָס פֿון אַ שטאָט אין אַ ייִדישן מקום-קדוש! — אוי, ווי שטאַרק ווי עס טוט דאָס ייִדישע האַרץ, זעענדיק, אַז יענעם אָרט, וווּ עס זענען געזעסן פֿריער אַזוינע לייבעלעך, אַזאַ ר' אליקום-געצל, וואָס ממש די שכינה האָט אויף אים גערוט, געהער אַצינד דעם פּריץ! אַז אַ פּריץ מישט זיך אַמאָל אַרײַן, ווען עס קומט אים אָן דער שגעון, אין אתּה הראית, אין הקפֿות און בײַם אויסוויילן גבאים. אַ ווייטיק איז דאָס אוודאי אַ גרויסער, נאָר באַפֿרייַען זיך פֿון גלות, אויסלייזן פֿון פֿרעמדע הענט די שטאָט צוגלייַך מיט דעם מקום-קדוש, דערצו האָט זיך געפֿילט דער קאַבצאַנסקער עולם צו שוואַך, צו אָרעם, און פֿאַרלוירן כמעט די האָפֿענונג.

צוויי פֿאַרשוינען נאָר, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָבן געהאַט אַן אויג אויף דער שטאָט, קומען צו איר, איטלעכער אויף זייַן דרך, — איינער איז ר' שמעלקע, דער אַנדערער — בייקל-חיים — צוויי נישט קיין גלייַכע מענטשן, איינער מיט דעם אַנדערן קידער-ווידער, ווי צוויי קעץ אין איין זאַק.

ר' שמעלקע געהערט צו דעם סאָרט נפֿשות, אויף וועלכע עס שיקט זיך צו זאָגן, אַז זיי זענען צווישן אונדז מענטשן דאָס אייגענע, וואָס אוגערקעס, אַשטייגער, צווישן דעם גאָרטנוואַרג. עס טוט זיך אַ ווייַז פֿרימאָרגנס און גאָרטן דאָרט, וווּ נעכטן האָט מען גאָרנישט באַמערקט, אַ גרויסע גרינע אוגעריקע, עפּעס פּלוצעם, גאָר אומגעריכט. אוגערקעס, אַזוי הייסט עס, וואַקסן בײַנאַכט, אַז עס זעט נישט קיין אויג — און אַזוי אויך די פֿײַנע בריות. איינער עפּעס אַ ייִדל, אַ שמעלקע פֿונעם געמיינעם קאַבצאַנסקער עולם, ווער האָט אים געהערט, ווער האָט אים געוווּסט, איז פּלוצעם פֿון דער ערד אַרויסגעקראָכן — און מזל-טובֿ דיר, קאַבצאַנסק, מיט דײַן אוגעריקע, מיט אַ נײַ אויסגעוואַקסענעם ר' שמעלקע! מאַך שהחיינו.

ר' שמעלקע — ער האַלט עס הײַנט די קאַבצאַנסקער אַרענדע, איז אַ פּאַכטאָר אין הויף, אַ מאַכער אין שטאָט און שטאַרק געהויבן.

דאָס חשיבֿות פֿון ר' שמעלקען איז, וואָס ווי שטומפּיקלעך ער איז אויף דער עבֿרי, נישט קיין געלערנטער, אַזוי אַ שאַרפֿער, אַ גרויסער פֿרומאַק איז ער; אַזאַ

מאמין, ווי ער, איז נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט זיין גלייכן. ער גלייבט אין אַלצדינג, וואָס נישט פאַר זיין שכל, — גלייבט אין גאָט און אויך אין רוחות, גלייבט אין חלומות, אין ניסים, אין כישוף און אָפּשפּרעכעניש. אויך די מעלה מוז מען אים נאָכזאָגן, אַז ווי גרוים ער האַלט זיך פאַר קליינע, אַזוי קליין האַלט ער זיך פאַר גרויסע; ווי שטאַרק ער שטייט פאַר אַ פּיצל כבוד דאָ אין שטעטל, אַזוי איז ער מוחל אויף זיין כבוד האָרט אין הויף, אַ שטייגער; לאָז מען זיך שפּעטן פון אים, וויפל דאָס האַרץ גלוסט, מאַכט אים נישט אויס; און ווי אַ בריה ער איז צווישן דאָס זייניקע מיט דער צונג, אַזוי נעמט אים דאָס לשון, ציטערט פאַר דעם פּריצס בליק.

ר׳ שמעלקע, אַ שטייגער, האָט, זינט ער איז ר׳ שמעלקע, שטאַרק חשק צו די לייבעלעכעס שטאָט, ווייסנדיק ביי זיך זייער גוט, אַז דורך דעם וועט ער ווערן געהויכט. וויבאַלד ער באַזיצט די שטאָט אין מזרח, האַרט לעבן אָרון קודש, קרויגט ער זיך שוין מיט אַ פיינזילבערנער עטרה אויפן טלית, באַקומט ער שוין מיט רעכט, לכל הדעות, די בעסטע עליה, שישי, און צוגלייך הערמיט דעם טיטל מורנו — אַזעלכע זאַכן, וואָס קיין העכערס דערפון איז ביי יידן מער נישטאָ. נאָר באַטראַכטנדיק זיך, אַז דער באַלעבאָס פון דער שטאָט איז דער פּריץ, איז אים באַלד טאַקע פאַרגאַנגען דער חשק און האָט אַראָפּגעלאָזט די נאָז. אין דעם עולמס אַ שמועס אַמאָל: „געוואַלד, ר׳ שמעלקע! ווען וועט שוין אונזער מקום־קדוש אַרויס פון גוישע הענט?“ — פלעגט ר׳ שמעלקע מיט אַ פרום זיפצעלע ענטפערן: וואָס קאָנען מיר טאָן! וואַרט, ברידערלעך, ביז השם יתברך וועט רחמנות האָבן, טאָן אַ נס. כאַפּט זיך נאָר נישט פאַר דער צייט...

יאָ, ר׳ שמעלקע איז אַן אוגערקע, אַזעלכע וואָס וואַקסט אויס סוף זומער, בשעת אויף גאָטס וועלטל רוקט זיך אָן דער גלות פונעם ווינטער. זי איז געל, קרום, געבויגן, נישט ווי אַן אוגערקע באַדאַרף צו זיין, האַרט, בימער, אויסגעטריקנט, אָן אַ קאַפּעלע זאַפט!...

אקעגן אזא געלער, פוילער אוגעריקע, ווי ר׳ שמעלקע, איז א שיין פריש קאָרפּירער אתרוגל בייקל־חיים פון דער נייער שטאָט — אַזוי הייסט יענער קליי־נער טייל קאַבצאַנסק, וואָס אויף יענער זייט בריקל, ווו די לופט איז אַ ביסל פרייער, די אייגעוויינער האָרט אַ ביסל נישט אַזוי... ביי זיי, הייסט עס, איז אויך דעכט אַ ביסל עולם הזה. אלטקאבצאנסק קוקט אויף זיי, פאַר־דרייענדיק א ביסל די נאָז, עפּעס, דאכט זיך איר, ס׳איז א ביסל גראָבלעך... דאכט זיך, דאָס... יידישלעך, און פאָרט עפּעס נישט דאָס... דאָס שיינדל פון דער נייער שטאָט, אָדער ווי זי הייסט: נייקאבצאַנסק, איז געווען בייקל־חיים. דאָרט איז ער געבוירן געוואָרן ביי זיין טאַטן, עליו השלום, וואָס איז געווען אַ יוסטער באַלע־באָס, א קרוב מיט די לייבעלעך. דאָרט איז ער אויסגעוואַקסן, החתונה געהאַט און געוווינט ביז דער איצטיקער צייט. ער באַדאַרף אלט זיין היינט אקעגן א פערציק

יאָר. אַ מושלם איז בייקל=חיים, טאַקע ווי מען זאָגט, מיט אַלע מעלות. וואָס, ווילט איר, קען ער נישט? ווילט איר לערנען, איז ער געלערנט; ווילט איר לשון, איז לשון, אָבער אַזוי מליצהדיק, טיף, ווי הייסט עס עפּעס היינט, פּסיכאָלאָגיע; טיף מיט אַלע קנעצן אין דער נשמה אַריין. ווילט איר פּאָליטיקע, איז פּאָליטיקע, און ווילט איר אפשר חקירה, איז אויך חקירה. הכלל, ער איז אַ בעל מוח, אַ מושלם! פונדעסטוועגן האָט אַלטקאַבצאַנסק אים דאָס מוחל געווען; אוי שטאַרק געהאַלטן פון אים פאַר זיין גוט הארץ, פאַר זיין שיינער באַנעמונג און צונעלאָזטקייט צום קלענסטן אפילו. באַזונדערס האָט אים אַלטקאַבצאַנסק ליב געקריגן, זינט ער האָט זיך צו איר איבערגעקליבן, פונעם גייעם בית=מדרש דאָרט זיך איבערגעטראָגן צו איר אין דעם אַלטן. פאַרוואָס ער האָט זיך איבערגעקליבן? דערויף איז דאָ אַ סך מימרות, גאָר וואָס מאַכט עס אויס, צום עסק געהער זיך עס בכלל נישט אָן, ער האָט ליב אַלטקאַבצאַנסק, אַלטקאַבצאַנסק האָט ליב אים — און, ווי אַ ליטוואַק זאָגט: פּטור!

די קלויז האָט אויפגענומען בייקל=חיימען ביי זיך אונטערן אויוון. די אַלע אַנדערע געהויבענע שטעט דאָרט זענען נישט געשטאַנען ליידיק, גאָר דער אונטער=אויוון איז אויך נישקשה, ער האָט זיך עפּעס זיין באַזונדער מין חן. ציט צו זיך צו טאַקע גאָר ווי אַ מאַגנעט. דאָרט איז געווינטלעך אַ מקום=מנוחה פאַר איידעלע מענטשן פונעם באַלעבאַטישן שטאַנד, וואָס האָבן ליב זיך צו וואַרעמען, אַרייַנקוקן אין אַ ספר, נישט אין דער גמרא דאָרט, וו מען באַדאַרף צולייגן מוח, גאָר אין אגדתות, אין מדרש, וו עס ווערט דערציילט וווּנדערלעכע זאַכן, חידושים ונפלאות, פון וועלכע עס ווערט עפּעס וואַרעם, גרינג אויף דער נשמה. דאָרט, אונטער=אויוון הייסט עס, רעדט זיך עפּעס געשמאַק, מיט אַפּעטיט; עס פילט זיך אין איטלעכן שמועס, אין יעדעמס אַ וואָרט עפּעס גאָר אַ באַזונדער מין טעם. בייקל=חיים מיט זיין געשליפן צינגל, מיט זיין בריהשקייט איז פאַר זיי געווען אַ סחורה, ווי געוווּנטשן. פון אים פלעגן זיי הערן אַמאָל אַ פריש וואָרט, אַזוינס, פון וואָס פריער האָט זיך זיי אַפילו נישט געחלומט. ער האָט מיט זיינע מעשיות זיי איינגעגעבן שכל, צוגעגעבן מוט, אַריינגעזעצט אין זיי פּשוט אַ נייע נשמה. די רעדלעך מענטשן אַרום אים זענען פון טאָג צו טאָג געוואַקסן, מען האָט זיך פּשוט מחיה געווען הערנדיק עפּעס אַ גוט וואָרט. נישט אומזיסט האָט ער געהייסן מכלכל חיים, ער האָט אַריינגעטראָגן אין דעם אַלטקאַבצאַנסקער עולם אַ נייע וועלט מיט אַ נײַ לעבן. ביידנע, דערשלאָגענע קאַבצאַנסקער ברידערלעך, זיי האָבן געזעען, ערשט דערפילט, אַז זיי זענען אויך מענטשן, אַז זייער נשמה איז אויך נישט פון קליאַטשע!

און מיט אַזעלכע מענטשלעכע געפילן, ווי שטאַרק ביטער זיי האָט געמוזט זיין, אפשר הונדערט מאָל נאָך ערגער ווי פריער, צוזעענדיק, אַז דאָס שטיקל מקום=קדוש, די איינציקע טרייסט זייערע אין לעבן, דאָס איינציקע אָרט,

זייער חיים, זייער אַלץ מיט אַנאַנדער, ווי אויסצוווייזן זיך אַמאָל, ווי אויסצוגיסן זייער האַרץ פֿאַר דעם פֿאָטער פֿון הימל — אַז דאָס דאָזיקע מקום=קדוש, דאָס חיות זייערע, איז אַצינד אין די הענט ביים פּריץ, וואָס מאַכט זיך דערווייל אַ שפּיל, אַ געשפּעט, טוט דאָרט, וואָס ער וויל, ווי עס קומט אים אָן דער שגעון; ער איז דאָרט, אַז אָך און וויי, דער באַלעבאָס, און זיי עפּעס טאַקע נאָר ווי אייגעבעטענע געסט — אַ גלות, וואָס איז שווער צו דערליידן!

ביי אַנדערע וועט די דאָזיקע גאַנצע זאַך זיין אפשר אַ געלעכטער, נאַרישקייטן, פֿון וואָס, מישטיינס=געזאָגט, מען האָט דאָ צו רעדן! נאָר לאָזן יענע איבערקומען אויפֿן קאַבצאַנסקער עולמס שטאַנד, וויסן, וואָס הייסט אַזוינס עלנט, נויט, אָפּהענגען אינגאַנצן פֿון אַ פּריץ, אַ קאַפּריז; וויסן, וואָס פֿאַר אַזעלכע, נעבעך, הייסט אַזוינס אַ מקום=קדוש, — אוי, וואָלטן זיי דעמאָלט געפֿילט, געהערט, בישקשה, אַנדערע ווערטער!

בייקל=חיים האָט גוט געפֿילט די מיאוסע קאַבצאַנסקער לאַגע. ער אַליין איז דאָך, אין גרונט גענומען, אויך אַ קאַבצאַנסקער, און ליגט מיט זיי אינאיינעם, ווי מען זאָגט, אין קוואַס. ס'איז אים געווען אַ בושה, אַ חרפּה, אַ ווייטיק, זיין אַזוי מיאוס דערנידעריקט, לאָזן זיך טרעטן ווי אַ וואָרעם אונטער די פֿיס, קריכן, זינגען דעם פּריץ „מה יפית“ — ניין, אַזוינס איז נישט פֿאַר אים! ער האָט זיך אריינגענומען אין קאָפּ, נישט אַנדערש טאַקע ווי באַפֿרייען דאָס מקום=קדוש. לאָז מען כאָטש האָבן דאָ ביי זיך אַ שטיקל מנוחה, נישט זיין צו שאַנד און שפּאָט.

איינמאָל, חנוכה, ווען יידישע קינדער מענטשלען זיך, נעמען זיך איבער מיט די גבורות פֿון זייערע פֿאַרצייטנס, זאָגן באַהאַרצט על הניסים, שפּילן אין דריידל, אין דער האָפֿענונג, אַז זיי וועלן נאָך, בישקשה, מיט דעם איבערשטנס ניסים דרייען וועלטן — דעמאָלט, אַז בייקל=חיים האָט אַריינגעלאָזן זיך אין אַ ברייטלעכן שמועס איבער חנוכה, געגעבן דעם עולם צו פֿאַרשטיין, אַז ניסים זענען זיך ניסים, פֿונדעסטוועגן טאָן באַדאַרף אַ מענטש טאָן טאַקע זיינס, און ווען די חשמונאים זאָלן נישט געווען אָנהייבן די מלחמה מיטן שונא, וואָלט דער נס פֿון חנוכה נישט געקאָנט זיין, — איז ער אָט פֿונעם דאָזיקן שמועס אַרויף אויף דעם קאַבצאַנסקער מקום=קדוש, וואָס איז אין פֿרעמדע הענט, און באַוויזט דעם עולם פֿרוון זיך טאָן וואָס נאָר מעגלעך, אַז זיי זאָלן זיין די באַלעבאַטים דאָרט. — איך פֿון מיין זייט, האָט ער געזאָגט, בין גרייט צו טאָן אַלצדינג, נישט שפּאָרן קיין מי, קיין צייט, אַבי ווילט איר נאָר, עס זאָל קיין מניעה נישט זיין פֿון צעלם. די האָניק=זיסע ווערטער זיינע האָבן זיך אים געגאָסן פֿונעם מויל גלייך די קאַבצאַנסקער אין האַרץ אַריין. די זאַך איז אַריין אין מעם, וואָס ווייטער, ווייטער זיך פֿאַרברייט, ביז לסוף האָט געקלונגען מיט איר גאַנץ קאַבצאַנסק.

ר׳ שמעלקען איז די דאָזיקע זאַך געווען ווי אַ מעסער אין האַרץ. עס האָט אים געשטאָכן ביז אין דער זיבעטער ריפּ. פאַרוואָס? ערשטנס דערפאַר, וואָס אַזעלכער גראָבער יונג, דערצו נאָך אַ פּרומאַק, האָט אמת פיינט אַ מענטשן און אַ יידעלן, אַ געלערנטן. דער גאַנצער טער דעריבער איז האָך כייקל-חיים, וועלכן ער קאָן נישט אָנקוקן. צווייטנס, דערפאַר, וואָס כייקל-חיים קאָן מיט דער צייט זיך דערשלאָגן צו די לייבלעכס שטאָט, און דעם כבוד האָבן ווילט זיך דאָך אים אַליין. דריטנס, דערפאַר, וואָס ס׳איז אַ מורא אײַנצורייסן מיט דעם פּריץ, ער קאָן ברוגז ווערן און דורך דעם זאָל עס אים, חלילה, שאַטן צום עסק, צו דער אַרענדע. און פערטנס, איז גאָר פּשוט, דערפאַר, וואָס אַ ר׳ שמעלקע מוז זײַן תמיד דערווידער; ווייל יענער אַזוי, וויל ער דווקא פאַרקערט; זאָגט יענער „יעהופּעץ“, זאָגט ער אויף צולהכעיס „בוויבעריק“... פונדעסטוועגן האָט ר׳ שמעלקע זיך דערווייס כלומרשט געאַרגערט געמאַכט, אַלץ געזאָגט ווערטלעך, געפרעגט קשיות מיט אַ שטעכעדיק שמייכעלע, אַשטייגער אָט אַזוי:

— ווילט איר, הייסט עס אפּנים, ווי פריער פאַליינגעווען אין מקום-קדוש. פאַרגעסט זשע נישט, מײַנע ליבע יידן, אַז די שטאָט האָרט געהערט דאָך פאָרט צום פּריץ.

— מילא, וואָס זשע איז? — ענטפערט מען אים פונעם עולם. — דער פּריץ האָט דאָך זי אין האַנט פאַר חובות, נו, וועט מען זי אויסלייזן.

— און געלט, מײַנע ליבע יידן? ווער וועט עס געבן געלט, אפשר אײַער מכלכל חיים?

— נישקשה, ר׳ שמעלקע! געלט וועט זײַן, לאָז נאָר קאַבצאַנסק וועלן.

— קאַבצאַנסק! אַ געלעכטער, כ׳לעבן, זעט איר — אויף צו נעמען, אָך, איז דאָ אין קאַבצאַנסק, אָן עין-הרע, זייער פיל בעלנים! נאָר לאָז זײַן אפילו אַזוי — אויסלייזן, געלט איז דאָ, וועט דען, פרעג איך אײַך, קאַבצאַנסק דערפון אַ סך אַרויסקומען? גאַנץ קאַבצאַנסק אין מזרח-וואַנט וועט דאָך נישט אַרויפקריכן, הייגט צו וואָס, נאָך אַ מאָל, פרעג איך אײַך, זאָל...

— שאַ, לאָזט זיך דינען, ר׳ שמעלקע! — פאַלט אים אַרײַן אין דער רייד איינער פונעם עולם. — דאָ גייט נישט מער, פאַרשטייט איר, ווי אין דעם פּינטעלע, אין דעם יידישן פּינטעלע. יידישט מען די שטאָט, דאָס הייסט, זעצט ווידער אויף איר אַ ייד, געווינט דורך דעם גאַנץ קאַבצאַנסק זייער פיל. זי ווייסט דענסטמאָל, אַז זי האָט אַ מקום-קדוש, און דאָס אַליין וועט איר צוגעבן אַ שטיק געזונט, פרישע קרעפטן און שטאַרקן דעם גייסט. חי וועט הייסן געלעבט!

— פּ-ש-ש-ש! — מאַכט ר׳ שמעלקע, פאַרקרימענדיק זיך מיט אַ זויערער מינע. — און, וועט זײַן חי געלעבט, און, וועט מען זוכן, וואָס הייסט אַזוינס דערצויגן אַ פּריץ!

מער האָט ר׳ שמעלקע נישט געזאָגט: ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן שפּעטער, האָט ער מער טאַקע געטאָן ווי גערעדט.

אוי, האָט זיך עס פֿון יענער צייט אָנגעהויבן טאָן, טאָן!...

זומער איינמאָל, אין דער פֿרי, אַז דער קאַבצאַנסקער עולם איז מיט די טלית=און תּפֿילין=זעק געגאַנגען פֿריי צעשפּיליעט, די הערצער אָפֿן אַקעגן דער זון, משונה הנאה האָבנדיק, ווי זי באַקט, וואַרעמט גאָר אַ מחיה; געזען פֿאַר זיך גאָטס שיין וועלטל: ביימער, גריגס, געוויקסן, אָפּשאַצנדיק ביי זיך אין געלט די סחורה, דאָס גערעטעניש הייסט עס אין גאָרטנוואַרג: ציבעלעס, רעטעך, קאַרטאָפֿל, וואָס וועט, געלויבט דער אייבערשטער, זיין היינטיקס יאָר, — מיטאַמאָל הייבן זיך אויף פֿון עק גאַס זיילן שטויב, עס לאָזט זיך הערן אַ רעש, אַ געפּילדער: מע, מו, מע=ע! דאָס מעקעט=מוקעט, לויפֿט הונגעריק, פֿאַרשמאַכט די טשערעדע בהמות צוריק פֿונעם פֿעלד, גאָר פּלוצעם, נישט אין דער געווינלעכער צייט. עס ווערט אַ ליאַרעם, אַ געשריי, אַ בייז ווונדער: האַ, וואָס איז? און דער עולם באַקומט באַלד טאַקע די פֿינצטערע בשורה: אוי וויי! דער פּריץ וויל מער נישט לאָזן פֿיטערן זיך ביי אים אויפֿן פֿעלד די יידישע בהמות, ווי פֿריער.

שלעכט, גאָרנישט קיין גוטער משא=ומתן!... לויפֿט מען דאָך מסתּמא אין הויף צום ארון הגדול, וויינען, בעטן. איז אָבער צום פּריץ נישט צוצוטרעטן, מען לאָזט נישט אויף דער שוועל. פֿאַלט מען אַריין מיט אַ געבעט צום עקאָנאָם: פּאַטעניו האַרצעדיקער, העלף! זאָגט ער: יידעלעך=יידלאַקעסלעך, ניין! — שרייט מען: אוי, גשמהניו, ליובעניו, פֿאַרוואָס? — ענטפֿערט ער: דער פּריץ איז בייז. איר, יידעלעך=כאַלאַמייעלעך, האָט ער געהערט, ווילט אים פֿאַרטרייבן פֿון דער שטאָט. — איז מען, ווי דער שטייגער איז, אים מטמא, אַריינשטעקנדיק אים אין דער האַנט אַ מטבע. — נאַ, טאַטעניו, גשמהניו, נעם! ער זאָל כאָטש בגנבה לאָזן יידישע בהמות זיך פֿיטערן ערגעץ=ווו און אַוועקקוקן, צומאַכן די אויגן. די מטבע נעמט יער — ער איז בטבע נישט קיין שלעכטער מענטש — און באַלד טאַקע בעט ער ווייטער. — הכּלל, ס׳איז געטאַמטערט, עס קומט אָן, שונא=ציון, מיט ווערעם.

און געשטעקט אין דער מיטן, ווי מען איז זיך דערגאַנגען, האָט ר׳ שמועלקע, דאָס איז געווען זיין מלאָכה.

אָט דענסטמאָל איז אַרויס דאָס פֿייער — אַ כעס, אַ צאָרן, אַ מחלוקת, און קאַבצאַנסק ווערט צעטיילט אין צוויי מחנות, אויף מעסער=שטעך איינע מיט דער אַנדערער.

די פֿון בייקל=חיימס חברהלייט, אָבער ווי זיי הייסן דאָרט מכלכל=חיימניקעס, שווייגן נישט אין זייער זאַך! — זיי פֿייערן. יענע, פֿון ר׳ שמועלקעס לייט, שמועלקעניקעס הייסט עס, באַלעבאַטים פּראַקטישע, וואָס די פּרנסה זייערע איז פֿון דער ערד, שווייגן אויך נישט — פֿייערן.

און צווישן די צוויי פייערן זענען צעוואַרפן געשטאַנען די קאַבצאַנסקער בהמות, און דערנאָך — אַ ביטער רחמנות, נעבעך, — די קאַבצאַנסקער כּלי־קודש.

מילא, בהמות זענען בהמות, קי הייסט עס, שטילע בריאים מיט דרך־ארץ. פון זיי, אַז זיי האָבן אַמאָל געהונגערט, געהינעט אין דער היים, איז נאָך געווען צו דערלייַדן. ציגן אָבער, שקצים, ווייסע חברהניקעס, אַז זיי גייען נישט אין חדר, און פעלד הייסט עס, קערן זיי אַ וועלט און זענען פיל אין אַלע ווינקעלעך. מען באַדאַרף וויסן, אַז אין קאַבצאַנסק איז דאָ אַ גרויסע עדה ציגן, וויבאַלד זיי זיינען נישט דערגאַנגען אַמאָל אין דער קישקע, האָבן זיי אָנגעטאָן מעשים — געשפּרונגען אין די גערטנער, געקראָכן, ווו מען באַדאַרף נישט, געכאַפּט אין מאַרק פון די מולטערס און אויפגעוויגלט אַקעגן זיך אַ שטאָט מיט מענטשן און מיט הינט, להבדיל. ווו ערגעץ אַ הונט, האָט געעפנט אַ מויל, געבילט, געהאַווקעט, זיך געלאָזט העגן וויט איבער די גאַסן. די שטאָט איז געווען אויף, פּשוט נישט אויסצוהאַלטן. מען גייט אַרום דול, אָן קעפּ, און מען איז גערן ווי מעגלעך פון דער צרה פּטור צו ווערן. — אָט דאָ הייבט זיך אָן אַ מעשה מיט געלט, די אַלטע מעשה מיט צונויפגענומען ביים עולם געלט! און מיט צונויפגעמער האָט מען, ברוך השם, קיין דאגה נישט, הלוואי אַזויפיל געלט, וויפיל צונויפגעמער עס זענען דאָ. די נעמען צונויף געלט פאַרן עקאָנאָם מיט די באַדינגטע אין הויף, לאָז מען כאָטש האָבן אַ חיי־שעה, אַ רואיקע מינוט פון די הונגעריקע בהמות; יענע נעמען צונויף אויסקויף־געלט פאַר דעם פּריץ, און נאָך אַנדערע נעמען צונויף גלאַט אַזוי געלט, אויף הוצאות הייסט עס. ייִדן, זאָגט מען, גיט געלט! פון איטלעכער בהמה אַזויפיל און אַזויפיל...

ערגער נאָך פון די בהמות איז געווען, נעבעך, די כּלי־קודש: רבנים, חזנים, שמשים, שוחטים, אַשטייגער, זיי איז געווען ביטער און פינצטער פון אַלע זייטן. סיווייסיי, וווהין זיי זאָלן זיך נישט קערן, ווענדן, וועט ברענגען אויף זיי אַ פייער פון דעם אָדער פון יענעם צד. ביידע צדדים זענען צולהכעיסניקעס, טוען אין דער גאַל אַריין אייגער דעם צווייטן. פאַר גרויס פאַרכט און איבערראַכטעניש האָבן זיי, די כּלי־קודש הייסט עס, ווי צעדולטע זיך געכאַפּט, אַליין נישט רעכט צו וויסן, אויף וואָס פאַר אַ וועלט זיי זענען, און מקיים געווען אַלצדינג: אַ שמעק דאָ, אַ שמעק דאָרט, אַ שאָקל מיטן קאָפּ דעם, אַ שאָקל מיטן קאָפּ יענעם, אַ שפּרונג אַהין, אַ שפּרונג אַהער, און אַ שפּרונג אָפּ צוריק — נישט אַהין און נישט אַהער. אַלצדינג האָבן זיי געטאָן, זיך געשטרעקט, ווי מען זאָגט, אין אַלע עקן — און זענען, נעבעך, אומגעקומען, געוואָרן קדושים, אַ שיינע ריינע כּפּרה פאַר יידישע קינדער! עס רעשט זיך קאַבצאַנסק, און דאָס מחלוקת דאָרט וואַקסט, וואַקסט!

דען כּפּי עס איז באַקאַנט, מאַכט זיך נישט אין דער וועלט קיין זאַך, וואָס זאָל נישט מיטברענגען מיט זיך צוגלייך אירע געוויסע באַשעפעניש, און צו דינען זיי פאַר אַ מיטל צום לעבן. אין אַ בלאָטע, אַשטייגער, האַלטן זיך טייוול!

אין אַ קאַלוזשע — זשאַבעס; ווו אומרייניקייט — שוויבלען, גריבלען אַלערליי מיני שרצים, און ווי קריג, מחלוקות — שפּראָצן, קומען אויף מענטשעלעך אזוינע, דער שוואַרציאָר ווייסט, ווער זיי זענען, וואָס ציען דערפון די פּרנסה בכבוד, זענען שטאַרק אין דער מאָדע און גילטן ביי אַלע נאַראָנים.

אָט אַזוינע מענטשעלעך, אַזעלכע מאָרנע נפשות, עפּעס גאָר נייע מיני כלי־קודש, זענען אַרויפגעשווומען אויך דאָ, אין קאַבצאַנסק, בשעת דער מלחמה, געוואָרן רעדלפירער, און זיי האָבן געטריבן צום עסק אונטערצובלאָזן דאָס פייער, די שנאה זאָל וואַקסן. זייענדיק לפנים הייסע חסידים בייקל־חיימס, האָבן זיי געמיינט ביי זיך, אים צו פירן ביי דער נאָז, ער זאָל ביי זיי זיין, ווי דער בער ביים ציגיינער, וואָס פירט זיך מיט אים אַרום פון שטאָט צו שטאָט שפּילן די קאָמעדיע, זינגען, טאַנצן — און מאַכן די קאָפּיקע.

— קומט, חברה, — האָבן די מענטשעלעך געזאָגט, — קומט, לאָמיר נעמען קאַבצאַנסק אין אונדזערע הענט אַריין.

קאַבצאַנסק האָט עס דערהערט, איז זי פאַרצאַפּלט געוואָרן! עס האָט אין איר געקאָכט און געברויזט ווי אין ים בשעת אַ שטורעמווינט. פון ביידע מחנות זענען אַרויס גבורים אויף אַ מלחמה איינע אַקעגן די אַנדערע — און די ערשטע הייסע פייערדיקע פעטש זענען געפלויגן אין קלויז איבער גבאות... פון דאָרט זענען זיי געפלויגן ווייטער, ווייטער, אַ שרעק! אַ קאַטאָוועס עפּעס, אַז יידישע קינדער צעשפּילן זיך די געבליטן, דענסטמאָל הערט מען נישט אַ וועלט, לייגט מען נישט קיין כבוד יונגע אויף אַלטע, קינדער אויף טאַטעס, און עם־הארץ שעמט זיך נישט צו זאָגן אַ דעה אין לערנען!...

פעטש זענען געפלויגן און פליען נאָך עד היום, — און די קאַבצאַנסקער יידן, אַז אָך און ווי צו זיי, האָבן טאַקע, נעבעך, אַ פּנים ווי די אויסגעפּאַטשטע!

די זאַך גופא, פון וועלכער די אַלע קריג האָבן זיך גענומען, האָט שוין נישט אַזוי אויסגעמאַכט, גלאַט דאָס קריגן זיך אַליין איז געוועזן אַ געשעפט. ביי אַ טייל גייט עס אינגאַנצן נישט מער ווי אין נצחונות. עס מעג זיך זיין וואָס עס וויל, אַבי ווייזן יענע, ווער עלטער עס איז. פון גערעכט — נישט גערעכט, פון יידישקייט — נישט יידישקייט, קענען — נישט קענען — איז דאָ נישט די רעדע, דער עיקר איז אויספירן. און ווידער ביי אַ טייל, ביי יענע מענטשעלעך, אַשטייגער, גייט עס נישט מער ווי אין דער פּרנסה, דערהוויל איז דאָך עס אַן עסק — הו־האַ! אַ לויפעניש, אַ פליעניש אַהין, אַהער, אַ שרייבעניש, אַ שושקעניש, און דערלייגן צום פאָלק ישראל, נישקשה, דערלייגט מען נישט, אָך, מען מעג אים אַוודאי ליב האָבן...

די אַלטע כלי־קודש, זאָלן זיך מיען, האָבן דאָך אויך ליב געהאַט דאָס פאָלק ישראל, געקרעכצט אויף גלות השכינה. נאָר די היינטיקע קאַבצאַנסקער נייע כלי־קודש האָבן אים ליב און קרעכצן אויף גלות השכינה, טע־טע־טע, נאָר אויף

אַ נייער מעטאָדע... הייגטיקע זענען נישט קיין פאַרווייגטע בשמות. הייגטיקע זענען גרויסע בעלי בטחונם. אין האַרצן מעגן זיי זיך וויסן, אַז ס'איז פּע, דאָך מאַכן זיי אַ פריילעכע מינע, זענען תמיד אויפגערוימט, מיט שיינענדיקע פּנימלעך, פאַרזיכערן, אַז זייער צד איז געהויבן, עס וועט, אם ירצה השם, זיין רעכט — לאָזן, הייסט עס, די שמעלקעניקעס צעפּוקעט ווערן!

ס'איז אַ פּוקעניש, אַ צעזעצעניש, ביידע צדדים זענען אָנגעצונדן, לייגן צו קנייטלעך אייגער צום אַנדערן, און קאַבצאַנסק קאָכט.

אינמיטן דערינען, ווי דאָ טוט זיך אַזוינס, העכערט דער פּריץ דעם צינז פון די קאַבצאַנסקער הייזער, אַ צען מאָל ווי פריער, און לאָזט מודיע זיין די באַלעבאַטים מיט דעם הארבן וואָרט, אַז ער וועט איינגעבן פּאָרמאַלנע, וו מען באַדאַרף, אַז מען זאָל יענע, וואָס ווילן נישט צאָלן, וויפל ער האָט געשטעלט, אַרויסטרייבן פון זייערע הייזער, וואָס שטייען אויף זיין גרונט. עס ווערט אַ גערודער. אַ קאָכעניש אין דער גאַנצער שטאָט:

— געוואַלד, רבונו של עולם, ס'איז דאָך נישט אויסצוהאַלטן, ס'איז שוין איבער די כוחות!

לויפט מען דאָך, ווי דער שטייגער איז, אין הויף, צום פּריץ. אדוני פּריץ! — שרייט מען, פאַלנדיק אים צו די פיס. — אָ, זאָל ברומען דיין רחמנות אויף אונדז! — דער פּריץ אָבער ענטפערט נישט קיין וואָרט. ברומען ברומט אַפילו — נאָר דאָס ברומען הינט, דער פּריץ האָט אָנגערייצט אויף זיי זיינע הינט, כאַפּט מען די פיס אויף די פּלייצעס און מען אַנטלויפט... אַז בקשות העלפן נישט, מאַכט מען זיך האַרץ — שטעלן זיך דעם פּריץ אַקעגן. וואָס הייסט? טענהט מען, צינז איז צינז, איין מקח אויף תמיד, די הייזער זענען אונדזערע, פון אָבות אבותינו. וויל ער נישט מיט גוטן, מוז מען זיך מיט אים לאָדן. אַדרבא, טאַקע איינגעבן. נישקשה, ס'איז דאָך דאָ עפּעס יושר, מענטשלעכקייט אויף דער וועלט!

האָט קאַבצאַנסק, ברוך השם, אַ נייעם עסק! באַדאַרף מען דאָך שתדלנים, אָד, דערויף זענען דאָך דאָ עפּעס מענטשלעך, יענע בריהס־מענטשעלער! עס פאַרשטייט זיך, מען קלייבט זיי אויס צו שיקן אַהינצו, אין דער גובערניע. באַדאַרף מען דאָך אויף הוצאות, אַ פּאָר אַהין, אַ פּאָר צוריק, אַז עס, אַ טרונק קאָסט דאָך געלט, און וו זענען ווייבער? די ווייבער אין דער היים איבערלאָזן באַדאַרף מען דאָך עפּעס אויך. — טרייסלט מען אויס אַלע פּושקעס. פון יענעם געלט, וואָס פון די בהמות, פאַרנעמט מען אויך. קאַבצאַנסק ברענגט זיך אויס. קאַבצאַנסק טוט זיך אַריין איינגאַנצן אין „זאַקאָנעס“, קינד־און־קייט שאַרפן דעם מוח, טוען אויף סברות, ווי די געלערנטע אַדוואָקאַטן. ס'איז דאָ צווישן זיי אויך, אָן עין־הרע, פיל גרויסע און קליינע יאַבעדניקעס. קאַבצאַנסק ליגט אין קאָפּ נישט מער ווי איר משפּט, עס קריכט איר אַרויס די אויגן וואַרטנדיק דעם סוף. ברוך־השם, זיך דערלעבט. עס הייבט זיך אָן דאָס לאָדעניש — און מען פאַרשפּילט! —

באשר וואָס איז? לערנט מען דאָרט דעם פּשט, ציגן, אמת טאַקע, טאָר אַ פּריץ נישט, על פּי דין, העכערן. נאָר אזוי ווי פאַר עטלעכע יאָר צוריק האָט דער קאַבצאַנסקער דוקעס מוסיף געווען פאַר איטלעכן באַלעבאָס אין קאַבצאַנסק עטלעכע קאָפּיקעס אויף דעם ציגן, און קיינער האָט זיך נישט געמאַכט דערויס, און בשעת צאָלן נאָך צעשריבן זיך ביי אים אויף פּאַפּיר, הייסט דאָך עס שוין זינט דענסטמאָל, אז זיי, די קאַבצאַנסקער באַלעבאַטים, זיצן אויף דעם דוקעס ערד נישט בתורת ציגן ווי פריער, נאָר בתורת ארענדע, און די ארענדע האָט דער דוקעס רעכט, על פּי דין, צו העכערן, ווען ער וויל און וויפל ער וויל. לא די וואָס פאַרשפּילט, באַדאַרף נאָך קאַבצאַנסק צאָלן די הוצאות פונעם משפּט, עפּעס נאָר אַ גרודע געלט!

אָט ווי קאַבצאַנסק איז פאַרקראָכן פון איין צרה אין דער אַנדערער און האָט זיך שטאַרק פאַרפּלאָנטעט! נאָר ווי אָבער פּלאָנטעט מען זיך דאָ אַרויס? אין אַן אַנדער צייט, אַז קאַבצאַנסק זאָל געווען זיין אין דער קלעם, וואָלט זי, נעבעך, טאַקע קיין עצה זיך נישט געקאָנט געבן. משטיינס־געזאָגט, ווער? היינט אָבער איז נישט דאָס קאַבצאַנסק וואָס פריער. היינט איז דער עולם איבער נאָר עפּעס אַנדערש. די שטענדיקע מהומות, וואָס אין דער לעצטער צייט, האָבן אים צעקאָכט דאָס בלוט, צערייצט, אויפגעוועקט אין אים דעם עזות־פּנים. אַ קאַבצאַנסקער ייד איז פלאַם־פייער, שטאַרק אָנגעלאָדן, נאָר עפּעס אַ וואָרט נישט אזוי ווי ער וויל, שיסט ער אויס מיט שאַ־פּע, שטעכנדיקע ווערטער, וואָס פליען מיט אימפּעט אים פונעם מויל אויף שרויפן. די שטענדיקע עסקים, וואָס אין דער לעצטער צייט, האָבן געמאַכט פון די קאַבצאַנסקער ווילדע חכמים, עצות־געבער, דעות־זאָגער אין האַנדל, אין לאָדעניש, אין באַנקירסקע און אַלע אַנדערע מיני געשעפטן, וואָס אין דער וועלט. דיפּלאָמאַטיע, פּאָליטיקע, אַשטיינער, פּראָטאָקאָלן, אַפּעלאַציעס וכדומה — דאָס זענען אַזעלכע זאַכן, וואָס ייִנגלעך, קלויזניקעס, האַלטן עס שטענדיק אין מויל און זענען זיך דעריינען מפּלפּל. מיט עצות האָט קאַבצאַנסק, ברוך השם, שוין נישט געהאַט וואָס צו זאָרגן. דאָס אומגליק אָבער איז, וואָס צופיל. אַ טייל האָבן געזאָגט, מען זאָל אונטערשיקן צום פּריץ איינעם פון זיינע מקורבים, בעטן רחמים, שטיצנדיק זיך אויף דעם עולמס אַ ווערטל: אַז מען קאָן נישט אַריבער, מוז מען אַרונטער. ווידער אַ טייל האָבן געזאָגט: יאָ און ניין! אונטערשיקן יאָ, טאַקע אונטערשיקן, נאָר בעטן רחמים גלאַט פּראָסט, ניין! עס באַדאַרף זיין מיט פּאָליטיקע — אַשטיינער, געבן אים אין שמועס אָנצוהערעניש מיט אַ פראַגע: וואָס פאַר אַ ווערט קאָן האָבן קאַבצאַנסק אָן קאַבצאַנסקער, למשל?... און נאָך אַ טייל האָבן געשריגן: עט! אויף רחמנות, אויף יושר איז לאַנג צו וואַרטן, אָנצוהערעניש איז נאַרישט. דאָס בעסטע מיטל איז אַן אַפּעלאַציע אַהין, אין די העכערע פּענצטער, נישקשה, אַן עדה מענטשן, אַבי זי וויל גאָר, וועט אויספירן... הכלל, די אַזוי, יענע אַזוי, נישט קיין גלייכע דעות,

און וויפל דעות, אַזויפיל צדדים. קאַבצאַנסק פאַרקריכט ווייטער און פאַרפּלאָנטערט זיך נאָך מער!

גוט יום־טוב! — ס'איז פסח. נאָך אַזויפיל קאַפּאַרעניש, אַזויפיל בויכווייטיק אריינגעבראכט, געליבט איז גאָט, דעם טייערן גאַסט, דעם פסח! דער פסח לאָזט זיך פילן אומעטום: אין שול, אין דער היים, אין דער לופט שמעקט מיט פסח — מיט זיינע קניידלעך, זיינע כרעמזלעך און זיינע אַלע גוטע זאַכן. ער קריכט אַריין אומעטום, גרויס און קליין, אָרעם און רייך, טיף אינעווייניק אין דער נשמה. עס ווערט עפּעס ליכטיק, פרייליך אויף דער נשמה, קאַבצאַנסק שיינט! אָרעם, נעבעך, נישט אַזוי געקליידט רייך מיט דער מאָדע, אַ ווייס העמד צום לייב מיט אַן אַלטער שבתדיקער קאַפּאָטע די גאַנצע הלבשה — און שיינט! עסט נישט קיין איבריקעס, קיין קאָמפּאָטן, טרינקט נישט טייערע ווייַנען! עסט, פון יוצא וועגן, אַ שטיקל פלייש מיט פריש אָנגעריבענעם כריין, אַ פאַסטערנאַקצימעס! טרינקט לאַקריצע, ראָזשינקעס־וויין אַ גלעזל — און באַלעקט זיך, האָט הנאה! קוויקט זיך מיט „ואתה בחרתנו“, מיט גוטע שטיקלעך פיוט, מיט דעם גאַנצן יום־טובדיקן דאַוונען — און מען זעט, ווי זי שעפּט תענוג, עס קומט איר צו אַ שטיק געזונט, עס רוט עפּעס אויף איר די שכינה.

בידנע קאַבצאַנסק, פאַרוואָגלטע קאַבצאַנסק, נאָך אַזויפיל צרות אַ גאַנץ יאָר, האָב כאָטש יום־טוב אַ רויִקע מינוט!

שביעי של פסח, אַ פרייליכער טאָג, ווען די ייִדן זענען איבערגעגאַנגען דעם ים, און די מצרים, די נאָכיאָגער זייערע, זענען דערטרונקען געוואָרן דאָרט; ווען קאַבצאַנסק איז געווען יום־טובדיק, פול מיט האָפענונג צו השם־יתברך, דעם באַשיצער פון זיין געליבט פאָלק ישראל אין אַלע צייטן, פּלוצעם ווערט אַ רעש, אַ געוואַלד: מען גייט! — העהע, דעם פּריצס לייט, גאַנצע כאָפּטעס, גייען מיט אַ פייפעריי, סווישטשעריי, שלאָגן אויס פענצטער, ברעכן אויוונס, רייסן בעטגעוואַנט! וואָס איז? דער פּריץ הייסט טרייבן ייִדן גנבים, שווינדלער, בלוטזויגער, וואָס האָבן זיך פאַרקליבן צו אים אין שכנות, אין זיינע היזער, און ווילן נישט צאָלן קיין אַרענדע־געלט. אַצינד לערנען עס זיינע לייט מיט קאַבצאַנסק בלק!

ביז נאַכט האָבן די האָזיקע רבים מיט דער היינטמאָדישער מעטאָדע געענדיקט פון בלק איין פרשה, איין גאַס הייסט עס, די טונעיאַדעווקער גאַס, לעת־עתה, ווו עס זיצן די עכטע בלוטזויגער, די אמתע קאַבצאַנסקער קבצנים, און די איבעריקע אָפּגעלייגט אויף שפּעטער אַ ביסל. יידישע קינדער, גוט אָנגעלערנטע, וואַלגערן זיך נאַקעטע, הונגעריקע אין נעץ, אין קעלט, אויף די גאַסן, אונטער דעם פרייען הימל.

אוי וויי! — שרייט קאַבצאַנסק. — אַ דונער האָט מיך געטראָפן!

וואָס זשע, נעבעך, טוען יידישע קינדער? וואַלגערן זיך דאָ אויף דער גאַס אין קיין תכלית נישט, שרייען איז אויך נישט קיין גוטער משא־ומתן, נעמען ייִדעלעך און רירן זיך פון אָרט: אַ טייל שלעפּן זיך אַוועק ווייט אין עק וועלט און אַ טייל שטופּן זיך אַריין דערווייל אין בייקאַבצאַנסק, מאַכן האָרט אָן אַן ענגשאַפט און שטייען די בייקאַבצאַנסקער אין דער גזירה. און דאָס פאַרשטייט דאָך צבילו אַ קינד אויך, אַז כע שטעלט זיך, נישט דאָ געדאַכט, אַ ביין אין האַלדז, הוסט מען, קייכט מען מיט אַלע כוחות, פונעם ביין ווי ס'איז פּטור צו ווערן. דעריבער האָבן די בייקאַבצאַנסקער, נעבעך, גאָר נישט ווילנדיק שטאַרק זיך צעהוסט, דאָס הייסט געאַרבעט אויף אַלע כלים, ווי לויז צו ווערן פון אַזאַ אָנשיקעניש, פון אַזוינע כפל־שמונהדיקע קבצנים, און געזוכט אַ מיטל, ווי צו שטילן דאָס פייער אין אַלטקאַבצאַנסק, אַז זייערע ברידערלעך דאָרט זאָלן מער נישט קומען צו אַזאַ מיאוסער לאַגע, זאָלן זיצן רואיק ביי זיך אין דער היים און אויך זיי אויף ווייטער לאָזן צורו. ביים פּריץ זענען זיי געווען שטיקלעך תקיפים, קיין סכסוכים צווישן זיי מיט אים איז קיינמאָל נישט געווען, און אַרויסשטעלן זיך אים אַקעגן פאַר דעם מקום־קדוש מיט דער שטאָט דאָרט, האָבן זיי אַפילו אינזינען נישט געהאַט... וויסנדיק זייער גוט זיין קאַפּריז. אַלצדינג איז ער גרייט אַמאָל נאָכצוגעבן, נאָר נישט אויף קיין האָר פון זיין קאַפּריז. בכן קומען זיי צו בייקל־חיימען מיט אַזאַ פּלאַן:

— הערט אויס, ר' בייקל־חיים! מיט קאַבצאַנסק שטייט עס אַציינד שמאָל, אַז אָך־און־וויי צו איר, צו וואָס זי איז געקומען פאַר אירע זינד! זי דאַרף טאַקע באַלד הילף. מיט אַ פּריץ מאַכט מען נישט מיט געוואַלט. דער פּריץ איז אַ פּריץ און קאַבצאַנסק איז קאַבצאַנסק. מען באַדאַרף נאָכגעבן זיין שגעון. מיט דער צייט קאָן ער ווערן ווייך ווי טייג, כאָטש צולייגן אים צו אַ געשוויר. נאָר אַציינד לאָזט אים אָפּ אָט דעם קאַפּריז... קורץ גערעדט, ר' בייקל־חיים, מאַכט זיך נישט וויסנדיק אַציינד פון דער שטאָט אין מזרח־וואַנט, איבער וועלכער עס האָט די גאַנצע קאַשע זיך פאַרקאָכט. און כדי פאַרבלענדן דעם דוקעס די אויגן, ער זאָל מיינען, איר האָט זי שוין מער אינזינען נישט, נעמט אָן, זייט אַזויפיל גוט, אָט די שטאָט, וועלכע מען לייגט אייך איצט פאָר, אויך טאַקע אין מזרח־וואַנט, נאָר ערגעץ אַנדערש, ווייטער אַ ביסל. אין פּאָליש פון דער אַלטער שול געפינט זיך, ווייסט איר דאָך, אַ פינצטער קעמערל, אַ ליידיקס, וויל מען, הייסט עס, דאָס קעמערל גוט צורעכט מאַכן, מיט אַן אָרון קודש, מיט אַלצדינג, ווי אַ שטיבל באַדאַרף זיין, פאַר אייך מיט אייערע לייט, וו איר וועט זיין דערווייל, פאַרשטייט איר, — די גאַנצע באַלעבאַטים. ווייבאַלד איר טוט עס, וועט געשטילט ווערן דעם פּריצס כעס און ממילא פאַרבעסערט ווערן די יידישע לאַגע... שונאים, ווי אַ ר' שמעלקע, אַשטיינער, וועלן אויך פאַרשטומט ווערן, בלייבנדיק דאָ אַליין די איינציקע פיינע

בריות, און אומגעשטערט פאַרנעמען צו זיך די אַלע כיבודים, נבאות, עליות וכדומה — לאָזן זיי זיך דערמיט וואַרגן!

פון כייקל־חיימס וועגן, און אַ טייל פון זיינע לייט, וואָלט די זאַך גאָרנישט קרום געווען, הא, אפשר איז באמת טאַקע דערווייל אַ סבֿרא! פֿאַרוואָס נישט? נאָר פֿאַר געוויסע מענטשעלעך, כלי־קודש, איז דער דאָזיקער פּלאַן געווען אַ סם. סטייטש, אַז אויס מחלוקת, אויס פֿייער, ווי זשע וועלן זיי ברענגען אַ וועלט? לאָ! האָבן זיי געשריען, אויס דער הויט געשפּרונגען און אויפֿגערירט גאַנץ קאַבצאַנסק.

און ווי האָלט עס אין קאַבצאַנסק אַציינד?

אוי ווי שלעכט! ס׳איז אַ מהומה, יידן שלעפּן זיך אוועק מיט די פּאָרבעס אין דער ווייטער וועלט — און ס׳איז אַ מעשה אָן אַן עק!...

# די אַנטדעקונג פון וואָלין

## גענומען פון די כראָניקעס

אין אַ יאָר אַרום נאָך דער באַוווסטער שׂרפֿה האָט זיך אָנגעהויבן אין דער ליטע, לויט ווי עס שטייט אין די כראָניקעס, דער גרויסער הונגער, נישט היינט געדאַכט.

עד היום ליגט יענע שוואַרצע ביטערע צייט יידישע קינדער אין טעם. אַלטע לייט, אַז זיי דערציילן היינט די שטאַרקע נויט, וועלכע מענטשן נעבעך זענען רענגסטמאָל בשעת דעם הונגער אויסגעשטאַנען, שטעלט זיך פּשוט די האָר קאַפּויר הערנדיק. הונגעריקע, אָרעמענקע מענטשן, אויסגעדאַרטע, אויסגעדייוועטע, חיות אין ביין, מיט סמאַ אויף די ליפּן, איינגעפאַלענע באַקן און משונה אויסגעשטעלטע גלעזערנע אויגן, האָבן, ווי די פאַרסמטע מייז, אומעטום זיך אַרומגעבלאָנקעט. קוים פלאָנטערנדיק מיט די פיס, געזוכט, געשניפּערט וואָס ס'איז עפּעס עסנוואַרג, גאָר נישט איבערצוקלייבן, גראָז איז אויך אַ סחורה, זיך נישט געמיאוסט אַפילו דערמיט, וואָס ליגט, פוילט אין דעם מיסט. הונגער דאָס איז איינס פון די ערגסטע אָנשיקענישן, דאָס איז אַ מין ליידן, ווי ברענען פּאַמעלעך אָן אַן אויפהער אויפן שטילן פייער. מען קאָן זיך שוין פאָרשטעלן, ווי גרויס די עלנט איז געווען אין דעם ליטווישן שטעטל דלפוניווקע, וואָס איז אָנגעזעצט געדיכט מיט יידן, אָן עין־הרע, מייגסטנס, ווי דער שטייגער איז, קבצנים נעבעך. נאָר אין די גוטע יאָרן אַפילו האָבן דלפוניווקער יידן זיך אויך נישט קיינמאָל זאַט אָנגעגעסן. אַ הערינג מיט אַ ביסל ליאַק דערצו, איינצוטונקען דערינען אַ שטיקל ברויט — דאָס זענען צוויי שפּייזן אַזוינע, מיט וועלכע מען האָט געוויינטלעך זייער שיין יוצא געווען דעם מיטאָג; אַ קרופּניק — נעמלעך: אַ מין געקעכץ פון וואַסער מיט אַ ביסל גרויפּן, פאַרווייסט לפנים מיט אַ קאַפּעלע מילך, אָדער עטלעכע געקאָכטע קאַרטאָפל, אַזוינס האָט שוין געהייסן עפּעס נאָך עולם הזה, אַ סעודה ווי ביי שלמה המלך אין זיין צייט! אַצינד איז זייער גרינג זיך צו מאַכן אַ געדראַנג: ווען אין די גוטע יאָרן אַזוי, וואָס זשע האָט שוין געקאָנט זיין פאַר

אַ מין עס בשעת הונגער־צייט?! יאָ, דער דלפוניווקער אָרעמער עולם איז טאַקע באמת, נישט נאָר ווי עס רעדט זיך, געשוואָלן געוואָרן פאַר הונגער, געשוואָלן וואָס געשוואָלן הייסט. און וואָס, ווי געשיקט זיך עס אַזוי צו לעבן? גאַרישקייטן! אַ שאלה אַ ביסל אויף יידן? ביי יידן איז מעגלעך אַלצדינג, אַזאַ מין לעבן אויך יידן האָבן אַ גאָט...

צו דעם הונגער האָט זיך נאָך צוגעוואָרפן אַ מגפה, עפּעס אַ מין אונטערגאַנג, אַ היציקע קראַנקהייט אַזוינע. מענטשן זענען געפאַלן ווי די פליגן, און קליינע קינדער זענען אַוועק פון שקאַרלאַטינע, נישט דאָ געדאַכט. אין דעם עולם איז געוואָרן אַ ליאַרם, אַ געשריי: חטאים! אַנדערש האָט זיך עס נישט געקאָנט לייגן אויף דעם מוח, וואָרעם פונוואַנען האָט זיך עס פּלוצעם גענומען אַזאַ קרענק אויף אַ כלל ישראל? ס'איז שייך צו זאָגן אַ קרענק דעם, יענעם, אָבער איטלעכן, ווי געשיקט זיך עס? זאָגן ווידער, אַז געקומען איז עס דעריבער, וואָס אין דער שטאָט איז נישטאָ קיין דאָקטאָר, דאָס איז אַוודאי קרום. וואָרעם פאַרוואָס איז עס געקומען גראָד דערנסטמאָל — בשעת דעם הונגער און נישט פריער? נישט אַנדערש טאַקע מוז מען זאָגן — חטאים!... מען איז גוזר תענית, מען פאַסט קליין און גרויס, מעוברתע אפילו אויך. פון תהילים איז קיין רייד נישט, מען זאָגט תהילים פון פרי ביז פאַרנאַכט, מען מאַכט אַסיפות, מען קלייבט אויס אַ קאָמיסיע יידן עפּעס צו טאָן אַקעגן די חטאים, און צוליב די הוצאות דערויף העכערט מען אַ קאָפּיקע טאַקסע אויף דעם פונט פלייש. די קאָמיסיע גייט פון הויז צו הויז איבערצוקוקן די מזוזות, טאָמער עפּעס גאָרנישט אַזוי, מאַכט מען פּסול; צו באַטראַכטן, ווי שטייען פון פאַרפאַלקן, פון שכנים אין איין צימער די בעטן, נישט צו נאָענט אפשר איינע צו די אַנדערע חס־ושלום... הכלל די קאָמיסיע איז נישט פויל, מען קוקט, מען רוקט איבער בעטן אַהין, בעטן אַהער, אומיסט אָבער די מי — מען שטאַרבט! שווייגט מען דאָך מסתמא נישט און מען געברויכט נאָך אַ מיטל: ווייבער מעסטן פעלד, רייסן קברים, פאַלן אַריין אין אָרון־קודש מיט אַ געשריי, אַ געוויין, מגידים דרשהנען, שטראָפן דעם עולם: געוואַלד יידן שלאָגט זיך אָשמנו, טוט תשובה, יידישע קינדער! עס העלפט נישט — מען שטאַרבט!...

ווייבאלד אַזוי, מוז מען דאָך שוין אָנווענדן אַלע כוחות, פּרווון טאָן דאָס לעצטע, וואָס מען קאָן. העכערט מען נאָך אַ קאָפּיקע אויף דעם פונט פלייש און מען ברענגט אַראָפּ אַהער אין שטעטל דעם באַרימטן האַנדריקעווער רב, צו אים זעצט מען צו דעם דלפוניווקער רב מיט די דיינים און נאָך עטלעכע שיינע כשרע יידן. מען לאָזט אויסרופן אין אַלע שולן בחרם יהושע־בן־נון, אַז ווער עס ווייסט עפּעס אַ חטא, ווי הייסט מען עס... אויף וועמען עס איז, זאָל קומען מודיע זיין דעם בית־דין צדק, וואָס זיצט אַלע טאָג מכוח די חטאים אין דעם קהל־שטיבל. בית־דין שיקט רופן די טועקין, פאַרהערט זי אין ווייבערשע זאַכן, אין דינים

פון מקווה און נעגל־שניידן. מען ציט ביי דער צונג געניטע... אַלטע גבאיטעס, צי ווייסן זיי נישט אפשר עפּעס אויף דער, און אויף יענער וואָס צו זאָגן. די שטאָט וויגט זיך, א קאָכעניש, א שושקעניש צווישן דעם עולם. עס טראָגט זיך אַרום עפּעס אַ קלאַנג, אַ מומלען, מען טומלט אויף איינעם עפּעס אַן אַלמן און אויף איינער, אַ חצופה, אַן אשת־איש. עס קומט אָן ביז דער קאָמיסיע פון די רבנים, גרויסע לייט, בערן! זי לאָזט רופן צו זיך יענעם, זאָגט אים מיט דעם הארבן וואָרט: הולטיי, זיי זיך מודה!... זי איז אים מתרה: מען וועט דיר, פּושעי־ישראל, טאָן דאָס און דאָס. אז עס העלפט נישט מיט בייזן, פּרוווט מען זיך מיט גוטן, מען בעט זיך ווי ביי אַ גזלן: געוואַלד, האָב רחמנות אויפן פאָלק ישראל, אויף אַן עדה יידן! געוואַלד, וואָס האָסטו צו קליינע אומשולדיקע קינדער נעבעך? נאָר רעד צו דער וואַנט — דער פּושעי־ישראל איז זיך נישט מודה. טוט מען זיך אַ נעם־צו דער חצופה — הולטייקע, זיי זיך מודה! זי וויינט, חלשט, פאַרשטייט כלומרשט נישט, וואָס מען וויל פון איר האָבן. ס'איז נאָר אַרויסגעוואָרפענע רייד, זי, די קליפּה, איז זיך אויך נישט מודה, און דערווייל איז שלעכט — מען שטאַרבט! דער צאָרן איז אַזוי ווייט געגאַנגען ביז צום עק, עס האָט שוין אָנגע־ דירט העט־העט סאַמע אין דעם שפּיץ. ס'איז פאַרשלאָפט געוואָרן און געשטאָרבן איינער פון די לומדים אין קלויז. אַ ייד אַ זקן, אַ פרומער, וואָס האָט געפּאַסט הפסקות, געדינט דעם בורא, אַוועקלייגנדיק פאַר אים ממש דאָס גאַנצע געזונט... איי־איי! האָט מען געשריגן, אַז אַזעלכער שטאַרבט, איז שוין טאַקע אויס וועלט, איז שוין קיינער נישט זיכער מיט דעם לעבן. „אם לויתן בחכה היעלה, ווען אַזאַ שטאַרקער לויתן איז אויף דער ווענטקע געכאַפּט געוואָרן, מה יעשו דגי הרקק, וואָס זשע זאָלן שוין טאָן מיר שלאַפּענקע פישעלעך אין דער בלאָטע?“ אַזוי האָט אים מספּיד געווען דער שטאָט־מגיד אויפן שול־הויף צו דער לוויה, און דער עולם איז צעגאָסן געוואָרן פון טרערן. דערנאָך האָט מען דעם מת אין קיטל אַריינגע־ שטעקט אַ קוויטל — דאָס איז געווען אַ „פּראָשעניע“ צו גאָט, זייער וויל אָנגע־ שריבן בישיבה של מטה, אין דער קאָמיסיע פונעם בית־דין, על דעת הקהל, אין דעם נאָמען פון דעם גאַנצן שטעטל. „גיי, — האָט מען דעם מת געזאָגט, — גיי, זיי אונדזער שליח. וויבאַלד דו וועסט קומען אַהין, זאָלסטו איבערגעבן אונדזער־ פאָטער אין הימל, זיך מיען דאָרט פאַר דעם כסא הכבוד, זיין אַ גוטער מליץ, ער זאָל זיך דערבאַרעמען אויף אונדז, יידישע קינדער, נישט זיין אַזוי שטאַרק אין כעס, ברוגז אויף אונדז אַ שרעק, און זאָל זאָגן דעם מלאך־המות: גענוג, לייג דעם חלף צוריק אין שיידל אַריין! ער זאָל אויך אָנשרייען אויף דעם שטן דאָרט און אויף די אַלע משטינים דאָ, אַז עס זאָל זיי פאַרשטאָפּט ווערן דאָס מויל, עס זאָל זיי“... אאוו. אאוו.

פאַר יידן אַזוינע, וואָס גלייבן יענעם אויפן וואָרט, נישט אַריינלאָזן זיך חלילה אין ווייטע חקירות, טאָמער איז עס אַזוי, טאָמער אַזוי, און טאָמער איז

נאָר די גאַנצע זאַך אַ ליגן — זיי וועט גאַנץ געווים געגוג זיין דאָס ביסל, וואָס איז געזאָגט געוואָרן דאָ פון יענעם קוויטל. יענע אָבער, וואָס האָבן אַ טבע נישט צו גלייבן דעם ערלעכסטן יידן אַפילו, ביז זיי זעען נישט אַליין מיט זייערע אויגן, שוואַרץ אויף ווייס, פאַר זיי איז דאָ איין ענטפער: גייט, זייט מוחל, און לייענט אַליין מיט אייער כבוד אין דלפוניוקער פּנקס, וווּ די גאַנצע מעשה געפינט זיך כתוב וחתום מיט עדות כשרע, פיינע בריות, גרויסע לייט, און וואָס פון דאָרטן איז עס דערנאָך איבערגעשריבן געוואָרן אין די כראָניקעס מיט אַ גאַנצער ממרא פונעם שרייבער דאָרט, אויסלאָזנדיק זיך לסוף אַזוי: „היינט פרעג איך אייך, רבותי, מה נשתנה, מיט וואָס אַשטייגער זאָל אַ דעפּוטאַציע צום רבונו של עולם יורד אַ מת אויף יענער וועלט זיין מער משונה, ווי דעפּוטאַציעס צו גרויסע פּריצים דורך לעבעדיקע מתים דאָ אויף דער וועלט? נאָר ווי די מעשה איז, יענע האָט באַשיינפּערלעך געהאָלפן: אין אַ צייט אַרום נאָך דעם קוויטל איז די מגפה טאַקע געשטילט געוואָרן — און ליהודים איז שטעטל, אַ שמחה, אַ פרייד אויף יידישע קינדער!“

טאַקע גאַנץ אמת. דאָס יאָר האָבן יידישע קינדער, לויט אַלטע לייט דערציילן, געמאַכט סוכות נאָר אַנטיק, אין פּאַריזש האָט מען קיין בעסערע נישט געקאָנט האָבן. ס'איז געווען גענוג מאַטעריאַל פון דער שרפה די סוכות צו בויען, פאַרשפּאָרט באַנוצן דערצו, ווי געוויינטלעך, לאָקשנברעטלעך, טשאָלנטברעטלעך נאָך און נאָך אַזוינע מיני ברעטלעך. פלאַץ פאַר די סוכות איז אויך געווען גענוג, נישט פאַררוקט, ווי אַלע יאָר, ערגעץ אין אַ לאָך, לעבן שטאַל און אומריינע ערטער, מחילה. היינט האָט מען מקיים געווען זיצן און שלאָפן אין סוכה, ווי אין שטוב, אויפן רעכטן אמת טאַקע, נישט גלאַט אַזוי זיך. יידן האָבן פאַרבראַכט דעם יום-טוב פרייליך, נישט געזאָרגט, געלויבט גאָט און געהאָפט צו זיין ליבן נאָמען מיט בטחון.

און גאָט ברוך-הוא האָט זיינע דלפוניוקער בעלי-בטחונים, בישקשה, נישט פאַרלאָזן. פון די אומגליקן האָט זיך פאַר זיי אויסגעלאָזט נאָר אַ גליק, אַז ווירך די גויטן, שווערע ביטערע צרות האָט זיך זיי געעפנט אַ וועג אין אַ נייעם לאַנד — אין וואָלין הייסט עס, אַ געבענטשט אָרט מיט אַלדאָס גוטס, וואָס זייער פּוס איז דאָרט קיינמאָל נישט געווען.

אַנטדעקט וואָלין האָבן די משולחים, וועלכע דלפוניוקע האָט נאָך דער שרפה אַרויסגעשיקט אויף דער וועלט קלייבן געלט. לאָז מען נאָר קיין טעות נישט האָבן, אַז אַרויסגעשיקט מיינט מען מיט געוואַלד, דאָס הייסט, מען האָט זיי געגייט פון שהל, אַלע אין איין קול: טוט אונדז די טובה און פאָרט מאַכן געלט! חלילה, ביי יידן זאָל זיך אַזוינס טרעפן. וואָס דען? גלאַט אַזוי זיך, דריי פיינע מענטשן, זוימבאַדערפטיקע, באַפאַלן מיט ווייב און קינדער, אָן אַ שום פּרנסה נעבעך, ווי דער שטייגער איז, האָבן מיט דעם גוטן ווילן גענומען פאַר אַ מצווה אויף זיך

די גרויסע טרחא צו זיין משולחים לטובת פאר א שטאט יידן נעבעך און זיך געלאזט אין דער וועלט אריין. מען האט זיי פארזארגט מיט כתבים, אונטערגעשריבן פונעם גאנצן כלי־קודש, פארנעמסטע לייט, אין וועלכע מען האט מיט הויכע מליצות געשילדערט דאס אנשיקעניש, וואס אויף דער קהילה זייערער איז אנגעשיקט געווארן, און געבעטן מיט אלע מיני געבעט די קינדער ישראל רחמנות צו האבן אויף די נשרפים נעבעך און געבן די משולחים נדבות, איטלעכער כפי זיין מעגלעכקייט. עס פארשטייט זיך, אז חוץ די כתבים האט מען ביים ארויספאר געמוזט געבן די משולחים געלט אויך, אויף די נייטיקע הוצאות פאר זיך אליין און אויף איבערצולאזן צום לעבן זייערע ווייבער און קינדער. עס האט געקאסט אמת טאקע נישט טייער — איין קאפיקע נאר האט מען געהעכערט אויף דעם פונט פלייש!

א לאנגע צייט איז פון די משולחים נישט געווען קיין שום ידיעה, גלייך זיי אין וואסער אריינגעפאלן. ס'איז איטלעכן אין שטעטל געווען א גרויס וווּנדער, גארנישט צו פארשטיין, וואס זאל עס אזוינס באטייטן! מען האט זיך געוווּנדערט, געוווּנדערט, ביז מען האט זיך אויפגעהערט צו וווּנדערן. מען וואלט זיך אין די משולחים שוין געווען גאר פארגעסן, מוחל געווען אלץ מיט אנאנדער, ווען נישט די ווייבער זייערע, וואס האבן געפאדערט ביים שטעטל מזונות, געשריגן, געפילדערט: געוואלד! פארוואס זאלן מיר זיין עגונות, פארוויסטן אונזערע יארן, ליידן פאר אנדערע? דאס שטעטל האט געמוזט אויסשטיין זייערע טענות און געשפייזט די לעבעדיקע אלמנות. מילא, וואס זאל מען טאן? איז נאך א קאפיקע אויפן פונט פלייש.

פלוצעם, גאר אומגעריכט, קומט אן צום רב פון די משולחים א בריוו פול מיט התנצלות, א פארענטפערן זיך אויף דעם לאנגן שטילשווייגן, און מיט א קלאגן זיך אויף דעם פינצטערן מזל, אז נשרפים איז גארנישט אזא געהויבענע סחורה, ווי מען האט געמיינט. גענוג נשרפים אזוינע און אזוינע שלעפן זיך אין דער וועלט ארום. ס'איז געווארן עפעס ווי א גאנג־וועגעלע, א חוק, אז וויבאלד עס הייבט זיך אן דער זומער, הייבן אן יידישע שטעטלעך צו ברענען. עס פארן אויך ארום משולחים פון ישיבות, משולחים פון מאיר־בעל־הנס, משולחים משולחים, ירושלמים, עגונות, אייניקלעך און יידן מיט כתבים פון אלערליי סארטן, וועלכע מען וויל, בכן איז שפל... דאס ביסל געלט, וואס זיי האבן געמאכט, האט געקלעקט קוים אויף הוצאות. עס קומט זיי נאך ארויס, נאר זיי זענען מוחל, גאט זאל זיי באצאלן פאר זייער מי. די ווייבער איז אויך אנגעקומען א בריוו, נאך מיט א ביסל געלט דערצו, פון די מאנען זייערע, וואס בעטן שטארק מחילה פאר דעם שווייגן ביז אהער, מסתמא איז רעכט, מסתמא אז זיי האבן געשוויגן, האבן זיי געוווּסט פארוואס... געפינען, געפינען זיי זיך אין וואלין, זייער א פעט ווינקל, ווו זיי וועלן פארבלייבן אויף תמיד און אם ירצה השם מיט דער

צייט מאַכן עפּעס אַ שטיקל עסק.לעת עתּה קנעלן זיי אונטער. וואָרעם אַזוי פּאַסט עס זיי צום עסק מכּמה וכמה טעמים... אין אַ קורצער צייט אַרום — אַזוי שרייבן זיי — וועלן מיר אייך אַלע אַרויסנעמען צו זיך, וועט אייך מיט דעם אייבערשטנס הילף פאַרענטפערט ווערן אַלע קשיות. דערווייל לאָז זיין אַלצדינג בסוד. למען השם שווייגט, זאָגט קיינעם נישט, ווו מיר זענען, וואָרעם דאָס טויג נישט מחמת פיל טעמים... וד"ל.

נאָר ווייבער זאָלן האַלטן אַ סוד, און נאָך דריי ווייבער מיטאַמאָל, אַזוינס האָט זיך נאָכנישט געטראָפן זינט די וועלט שטייט. עס פאַרשטייט זיך, אַז פאַר גרויס פרייד האָט זיך זיי געשאָטן ניין מאָס רייד פונעם מויל ווי פון אַ לעכער־ייקן זאַק. זיי האָבן דערציילט איטלעכן די גרויסע גליקן זייערע, אָפּגעלויבט אין מאָג אַריין וואָלין מיט געטאָקטע ליגן, אַז דאָרט איז דאָ פון פייגלמילך, געלט וואַלגערט זיך אין די גאַסן, און מלמדים גילט מען דאָרט אָפּ, זיי גייען אין גאָלד. הערנדיק אַזוינס, מאַכן יידן נישט לאַנג שהיות, נעמען די פיס אויף די פּלייצעס און לאָזן זיך אַוועק קיין וואָלין. אויף דלפונישקע קוקנדיק, האָבן פון אַנדערע ליטווישע שטעט יידן זיך אָנגעהויבן אַוועקצולאָזן אַהין. מען באַדאַרף וויסן, אַז אונטער דעם נאָמען וואָלין האָט געהייסן און הייסט נאָך הייַנט ביי יידן נישט נאָר וואָלינער גובערניע אַליין, אלא וואָס דען אויך פּאָדאָליע און בעסאַראַביע, די גאַנצע געגנט, וואָס ביי אונדז צו דרום־זייט. אַזוי ווי ביי די וואַרשעווער יידן, אַשטייגער, הייסן אלע, נישט קיין פּוילישע, אי ליטווישע, אי וואָלינער יידן — ליטוואַקעס.

דאָס אייגענע, וואָס אַמעריקע איז פאַר אונדז יידן הייַנטיקע צייטן, איז וואָלין פאַר זיי געווען דעמסטמאָל אין יענער צייט. דער אונטערשיד איז נאָר אָט וואָס: אין אַמעריקע פאָרט מען מיט דעם ים, אין אַ דאַמפשיף, אַקעגן אַ פּאָר וואָכן, און אין וואָלין האָט מען זיך געשלעפּט מיט דער יבשה צופוס גוטע עטלעכע וואָכן, און אַמאָל אויך נאָך מער, אָפּשטעלנדיק זיך ביים וועג — גייענדיק אין שטעטלעך, צווישן יידן רחמנים בני רחמנים... אין אַמעריקע זענען יידן ביים אָנקומען געוויינלעך טאַנדעטניקעס, אַרומגייערס מיט פּעקלעך סחורה — שמאָכטעס, שניידער, אַרבעטער אין פאַבריקן, און אין וואָלין זענען די ערשטע וואָס האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אַהין, געווען כמעט אַלע מלמדים.

דער שרייבער אין די כראָניקעס לאָזט אויס די גאַנצע מעשה דאָרט אויפן סוף אָט מיט די ווערטער:

„די יידישע היסטאָריע, אין וועלכער די השגחה פון גאָט אויף זיין געליבט פאָלק אַנטפּלעקט זיך אַזוי באַשיינפּערלעך איטלעכן, וואָס האָט נאָר אויגן צו זען און שכל צו פאַרשטיין, — זי, די היסטאָריע הייסט עס, איינגאַנצן איז זי אַ שטענדיקע שלעפּעניש, אַן אייביקע אַרומוואָגלעניש פון אברהם אָבינו ביז אַצינד. עס רוט נישט, עס ראַסט נישט דאָס פאָלק ישראל!“

* * *

אָט אַזוי, כמעט אין דעם נוסח, פלעגט אָפט דערציילן אונדז, קינדער, די דאָזיקע מעשה מיין זיידע, עליו השלום.

אַ דלפוניוועקער שלימזלדיקער ייִד איז געווען מיין זיידע! פאַר צרות האָט ער בשעת דעם גרויסן הונגער זיך אַוועקגעלאָזט קיין וואָלין, געגידערט קיין קישינעוו, די הויפּטשטאָט פון בעסאַראַביע — אַ לאַנד, וואָס פליסט מילך און האָניק. האָט געקנעלט דאָרט איינייגעם מיט נאָך אַ סך דלפוניוועקער זיין גלייכן און געגאָסן פיל גוטס: געגעסן מאַמאַליגע, פאַרביסן מיט קאָרע, געטרונקען ווײַן און געלעבט רויִק, אָרנטלעך פיין, ווי גאָט האָט געבאָטן, גלייך מיט אַלע דאָרטיקע ייִדן און נישט געוווּסט פון קיין בייז.

ווער זאָל זיך עס דענסטמאָל געווען ריכטן, אַז מיר, זיין אייניקל, זאָל אין אַ צייט אַרום שפּעטער באַשערט זיין זען אויף די עלטערע יאָרן, ווי דאָס אייגענע אָרט, וואָס האָט פריער געפליסט מילך און האָניק, פליסט אַצינד, אוי-וויי — עס איז שווער צו זאָגן... נאָר איך, מענדעלע, בין דערצו שוואַך, אַלט. מיין אייניציקער כּוח, אוי, איז נישט מער, ווייגען שטילערהיים פאַר זיך, וואַרגן זיך מיט טרערן, און צו די אַלע פריערדיקע, אַלטע ייִדישע צרות צוצושרייבן אין די כראָניקעס אויך די היינטיקע, נייע צרה.

# אין אַ שטורעם־צייט

## א.

דאָס איז געווען אין יענע צייטן, ווען מיר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן, נישט היינט געדאַכט, פון דער היים און האָבן אָנגעשפּאַרט אַזש אין אָדעס — איך און נאָך אַ גאַנצע כאָפּטע יידן. אָנגעקומען אַהינצו און דערזען, אַז אָדעסער יידן זענען אונדז גאָרנישט אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן צום וואָקזאַל, ווי מיר האָבן גערעכנט לכתחילה, נישט אויפגענומען אונדז פאַר טייערע געסט און נישט פאַרבעטן יעדערן אין אַ באַלעבאַטישער שטוב, — האָבן מיר, במחילה, געמוזט נעמען די קלומקעס מיט די זעקלעך אויף די פּלייצעס און אַוועק אין שטאָט אַריין. אין שטאָט איז די קאָמפּאַניע זיך ביסלעכווייז צעקראָכן, ווער אַהין, ווער אַהער: מען מוז דאָך פאָרט איינזינגען האָבן אַ נאַכטלעגער. נאָר איך און לייב דער מלמד האָבן זיך געהאַלטן אינייִנעם, וואָרעם נאָך איידער מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון דער היים, האָבן מיר אָפּגערעדט, אַז מירן זיין שותּפות: מיר האָבן אַפילו אָנגעשריבן אַ שותּפות־כּתב און זיך געגעבן תּקיעת־כּף. מיט מי און מאַטערניש האָבן מיר אָפּגעזוכט אַן אַכסניא, וועדליק אונדזער גראַד — אַן ענג פינצטער חדרל ערגעץ גאָר אויבן, אונטערן דאַך.

דער דאָזיקער לייב דער מלמד, אַן עלטערער מענטש, איינער פון די קאַבצאַנסקער מכובדים, איז אַלע זיינע יאָרן געווען אַ גרויסער עני ואביון און דערצו אַ מטופּל מיט קינדער. אַחוץ וואָס ער האָט געלערנט פון כי אור ביז שפּעט אין דער נאַכט מיט יידישע קינדערלעך כיתותווייז, אַ כּיתה נאָך אַ כּיתה, האָט ער נאָך געהאַט עטלעכע אַנדערע משונהדיקע פּרנסות: געווען אי אַ שדכן, אי אַ בעל־תוקע, אי געמאַכט שמעק־טאַבאַקע פאַר יידישע נעז, און נאָך אַלע זאַכן איז ער געווען אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס; ווי זאָגט מען דאָס — אַ סך פּרנסות און ווייניק ברכות. פונדעסטוועגן האָט ער, חלילה, צו גאָט קיין טענות נישט געהאַט; פאַרקערט, ער פלעגט נאָך אָפּגעבן אַ דאַנק און לויב זיין ליבן נאָמען פאַר דעם גרויסן חסד, וואָס מען לעבט. איז אָבער געקומען אַ צייט, וואָס פון

דער דאָזיקער געמיינער פּרנסה איז אויך געוואָרן אַ תל. גאָטס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן פּלוצלינג אויף קאַבצאַנסק און אויף די אָרעמיקע שטעט. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן פּאָגראָמען מיט שלעק מיט אומגליקן — ממש מעשה סדום. יידישע פּרנסות זענען געוואָרן געשלאָגן, יידישע געשעפטן געפאַלן, יידן זענען געבליבן אָן ברויט. נו, און אַ כּלל איז, אַז ווען מ'איז הונגעריק, רחמנא לצלן, ווערט מען אָן דעם יושר, דאָס ערלעכקייט, קריכט מען איינער דעם אַנדערן אין גרגרת, רייסט מען זיך און מען בייסט זיך, ווי די הינט איבער אַ טרוקענעם ביין. דאַכט זיך, וואָס קאָן שוין זיין ערגער ווי מלמדות, אַז אָך און ווי צו אַזאַ ליבהאַרציק „געשעפט", האָט זיך דאָ אויך אָנגעהויבן קנאה מיט שנאה מיט מחלוקת, עס זעגען געפלויגן דאָנאָסלעך, און איינער דעם אַנדערן האָט גערודפט ביז גאָר. דער סוף האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז לייב דער מלמד, לא־די, וואָס ער האָט אָנגעווירן זיין מעמד, האָט ער נאָך געמוזט באַצאָלן שטראָף אויך, וואָרעם מ'האָט אים גע־מסרט, אַז ער לערנט אָן אַ בלעטל. אַ וואָלף, אַשטייגער, אַז ער איז הונגעריק, קלאָגט ער, וואָיעט ער אין וואַלד אינמיטן דער נאַכט, גיסט ער אויס זיין שווער געמיט אין אומעטיקע קולות; אַ ייד אָבער, אַזוינער ווי ר' לייב, אַז עס דערגייט אים דאָס וואַסער ביזן האַלדז, שווייגט ער, טראָגט ער שטילערהייט זיינע ווייטיקן און לאָזט פון זיך קיין פּאַרע נישט הערן, נאָר ער זיצט טאָג ווי נאַכט איבערן משניות, אָדער ער שטילט זיך דאָס האַרץ מיט אַ קאַפּיטל תהילים. אמת, פון לייבס צד וואָלט גאָר קיין מניעה נישט געווען, ער זאָל באַקומען עפּעס אַ שטעלע אין דער האַנדלס־וועלט, אַשטייגער ווערן אַ בוכהאַלטער אין אַ גרויסער קלייט, אַ „מענטש" אין אַ פאַבריק, אין אַ באַנק, אין אַ קאַנטאָר, פּאַרוואָס נישט? אַ ייד טייג צו אַלצדינג, אַבי נאָר מזל. אז גאָט וויל, שיסט א בעזעם, — איז דאָ א יידיש ווערטל. האָט זיך אָבער, מעשה שטן, נישט געטראָפן אַזאַ מין שטעלע: די מניעה איז, פאַרשטייט איר מיך, געווען אינעם אַנדערן צד; לייב דעם מלמד האָט אַלע זיינע יאָרן נישט געשפּילט דאָס גליק, כאָטש צערייס זיך. דעריבער, אַז ס'איז געוואָרן אַ געשריי: יידן, אין די קאָלאָניעס! — אָט ווי מען רופט אַשטייגער: אין באָד אַריין, יידן! — האָט זיך לייב דער מלמד אויפגעכאַפּט מיט אַן אימפּעט און געענטפערט: הנני! איך בין אָנגעברייט, איך בין מוכן ומזומן מיט אַלע מיינע רמ"ח אברים.

און בעוונותינו הרבים איז מיר דעמלט אויך געגאַנגען, ווי זאָגט מען דאָס, מיט דער פּוטער אראָפּ. דער מסחר מיט ספרים איז געוואָרן וואָס א טאָג ערגער, דער „קורא־נכבד" האָט אויסגעזען ווי אַ חולה, וואָס ס'איז אים פאַסקודנע אין מויל, מע גודיעט אים אייפן האַרצן; ער וויל עפּעס אַ דערקוויקעניש, עפּעס אַזוינס, וואָס ס'איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ, און וואָס מען זאָל אים נישט געבן, איז אים פּע, מיאוס. חלשות. דערלאַנגט אים אַ לשון־קודשדיקע פּאָעמאַטע, שרייט ער: „גיי! גיי! ס'איז טרוקן, האַרט, נישט צו פאַרדייען". טראָגסט אים אונ־

מער אַ שפּאָגל־נייע זשאַרגאָנישע פּרעזשעניצע, וואַרפֿט ער זיך: „עס, בלאָטע שבבלאָטע... גיט מיר עפּעס אַזוינס... אַזוינס ווי אַזעלכעס... אַז ס'זאָל נעמען, ס'זאָל קוויקן!“ — וווּ באַקומט מען אָבער אַזאַ מין סחורה, אַז אַלצדינג, וואָס איך פֿאַרמאָג אין מיין ביידל, איז זיי פּריקרע, פֿון אַלצדינג קרימען זיי מיט דער נאָז. גאָט אין הימל! נישטאָ קיין ערגערע יסורים, ווי האָבן צו טאָן מיט אַ קבצן אַ בעל־גאווה, וואָס השגות האָט ער גרויסע, וועלן וויל ער דווקא זייער אַ סך, נאָר אויספֿירן — לא מיט אַן אלף. באַטראַכט, אַשטייגער, מיך אַליין. לאַ־די: וואָס איך האָרעווע פֿאַר זיי אַזויפֿיל יאָרן, לאַ־די, וואָס איך האָב אַריינגעבראָכט אין דעם געשעפֿט אַ מטמון מיט געלט, אַוועקגעלייגט אי כוח, אי צייט, אָפּגעגעבן, דאַכט זיך, דאָס בלוט פֿונעם האַרצן און קיין מזל־ברכה דווקא נישט געזען, קומט מיר נאָך איצט אויסצוהערן אַלערליי שטעכווערטלעך, טענות, זידלערייען; זען, ווי ייִדן חולאים קוקן אויף מיר בייז, אַקוראַט ווי איך האָב זיי געטאָן ווער ווייסט וואָס פֿאַר אַ רעה. איז מיר טאַקע דעמלט געווען ביטער און פֿינצטער, ס'איז מיר פּשוט נמאס געוואָרן דער גאַנצער עסק. וואָס טויג מיר, טראַכט איך מיר, דער גאָלדענער מסחר מיט די בריליאַנטענע געשעפֿטן? וואָס טויג מיר דאָס געזונט זיין, דאָס אַרומשלעפּן זיך בכל תפוצות ישראל? וואָס טויג מיר דאָס האָבן צו טאָן מיט אונדזער־ע ליבהאַרציקע ייִדעלעך?

אין יענע שווערע טעג איז מיר פֿלוצלינג נמאס ומאוס געוואָרן אַלצדינג: אי די אָרעמע שטעטלעך, אי די משונהדיקע ייִדן, וואָס וווינען דאָרט, אי דער גאַנצער וועג, וואָס איך האָב זיך געשלעפּט אויף אים אַזויפֿיל יאָרן. אַלצדינג האָט אין מיינע אויגן באַקומען אַן אַנדערע צורה, אַלצדינג איז מיר מיט אַמאָל געוואָרן פֿרעמד, — גאָר נישט דער וואַלד, גאָר נישט די פֿעלדער, וואָס פֿריער. פּלוצעם איז גאָטס וועלט מיט מיר געוואָרן אוים חבר, אַקוראַט, ווי אַלצדינג אַרום און וואָלט געשעפּטשעט: נישט פֿון דיינעטוועגן, ייִד, סודען זיך דאָ די ביימער, וואַקסן די גראָזן, באַדעקן זיך מיט תבואה די פֿעלדער, צייטיקן זיך די פּרוכטן; נישט פֿון דיינעטוועגן זינגען די פֿייגעלעך, וואָרקען די טויבן; נישט דיר שמעקן די קווייטן, גיסן זייער ריח אַלערליי בשמים! אַפֿילו די זון, אוי־וויי, וואַרעמט אויך נישט ווי אַמאָל. דעריבער, אַז ס'איז אַרויס אַ קלאַנג וועגן ייִדישע קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל, איז דאָס מיר שטאַרק אַריין אין דער מחשבה; דערצו האָבן נאָך אונדזערע קאַבצאַנסקער יונגעלייטלעך געהאַלטן וועגן דעם ענין פֿייערדיקע דרשות, אָנגעשפּיקעוועטע מיט מליצות און צוגעשמאַלצענע מיט פּסוקים און טרייסטווערטער פֿון דער תורה און די נביאים, האָבן מיר די דרשות אויך אונטערגעגעבן חשק. די פֿאַנטאַזיע האָט מיר אָנגעהויבן פֿליען. איך האָב שוין געזען פֿאַר זיך דאָס הייליקע לאַנד, וווּ עס רינען טייכן פֿון מילך און האָניק און ציגן עסן באָקסערן און פֿייגן. וואָס איז דער חידוש? אַזוי איז דאָך די טבע פֿון אַ מענטשן, אַז אין אַן עת־צרה הייבט ער אָן האָפֿן אויף ניסים. איך האָב אַ

קוק געטאָן אויף מיין פערדל: הויט און ביין, קוים וואָס די נשמה האַלט זיך אין אים, סע האָט שוין, נעבעך, קיין כוח נישט צו פלאָנטען מיט די פיס. טראַכט איך מיר: וואָס איז שולדיק אָט דאָס אומגליקלעכע גאָטס באַשעפעניש? וואָס האָב איך צו אים? וואָס מוטשע איך עס מיט תעניתים און מיט דער שווערער משא פון יידישע ספרים אומזיסט־אומנישט? ביז וואַנען איז דער שיעור — ביז סע וועט שוין גאָר אינגאַנצן אומפאַלן און איינגעמען א מיתה־משונה? ניין, גענוג, טראַכט איך מיר, גלעטנדיק דעם אָדלער מיינעם פון הינטן, לעבן דעם אויסגעקראָכענעם וויידל — גענוג שוין, שוין צייט, מיר זאָלן זיך צעשיידן, און לאָז דיר גאָט העלפן אַ בעסערן עסק איידער יידישע ספרים!...

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך שוין פאַרקויפט דאָס פערדל פאַר אַ פּאָר קערבלעך איינעם אַ וואַסערפירער. מסתמא איז דער קליאַטשע שוין באַשערט געווען צו האָבן צו טאָן מיט וואַסער: ווי עס איז ידוע, איז אין אַ סך יידישע ספרים אויך מער נישטאָ ווי וואַסער.

אַז איך באַטראַכט איצט דאָס לויפעניש, וואָס מיר זענען דעמלט געלאָפן, שטעלט זיך מיר פאָר אַזאַ בילד: אַ מהומה, אַ יאַריד אין קאַבצאַנסק! יידעלעך, צאן קדשים, שטופן זיך, יאָגן זיך, קלייבן זיך צונויף אין טשערעדעס; ס איז א געוואַלד, אַ געשריי, אַ געפּילדער, אַז סע דערגרייכט עד לב השמים. עטלעכע באַראַנעס, ווילדע יונגען, וואָס ס׳האָט זיך זיי עפּעס אויסגעדאַכט, זיי ווייסן אַליין נישט וואָס, שפּרינגען אַרויס, שטעלן זיך פאָרנט, לאָזן זיך גיין, — די טשערעדע נאָך זיי. גאַנצע וואָלקנס שטויב הייבן זיך פון אונטער די קאָפּעטעס, שפּרייטן זיך, פאַרבלענדן די אויגן, אַזוי אַז קיינער זעט נישט דעם וועג. אַלע יאָגן, לויפן, איילן אין גרויס אימפעט מיט פאַרמאַכטע אויגן, אַקוראַט ווי עמעצער שלעפּט זיי, ווי עמעצער שמייסט זיי פון הינטן, און איך, אַלטער צאַפּ, בין אויך בתוכם. די שאָף רוישן, מעקען, ברומען — וואָרעם זיי זענען געבעך הונגעריק; זיי לויפן אין איין אָטעם, וווהין די פיס טראָגן, וואָרעם זיי רעכענען: אפשר וועלן זיי פאָרט געפינען אַזאַ שטיקל אָרט, ווו ס׳איז דאָ אַביסל פּאַשע... אַז איך דערמאָן זיך יענע צייטן, שוועבט אַ שמייכל נישט ווילנדיק אויף מיינע ליפּן, אָבער אינעווייניק וויינט די נשמה; איך לאַך מיט טרערן און דאָס האַרץ טוט אַזוי וויי.

דאָס רוב טשערעדע זענען געווען אַלטע צאַפּעס, דאַרע, קוואַרע, וואָס אַפילו צו דער שחיטה טויגן זיי אויך נישט, ס׳זאָל זיי צו קיין בזיון נישט זיין. די ציקעלעד — די יונגעלייטלעך מיט די פלאַמענדיקן דרשות — האָבן זיך הוקא פונעם אָרט נישט גערירט; ס׳טייטש, זיי האָבן דאָך געדאַרפט מונטערן אַ נ ד ע ר ע, איינרעדן דעם עולם, אַז ס׳איז נישטאָ קיין בעסערס, ווי נעמען די פעקלעך אויף די פּלייצעס און גיין; זיי האָבן געדאַרפט מזכה זיין דעם כלל מיט זייער שליחות. גערעדט האָט מען, אַז אין אָדעס איז דאָ מילע־מיליאַסן גאָלדענע רענדלעך: פון קערות, פון צדקה־פושקעס, פון אתרוגים וכדומה. געלט איז דאָ אַריבער גענוג,

מען זיצט נאָר און מען וואַרט, סע זאָלן קומען יידן, נעמט מען באַלד און מען שיקט זיי אָפּ קאָמפּאַניעסווייז מיטן ים און מיט דער יבשה, מען גיאַנטשעט זיך מיט זיי אין וועג און מען ברענגט זיי בשלום אל המנוחה ואל הנחלה. פון די קלאַנגען האָט זיך עס גענומען די גאַנצע מהומה. גיכער, גיכער! — האָבן יידן גערופן איינער צום אַנדערן, — ס'איז טייער יעדע מינוט: טאָמער וועט נאָך חלילה פאַר אונדז נישט בלייבן קיין אָרט.

אָט אין יענער צייט האָב איך זיך דאָס צונויפגעקאָמפּאַניעט מיט לייב דעם מלמד. מיר האָבן אָפּגעמאַכט צווישן אונדז, מיט אַ תקיעת־כף און אַ נקיטת חפץ, אַז אַלצדינג, וואָס דער אייבערשטער וועט אונדז צושיקן, סיי אין זיין זכות, סיי אין מיינעם, זאָל זיין אונדזער ביידנס, און אַ תנאַי האָבן מיר אויסגענומען, אַז מיר זאָלן לעבן דווקא איינייגעם, זיך נישט שיידן איינער פונעם אַנדערן. איך בין מיט דעם שותפות אויסן געווען צוויי זאַכן: ערשטנס, איז גלאַט גוט, אַז מ'האָט אין דער פרעמד אַ היימישן מענטשן, מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט; צווייטנס, אין דעמלט ייד ישקייט שטאַרק אַריין אין דער מאָדע, האָב איך מיר געטראַכט: מיט אַזויגעם ווי ר' לייב וועט מען נישט פאַרפאַלן. ער איז דאָך אַ מ ל מ ד, אַ כשרער ייד לכל הדעות, וועט ער אונדז ביישטיין אין אונדזערע נויטן. אַזויגעם ווי ר' לייב פאַסט זייער גוט אויסצושטרעקן אַ האַנט נאָך אַ נדבה, מאָנען וואָס סע קומט פון צדקה, וואָרעם יידישקייט — דאָס איז דאָך אַן אַרטיקל. אַז סע שטייגט אַ סחורה, ווערט געהויבן דער סוחר, וואָס האַנדלט מיט איר. מאַך איך, הייסט עס, אַ גוט געשעפט, וואָס איך נעם ר' לייבן פאַר אַ שותף. הייגט גלאַט, וואָס אַרט מיך אַ שותפות אין אַזאַ מין עסק, וו ביידע צדדים לייגן נישט אַריין קיין צעבראָכענעם גראָשן און זענען זיך נאָך מתחייב צו טיילן די כשרע מציאות, וואָס וועלן זיך זיי, אם ירצה השם, טרעפן?

אין גרוים אייל‏עניש זענען מיר אָנגעקומען קיין גלופּסק, דאָרט האָבן מיר זיך אַריינגעזעצט אין דער באַן און מיט אַ טראַסק אַריינגעפאָרן קיין אָדעס.

וואָס זאָל איך אייך דערציילן? סע טרעפט זיך אַמאָל אַ מגפה, אַן אָנשיקעניש נישט נאָר אויף דעם גוף, נאָר אויך אויף דער נשמה פון די מענטשן. אַמאָל מאַכט זיך, אַז די מגפה ווייזט זיך אַרויס אין אַזוינע סימנים, ווי ביי משוגענע הינט, רחמנא ליצלן: פונעם מויל רינט אַ גיפטיקע סלינע, דער כעס ברענגט מיט סכנות נפשות, סע ווילט זיך אָנכאַפּן יענעם און בייסן, און צופּן... און אַמאָל מאַכט זיך, אַז דער שכל ווערט געשלאָגן — זעט מען אַן איבערגעקערטע וועלט, אַ תוהו ובוהו: דער קאָפּ אונטן, דער ווידל אויבן, דאָס גוטע קומט אויס שלעכט, דאָס פינצטערע — ליכטיק, דאָס ווייסע — שוואַרץ; דער וואָלף ווערט אַ צדיק, דאָס שעפּעלע — אַ רשע מרושע; אַלצדינג ווילד, קאַפּויר, איבערגעדרייט, אָן אַ מאָלק, אָן אַ סדר. אויף אונדז אין יענע טעג האָט גאָט ברוך־הוא אָנגעשיקט אויך אַזאַ מין קרענק: ס'האָט אונדז, לא־עליכם, געשטופּט, געהויבן אין דער לופטן,

נישט געלאָזט אונדז רוען א רגע. דער מוח איז אונדז געפלויגן, די פאנטאזיע האָט אונדז געטראָגן פייל אויסן בויגן. איבערפאָרן דעם ים איז ביי אונדז דעמלט געווען א קלייניקייט, א קינדער־שפיל, נישט ווערט א שמעק־טאבאַקע.

נאָר וואָס מיר זענען אריין אין דער אכסניא, מיד און אויסגעמוטשעט פון דער נסיעה, דערפילן מיר: אהא, סע מאָרקעט שוין, סע שטופט אונדז — זיצט נישט, פעטערס, גייט, טוט, זייט זיך משתדל, — ס'איז א רעגדל א מינוט.

— ר' מענדעלע, — זאָגט לייב דער מלמד, — לאָמיר נישט וואַרטן, לאָמיר אריבערגיין תיכף ומיד!

וואוהין גיין, צו וועמען גיין? דאָס האָב איך אליין אויך געוווּסט זייער גוט, דאָס האָב איך פאַרשפּאָרט צו פרעגן. ס'איז דאָ, האָט מען געשמועסט, אַזוינע מיני חברה־לייט, וואָס זענען פריער געווען אפיקורסים, און איצט האָבן זיי פלוצלינג דערפילט אין זיך א יידישע נשמה — און אינדזערע מקומות האָט מען זיך אָנדערציילט וועגן זיי גאנצע פעק מיט מעשיות, איינע וואונדערבארער פון דער אנדערער, — אָט די בעלי־תשובה בענקען שטארק נאָך א יידן, זיי גייען פשוט אוים נאָך א יידנס טריט. זיי וועלן זיך דאָס מרחם זיין איבער אונדז כרחם אָב על בנים. זיי האָבן שוין אָנגעגרייט פאר אונדז א מקום מנוחה, זיי וועלן אונדז פאַרזאָרגן, אבי מיר זאָלן נאָר פאָלגן, וואָס זיי וועלן הייסן!... דעם אמת זאָגנדיק, האָט זיך מיר אליין אויך שטארק געגלוסט זיך זען מיט זיי וואָס גיכער און איבערגעבן אונדזער בקשה, נאָר פאַר ר' לייבן האָב איך זיך געקנייטשט, געמאכט א מינע, אקוראַט ווי איך וויל זיך פריער א ביסל אויסרוען פונעם וועג.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, — פרעג איך אים, — וואָס איז דאָס איילעניש מיט אונדז? וואָס וועלן מיר אָנווערן, אז מיר וועלן גיין א ביסעלע שפּעטער?... ווייסט איר גאָר, וואָס איך וועל אייך זאָגן, ר' לייב? ווען גאָט העלפט מיר בעסער אַ רעכט מרחץ, איי וואָלט איך דאָס אַרויפגעקראָכן אויף דער אייבערשטער באַנק און וואָלט זיך אויסגעצויגן, ווי איך בין גרויס, און וואָלט זיך אָפּגעשמיסן מיט א גוט בערעזענע בעזעמל, וואָלט איך זיך, כ'לעבן, אויסגעגלייכט מיינע אלטע ביינער! דאָס וואָלט געווען טאקע באמת פיקוח־נפש!...

— ניין, ר' מענדעלע, — ענטפערט מיר ר' לייב מיט זיינע גלאטע ריידעלער, — ראשית־חכמה דאַרף מען אינזינען האָבן געשעפט, פרנסה איז קודם צו אַלצדינג. אַ מרחץ וועט פון אייך נישט אַנטלויפן, אָבער דער ענין, וואָס מיר זענען אין אים עוסק, קאָן נאָך, חלילה, ווערן עבר־זמנו. דאָס איז נישט קיין שפּילכל, ר' מענדעלע! איר פרעגט: וואָס ווערן מיר אָן? — אַוודאי און אַוודאי ווערן מיר אָן! איך זאָג אייך, ר' מענדעלע, איך בין דאָך עפּעס נישט קיין נעכטיקער, איך האָב שוין פאַרזוכט אין מיין לעבן אַלצדינג, ווייס איך פון מיין אייגענער פּראַקטיקע: אַ מלמד, אז ער פאַרכאַפּט נישט דעם בין־הזמנים, איז פאַרפאַלן, קומט אַן אנדער מלמד און נעמט צו דאָס ייִנגל

— און אוים! והילד איננו!... ביי אונדז איז היינט בן־הזמנים; פון אלע זייטן יאָגן זיך מלמדים, וואָס זענען גרייט צו אקערן די ערד אפילו מיט דער נאָז. יע־דער איינציקער וויל פארכאפּן אן אָרט, באקומען א שטיקל נחלה דאָרט, אינעם לאַנד פון די אבות. א קאַטאָוועס עפּעס?... גיין, ר׳ מענדעלע, קומט, אָבער קומט מאקע וואָס גיכער.

פון די קאַבצאַנסקער יונגעלייט־לעד האָבן מיר געהאַט בשותפות עטלעכע בריוו צו אייניקע פון די היגע חברה־לייט. האָב איך געפאָלגט ר׳ לייבן און מיר זענען קודם־כל אוועק זיך זען מיט זיי.

## ב.

געמיינט האָבן מיר, אז די דאָזיקע לייט זענען ווער ווייסט ווער — חשובע מענטשן, גדולי הדור, וואָס די איבעריקע אָדעסער יידן קומען אוים אַנטקעגן זיי, ווי קאַרליקעס אַנטקעגן א ריז, ווי קליינע זעמעליאַנקעס אַנטקעגן א הויכער מויער. מסתמא, האָבן מיר גערעכנט, קען זיי דאָ דאָס מינדסטע קינד, מסתמא וועט יעדערער וועמען מירן אָ פרעג טאָן, באַלד אָנווייזן אויף זיי מיטן פינגער. היינט מאַלט אייך אוים, וויאזוי מיר האָבן זיך געחידושט, אז מיר האָבן א פרעג געטאָן איין דורכ־גייער, דעם אנדערן, דעם דריטן: וווּ וווינט דער און דער — און קיינער ווייסט נישט? מיר פרעגן און פרעגן, מיר לאָזן שוין נישט דורך קיינעם — אָבער סע העלפט נישט. מען קוקט נאָך אויף אונדז מיט חוזק, מען לאַכט, כאָטש נעם באגראָב זיך פאר בושה. פארטראַכט איך מיר: א שיינע שטאָט, אז אָד־און־ווי! געהערט א קהילה, ווו קיינער קען נישט די חשובסטע מענטשן, די שענסטע מנהי־גים. נישט אומזיסט זאָגט מען, אז דאָס איז אן אויסגעלאַסענע שטאָט, א פאר־שייטע, אָ א פיצל דרך־ארץ פאַר עלטערע! דערווייל איז אונדז טאַקע גוט גמאס געוואָרן זיך ארומדרייען אין די גאסן, מ׳איז שוין געוועזן מיד אויך. א גליק, וואָס גאָט האָט אונדז צוגעשיקט א באקאנטן, וועלכער האָט אויף אונדז רחמנות גע־האט און אונדז צוגעפירט בשלום צו דעם הויז, ווו אייגער פון אונדזערע אדונים האָט געוווינט.

נאָך פונעם ערשטן קוק אָן איז מיר נישט געפעלן נישט דער ענגער בלאָ־טיקער הויף, נישט די שטוב, וואָס אפילו צווישן אונדזערע קאבצאנסקער חור־בות וואָלט זי געווען אַן אויסנאַם מיט איר משונהדיקער געשטאַלט, נישט די הויכע שמאָלע טרעפּ, וואָס האָבן אונדז געפירט צו דער נידעריקער דירה דאָרט אין עק ביידעם. נאָר פונדעסטוועגן בין איך ביי זיך נישט אראָפּגעפאלן. מאלע וואָס; — האָב איך מיר געטראַכט, — קארג יידישע גבירים איז דאָ, וואָס זענען אָנגעשטאָפּט מיט געלט, ווי קורח, און לעבן לעבן זיי אין שטיקעניש און אין עיפּוש, ווי די חזירים. אז מיר זענען אָבער אריינגעקומען אינעווייניק, איז מיר

געוואָרן זייער קאַלעמוטנע. אינעווייניק האָבן מיר דערזען א יונגערמאַנטשיק פון א יאָר עטלעכע און צוואַנציק, א דאַרן און א לאַנגן, מיט שיטערע האָר און א קירץ בערדל; דאָס פּנים איז בײַ אים געווען בלייך, קראַנק, ווי בײַ אײַנעם, וואָס איז כּאָר וואָס איבערגעקומען דעם פּריזיוו.

— דאָ וווינט ר' גימפּל ב"ר זרח? — פרעג איך.

— ר' גימפּל ב"ר זרח וווינט דאָ? — פרעגט מיט מיר איניינעם ר' לייב דער מלמד, כּדי צו ווייזן, אז ער איז א שותּף, אז ער טוט אויך עפּעס אין אונדזער עסק.

— יאָ, — ענטפערט דער יונגערמאַן, — וואָס וועט איר עפּעס זאָגן?

— מיר דאַרפן האָבן צו אײַער טאַטן, — זאָג איך, און ר' לייב דער מלמד חזרט נאָכדעם איבער דאָס אייגענע וואָרט אין וואָרט.

— איך האָב נישט קיין טאַטן. דאָס דאַרפט איר, מסתמא, האָבן צו מיר אַליין טאַקע, — ענטפערט דער יונגערמאַן מיט א פריינדלעכן שמייכל.

— דאָס זענט איר טאַקע אַליין! — זאָג איך און גיב א מאָדנע דריי מיט דער נאָז, ווי אייגער רעדט: זאָלסט דערלעבן אָנזאָגן שענערע בשורות.

— איר אַליין זענט דאָס טאַקע, פּאני?!! — זאָגט מיר נאָך ר' לייב, נאָר מיט אַ מאָדנער התלהבות און מיט אַ שײַנענדיק פּנים. פאַר גרויס שמחה רוקט ער זיך אַרויס אַפריער און שיסט אויס:

— מיר האָבן א בריוו... א בריוו האָבן מיר צו אײַך, פּאני!

דער יונגערמאַן לייענט איבער דעם בריוו, נאָכדעם דרייט ער זיך אויס צו אונדז, גיט אונדז אָפּ שלום, דערלאַנגט אונדז בענקלעך און זאָגט מיט אַ פריילעך פּנים:

— זיצט, ליבע יידן. מען שרײַבט מיר דאָ אין בריוו, וווהין איר קלײַבט זיך פאָרן. ווויל, זייער וווילי! שוין לאַנג צייט. דאָס וויסטע לאַנד, די פאַרלאָזטע אלמנה, וואָס קוקט שוין אַזויפיל יאָרן אַרויס אויף אירע פאַרטריבענע קינדער, רופט איצט צו אײַך, שטרעקט אויס אירע אָרעמס. ווויל איז אײַך, וואָס איר קערט זיך אום צי איר מיט אײַער אייגענעם גוטן ווילן. אַזוינע יידן, ווי איר, מעג מען רופן גבורי הדור, גיבורים זענט איר, וואָס האָבן בכוח אויפצוטאָן גרויסע, ווונדערלעכע מעשים לכבוד אונדזער פאָלק ישראל.

— מיט דעם אייבערשטנס הילף! ער, ברוך הוא, איז אוודאי דער גרויסער בעל-יכולת, ער האָט דעם כּוח און מיר די גוטע כּוונה, — זאָגט ר' לייב דער מלמד מיט גרויס נחת-רוח און ענדיקט מיט א פּסוק: — רצו עבדיך את אבניה יאת עפרה יחוננו, אוודאי ווילן מיר באַקומען א נחלה אין ארץ-ישראל.

— מיט דעם אייבערשטנס כּוח און מיט יידיש געלט, — מיש איך זיך אַרײַן, כּדי צו געבן אָנצוהערעניש, אז מען מיינט דאָ טאַקע די קליגגערס, וואָס מען דאַרף האָבן צום ענין.

— דערפאר זאָלט איר גאָרנישט האָבן קיין דאגה, ס'וועט שוין זיין רעכט, אם ירצה השם, — זאָגט דער יונגערמאן און שמייכלט דערביי, ווי איינער, וואָס ווייסט א סוד, נאָר ער טאָר אים נישט אויסזאָגן. — געלט וועט זיין. כלל ישראל איז נישט אָרעם, און מען טוט טאקע, ברוך השם, אויך. מען ארבעט אין דעם עסק באמונה.

בשעת מיר זענען אזוי געזעסן און געשמועסט וועגן אונדזער ענין, איז אָנגעקומען נאָך א יונגערמאן און נאָך איינער, ביז ס'האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעקליבן א שטארקער מנין. אויך חברה־לייט פון איין קלייזל, מיט איין הארץ און מיט איינע דיבורים. א קוק טאָן אויף זיי, האָט מען באלד דערקענט, אז סע טוט זיי שטארק הנאה, זיי קוועלן ממש אָן... די אלע יונגעלייט האָבן אונדז אָפּגעגעבן שיינעם ברוך־הבא און האָבן זיך ארייַנגעלאָזט מיט אונדז אין א ברייטן שמועס וועגן ישוב. ביסלעכווייז האָבן זיי זיך צעהיצט, פארפלויגן גאָר הויך, אָנגעהויבן שיטן מיט נביאות: נאָך א ביסל וועט געהאָלפן ווערן יהודה, און דאָס פאָלק ישראל וועט רוען, ווי פריער, אויף זיין ערד, יעדער ייד אונטער זיין ווייַנשטאָק און זיין פייגנבוים, מיט דעם אייבערשטנס הילף. מ'האָט געקלערט, געקליגט זיך, ווו נעמט מען געלט. יעדערער האָט געהאַט זיין פּלאַן, זיינע פּראָיעקטן, מ'האָט געציילט, געחשבונט, און ס'איז אויסגעקומען גאָר א שלל, עפּעס גאנצע בערג מיט גאָלד. ווער סע וויל זיך באַקענען מיט די אלע עצות און פּלענער און גרויסארטיקע חשבונות בפרטות, — פארשפּאָר איך אים דאָס דערציילן: מען קאָן זיי אלע געפינען אין די ווונדערבארע מאמרים, וואָס זענען געדרוקט געוואָרן א ביסל שפּעטער אין די יידישע גאזעטן.

ארום האלבע נאכט זענען מיר געקומען צוריק אויף דער סטאנציע. איך זיץ און שווייג, ס'איז מיר דווקא נישט שטארק אויפגעלייגט אויפן הארצן; ר' לייב, פארקערט, איז זייער קאָנטעט און האלט אין איין רעדן. סע שיט זיך פון אים, ווי פון א זאק, ער קאָן זיך נישט איינהאלטן פאר גרויס הנאה, וואָס ער האָט פון זיך אליין. ער איז מיטאמאָל געוואָרן חשובער ביי זיך אין די אויגן, אקוראט ווי ער וואָלט באמת געווען איינער פון די אמאָליקע גיבורי ישראל, אקוראט ווי ער וואָלט פון א מלמד געוואָרן פלוצלינג א פריץ, א פּאָמיעשטשיק. ער פּלאפּלט, וואָס סע קומט אים אויף דער מחשבה.

— וויפל, האָט ער געזאָגט, איז דאָ ביי אונדז יידן? — פרעגט מיך לייב און קוקט מיט אזוינע אויגן, ווי א מענטש, וואָס איז פארטאָן אין א טיפן ענין.

— איך געדענק נישט, וואָס ער האָט דאָרטן געבעבעט, — ענטפער איך קאלט און לאָז ארויס א גענעץ. — וואָס דארפט איר, אשטייגער, וויסן, וויפל יידן ס'איז דאָ? זאָל גאָט העלפן, ס'זאָל זיין נאָך טויזנט מאָל מער. אייער דאגה...

— מיר דאכט, יאָ... אזוי, אזוי. ער האָט אויסגערעכנט עפּעס א פינף מיליאָן, — זאָגט ר' לייב, פארבייסנדיק די אייבערשטע ליפּ און קנייטשנדיק דעם שטערן, —

וועדל׳ק איך פארשטיי, דארף זיין נאָך מער. נאָר לאָמיר רעכענען אויפן ערגסטן פאַל — פינף=זעקס מיליאָן. נו, שטעלט אייך פאָר, אַז יעדער ייד צאָלט אַלע יאָר נאָר איין קערבל, האָט איר זעקס מיליאָן קערבלעך א יאָר, אין משך פון פופציק יאָר — דריי הונדערט מיליאָן, הייגט פראָצענט פאר דער גאנצער צייט, האָבן מיר א קיימא=לן אפשר פון טויזנט מיליאָן. ס׳איז דאָך א פשוטער חשבון, קלאָר ווי דער טאָג. וואָסער ייד וועט זיך דאָס אָפזאָגן צו געבן א קערבל אויף אזא גרויסן ענין? האַ? איך בין בטוח, אַז אונדזערע גבירים וועלן דווקא געבן הונדערט מאָל אזויפיל. וואָס זשע דארפט איר נאָך, ר׳ מענדעלע? — וואָס שווייגט איר, ר׳ מענדעלע? רעדט ווייטער!

— איר קלייבט זיך, ווייזט אויס, אויף זיין היינטיקע נאכט, — ענטפער איך.
— איר האָט נישט קיין אנדער ארבעט, ווי באַרעכענען דעם כלל ישראל? פאָלגט מיך, לאָמיר זיך בעסער לייגן שלאָפן. איך בין מיד און ס׳איז שוין טאַקע שפּעט. אויך מאָרגן דארף מען פרי אויפשטיין און זיך נעמען צו דער ארבעט.

— וואָס זאָגט איר, ר׳ מענדעלע? מיר וועלן ענדיקן מאָרגן אונדזער עסק?
— פרעגט מיך ר׳ לייב. נאָר איך ענטפער אים נישט, פארדעק זיך מיט דער קאָלדרע און שלאָף.

ג.

אויף מאָרגן, אז ר׳ לייב דער מלמד איז אויפגעשטאנען, איז ער געווען זיכער, אז היינטיקן טאָג ווערט ער פארטיק מיטן גאנצן ענין און אין א צוויי=דריי טעג ארום קלייבט ער זיך איבער אין א גוטער שעה צו זיך אין דער נייער נחלה און הייבט אָן צו לעבן אין עושר און אין כבוד, ווי א בן=מלך. מיט א לויטערן קאָפּ און א רואיק געמיט, ווי א פריץ, א באַלעבאָס פון מאַיאָנטקעס, האָט ער זיך גענומען זיינע אינסטרומענטן, דאָס הייסט דעם טלית מיט די תפילין, און איז אַוועק צו דער ארבעט, דאָס הייסט צום דאַווענען — שיקן א שבח און לויב זיין ליבן נאָמען אינאיינעם מיט אנדערע יידן, און אגב טאַקע באַקענען זיך מיט געוויסע כּעגטשן, וואָס מיר האָבן זיי געדאַרפט האָבן צו אונדזער עסק. מיך, זאָל מיך גאָט נישט שטראָפן פאר די זינד, האָט נישט שטארק געצויגן אין בית=מדרש אריין, היינט איך מיר מתיר געווען צו דאַווענען ביחידות און עס דווקא געמאַכט בקיצור, ווי מיין שטייגער איז, דערפאַר האָב איך נאָכדעם מאריך געווען אין דער מצווה פון איבערבייסן. איך האָב מיר געקויפט פירות פון ארץ=ישראל — באָקסערן און פייגן און אינטערגעפוילטע פאַמעראַנצן — א סחורה, וואָס מען קריגט אין אָדעס בחצי חינם, און האָב זיך גענומען צו דער אַכילה מיט דער גרעסטער כוונה. איך בין נאָכנישט געווען פארטיק, ווען ר׳ לייב דער מלמד האָט זיך אומגעקערט און

מיר אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אז ער ווייס שוין אויף געוויס, מיט וועמען מיר דארפן רעדן און וואָס מיר האָבן צו טאָן. קודם כל, זאָגט ער, דארפן מיר זיך זען מיט דעם קארלינער — דאָס איז דער אַרי שבחבורה, דער קאָפּ, דער מנהיג. ער איז א גרויסער געלערנטער, בקי אין א סך חכמות און האָט דערצו א יידיש הארץ. אין אים ווענדט זיך אלצדינג: וואָס ער וועט זאָגן, אזוי וועט זיין.

— אָט וועט איר זען, ר' מענדעלע, אז מירן נאָך היינט, מיט דעם איי-בערשטנס הילף, קאָנטשען אַלע אונדזערע געשעפטן. וואָרעם פאַרוואָס טאַקע נישט? אויב דער קארלינער האָט נאָר איין פינק פון יידישקייט אין הארצן, מוזן מיר דאָך נושא-חן זיין ביי אים אין די אויגן, וואָס זאָגט איר? וואָס פאר אַ חסרונות קאָן מען, חלילה, געפינען אין אזוינע יידן ווי מיר? — אזוי זאָגט ר' לייב דער מלמד און גלעט זיך דערביי די באָרד און די פיאות, און באַקוקט זיך פון אלע זייטן. — מיר דאכט, אז קיין בעסערע יידן דאַרף מען גאָרנישט. אלצדינג ווויל און פיין, ווי עס געהער צו זיין. נאָר וואָס דען? איך האָב מורא... איך זאָל עס גאָרנישט אויסרעדן אין אזא שעה... אפשר וועלן דערווייל אונדזערע קאבצאנסקער יידעלעך... איר פארשטייט דאָך אליין, וואָס איך מיין.

— איר האָט מורא, אז אונדזערע קאבצאנסקער זאָלן נישט קומען פריער און נישט פארכאפן, — פאַל איך אים אריין אין די רייד.

—איך האָב מורא פאר אַן ערגערע צרה, — ענטפערט לייב דער מלמד און שאָקלט מיטן קאָפּ. — איך האָב מורא, אז ס'וועלן קומען די קאבצאנסקער מלמדים — איר פארשטייט, וואָס איך מיין?... וועלן זיי דאָך, מסתמא, וועלן אויסכאפּן דאָס יינגל, וועלן זיי אָנרעדן אויף אונדזער חדר ווער ווייסט וואָסערע פּאַסקודסטווע, קאָנען מיר נאָך, חלילה, בלייבן אָן אַ קנעלונג... איר קענט דאָך אונדזערע יידעלעך...

— איר מיינט, הייסט עס, דאָנאָסן, מסירות? — ענטפער איך. — ניין, ר' לייב, דערפאר איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן. אמת, אונדזערע יידן האָבן ליב אָנצורעדן איינער אויפן אנדערן. און די קאבצאנסקער האלטן פון דער מידה זייער און זייער. סע גלייבט זיך אָבער נישט, אז איצט-אָ, ווען מיר הייבן אָן א נייעם ענין, זאָל מען באלד טאקע זיך נעמען צו די אלטע מנהגים. עסט בעסער איבער-בייסן, ר' לייב, ס'איז שוין צייט.

ר' לייב וואשט די הענט און עסט מיט אפעטיט די ארץ-ישראל-פירות. ער קימט ביסלעכווייז צו זיך און הייבט אָן דערציילן ניסים ונפלאות, ווי גוט און ווויל עס וועט אונדז זיין, אם ירצה השם, אין אונדזער נחלה, וואָס פאַר אַ גליק סע וואַרט דאָרט אויף אונדז. ער קוועלט פאר נחת, ער שמעלצט זיך ממש רעדנדיק.

תיכף נאָכן עסן לאָזן מיר זיך אין שטאָט אריין. אין איינער פון די גאסן זעען מיר אַ שפייכלער מיט תבואה. לעבן אים שטייען עטלעכע מענטשן און ריי-ניקן ווייץ. ר' לייב שטעלט זיך אָפּ, נעמט אָן אַ פולע זשמעניע ווייץ און קוקט זיך

איין, ווי אַ בקי, וואָס באַטראַכט אַ פּראָבע, כדי צו וויסן וויפל מען מעג צאָלן פאַר אַ פּוד. אין דער מיגוש שפּרינגט אונטער אַ ייִדל:

— ווייץ ווילט איר? איר ווילט קויפן ווייץ? קומט, איך האָב אַן אָרט, וואָס מען קאָן קויפן בזול הזול. איך בין אַ מעקלער אויך.

ר׳ לייב שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין און פאַרדרייט די נאָז. ר׳ לייב, דאַרפט איר וויסן, האָט אפילו נישט געטראַכט וועגן קויפן ווייץ. נאָר וואָס דען? אַזוי ווי ער האָט זיך שוין געהאַלטן פאַר אַ שטיקל פּאָמיעשטשיק, אַ ייִד פון אַ נחלה, מוז ער דאָך האָבן עפּעס אַ שייכות צו תבואה. הייַנט אַז ער האָט אויפן וועג צו זיין נחלה דערזען אַ קופּע מיט ווייץ, האָט ער זיך בכיוון אָפּגעשטעלט און אַ קוק געטאָן, כדי ער זאָל נאָכדעם קאָנען זאָגן: ווייץ? אַהאָ! אויף ווייץ פרעגט מ י ד. איך האָב זיך אין מיין לעבן גענוג אָנגעזען מיט ווייץ.

— אויב איר קויפט נישט, טאָ אפשר פאַרקויפט איר משאַסאָם? — פרעגט דער מעקלער און כאַפּט אָן ר׳ לייבן פאַר דער פּאָלע. — רעדט ווערטער, פּאַני. איך האָב גראָד אַ קונה אויף ווייץ, אויף מיינע נאמנות.

ר׳ לייב לאָזט זיך גיין, שטאַרק צופרידן, וואָס מען האַלט אים פאַר אַ סוחר, און ענטפערט קיין וואָרט נישט. דער מעקלער טרעט פון אונדז אָבער נישט אָפּ. ער גייט אונדז נאָך, ווי אַ קו אַ קאַלב, און האַלט אין איין רעדן: ענטפערט, ר׳ ייִד! וואָס אַרט אייך, אַז איר וועט ענטפערן, וואָס? איר גלייבט מיר אפשר נישט, האַ? טאָ דערפרעגט זיך אויף מיר, אדרבא, פרעגט וועמען איר ווילט, וועט מען אייך זאָגן, אַז איך, כייקל דער מעקלער, בין אַ קאָראַנטנער מענטש, מען מעג זיך אויף מיר פאַרלאָזן. ביי מיר אַ וואָרט איז הייליק, גערעדט איז גערעדט, נישט ווי די איבעריקע מעקלערס, די זשוליקעס, די בייטל-שניידערס, וואָס ס׳איז אַ סכנה אַרייַנצופאַלן אין זייערע הענט. איך, פּאַני, בין אַליין געווען אַ סוחר בין איך, נאָר וואָס קאָן מען טאָן, אַז ס׳איז נישטאָ קיין מזל?... איך בעט אייך, ר׳ ייִד, זייט נישט קיין עקשן, זאָגט, אפשר האָט איר צו פאַרקויפן?

— וואַרט אַ ביסל, וועלן מיר מיט אייך מאַכן געשעפטן, אם ירצה השם, — ענטפער איך, כדי פּטור צו ווערן פון אַ שלאַק, אַן אָנשיקעניש. אין האַרצן טראַכט איך מיר: וועסט שוין זען אונדזער ווייץ, ווי דו זעסט דיינע אויערן. — וואַרט אַ ביסעלע, ר׳ ייִד, איצט האָבן מיר זייער קיין צייט נישט. מיר לויפן צוליב אַ ספּיעשנע עסק.

— איר לויפט? זאָגט זשע מיר, ליבע ייִדן, וווהין לויפט איר? — פרעגט דער מעקלער אויפן ייִדישן שטייגער. וועגן אָפּטשעפּען זיך פון אונדז טראַכט ער נאָך אַלץ נישט.

לכתחילה האָב איך בדעה געהאַט אים גאָרנישט אָפּצוענטפערן אויף אַזאַ נאַרישער קשיה. נאָר נאָכדעם האָב איך זיך מיישב געווען: לאָמיך אים בעסער אויסזאָגן, וווהין מיר גייען, וועט ער טאָקע מוחל זיין אונדז אָפּפירן צום קאַרלי-

נער, וואָרעם נישט איך, נישט ר׳ לייב וויסן נישט דעם וועג אַהינצו. אַזוי, אַזוי, ר׳ בייקל, ביסט טאַקע אַ גרויסער חכם, ווילסט וויסן אַלע סודות, מעגדעלע איז אָבער קלוגער פון דיר. ער וועט דיך אין אַ גוטער שעה איינשפּאַנען, און דו וועסט אים דינען ווי אַ כשרע בהמה! — איך פאַרדריי די נאָז, פאַרקנייטש דעם שטערן און ענטפער מיט אַ פראַגע אויף אַ פראַגע — אויך אויפן יידישן שטייגער:

— און אַז מיר גייען צום קאַרלינער, איז וואָס? אפשר ווילט איר אויך מיטגיין מיט אונדז?

— אוודאי גיי איך מיט אייך! ווי דען? דער קאַרלינער! איך בין דאָך ביי אים אַן אייגענער, אַ שטיק חשוב, — ענטפערט דער מעקלער מיט שמחה, און תוך כדי דיבור שפּרינגט ער אַרויס פאָרנט און לאָזט זיך גיין. אַלע מינוט קוקט ער זיך אום, מאַכט צו אונדז פון דער ווייטנס מיט די הענט, אַז מיר זאָלן נאָכגיין נאָך אים.

וואָס אמת איז אמת, די כשרע בהמה, וואָס גאָט האָט אונדז צוגעשיקט, האָט אונדז געדינט באמונה. בייקל דער מעקלער האָט אונדז אַזוי לאַנג געפירט דורך גאַסן און פּלעצער, ביז ער האָט אונדז געבראַכט בשלום צום קאַרלינערס הויז.

— אָט דאָ וווינט ער! — זאָגט בייקל אַ פאַרסאַפּעטער, אַ צעהיצטער פונעם ווייטן וועג, און ווישט זיך דעם שווייס מיטן עק פאַלע.

—אַדאַנק אייך! — רוף איך זיך אָן. — איצט וועלן מיר שוין אַליין געפינען די טיר.

דער מעקלער בלייבט שטיין, ווי מטושטש. ער מאַכט עפּעס מיט די ליפּן, דרייט מיט די פינגער, נאָר איך מאַך זיך נישט ווויסנדיק. איך נעם ר׳ לייבן און מיר לאָזן זיך ביידע גיין אויף די מירמלשטיינערנע טרעפּ.

מאָלט אייך, ס׳איז מעשה ניסים, וואָס מיר זענען נישט געפאַלן אויף די טרעפּ. איר דאַרפט נישט פאַרגעסן, אַז פון קינדרווייז אָן זענען אונדזערע פיס געוווינט צו טרעטן דאָס מיסט אין די בלאָטעס פון קאַבצאַנסק און פון אַנדערע אַזוינע יידישע שטעטלעך; דאָרט זענען זיי אויסגעוואַקסן, דאָרט האָבן זיי באַקומען זייער באַזונדערע צורה. הייסט, אַז זיי האָבן פּלוצלינג דערפילט אונטער זיך אַ גלאַטע, ציכטיקע, אָפּגעוועקסלטע שטיינערנע פּאָדלאָגע, האָבן זיי זיך נעבעך געגליטשט, געריקט זיך, נישט געקאָנט איינשטיין. ווען נישט זכות אָבות, וואָלטן מיר צען מאָל געפאַלן און געבראָכן, חלילה, האַלדז און נאַקן.

דער פּאַדערעצימער איז געווען פול מיט מענטשן, וואָס האָבן געהאַט בקשות צים קאַרלינער: איינער גייט אַרויס, דער אַנדערער אַריין, און אַלע אָן היטלען. השם יתברך איז יודע דעם אמת, ווי שווער ס׳איז אונדז געווען אָפּצוזעקן אונדזער קאָפּ, וואָס זינט מיר לעבן, זינט מיר זענען אַרויס פון דער מאַמעס בויך, איז ער ביי אונדז געווען צוגעדעקט אי ביי טאָג, אי ביי נאַכט. נאָר וואָס האָבן מיר געזאָלט טאָן, אַז דער משרת, דער צורר, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר, האָט

עם אונדז פארזאָגט מיטן הארבן וואָרט. אפילו די יארמעלקע האָט ער אונדז געהייסן אויסטאָן! אָן היטלען האָבן מיר זיך געפילט זייער לאַ־עליכמדיק, אָט אַשטייגער ווי מען זאָל עמעצן פלוצלינג אויסטאָן נאקעט צווישן אן עדה מיט מענטשן. ר׳ לייב איז געשטאַנען, ווי אן אויסגעפּאטשטער, אז ס׳איז געווען א בזיון און אַ הארץ־ווייטיק אויף אים צו קוקן. אָט אַזוי האָבן מיר געוואַרט אַ שטיקל צייט אין איינע יסורים, ביז מ׳האָט אונדז געהייסן אריינגיין צום קארלינער אין קאבינעט. איצט האָב איך דווקא אָפּגעטראָטן דעם כבוד ר׳ לייבן: איך האָב אים ביי דער טיר א שטופּ געטאָן, ער זאָל גיין פאָרנט, און איך בין געגאנגען נאָך אים.

ס׳איז דאָ מענטשן, וואָס אַז מען זעט זיי איינמאָל, קאָן מען זיי שוין קיינמאָל נישט פארגעסן. זיי ווערן דיר ווי איינגעבאקן אין הארצן, זיי באקומען א שליטה איבער דיינע געדאנקען און דיינע געפילן; אז דו קלייבסט זיך עפּעס טאָן, דערמאָנסטו זיך אין זיי און דו סטאַרעסט זיך, ווי אַ ייִנגל פאַרן רבין, אַז דיין ארבעט זאָל זיין אָפּגעטאָן וואָס בעסער. איך געדענק נאָך איצט אויך דעם קארלינער, ווי א לעבעדיקן: א שיינער מענטש, נישט זייער קיין הויכער, א שטילער אימעט רוט אויף זיין בלייכן פּנים, און אַז ער רעדט מיט עמעצן און טוט אַ שמייכל, איז דאָס ווי דער מאָרגנשטערן, וואָס שיינט אַרויס פון צווישן די וואָלקנס. מען פילט, אַז דער אומעט איז נישט קיין סימן פון אַ בייזן כאַראַקטער צי פון א קאפּריז, נאָר ער נעמט זיך פון א סך טראכטן און קלערן איבער טיפע ענינים. ער רעדט ווייניק, אָבער ער קוקט א סך. ער פארקוקט אייך, דאכט זיך, טיף אין הארצן. זיינע אויגן דערציילן די ערלעכקייט פון זיין נשמה, די קנייטשן אויפן שטערן זאָגן אויס זיינע הויכע מחשבות. אפילו די גרויע האָר גיבן אים צו א באזונדערן חן.

דער קארלינער האָט אונדז אויפגענומען, שטייענדיק לעבן א שרייבטיש מיט אַ סך שרייבנצייג. אויף יענער זייט טיש איז געזעסן איבער אַ פּאַק מיט בריוו איינער א מאן פון א יאָר פערציק, מיט א לאנגער באָרד, ווייזט אויס, אויך אן ייִדעלער נפש, אַ קאָפּמענטש — דאָס האָט מען דערקענט אין זיין פּנים און אין זיינע אויגן. דער קארלינער האָט זיך אין אונדז איינגעקוקט און ווינקט אונדז, מיר זאָלן זאָגן, וואָס מיר דאַרפן.

— מיר זענען קאַבצאַנסקער זענען מיר, און ווילן פאָרן אין די קאָלאָניעס, — זאָגט ר׳ לייב און פארנייגט זיך דערביי משונהדיק, און דאָס פּנים ווערט ביי אים מאָדנע אויסגעקרימט, ווי ביי א ייִדענע.

— און וואָס האָט איר געטאָן ביז אהער?

— א מלמד בין איך געווען, געלערנט ייִדישע קינדער האָב איך.

— ווילט איר, הייסט עס, זיין א מלמד אין די קאָלאָניעס? — זאָגט דער קארלינער און באטראכט ר׳ לייבן מיט איין אויג פונעם קאָפּ ביז די פּיס. — די־

קאַלאָניעס זענען נאָך ערשט אַ פּראָיעקט, זיי זענען נאָך גאָר נישטאָ אויף דער וועלט, און מלמדים קומען שוין זיי מזכה זיין מיט זייערע ח ד ר י ם!...

— די תורה איז געווען פאַר בריאת עולם, אַ כלי־שכן פאַר די קאָלאָניעס, — ריפט זיך אָן דער, וואָס זיצט ביים שרייבטיש, און הייבט אויף דעם קאָפּ פון די בריוו, און באַטראַכט מיך פון דער ווייטן.

— ניין, פאַני, — ענטפערט ר' לייב און קוועטשט דעם „ניין" מיטן נוסח פון אַ שלישלת, — איך וויל נישט זיין קיין מלמד, איך וויל באַקומען אַן אייגענע נחלה אין ארץ־ישראל.

— גייט אייך בעסער צוריק צו דער תורה און צום טייטל, — ענטפערט דער קאַרלינער מיט אַ שמייכל. — פאַר אייך איז, דאַכט זיך, נישטאָ קיין בעסערער מקום, ווי קאַבצאַנסק.

— איך שווער אייך, פאַני, אַט האָט איר מיין חן צדק, אַז איך בין מוכן ומזומן איזעקצוגעבן מיין נשמה פאַר דעם פאָלק ישראל, איך וויל זיך מפקיר זיין פאַר זיין כבוד, אבי מען זאָל מיר נאָר געבן אַ שטיקל פעלד מיט אַ ווייַנגאָרטן אין ארץ־ישראל.

דער קאַרלינער פאַרבייסט די ליפּן און קוקט אויף ר' לייבן מיט שפּאָט, ווי איינער רעדט: וואָס טוט מען מיט אַזאַ שלאַק? ער שווייגט אַ ווייַלע, נאָכדעם רופט ער זיך אָן צו מיר:

— און וואָס זענט איר? אויך אַ מלמד?

— איך בין אַ ייד, — פּלאַפּל איך אַ צעטומלטער און אַ דערשראָקענער פון דעם קוקן, וואָס דער קאַרלינער און דער אַנדערער האָבן אויף מיר געקוקט. איך פיל אַליין, אַז ס'איז נאַריש, און לאָז פאַר חרפה אַראָפּ דעם קאָפּ. ווען די ערד עפנט זיך אונטער מיר און שלינגט מיך איין אויפן אָרט, מעגט איר מיר גלייבן, אַז ס'וואָלט מיר דעמלט געווען מער ניחא, איידער שטיין און פירן אָט דעם שמועס.

— דאָס פרעג איך אייך נישט, — ענטפערט דער קאַרלינער, — דאָס זעט מען אין אייך. איך וויל וויסן, וואָס איז אייער פּרנסה?

— ער איז מיין שותף! — העלפט מיר ר' לייב ענטפערן דעם קאַרלינער. ר' לייב, זע איך, האַלט זיך פאַר וועלטלעכער פון מיר, פאַר מער מעורב בין הבריות. — דער ייד איז מיט מיר שותפות אין דער נחלה, וואָס מיר ווילן, אם ירצה השם, באַקומען. מיר האָבן אַפילו אַ שותפות־כתב כתוב וחתום.

זינט איך לעב האָט מיר קיינער נישט אָנגעטאָן אַזויפיל יסורים, ווי ר' לייב מיט אָט דעם ענטפער. איך בין מבילבל געוואָרן נאָך מער ווי פריער, טראָפּנס קאַלטן שווייס זענען מיר אַרויסגעטראָטן אויפן פּנים. ווען מען גיסט אויף מיר אַרויס אַ זודיקן אָקרעפּ, וואָלט ביי מיר געווען פיל בעסער, איידער דער געלעכ־טער, וואָס דער קאַרלינער, ווי איך האָב געמיינט, וועט פון מיר לאַכן. דאַנקען

גאָט, וואָס ס'איז דערצו נישט דערגאַנגען. דער קאַרלינער האָט א טיפן זיפץ געי
טאָן און געפרעגט מיט רחמנות:

— וואָס זשע ווילט איר, רבותי?

— מיר זענען געקומען אייך בעטן, אַזוי ווי איר זענט דער באַלעבאָס פון די קאַלאַניעס, זאָלט איר אונדז אויסהעלפן מיט געלט, וויפל מיר וועלן דאַרפן. ביי אייך איז דאָס דאָך א קלייניקייט, און אונדז וועט איר טאָן די גרעסטע טובה, — זאָגט ר' לייב מיטן נוסח פון „יקום־פורקן": ער הייבט אָן מיט א בקשה און לאָזט אויס מיט א דאנק — דער אייבערשטער וועט אייך דערפאַר געבן אריכת־ימים און וועט אייך העלפן, ווו איר וועט זיך קערן און ווענדן.

— איך קאָן אייך איצט נישט העלפן, זאָל אייך גאָט העלפן, — ענטפערט דער קאַרלינער מיט א זיפץ און טוט א מאַך מיט דער האנט, מיר זאָלן ארויסגיין.

ר' לייב מאַכט זיך אָבער נישט ווּיסנדיק און רירט זיך נישט פונעם אָרט. ער גרייט זיך ערשט פאַרפירן א לאַנגן שמועס, ווישט די נאָז, רייבט דעם שטערן. איך נעם אים אָן פאַר דער פּאָלע און שלעפּ אים צו דער טיר. אַזוי גייען מיר ארויס: איך פריער, ער נאָך מיר.

בשעת מיר זוכן אין פּאָדערצימער אונדזערע היטלען און דרייען זיך פון איין ווינקל צום אַנדערן, קומט ארויס יענער, וואָס איז געווען ביים טיש. ער דערזעט מיך און מאַכט צו מיר:

— דאַכט זיך, איך האָב אייך אַמאָל געזען אין גלופּסק אָדער אין אַן אַנדער שטעטל פון יענעם קאַנט. אויב איך האָב קיין טעות נישט, זענט איר מענדעלע מוכר ספרים.

— יאָ, איר האָט נישט קיין טעות. ווער זשע זענט איר?

— איך בין... סע פרייט מיך צו זען אזא ווילן גאסט. איצט קאָן איך מיט אייך קיין סך נישט רעדן, ווייל איך בין שטאַרק פאַרנומען. אָבער איך האָף, אז מיר וועלן זיך נאָך זען און וועלן נאָך שמועסן באריכות. האָט מיר א גוטן...

אז דער מעקלער האָט אונדז דערזען ארויסגייענדיק פונעם קאַרלינער, האָט ער זיך א לאָז געטאָן צו אונדז מיט א הכנעהדיק שמייכעלע און געקוקט אונדז אין מויל אריין, געבאַפּט אויסלעבע תנועה אונדזערע, געבויגן זיך אין דרייען, און יעדער אבר זיינער האָט געזאָגט: הנני! איך בין אָנגעברייט! שיקט מיך, וועל איך לויפן אין פייער און אין וואַסער!... מיר אָבער האָבן זיך געמאַכט נישט ווּיסנדיק און זענען געגאַנגען שטילשווייגנדיק, וועלנדיק פּטור ווערן פון אים. יענער איז אָבער קיין נאר נישט און האָט דווקא באַשלאָסן נאָכצוגיין נאָך אונדז, און בשום אופן נישט געוואָלט אָפּטשעפּען זיך. אז ער האָט דערזען, מיר גייען אַלץ און שווייגן אין קוקן זיך נישט אום, האָט ער אָנגעהויבן זיך בעטן:

— האָט רחמנות, יידן! מאַכט דורך מיר א געשעפטל, וועט איר, מיט דעם אייבערשטנס הילף, נישט דערלייגן. איך בין, נישט פאַר אייך געדאַכט, א גרוי־

סער אביון און א מטופל מיט קינדער. האָט רחמנות, זאָל א ייד דורך אייך פאַר־ריבען א גראָשן.

מחמת ס'איז מיר דעמסטמאָל געווען זייער אָנגעזאָלצן אויפן האַרצן און איך האָב שטאַרק געוואָלט פטור ווערן פון דער זלידניע, האָב איך שטיל א זאָג געטאָן צו ר' לייבן:

— דאָס זענט איר שולדיק, וואָס ס'האָט זיך צו אונדז צוגעקלעפּט אזא פאַרשלעפּטע קרענק, א מאַכער פון ווייץ זענט איר מיר געוואָרן אינמיטן דעריבער. א פיינער מאַכער! ענטפערט אים שוין, איך בעט אייך, און זאָל ער גיין צו אלדי רוחות.

— אומזיסט אייער טרחה, פעטער, — האָט ר' לייב זיך אָנגערופן צום מעקלער, — איצט וועט נישט זיין גאָרנישט, איך שווער אייך אויף מיינע נאמנות! איבער אַ יאָר ,אם ירצה השם, לשנה הבאה...

— איבער א יאָר מעגט איר איבערגיין אויף מיין פאַרמעגן, א רוח אין אייער...! — האָט דער מעקלער אָנגעהויבן שעלטן מיט טויטע קללות. געבערד! ער האָט אלץ געהאָפט, אז ער וועט מאכן א געשעפטל, און דאָ זעט ער, די סוחרים אנטלויפן גאָר פון אים. מען שטעלט פיס און מען קוקט זיך נישט אום — און פונעם גאנצן מסחר לאָזט זיך אויס א בוידעם, א געכטיקער טאָג.

ד.

אומעטיק און קאַלעמוטנע איז מיר געווען אויפן האַרצן נאָכן שמועס מיטן קארליגער. א וואָלקן פון טרויער האָט זיך אָנגערוקט אויף מיין נשמה — און די פליגל פון מיין האָפענונג זענען געלעגן מאט, נישט צו קאָנען פליען הויך ווי פריער. ר' לייב דער מלמד האָט זיך געטאָן זיינס, ווי עס פאסט פאר א כשרן ייד, ער איז זיך געגאנגען מיט א קאלטער לעבער אין בית־מדרש אריין דאווענען מעריב בציבור. מיך האָט אָבער די גאנצע מעשה נישט געלאָזט רוען. איך האָב מיר געוואָלט א ביסל צעשלאָגן די געדאנקען, האָב איך זיך געלאָזט אין שטאָט אריין שפּאצירן. איך האָב זיך ארומגעבלאָנקעט א פארטראכטער עטלעכע שעה און בין ערשט געקומען צו זיך, ווען ס'האָט אָנגעהויבן גיין א רעגן און האָט מיר געגעבן אָנצוהערעניש, אז ס'איז שוין צייט צו גיין אהיים. אויפן גאס איז שוין נישט געווען קיין לעבעדיקער נפש.

אויף דער סטאַנציע האָב איך דערזען: ר' לייב ליגט אויפן בעטל און שלאָפט, און די פאַרדריפּעטע קאפּאָטע זיינע טריקנט זיך לעבן דער הרובע. איך האָב זיך אנידערגעזעצט ביים טיש, א פארזאָרגטער, א צעטראָגענער, שטארק אויפגעבראכט אויף מיר טאקע אליין. ר' לייב איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן רוקן, געכראָפּעט,

געבלאָזן תקיעות מיט זיין לאַנגער קרומער נאָז, ווי א שופר, און איך האָב געקוקט אויף אים, ביי דער שיין פון א חלבדיק ליכטל, באטראכטנדיק דעם נפש פונעם קאָפּ ביז די פּיאַטעס. א שיינער נפש! דער גוף דאַר, קוואַר, טרוקן, ווי א שפּענדל, אָן א לויט פלייש אויף די ביינער; די הענט — לאַנגע, דינע צוים-שטעקעלעך מיט בלויע אָנגעשוואָלענע אָדערן, וואָס סטאַרטשען ארויס פון אונטער דער געלער הויט. דאָס פּנים — א וויסטע חורבה, איינגעשרומפּענע באַקן, איינגעפאַלענע אויגן, א לאַנגע האָרבאַטע נאָז שטעקט אינמיטן, ווי א קוימען אין אן אָפּגעברענט הויז, ביי דער זייט אן אלטער אויסגעפליקטער בעזעם — דאָס איז ר׳ לייבס זקנה. און איך קוק אויף אים, מיט א שמייכל פון צער אויף די ליפּן און טראַכט מיר: אַ פיינער פּועל, אַ שיינער ערדאַרבעטער, משטיינס-געזאָגט!...

און דאָס רייסט זיך אָפּ פון א היים, פון ווייב און קינדער, און זוכט זיך ביי עגליקן מיט נייע פּרנסות, וואָס ער האָט פון זיי נישט די מינדסטע השגה. פּיין, כ׳לעבן!... און טאַקע באַלד האָב איך א קלער געטאָן: און דו, מענדעלע? ווי קומסטו צו אזא נאַרישקייט, צו אזא גראָבן טעות? — א שטאַרקער פּאַרדראָס האָט זיך אויפגעהויבן אין מיין נשמה. איך האָב אָנגעהויבן מוסר זאָגן מיר אליין און דעם גאַנצן כלל-ישראל: ווו איז אייער חכמה, ווו איז אייער אויסגערעכנטקייט, יידעלעך? רק איר כאַפּט זיך, רק איר יאָגט זיך, אומעטום זענט איר מקדים נעשה לנשמע, קיינמאָל באַטראַכט איר נישט, צי טויגט איר צו דער אַרבעט, וואָס איר נעמט זיך, צי וועט איר נישט קאַליע מאַכן דעם גאַנצן עסק. וואָלט נאָך דאָס כאַפּעניש זיך גענומען נאָך דערפון, וואָס מיר רעכענען נישט אויס אפריער — וואָלט נאָך געווען צו דערליידן. איך האָב אָבער מורא, אז דאָ שטעקט א סך א גרעסערער אומגליק. אדרבא, מיר האָבן דווקא יאָ א חשבון, אן אויסרעכענונג, מיר כאַפּן זיך און יאָגן זיך טאַקע, ווייל מיר האָבן שטענדיק אַ באַהאַלטענעם מיין. אונדז איז דער עיקר נישט דער ענין, נאָר אונדזער אייגן פאַרדינסטל, נישט די זאַך גופא, נאָר אונדזער פּרנסה. אונדז הייבט נישט אָן צו אַרן, וואָס מיט אונדזער ליפּעניש און שטופּעניש וועלן מיר ברענגען א שאָדן דער אַרבעט, אבי מיר אליין זאָלן דאָ אָפּלעקן א ביינדל. כל זמן ס׳איז דאָ א שפּאַלט, א שפּאַרונע — רוק זיך, בן-אָדם, שפּאַר זיך און גנבע זיך אַריין!... כל-זמן ס׳איז דאָ אַ טראָפּ מילך ביי דיין קו אין די אייטער — קוק נישט, וואָס זי איז הונגעריק, מעלק! אַיי טאָמער וועט דורך דיין שטופּעניש חרוב ווערן דער גאַנצער בנין, — ס׳א האגה דו האָסט, זאָל ער חרוב ווערן, נו, וועט זיין נישט מיר, נישט דיר. פון צוויי וועגן איז דער בעסטער דער, וואָס טויג מ י ר. אויב אָבער איך קאָן פון אים קיין נוצן נישט האָבן, מעג ער זיך אַפילו בעצם זיין זייער אַ גלייכער וועג, — מ י ר איז ער קרום, וועל איך אויף אים שפּייען קלעק. אַזוי פירן מיר זיך, אַזוי איז אונדזער שטייגער: אַלצדינג נאָך די אייגענע טובה, אַנדערש ווערט אַ ייד נישט קיין חובב... איר פאַרשטייט דאָך, וואָס איך מיין.

אָט אַזוי האָב איך געטענהט, געאַמפּערט זיך מיט מיר אַליין, געזוכט אַלץ חסרונות. ר' לייב איז דערווײַל געשלאָפן, געכראָפּעט און געפּייפט מיט דער נאָז. נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן זיפצן און קרעכצן פונעם שלאָף. דער הוסט האָט אים געמוטשעט, געשטיקט דעם אָטעם, די ליחות האָבן זיך געשטעלט אין האַלדז, געבולבעט און זיך איבערגעקייקלט אַרויף און אַראָפּ, אין האַרצן האָט בײַ אים געסווישטשעט, געריפּעט, געסקריפּעט, ווי אַ גאַנצע קאַפּעליע קלעזמער. מיך האָט דערקלעמט בײַם האַרצן, און איך האָב אַ טראַכט געטאָן: אַז אָך און ווי איז אים! ער ווייסט דען, נעבעך, פון אַ לעבן? ער האָט דען פאַרזוכט אַמאָל אַ גוטן טאָג? אוי, רבונו של עולם! וויפל יידן מוטשען זיך אַזוי אָפּ אַלע זייערע יאָרן, ווערן פאַרשוואַרצט, פאַרפינצטערט, אויסגעריסן פון דער יוגנט ביז דעם סוף פון זייער ביטערן לעבן! ס'ווערט געבוירן אַ נייער נפש, אַ לעבעדיקע נשמה גייט אַרויס פון דעם אייבערשטנס הענט און באַקליידט זיך מיט הויט און פלייש. צוליב וואָס? כדי צו הנאה האָבן פון גאָטס וועלט, כדי מיט אַלע חושים צו געניסן די שפע, וואָס דער בורא האָט אויסגעגאָסן אויף דער ערד. וואָס זשע טוען מענטשן? מען לייגט אַרויף אויפן יונגן נפש אַ שווערן יאָך, מען בינדט אים, מען פּענטעט אים הענט און פיס, מען זאָגט אים: אַזוי און אַזוי, אָט דאָס טאָרסטו נישט, אָט יענץ איז דיר פאַרבאָטן; ביסט אַ יידעלע, אַ לייבעלע ביסטו, אַ גאַנצער פּאַק גזירות און חומרות איז פאַר דיר אָנגעשריבן, אָנגעגרייט פון פריער, און דו מוזט פאָלגן, און אָט אַזוי וואַקסט אַ נייער נפש, פאַרוויסט און פאַראומערט, פאַרקלאָגט און פאַרצאָרנט, שטענדיק הונגעריק און דאָרשטיק, אָן לייב, אָן לעבן, אָן זאַפט און אָן חיות, ווי אַ קאַרטאָפליע, וואָס וואַקסט אין אַ פינצטערן פאַרשטונקענעם קעלער, וווּ די זון שיינט אַריין נאָר דורך אַ קליין שפעלטל. און אָט שטייט ער פאַר דיר אַ פאַרטיקער — אַ בינטל ביינער, אַרומגעפלאָכטן מיט שם"ה גידין!... דער קראַנקער פּנים, טויט ווי אַלע טויטע, דערציילט, אָן שום תרעומות, חס־ושלום, זײַנע צרות און ווייטיקן און בעט, דאַכט זיך, רחמים; זײַנע טרוקענע בײַנער רעדן, טענהן: זעט, וואָס פון אַ מענטשן קאָן ווערן! יעדער הוסט, יעדער זיפץ, יעדער קרעכץ איז אַ ביטערער געשריי. דאָס באַקלאָגט זיך אַ מענטש אויף זײַן וויסט לעבן, וואָס איז נישט מער, ווי איין לאַנגע גסיסה, ווי זשע קאָן מען האָבן צו אים טענות, וואָס ער וואַרפט זיך, זוכט, נישטערט, אפשר וועט ער אַ ביסל גרינגער מאַכן זײַן ווייטיק? וואָס פאַר אַן אויסגערעכנטקייט קאָן מען פאַרלאַנגען פון אַ מענטשן, וואָס איז גאָרנישט בײַ די חושים, וואָס גייט אוים פאַר יסורים? ווי קאָן מען גאָר האָבן די העזה צו אָפּלאַכן פון איינעם, וואָס כאַפּט זיך אָן פאַר אַ שמרוי בעת ער טרינקט זיך? ווער ווייס דאָס גיין זידלען אַ הונגעריקן, וואָס ער טראַכט נאָר וועגן דער אַכילה, וואָס ער איז גרייט צו לויפן אַפילו קיין בויבעריק צוליב אַ שטיקל לחם? — אַז אָך און ווי איז דיר, לייב מלמד, אַז זינט דו לעבסט האָסטו סך־הכל געהאַט נאָר איין געדאַנק, איין כוונה, איין פאַרלאַנג: איבער־

כאַפּן אַ כזית, כּדי דו זאָלסט נישט אויסגיין פון הונגער. אַז אָך און וויי איז דיר, און אַז אָך און וויי איז מיר, און אַז אָך און וויי איז אַלע קאַבצאַנסקער יידן!...

— דאָס זענט איר, ר׳ מענדעלע?! — האָט מיך אַ פרעג געטאָן ר׳ לייב, וועלכער האָט זיך אָקאָרשט אויפגעכאַפּט פון עם שלאָף. אויף זיין פּנים איז געווען אַ שמייכל, און אַליין האָט ער בשעת מעשה געקרעכצט פון טיפן האַרצן.

— וואָס קרעכצט איר אַזוי? — האָב איך אים געפרעגט מיט גרויס רחמנות. — איר זענט חלילה קראַנק?

— חס ושלום! סע קרעכצט זיך עפּעס אַזוי... גלאַט אין דער וועלט אַריין... אַזאַ טבע ביי מיר... דאָס מאַכט נישט אויס. דערציילט בעסער, וואָס הערט זיך עפּעס נייעס?

—וואָס זאָל זיך הערן? גאָרנישט! — האָב איך אים געענטפערט מיט אַ טיפן זיפץ.

— איר נעמט זיך אַלץ צום האַרצן, ר׳ מענדעלע, און מיר האָט זיך געחלומט אַ טייערער חלום, — האָט ר׳ לייב געזאָגט מיט אַ זיסן שמייכל. — מיר האָט זיך געחלומט, אַז איך שפּאַציר זיך מיר אַרום, ווי אַ באַלעבאָס, צווישן אַ ווייגאָרטן און גיב אַכטונג אויף די פּועלים. זיי אַרבעטן, און איך טרייב זיי אונטער: פוילט זיך נישט, יידן, אַרבעט, אַרבעט, דער טאָג שטייט נישט! זיי ענטפערן מיר אָפּ: האָט קיין דאגה נישט, באַלעבאָס, מיר טוען אונדזער אַרבעט בשלימות, קוקט זיך בעסער אום אויף אייער אייגן געזונט, סע זאָל אייך, חס ושלום. נישט שאַדן, וואָס איר בייגט זיך; מיר זענען אייערע קנעכט, מיר זענען גרייט צו האָרעווען, צו אַקערן מיט דער נאָז, אַבי איר זאָלט זיין געזונט און שטאַרק און זאָלט פאַר אונדז תפילה טאָן. — איך גיי מיר אַזוי אַרום איבערן ווייגאָרטן און איבערן פעלד, איך מאַך אַ ברכה און בין טועם פון די פייגן און טייטלען און באָקסערן, און איך קוויק מיך מיט ווייַנטרויבן און מיט מילגראָמען און שטופּ מיר אָן פולע קעשענעס מיט ארץ־ישראל־אויבסט. — הא, וואָס זאָגט איר, אַ ווילער חלום?

— אויב אַזוי, שלאָפט אייך געזונטערהייט... לייגט זיך, ר׳ לייב, וועלן זיך אייך אפשר חלומען נאָך שענערע חלומות, אויב איר האָט פון זיי אַזאַ נחת־רוח, — האָב איך אים געענטפערט און זיך אויך געלייגט שלאָפן.

אין דער פרי, אַז איך בין אויפגעשטאַנען, האָב איך זיך געפילט, ווי אַ שיכור, וואָס אַז ער כאַפּט זיך אויף נאָך אַ שווערן שלאָף, איז ער בייז, צעשויבערט, אַלצדינג זעט ביי אים אויס קאַפּויר, אַלצדינג רייצט אים די געבליטן און אַליין ווייסט ער נישט, וווּ ער זאָל זיך אַהינטאָן פאַר גרויס עגמת־נפש. ר׳ לייב דער מלמד איז זיך אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי און אַוועק אין זיין וועג אַריין — דאַוונען בציבור, איבערשמועסן מיט מענטשן און זיך משתדל זיין וועגן אונדזער ענין. ער האָט זיך אַזוי געכאַפּט, אַז ער האָט נישט אויספּייעט אָפּרייניקן די בלאָטע

פון זיין בגד, אַקוראַט ווי עס וואַרט אויף אים ווער ווייסט וואָס פאַר אַ מציאה און ער האָט מורא, מען וועט זי ביי אים נישט אויסכאַפּן. — וועט איר דאָך פרעגן, פון וואָס לעבט, אַשטייגער, אַזאַ ייִד, אַז אין קעשענע איז שוין נישט געבליבן קיין צעבראָכענער גראָשן? עט! אַ קשיא אויף אַ ייִדן! אַ ייִד לעבט דאָך שטענדיק מיט ניסים. ער לעבט בעל־כרחו, מיטן כוח פון דעם שׂטן, וואָס מ'האָט אים געגעבן, בשעת ער איז אַרויס פון דער מאַמעס בויך; אַ ייִד לעבט מיט אמונה און בטחון — או! אַז ווויל איז דעם, וואָס ער פאַרמאָגט כאָטש אַזאַ קאַפּיטאַל. אָבער וואָס קאָן זיין פון אַזוינעם ווי איך, וואָס דער שׂכל האָט אים שוין איבערגערעהט, ווי דער שלאַנג האָט איבערגערעדט אונדזער מוטער חוהן, און ער האָט זיך שוין אַריינגעלאָזט אין פרעגעניש און חקירות? אַזוינער וועט שוין האָבן יסורים און קלעמעניש אויפן פּוד. צוויי וועגן זענען אָפן פאַר דעם מענטשן: אָדער זיי אַ ייִד, ווי אַלע ייִדן, לעב מיט בטחון, גיי מיט פאַרמאַכטע אויגן אַהין, וווהין דער ווינט טראָגט דיך, פרעג נישט קיין קשיות און האָב נישט קיין טענות — און לעב! אָדער אַז דו ווילסט זיין אַ חכם, איבערקלערן, שטעלן קלאָץ־קשיות: דאָס לייגט זיך דיר אויפן שׂכל און דאָס נישט, דאָס געפעלט דיר און דאָס איז חוץ מדרך הטבע — טאָ נעם און לייג זיך אַוועק און שטאַרב. דיינע טענות זענען בלאָטע, קיינער דאַרף זיי נישט האָבן... בלינדע אמונה און בטחון זענען נאָך אַ גליק פאַרן ייִדן, זיי העלפן אים נאָך אין אַלע נויטן, ווי דאָס שלאָף־געטראַנק, וואָס מען גיט איין אַ מסוכנעם חולה, העלפט אים, ער זאָל נישט פילן דעם ווייטיק, בשעת מען שניידט אים, אַנישט וואָלט דער ווייטיק געווען צו גרויס, נישט צום איבערטראָגן. נישטאָ אויף דער וועלט קיין אומגליקלעכערע באַשעפעניש, ווי אַ ייִד, וואָס הייבט אָן קלערן. אַזוינער פילט שוין די בראָדעווקע אויף זיין נאָז, ער שעמט זיך שוין פאַר זיך אַליין, און ווי טיטוסעם פליג לעכערט אים זיין מוח די שאלה: וואָס וועלן לייט זאָגן? ס'איז ממש אַ האַרצווייטיק אָנצוקוקן, ווי אַזוינער האַלט מלחמה מיט זיך אַליין, ווי ער וויל פאַרלייקענען זיין אייגענעם „איך“ און וואָלט אַ בעלן געווען אַריינקריכן אין אַ פרעמדער הויט. איז שוין, כ'לעבן, טויזנט מאָל בעסער אַזוינעם, ווי ר' לייב דער מלמד. וואָס פעלט אים? ער פילט גאָרנישט, אַז ער האָט אַ בראָדעווקע אויף דער נאָז, ער גייט זיך פּאַוואָליִנקע, מיט אַן אָנגעבויגענעם קאָפּ, ווי אַ נייונקעלע, און פרעגט נישט קיין קשיות. ער איז מקיים אַלע תרי"ג מצוות, ווי גאָט האָט געבאָטן, און פאַרלאָזט זיך אויף ניסים.

— אין שול אַריין, מענדעלע! — האָב איך געטענהט מיט זיך אַליין. — צו עבודת הבורא, מענדעלע! בטחון איז אַ ייִדישע זאַך. גענוג שוין פילאָסאָפיע! ווי קומט גאָר אַ קאַבצאַנסקער ייִד צו פילאָסאָפיע? אַ קבצן, אַז ער הייבט אָן חקירהן, איז דאָס פאַר אים די גרעסטע סכנה. סטייטש דו, מענדעלע, ביסט דאָך אַוועק פון דער היים, ווי אַן אמתער ייִד, האָסט גענומען די פיס אויף די פּלייצעם

און האָסט זיך אַ לאָז געטאָן, צוזאַמען מיט אַלע קאַבצאַנסקער יידן, אין דער ווייטער וועלט אַריין מיט אַ גרויסן בטחון אויף זיין ליבן נאָמען, האָסט נישט איבערגעקלערט און נישט איבערגעפרעגט און בלויז געלאָפן — און פּלוצלינג פרעגסטו גאָר קשיות און שאַרפסט זיך אַ מוח! וואָס איז? עמעצער האָט אויף דיר אַ קוק געטאָן, ווי אויף אַ טיפּש, און האָט אָפּגעלאַכט פון דיר און פון דיינע בטלנישע דרכים? איז זשע וואָס? אַ ייד טאָר נישט זיין אַזאַ גרויסער גדלן, אַז מען דאַרף — בייגט מען אָן במחילה דעם קאָפּ און מען גייט נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל און אָבער אַ מאָל און מען בעט און מען מאָנט און מען דערקוטשעט — און מען גייט שוין בפירוש נישט אַוועק מיט ליידיקע הענט. ווען עמעצער וועט דיר זאָגן: כ'האָב געזען אַן אָרעמאַן אַ בושת־פּנים, וואָס יידן בני רחמנים האָבן זיך אויף אים אַליין אומגעקוקט און אים געגעבן אַ מתנת יד מיט זייער גוטן ווילן — זאָלסטו נישט גלייבן. שקר וכזב! מיטן גוטן ווילן וועט אַ ייד קיינמאָל נישט געבן; זיינער אַ קאָפּיקע איז אַזוי שווער זיך צו שיידן מיט דער קעשענע, ווי, להבדיל, דער נשמה צו פאַרלאָזן דעם גוף. און גייט זי שוין יאָ אַרויס, די קאָפּיקע, פון אַ יידישן בייטל, ווערט דערביי אַזאַ גערודער מיט אַ געשריי, מיט אַ טראַסקעריי, אַז סע הערט זיך פון איין עק וועלט ביז דעם אַנדערן, און דער געבער באַקומט זיין שכר דווקא אויף *דער* וועלט: כבוד און גדולה און חניפה *אונטער* די אויגן און *אין* די אויגן. אַזוי איז שוין, ברודער, דער סדר העולם.

די דאָזיקע געדאַנקען האָבן מיך ביסלעכווייז באַרואיקט. איך האָב מיר געזאָגט: איך בין אַ ייד, ווי אַלע יידן, איך מוז זיין אַן עניו, נישט מקפּיד זיין זייער שטאַרק אויף מיין כבוד און זיך פאַרלאָזן אויפן רבונו של עולם: זאָל ער פירן, ווי *ער* פאַרשטייט.

ה.

אויסגעקומען ווי עס איז מיט זיך אַליין, האָב איך, ווי אַן אמתער ייד, זיך גענומען צום *גיין* און צום *רעדן*. איך בין פּלוצלינג געוואָרן אַ משונהדיקער בעל־דברן און אַ גייער — איינס אין דער וועלט. איך האָב שוין נישט געקאָנט איינזיצן קיין מינוט אויף אַן אָרט, איך האָב זיך כסדר געשלעפּט פון בונין צו שמונין — גיין, וואָס זאָג איך „געשלעפּט" — געלאָפן, געאיילט זיך מיט גרויס אימפּעט, געאַרבעט מיט אַלע אברים, ווי דער שטייגער איז ביי אונדז יידן — און דערביי אַלץ גערעדט, געשיט מיט ווערטער, ווי נישט אין זיך, געדרשנט וועגן אַזוינע זאַכן, וואָס איך הייב זיי נישט אָן צו פאַרשטיין. וואָלט קאַבצאַנסק געווען דאָס אַמאָליקע קאַבצאַנסק און די יידן וואָלטן געזעסן, ווי אין די גוטע יאָרן,

אין בית־המדרש הינטער דער הרובע, איז ביי מיר קיין ספק נישט, אַז איך וואָלט דאָרטן געוואָרן דער ראש המדברים און וואָלט דערציילט גאַנצע פעק מיט מעשׂיות פון פּאָליטיקע און פון מלחמות. איצט פלעגן מיר זיך אָפּט צונויפקלייבן ביי איינעם פון יענע יונגעלייטלעך און מיר פלעגן שמועסן וועגן עוד־אַרבעט, וועגן פלאַנצן ביימער, וועגן הלכות וויינגאָרטן וכדומה. אַלצדינג האָבן מיר פאַרשפּייט זיך, געוווּסט, וועגן אַלצדינג געהאַט אַ ידיעה, יעדער איז זיך געגאַנגען מיט זיין אייגענער שיטה, געהאַט זיינע אייגענע חשבונות — און נישט, חלילה, ווייל מיר האָבן ווען עס איז געפּרוּווט זיך פאַרנעמען מיט אַזוינע זאַכן. פאַרקערט, קיינער פון אונדז האָט אין די אויגן נישט געזען קיין וויינגאָרטן זינט ער לעבט. נאָר וואָס דען? מיר האָבן זיך געקליגט מיט אונדזערע גמרא־קעפּלעך, מיר האָבן באַשאַפן סברות, איינע שאַרפער פון דער אַנדערער, געבויט גאַנצע בנינים אויף אַזוינע פונדאַמענטן, וואָס מיר האָבן זיי געפונען פאַרטיק אין אונזער פאַנטאַזיע אָדער אויסגעזויגן פונעם פינגער. איך, הקטן מענדעלע, בין דווקא נישט אַראָפּגעפאַלן פאַרן איבעריקן עולם. איך האָב אויך געדרשנט וועגן פלאַנצן און זייען און קלייבן פּרוכטן, ווי עס שטייט געשריבן אין משניות סדר זרעים, און ווי איך האָב געדענקט נאָך פון יונגלווייז, ווען איך האָב געלערנט אין חדר.

אַזוי זענען אַוועק עטלעכע טעג, און איך האָב אַלץ פאַרבראַכט צווישן גוטע פריינד און געבויט לופט־שלעסער מיט דער הילף פון אמונה און בטחון. ווען דער יצר־הרע, דער ימח־שמוניק, האָט מיך ווידער גענומען צום סמיק און האָט אָנגעהויבן מיר פּיקן אין מוח: זע, מענדעלע, וואָס פאַר אַ צורה דו האָסט? באַטראַכט זיך נאָר, ווהין דו ביסט פאַרקראָכן. דיין קישקע מאָנט דיך: עסן — און דו האָדעוועסט זי מיט הבטחות! זי באַדאַרף ברויט — און דו טרייסט זי מיט גליקן, וואָס זענען נישט געשטויגן, נישט געפלויגן. וואָס קומט דיר אַרויס פון די אַלע טייערע שמועסן, אַז דיינע חברים רעדן נאָר, אַז טוען טוען זיי נישט אַ האַנט אין קאַלט וואַסער און האָבן נישט בכוח דיר צו העלפן, אַפילו ווען זיי זאָלן וועלן. היינט די פרומקייט דיינע, באַטראַכט זיך נאָר, וואָס זי האָט פאַר אַ פּנים. פרומקייט אין טאַקע אַ גוטע רפואה קעגן אַלערליי צרות און שלעק. נאָר ווען ישע איז דאָס געוואָרן? ווען זי שטייט איין ביי אַן אמתן כּניאָק, ביי אַ שוטה בן פּיקהאָלץ. דו ביסט דאָך אָבער בטבע גאָר נישט קיין נאַר, ביי דיר איז דאָך בעסער איין חיי־שעה פאַרן גוף, איידער אַלע תענוגים פון דער נשמה, דו וועסט דאָך אָפּגעבן אַלע דיינע פאַנטאַזיעס פאַר אַ שטיקל ממשותדיקע טובה. היינט גלאַט נאַרסטו דאָס גאָר זיך אַליין, פאַרשלאָגסט זיך האַקע־באַקע, כּדי דו זאָלסט פאַרשפּאָרן טראַכטן — און דאָס, זעסטו, איז שוין גאָרנישט פיין, דאָס פּאַסט גאָרנישט פאַר אַזאַ אַלטן יידן, ווי דו, פע, מיאוס, מענדעלע! לא די, וואָס

דו ביסט אַ קבצן, ווילסטו נאָך זיין אויף דער עלטער אַ רמאי אויך! איך האָב זיך דאָס, כ'לעבן, אויף דיר נישט גערעכט...

איך זעט, רבותי, וואָס פאַר אַ מאָדנעם יצר־הרע איך האָב: ער קומט, כלומרשט, אינעם נאָמען פונעם אמת. ער נעמט מיך דורך מיט אויסגערעכנטע מיושבדיקע ווערטער, ער רעכנט מיך איבער מיט זיין קלאָרן פאַרשטאַנד, און איך קאָן אים נישט ביישטיין. שלעכט! פאַרפאַלן מיין גאַנצער בטחון! דער יצר־הרע האָט פון אים געמאַכט אַ בערגל אַש. אוים! איך האָב ווידער דערפילט מיינע אַלע ווייטיקן. דער עסק איז קיין עסק נישט, די צייט גייט אַוועק אומזיסט־אומגישט און וואָס וועט זיין דער תכלית! איך בין פאַר עגמת־נפש געוואָרן אַ שטיק אַפּיקורס און האָב אָנגעהויבן געפינען חסרונות אין אַלע אונדזערע גאָלדענע פּלענער.

איינמאָל זיץ איך מיר אַזוי אויף דער סטאַנציע אין געהאַקטע וואַגן, — איך גיב אַ קוק דורכן פענצטער און טו מיך אַזש אַ טרייסל. ר' לייב דער מלמד, מיין טייערער זיווג, גייט זיך פראַנק און פריי איבער דער גאַס מיט עפּעס אַ פּריצה פון איין זייט און אַ פּריצל אין אַ קאַפּעליוש פון דער אַנדערער. אַלע זעגען זייער שטאַרק אויפגעלייגט, מען רעדט און מען לאַכט און מען קוועלט ממש פאַר נחת. די פּריצה איז שטאַרק צעקאָכט, רעדט עפּעס און שטורכעט ר' לייבן פון איין זייט, און דער קאַפּעליוש פון דער אַנדערער, און מיין ר' לייב דער מלמד איז שטאַרק בגילופין, ער בעבעט עפּעס מיט גרויס התלהבות, דרייט מיטן גראָבן פינגער און שטורכעט זיי ביידע מיט די עלנבויגנס. די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע וועגן ביי אים צעפלויגן, איינע אַהין, איינע אַהער, און פון אינמיטן קוקן אַרויס אַ פּאָר פּיס אָנגעטאָן אין ווייסע גאַטקעס, במחילה. אַ שיינע קאַרטינע! ס'האָט ביי מיר געהאט אַ פּנים, אַקוראַט ווי ער איז אַראָפּ פון זינען. איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס דאָ טוט זיך. תחילת האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אפשר איז דאָס גאָר אַ חלום. איך האָב זיך אָבער אַ קניפּ געטאָן און האָב דערפילט, אַז ס'איז וואָר, יאָ, ס'איז אמת: לייב דער מלמד גייט אינמיטן גאַס מיט עפּעס אַ נפקא — לייב דער מלמד, ער אַליין בכבודו ובעצמו. ווי געפעלט דאָס אייך? רבונו־של־עולם, האָב איך מיר אַ טראַכט געטאָן, אפשר איז טאַקע אמת, וואָס מען זאָגט, אַז דאָ, אין אָט דער שטאָט, איז דער טויער פונעם גיהנום, און אַז דער שטן שפּילט זיך דאָ מיט יידישע נפשות. אָבער געוואַלד! דער שטן, האָבן מיר אַ קימא־לן, איז דאָך אַ דורכגעטריבענער, אַ יונג אַ כוואַט, ווי זשע קומט ער צו אַזאַ ווילדער נאַרישקייט, ווי פאַרפירן עסקים מיט ר' לייבן? וואָס, ער האָט שוין נישט קיין בעסערס, ווי ר' לייב, גאָר נישט געקאָנט געפינען?!

אַ פאַרביטערטער, אַ דערצאָרנטער, האָב איך זיך אויפגעהויבן פונעם בענקל און גענומען אַרומשפּאַנען איבערן חדר. נאָכדעם האָב איך זיך אַנידערגעליינט

אויפֿן בעטל און בין געלעגן אַ שטיקל צײַט — אפשר וועט מיר ווערן אַ ביסל רואיקער אויף דער נשמה.

איך ליג אַזוי, עפֿנט זיך די טיר און ס'קומט אַרײַן ר' לייב דער מלמד מיט אַזאַ פּנים, ווי אַ ייִד קומט, אַשטייגער, צו זײַנעם אַ פֿרײַנד גוט יום-טוב ביטן. ער שײַנט ממש, די אויגן לײַכטן, אויף די ליפּן אַ זיס שמייכעלע — מען זעט, ס'עט טוט אים שטאַרק הנאה, ער קוועלט אָן פֿאַר נחת. איך האָב אומיסנע פֿאַרמאַכט די אויגן, געמאַכט זיך, אַז איך שלאָף און דערווײַל באַטראַכט דעם טײַערן נפֿש מיט אַלע זײַנע פּאָסטעמקעלעך. ר' לייב איז צוגעגאַנגען צו מײַן בעטל, נאָר אַז ער האָט דערזען — איך שלאָף, האָט ער זיך אָפּגערוקט און גענומען אַרומגיין איבערן חדר שטילערהייט, אויף די שפּיץ פֿינגער. שפּעטער האָט ער אויסגעטאָן די וואָכעדיקע קאַפּאָטע און אַראָפּגענומען פֿונעם פּלעקל די שבתדיקע, אַרומגעקוקט זי פֿון אַלע זײַטן און אָנגעטאָן אויף זײַן דאַרן גוף. נאָכדעם האָט ער זיך אַרומגעטאַפּט די פּיאות, די באָרד, פֿאַרריכט דאָס היטל אויפֿן קאָפּ און אַגב זיך פֿאַרגנבעט און געכאַפּט אַ קוק אינעם שפּיגעלע, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט. פֿון זײַן שמייכעלע האָט מען געקאָנט פֿאַרשטיין, אַז ער איז מיט זיך זייער צופֿרידן, אַז ס'איז אים גוט אויפֿן האַרצן. אפשר האָט ער טאַקע געפֿונען חן און לײַטזעליקייט אין זײַנע אייגענע אויגן, ווי אַלע מיאוסניצעם, וואָס אַז זיי פּוצן זיך פֿאַרן שפּיגל, רעכענען זיי, אַז זיי זענען פֿאַרשוויגען, שײַנקייטן איינס אין דער וועלט. דעם אמת מוז מען זאָגן, אַז מיר איז ר' לייב דווקא נישט אַזוי געפֿעלן. פֿאַרקערט: דאָס פּוצן זיך האָט אים נאָך געמאַכט מגושמדיקער, ווי ער איז געווייגלעך. איך האָב נישט ווילנדיק אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם יונגן יוספֿן מיט פּוטיפֿרס ווײַב זליכה — און אַז איך האָב ווידער אַ קוק געטאָן אויף מײַן ליבהאַרציקן שכן אין זײַנע שבתדיקע בגדים, איז מיר געוואָרן פֿינצטער אין די אויגן, איך האָב זיך פֿאַרשעמט פֿאַר זיך אַליין — און איך האָב נישט געוווסט וואָס פֿריער: חוזק מאַכן אָדער זײַן אין כעס. נאָר וואָס מײַן בן-זוג איז אַרויסגעגאַנגען, בין איך אַראָפּ פֿונעם בעטל און האָב זיך צעלאַכט מיט אַ ביטערן געלעכטער.

עס טרעפֿט זיך אַמאָל, איך פֿיל, אַז אין מיר לעבן צוויי מענדעלעך, צוויי באַשעפֿענישן, יעדע פֿאַרשיידן פֿון דער צווייטער; זיי וווינען ביידע אין איין דירה, נאָר זיי קוקן אויף אַלצדינג מיט פֿאַרשידענע אויגן, זיי האַלטן בסדר מלחמה און קאָנען אייגנע נישט גובר זײַן די צווייטע. אַז איין מענדעלע ווײַנט, ווילט זיך דעם אַנדערן לאַכן, און וואָס איינער לויבט, איז ביים אַנדערן נישט ווערט אַ דרייער. איין מענדעלע איז אַ שוטה, אַ פּתי יאמין לכל דבר; אַז ער זעט מענטשן פֿײַנען זיך פֿאַר אים אויס מיט ווערטער, רעדן שיינע מליצות, מיינט ער: ס'איז תורת לאָקשן. זאָגט מען אים עפּעס אַ גוט וואָרט, איז דאָס ביי אים אַ כשרע מטבע. ער גלייבט באמונה שלימה, אַז אַלע האָבן אים ליב, אַז אַלע זע-

נען מוכן ומזומן צו העלפן אים אין זיינע גוייטן. דער אנדערער מענדעלע איז גראָד אַ חכם, אַן איבעריגעשפּיצטער; ער פּילט שטענדיק, ווו דער שוך קוועטשט; ער ווייסט, אַז נישט אַלצדינג, וואָס סע בלישטשעט, איז גאָלד, און אַז אַ חזיר בלייבט אַ חזיר, כאָטש ער מעג אַפילו אַרויסשטעלן דאָס הינטערשטע פיסל. בשעת הדחק, ווען די תוכחה האָט זיך אויסגעגאָסן אויף די קאַבצאַנסקער יידן — „ויסעו“, און מ'האָט גענומען לויפן, האָט דער ע ר ש ט ע ר מענדעלע געפירט די געראָלדיע, ער איז געווען דער גאַנצער כל־ולד, ווי, אַשטייגער, דער גבאי, אַז סע קומט זיין חודש. ער האָט דאָס זיך אָנגעכאַפּט מיט הענט און מיט פיס פאַר די קאָלאָניעס און האָט זיך אויסגעמאָלט אין דער פאַנטאַזיע אַ גיילעבן אויף דער עלטער; ער האָט דאָס געכאַפּט און פאַרקויפט דאָס פערדל, צוועקגעוואָרפן דעם מסחר מיט ספרים, געמאַכט שותפות מיט ר' לייבן און אוועק מיט אים צו אַלדי שוואַרצע יאָר זוכן אין די ווייטע מקומות מזל־ברכה; ער, דער ערשטער מענדעלע, איז געווען בטוח, אַז מיט דעם, וואָס לעבט אייביקס הילף און מיט יידיש געלט וועט ער זיך באַזעצן אין אַ רואיקן מקום אונטער זיין ווייַנשטאָק און זיין פייגנבוים. איצט האָט דער צ ו ו י י ט ע ר מענדעלע איבערגענומען די ממשלה, ער האָט אָנגעהויבן אויסרעכענען דעם ערשטן מענדעלע אַ צעטל חטאים, דערוויזן אים זיין נאַרישקייט און געמוסרט אין איין אָטעם: סטייטש, אַן אַלטער ייד, אַ צעבראָכענער שאַרבן, הויט און ביין, ווי קומסטו גאָר טראַכטן וועגן אַזוינע זאַכן, אויסמאָלן זיך אַזוינע מיני פייגעלעך, וואָס ס'איז גאָרנישט נאָך דיין כוח און נאָך דיינע יאָרן? ווי קומסטו גאָר וועלן זיך פאַרשטעלן פאַר אַ יונגנמאַן?... וווהין טראָגט דאָס דיך, שוטה איינער? ווילסט פאַרזוכן דעם טעם פון אַ צדקה־פּושקע?... פאַרגעס זשע נישט, אַז דערמיט שאָדסטו אַנדערע יידן, וואָס פאַר זיי איז די צדקה־פּושקע מער אָנגעמאָסטן ווי פאַר דיר, און אַז זיי האָבן זי טאַקע כשר פאַרדינט. וואָס זשע וואַלגערסטו זיך דאָ אין דער אכסניא, פוילע בריאה? וואָס וועסטו אויסליגן אין אַזאַ לאָך?

מילא, כל זמן דער צווייטער מענדעלע האָט נאָך אַלץ געטענהט אַזוינע מיני טענות, האָט דער ערשטער נאָך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אַמאָל אַרייַנגעשטעלט אַ וואָרט צוליב יוצא וועגן. אַז יענער האָט זיך אָבער גענומען צו זיין יידישקייט אויך און האָט אים אָנגעהויבן באַווייזן מיט אותות ומופתים, אַז זיין יראה, זיין אהבה און זיין פרומקייט זענען נאָר לפנים, אַז דאָס איז נאָר אַ מאַניפאָרגע, אַן אָנשטעל, אַז ער מיינט גאָרנישט די הגדה, נאָר די פּאָליטישיקעס, דעם שכר אויף דער וועלט, — איז דער ערשטער מענדעלע געוואָרן מלא חימה און האָט אויפגעהויבן אַ געוואַלד: אַזוי, שגץ, דו קריכסט מיר שוין גאָר אין דער גרגרת, דו פאַרקלייבסט זיך צו מיר לפני ולפנים און ווילסט אויסזאָגן פונעם הדר, אַז מיין ליבשאַפט און מיין איבערגעגעבנקייט זענען גאָר מיט אַן אויסנווייניקסטער פּניה — פע! אַזאַ! דאָס וועסטו ביי מיר נישט פועלן, בשום ענין ואופן!

ויתרוצצו... האָבן זיך די צוויי מענדעלעך געבוצקעט איגעווייניק, געריסן זיך און געפּליקט, ווי די העגער. דערביי האָבן זיי געמאַכט אַזוינע קולות, אַז ס'האָט מיר געלעכערט דעם מוח. איך האָב מיר געטראַכט, אפשר וועלן זיי שטילער ווערן, ווען איך וועל אַראָפּ אין גאַס אַריין. ס'האָט אָבער געהאָלפן, ווי אַ טויטן באַנקעס. זיי האָבן זיך אַלץ געוועקעלט, געקראָכן איינער דעם אַנדערן אין די לעבער, געצופּט מיך דער אַהין דער אַהער, אַז איך האָב נישט געוווסט, וו טו איך זיך אַהין. דער שוטה מיינער טאָרעט מיך: צוריק, מענדעלע, צו דיינע יידעלעך, צו די פאַרוויסטע, פאַרחושכטע, פאַראומערטע יידעלעך, וואָס האָבן זיך, ווי דו, אַוועקגעלאָזט אויף קידוש השם; דאָרט וועסטו אויסרוען דיין פאַרמאַטערטע נשמה! אָבער דער חכם מיינער האָט זיך אָן מיר געהאַלטן שטאָל און אייזן — און האָט געשריגן אויף אַ קול: שוטה שבעולם! וווהין גייסטו? וואָס וועסטו דאָרט טאָן?... וואָס פאַר אַ רו וועסטו געפינען צווישן אָט די קראַנקע, צעבראָכענע, פאַרווייטע נשמות, וואָס ווייסן אַליין נישט וועד ס'האָט זיי פאַרשלייערט?... אָט אַזוי האָב איך זיך אַרומגעדרייט איבערן שטאָט, די פיס האָבן מיך געטראָגן אַהין, אַהער, און דער קאָפּ האָט זיך געדרייט, ווי אַ ווינטמיל.

— ר' מענדעלע! — האָט פּלוצלינג אויסגערופן איינער אַ ייד, וואָס פאַר גרויס איילעניש האָב איך זיך אין אים אָנגעשטויסן אינמיטן גאַס, אָבער מיט אַזאַ אימפּעט, אַז ס'האָבן מיר אָנגעהויבן ווי טאָן די זייטן. איך גיב אַ קוק: דער ייד, וואָס איז דעמלט געזעסן ביים קאַרלינער!

— וווהין לויפט איר אַזוי אָן אַן אָטעם? — פרעגט מיך יענער און האַלט מיך אָן פאַר דער פּאָלע.

— איך לויף דען? — ענטפער איך. — דאָס הייסט אַזוי געגאַנגען. אַ ייד, פאַרשטייט איר מיך, האָט קיין צייט נישט; אַ ייד יאָגט זיך שטענדיק... דאָס האַרץ ציט, די מחשבות פליען, די אברים אַלע גייען כּאָדאָראָם, דער מוח און די פיס לויפן...

— אַ ייד איז דאָך אָבער אַ מענטש, אַ בר־דעת, — האָט יענער געענטפערט מיט אַ פריינדלעכן שמייכל, — און אַ מענטש דאַרף וויסן, אַז אויף אַלצדינג איז דאָ אַ צייט.

— אויף אַלצדינג איז דאָ אַ צייט, אָבער נישט ביי יידן, — האָב איך געענטפערט מיט אַ ביטער געפיל. — אַ ייד, ווי איר זעט אים, לעבט קיינמאָל נישט צו דער צייט: ער עסט נישט און טרינקט נישט צו דער צייט, ער צאָלט זיינע חובות אוי קומט מיט בקשות און מיט תשובה און האָט חרטה — נאָך דער צייט, ער נעמט אַ ווייב און האָט קינדער און ווערט געעלטערט און שטאַרבט — פאַר דער צייט... די גאַנצע יידישע היסטאָריע, פונעם אָנהייב ביזן סוף, איז איין לאַנגער צעטל פון צרות מיט וויטיקן מיט שלעק מיט פורעניות, וואָס האָבן זיך געטראָפן אונדזער־ע ברידער — אין די ע ר ש ט ע ד ו ר ו ת, ווייל זיי זענען

צו פרי געקומען אויף דער וועלט, און איז די לעצטע דורות, ווייל זיי זענען, ווי די שונאים זאָגן, צו שפּעט, צו לאַנג פֿאַרבליבן אויף דער וועלט. גענעמט באַטראַכט אַפילו איצט, וויפל גאַראַנים איז דאָ צווישן אונדזערע יידעלעך, וואָס ווילן איבערדרייען דאָס רעדל אויף צוריק, מיען זיך אויפצוטאָן אַזוינע זאַכעניש, וואָס ס'איז שוין לאַנג עבר־זמן. איך זאָג דאָס, פאַני, מאַקע אַנטקעגן מיר אליין: מיר האָט זיך אויך געטראָפן א מכשול — איך האָב זיך באַנאַרישט און אויף דער עלטער זיך גענומען צו אזא עסק, וואָס ס'איז שוין פאַר מיר נישט די צייט. נישטאָ דערצו נישט דער כוח, נישט די יאָרן.

— איך פאַרשטיי, ר' מענדעלע, אוי, פאַרשטיי איך, וואָס אייך קוועטשט. איר טוט זיך אַליין אַ בים און אַנדערע דערפילן אים אויך, דעם בים. איך וואָלט אייך געקאָנט אָפּענטפערן אויף אייניקע פון אייערע רייד, איך זע אָבער, איר זענט שטאַרק צעטראָגן, ווייל איך זיך מיט אייך איצט נישט אַריינלאָזן אין וויכוחים, — האָט יענער געענטפערט און האָט א קוק געטאָן אויף מיר מיט ליבשאפט און רחמנות. איך האָב זיך אויך איינגעקוקט אין זיין פנים און האָב דערזען, אז אין אים לעבן אויך צוויי נשמות, צוויי באַזונדערע מענטשן. מיר זענען געשטאַנען א ווײלע און געקוקט איינער אויפן צווייטן. מיין חכם האָט געקליבן נחת פון זיין חכם, און מיין נאַר האָט זיך שטילערהייט געסודעט מיט זיין נאַר, און ביידע האָבן מיר בשעת מעשה געפילט, אז מיר האָבן אלצייגע געדאַנקען, און אז קיין מחליקת וואָלט צווישן אונדז נישט געקאָנט זיין, סיידן מען זאָל פאַרדרייען די יוצרות, אַזוי אַז איינעמס שוטה זאָל מלחמה האַלטן מיטן אנדערנס חכם, אָט פונקט ווי די צוויי האַלטן מלחמה אין יעדן פון אונדז ביידן.

יענער האָט ווידער אָנגעהויבן רעדן:

— הערט, ר' מענדעלע, איך האָב שוין עטלעכע מאָל געשמועסט וועגן אייך מיט דעם קארלינער. ער וואָלט אייך זייער א בעלן געווען זען, נאָר מחמת איך האָב אַלץ קיין צייט נישט, האָב איך אייך וועגן דעם נישט געקאָנט איבערגעבן. גוט, וואָס מיר האָבן זיך באַגעגנט, איך וועל נאָך היינט מאַקע בעטן דעם קאַרלינער, ער זאָל מיר זאָגן באַשטימט, ווען איר זאָלט צו אים קומען. און איך גיב אייך מיין ערן־וואָרט, אַז איך וועל אייך וועגן דעם מודיע זיין צו דער צייט און וועל נישט פאַרשפּעטיקן, כאָטש איך בין אַ ייד מיט אַלע יידישע תנועות. און איצט האָט אייך אַ גוטן... איך מוז גיין ווייטער!

איידער איך האָב אוספּייעט ענטפערן א האלב וואָרט, איז יענער שוין נישט געבליבן. איך בין געשטאַנען אינמיטן גאס און האָב ביי מיר אַליין געהאַט אַ פנים, ווי יענער חסיד, וואָס מ'האָט אים אָנגעזאָגט אַ בשורה: היינט געפינסטו אַן אוצר.

ו.

יענע נאַכט בין איך געשלאָפן זייער שלעכט. די געדאַנקען האָבן זיך מיר געפּלאָנטערט אין קאָפּ, געטאַנצט און געדרייט זיך און געזשומעט, אַזוי ווי די פליגן, אַז זיי דערשמעקן דעם ריח פון האָניק. דער האָניק, פאַרשטייט איר דאָך, דאָס איז געווען די טייערע בשורה, אַז דער הער קאַרלינער וויל זיך מיט מיר זען. גאָר וואָס זאָג איך „האָניק“? די בשורה האָט ביי מיר געהאַט אַלערליי טעמים. איך האָב אין איר געשמעקט אַלע ריחות פון גן־עדן. אַ קאַטאָוועס! דער הער קאַרלינער וויל מיך זען! מיין נאַר איז ווידער עולה לגדולה געוואָרן, ער האָט זיך אָנגעהויבן פּטשלען, דרשענען אַלערליי סברות און האָט מיר צוגעזאָגט ישועות ונחמות, הלוואי אויף אַלע יידן. ס'איז שוין אַריבער אַ האַלבע נאַכט, און איך בין נאָך אַלץ נישט געשלאָפן. ר' לייב איז נישט געווען אין דער היים, און מיר איז דאָס גאָרנישט קשה געווען, וואָרעם איך בין, לא עליכם, געווען שטאַרק פאַרטרודעט מיט מיינע אייגענע געשעפטן. אין דער פרי, אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך דערזען, ר' לייב איז אַלץ נישטאָ. דאָ איז מיר שוין געוואָרן פריקרע. היתכן? זעלטם אַנדערש זיין, אַז ער איז געקומען, בשעת איך בין שוין געשלאָפן, און איז אַוועקגעגאַנגען דאַווענען גאַנץ פרי, איידער איך בין אויפגעשטאַנען, וואָלט ער דאָך געדאַרפט מיטנעמען דעם טלית און תפילין — און דאָ זע איך, זיין טלית־זאַק ליגט זיך אויף זיין געוויינלעכן אָרט — אויף דער קאַמאָדע. וואָס זשע דען, מוז מען זאָגן, אַז ר' לייב האָט נישט גענעכטיקט אין דער היים. איז דאָס דאָך טאַקע זייער מיאוס, וואָס מיאוס הייסט, סע שלאָגט טאַקע חלשות צום האַרצן! נישט אומזיסט האָט ער נעכטן זיך אַרומגעשפּאַצי־ט מיט אַ פריצה אינמיטן גאַס, מסתמא איז דאָס נישט גלאַט... און דאָס, וואָס ער האָט זיך נעכטן געפּוצט אַנטקעגן שפּיגל און געטאַפּט די פּיאות און צורעכט געמאַכט די קאַפּאָטע, מוז דאָ אויך, פאַרשטייט זיך, עפּעס שטעקן... ווי איך ליג אַזוי און טראַכט, וואָס קאָן דאָס באַדייטן, קומט אריין דער משרת פון דער אכסניא און פרעגט מיך: „וווּ איז אייער ייד, פעטער, אייער שכן, מיין איך? עפּעס אַ באַרישניע פרעגט זיך אויף אים, זי האָט שטאַרק חשק אים צו זען“. איך האָב אים געענטפערט, אַז ר' לייב איז נישטאָ אין דער היים, און יענער איז אַרויס מיט אַ שמייכל פון אַן עזות־מחוצף־ארצע־פלאסקע, ווי איינער רעדט: „פעטערס, מען קען אייך. מיר ווייסן, אַז איר זענט גרויסע פאַסקודניאַקעס, כאָטש איר פאַרשטעלט זיך פאַר כשרע יידן, גאָט און ציצות“. מיר איז די גאַנצע מעשה געווען זייער נישט צום האַרצן. איך האָב אונטער די אויגן אָפּגעגעבן ר' לייבן אַ פיינע פאַרציע שטעכווערטלעך מיט זלזולים, און דאָ האָב איך נאָך דערזען זיין וואָכעדיקע קאַפּאָטע, ווי זי הענגט אויף דער וואַנט, אַ טרויעריקע, אַ פאַריתומטע, איבערגעשמירט נעבעך אין בלאָטע ביז נאַרטל, ווי דער שטייגער ביי אַ יידענע

דער פֿאַרטעד ערב שבת. אויך אַ רעשטל צו די צרות! אַז אָך און ווי איז איך געבעך, האָב איך מיר געטראַכט, אויף וואָס זי, שלימזל, איז איבערגעקומען! אַלע אירע יאָרן האָט זי אים געטריי געדינט, פֿון שבת צו שבת געווען באַהעפֿט צו אים, צו זיין ליב, נישט פֿאַרלאָזט אים אַזוי לאַנג, ביז זי האָט זיך אַליין אויסגעריבן אויף אַ שמאַטע, און איצט האָט ער זיך גענומען אַן אַנדערע און זי איבערגעלאָזט אַ ווּיסטע עגונה! אַ שיינעם פּנים האָט זי איצט, נישט פֿאַר קיין שום יידישער יופֿע געדאַכט. די קעשענע איז צעריסן, צעפּיצלט, פֿון אַ לאָך שטעקט אַרויס עפּעס אַ שטיק פּאַפּיר. איך ציי אויס נישט ווילנדיק מיין האַנט און שלעפּ אַרויס דאָס פּאַפּיר. איך זע: אַ שיינע האַנטשריפֿט, אָנגעשריבן שוואַרץ אויף וויים כּהאי לישנא: „זייט זיך מטריח, קומט צו גיין הייגט אויפֿדערנאַכט אַהין און אַהין, אין דעם און דעם הויז, צימער נומער אַזוי און אַזוי". יהע! טראַכט איך מיר, גוטע יאָרן זיך דערלעבט! איר פֿאַרשטייט עפּעס אַ פּשט?

אַ גליק, וואָס איך בין אין דעם טאָג געווען זייער פֿאַרטרודעט: איך האָב געשריבן בריוו צו מיין ווייב און צו באַקאַנטע, האָב איך זיך אַ ביסל פֿאַרקלאַפּט דעם מוח, איך זאָל נישט איבערטראַכטן. די בריוו זענען, פֿאַרשטייט איר דאָך, נישט געווען קיין פֿריילעכע: אַ שווערע מרה־שחורה איז אויף זיי געלעגן אויסגעשפּריים, און דער ניגון פֿון קינות האָט זיך געלאָזט הערן פֿון יעדער שורה. שלעכט, ביטער! א מיאוסע וועלט! נישטאָ קיין אמת, נישטאָ קיין אמונה, נישטאָ קיין יראת־שמים, אַלצדינג איז שקר, — אַפּילו באָרד און פּיאות און ציצית, האָב איך מיר געטראַכט, זענען אויך נישט קיין גאַראַנטיע היינטיקע צייטן. אַלצדינג שקר וכזב! נאָר נאָכדעם האָב איך אָנגעהויבן איבערקלערן ווידער צוריק: „סך־הכל פֿונוואַנען נעמען זיך ביי מיר די אַלע ביטערע מחשבות? — פֿון איין ר' לייבן! נו, איז דאָס דען נישט אַ נאַרישקייט? איין פֿויל שייטל האָלץ, איין ברוקן שפּענדל האָט דאָס אין מיר אָנגעמאַכט אַזאַ מוראַדיקע שׂרפֿה, אַז איך ברען און פֿלאַקער און שיט שוועבל און פּעך און הייסע קוילן אויף דער גאַנצער וועלט! ווי שיקט זיך דען אַזוינס! — וואָס וואָלסטו, מענדעלע, אַליין געזאָגט דערויף, ווען דו זעסט, אַשטייגער, עמעצער בויט אַ גאַנצע שיטה וועגן הנהגת העולם, פּסקנט אַלצדינג לחומרא, מאַכט אַ תל פֿון אַ וועלט מיט מענטשן, נאָר דערפֿאַר, וואָס ס'האָט זיך אים פֿאַרשטעלט אַ קוצע קו פֿאַר אַ ווינטמיל, און ער גייט אַרום אַ צעקאָכטער? היתכן? טוט דען דאָס אַ בר־דעת? שטעל דיר פֿאָר, דאָרט האָט אַ בעל־דרשן באַקומען דאָס ערלעכע אויסקומעניש פֿון זיין פּלוניתטע, די אַרורה; וועט ער גיין שרעקן דעם גאַנצן עולם אין שול מיט שבעה מדורי גיהנום? דאָרט האָט אַ געלערנטן אַ בים געטאָן אַ פֿליג אין נאָז, בשעת ער שרייבט זיין ספֿר, נו, וועט ער אויסגיסן כּל חמתו אויף דער גאַנצער וועלט און וועט שרעקן, אַז הכּל הבל — אַלצדינג איז בלאָטע?... שיין, האַ?"

— אַזוי האָב איך געמוסרט מיין שוטה, איינגעטענהט מיט גוטן און מיט בייזן,

אויפגעוואָרפן אים, וואָס ער איז אַזאַ כאַפּער, פון אַלצדינג ווערט ער נתפעל, פון אַ ליאַדע קיצל גייט ער אַרויס פון די כלים, אַלצדינג כאַפּט ער און שלינגט, ווי הייסע לאָקשן, נישט פרעגנדיק און נישט קלערנדיק און נישט איבערלייגנדיק, און וואָס אויף דער לונג איז ביי אים באַלד אויף דער צונג, כאָטש סע מעג זיין אַ נאַרישקייט, אַ גרויסע עוולה. אַזוי האָב איך אים אויסגערעכנט פּאַוואָליענקע זיינע דייסטע חטאים, ביז די טיר האָט זיך אַן עפן געטאָן און ס'איז אַריין ר' לייב דער מלמד, אויסגעפּוצט אין דער שבתדיקער קאַפּאָטע, מיט אַ פּנים, ווי אַ מחותן.

— ס'קאָצל קומט, מחותן! וואָס מאַכט איר עפּעס גוטס? — האָב איך אים אַ זאָג געטאָן מיט אַ געלעכטערל, וואָס שטעכט אין דער זיבעטער ריפּ. — ווי טאַנצט מען דאָס אַ גאַנצן מעת־לעת פאַר דער כלה און מען רוט זיך גאָרנישט אָפּ? איר זענט גאָרנישט מיד?

— וואָס רעדט איר וואָס? — זאָגט ר' לייב און שטעלט אויף מיר אויס אַ פּאָר אויגן.

— אָט דאָס, וואָס איר הערט. זאָגט נאָר, ר' לייב, האָט איר געגעבן אייער אַלטער אַ תנאַי־גט, איידער איר האָט זיך געלאָזט אַהער?

ר' לייב שטייט ווי אַ גולם, מויל און אויערן אויפגעשטעלט, די באָרד און די נאָז איינגעהויבן אין דער הייך, און איך רעד ווייטער, אים אויף צעפּיקעניש:

— וואָס איז? ס'איז דאָך אַ יידישע זאַך, מען פּאָרט אין אַזאַ סדום, מען ווייסט נישט, צי וועט מען קאָנען ביישטיין דעם יצר־הרע, אַ קשיא אויף אַ מעשה, וואָס סע קאָן זיך מיט אַ יידן טרעפן, מ'איז דאָך נישט מער ווי אַ בשר ודם, נו, גיט מען דערווײַלע דעם ווייב אַ גט... כדי ס'זאָל, חלילה, נישט זיין קיין מכשול... ווו האָט איר דאָס געגעכטיקט הייגטיקע נאַכט, פּעטער?

— ביי אַ היימישן יידן, וואָס וואַרט אויך אויף אַ נחלה. מיר האָבן געשמועסט דעם גאַנצן אויפדערנאַכט, ביז מיר זענען אַנטשלאָפן געוואָרן.

— וואָס זשע האָט איר זיך אַזוי אויסגעפּוצט, ווי צום טאַנץ?

— וואַרט אויס אַ ביסל, ר' מענדעלע, איר וועט מיט גאָטס הילף געוואָרן וועדן אַלצדינג, — האָט מיר ר' לייב געענטפערט מיט אַ פרייליכער מינע, אויסטוענדיק די קאַפּאָטע און בלייבנדיק אין איין טלית־קטן.

— אַי זענט איר אַ פּאַרשוין, ר' לייב, קיין בייז אויג זאָל אייך נישט שאַדן, אַ מלכות, אַ קייסערישע צורה. מיידלעך קוקן אויף אייך פון אַלע פענצטער, מען לויפט אייך נאָך אין די גאַסן. איינע אַ פיינע פּריצה האָט זיך אַפילו נאָכגעפרעגט נאָך אייך אויף דער סטאַנציע, זי גייט ממש אויס נאָך אייערע טריט.

— אַזוי? זי איז געווען דאָ... זי האָט זיך געפרעגט אויף מיר!... איצט, ר' מענדעלע, מעגט איר מיר טאַקע זאָגן מזל־טוב!... — האָט ר' לייב אויסגעשריגן מיט התפעלות און פאַר גרויס חדווה האָט ער אָנגעהויבן רעדן אויף עפּעס אַ

משונהדיקן תרגום־לשון. — איר הערט? איך זאָג עס אָן לצנות. סע קומט מיר מזל־טוב. קומט מיר.

איך האָב אים באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פּיס: צי ער איז נישט אַראָפּ פונעם זינען. וואָס טוט זיך מיט דעם ייִדן?

— וואָס בעבעט איר? — זאָג איך צו אים. — וואָס איז דאָס פאַר אַ לשון? ר׳ לייב, רעדט בעסער ייִדיש, ווי מיר האָבן גערעדט ביז אַהער!...

ר׳ לייב הערט אָבער נישט. ער פּלאַפּלט עפּעס אויף אַ צעקאַליעטשעטער שפּראַך, פאַלאַוויגע ייִדיש, האַלב לשון־קודש, און סע קומט אים אָן מיט בויכווייטיק, וואָרעם ער איז, נעבעך, נישט געוווינט. ער וואָרגט זיך מיט יעדן וואָרט, סע שטעלט זיך אים אין האַלדז, נישט אַהין, נישט אַהער, ביז איך קום אים צו־הילף און שלעפּ עס אַרויס פון זיין גאָרגל. אין דער מינוט האָט ר׳ לייב געהאַט אַ פּנים פון אַ ייִדענע, וואָס זי גייט נעבעך שווער צום קינד, און איך בין געוועזן די באָבע, וועלכע פאַרעט זיך לעבן איר, טוט מעשים, פּרוּווט אַלערליי סגולות, כדי צו העלפן דער יולדות איבערקומען בשלום. אזוי לאַנג, אזוי ברייט, ביז גאָט האָט געהאָלפן, ס׳איז אַריינגעקומען דער משרת און האָט איבערגעגעבן ר׳ לייבן אַ צעטעלע. ר׳ לייב האָט עס איבערגעלייענט און זיין פּנים האָט נאָך מער אָנגעהויבן שיינען. ער האָט תיכף אויפן שטעל אָנגעטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע און איז אַרויס פונעם שטוב, ווי אַ ווינער.

— די באַרישניע, וואָס איז דאָ געוועזן אין דער פרי, האָט דאָס איבערגע־לאָזט אַ צעטעלע פאַר אייער ייִדן... פאַר אייך אַליין איז אויך דאָ עפּעס, — האָט געזאָגט דער משרת און האָט מיר איבערגעגעבן אַ בריוו מיט אַ שמייכעלע פון אַן עזות־פּנים, אַ נאַטקע־גנב.

דער בריוו איז געווען פון דעם ייִדן, וואָס איך האָב נעכטן באַגעגנט אין גאַס. ער האָט מיר געשריבן, אַז היינט פאַרנאַכט מעג איך קומען צום קאַרלינער.

ז.

ווי דער שטייגער איז פון גאַראָנים, וואָס האָבן נייז מאָס רייד, האָט מיין שוטה דעם גאַנצן וועג זיך געחזרט אַ לאַנגע דרשה, וואָס איך וועל אַוועקלייגן פאַרן קאַרלינער. אין דער דרשה הייבט ער דעם קאַרלינער ביזן הימל אַריין, און מיד מאַכט ער נידעריק ביז צו דער ערד, ווי ס׳זענען זיך נוהג אַחינו בני ישראל, ווען זיי דאַרפן אָנקומען צו דער לאַסקע פון אַ גביר. אַז איך בין אָבער אַריינגע־קומען צום קאַרלינער אין שטוב, האָט דער חכם אַ שנעל געטאָן דעם שוטה איבער דער נאָז און יענער האָט פאַרגעסן די גאַנצע דרשה און האָט געמוזט שווייגן, ווי אַ מצרים־הונט.

דער קאַרלינער איז געזעסן און האָט געלייענט אַ בוך. אויפֿן טיש האָט געברענט אַ לאָמפּ און פֿון ביידע זייטן זענען געלעגן קופּעס ביכער מיט קונטרסים. אַז איך בין אַריינגעקומען, האָט דער קאַרלינער מיר אויסגעשטרעקט אַ פֿריינדלעכן שלום־עליכם און האָט מיך געבעטן זיצן.

— איך האָב געהערט, — מאַכט ער, — אַז איר זענט באַקאַנט מיטן לעבן פֿון אונדזערע יידן און מיט זייערע פּירעכצן, האָב איך זיך געוואָלט דורכשמועסן מיט אייך. ס'איז הייַנט, פֿאַרשטייט איר מיך, אַזאַ צייַט, וואָס אַלע רעדן פֿון דער יידישער אומה, אַלע אינטערעסירן זיך מיט איר. די מיינונגען זענען, ווי איר ווייסט, זייער פֿאַרשידן. פֿאַראַן אַזוינע, וואָס לויבן זייער שטאַרק דעם יידן און געפֿינען אין אים אַ סך מעלות; אַנדערע, פֿאַרקערט, זעען אין אים בלויז חסרונות. איך אַליין בין זיך מודה, אַז איך קאָן בשום אופֿן נישט פֿאַרשטיין דאָס יידישע פֿאָלק. אָפּטמאָל געפֿין איך אין אים אַזוינע זאַכן, וואָס זענען סותר איינע די אַנדערע.

— דאָס זענט איר טאַקע גערעכט, — האָב איך אים איבערגעריסן די רייד, — אַ ייד איז איין גרויסע סתירה, אָט ווי ער שטייט און גייט, איין לעבעדיקער „ווידעראַנאַנד“: אַ חכם און אַ טיפּש; אַ בעל־חשבון, ווי אַן אויסגערעכנטער סוחר, און פֿול מיט פֿאַנטאַזיעס, ווי אַ קינד; אַ ברענענדיקער, ווי פֿייער, און אַ קאַלטער, ווי אייז; אַ מאמין און אַן אפּיקורס; אַ למדן און אַן עם־הארץ; אַן עניו און אַ מגושמדיקער גדלן; אַ שעמעוודיקער און אַ מחוצף; אַ תקיף און אַ ניונקעלע; אַ נישט־פֿאָלגער, ווען עס הייסן אים לייטישע מענטשן, און אַ זריז צו מקיים זיין, ווען ס'באַפֿעלט אים דער שוואַרציאָר ווייסט ווער; אַ ווייכער און אַ האַרטער; אַ גיבור, ווי אַ לייב, און אַ שרעקנדיקער, ווי אַ האָז; אַ בעל רחמנות און אַן אכזר; אַ וותרן און אַ קמצן; אַן אויסגעפּוצטער און אַ שלעפּער אַ מנובל; און נאָך און נאָך אַלערליי סתירות, וואָס אַז איר ווילט, וועל איך זיי אויסרעכענען בפּרטיות.

— פּאַוואָליִנקע, ר' מענדעלע, רוט אייך אָפּ, זייט מוחל, — האָט געזאָגט דער קאַרלינער מיט אַ שמייכל, — אַנישט וועט איר מיך דאָך פֿאַרפֿליצן מיט דעם מבול פֿון אייערע סתירות. פֿון די עטלעכע, וואָס איר האָט אויסגערעכנט, וואָלט מען שוין אויך געקאָנט מאַכן אַ גאַנצן ספֿר, ווען מען זאָל זיי וועלן אַרומקלערן פֿון אַלע זייטן. פֿאַר מיין ענין וועט אָבער זיין גענוג נאָר אַ קליינער טייל. איך קוק זיך צו צו דער לאַגע פֿון די יידן אין גלות און איך זע, אַז אַלע צרות קומען אויף זיי נאָר דערפֿאַר, וואָס זיי בלאָנקען זיך אַרום איבער פֿרעמדע מלוכות, ווי די נשמות אין עולם התועה. זייער נאַציאָנאַליזם שוועבט אַרום אין דער לופֿטן, נישט ווי ביי אַנדערע פֿעלקער, ווו ער האָט הויט און פֿלייש. און ווייסט איר פֿאַרוואָס? ווייל ביי די אומות העולם פֿאַרנעמט דער גוף אַ געוויסן פּלאַץ אויף דער ערד און זיינע אברים באַשיצן זיי פֿאַר אַלע אָנשיקענישן און פּגעים רעים. אַז אָך און ווי איז אָבער אַזאַ פֿאַרוואָגלט באַשעפֿעניש, וואָס קאָן זיך

אליין ניִשט העלפן, נאָר סע מוז אָנקומען צו עמעצנס לאסקע. פאר אחינו בני ישראל איז נישטאָ קיין אנדער עצה, אויב זיי ווילן בלייבן ביים לעבן, סיידן זייער נאַציאָנאַליזם זאָל אויפהערן זיין אַ רוחניות און זאָל ווערן אַ גשמיות, ער זאָל האָבן א ממשות, דאָס הייסט, ער זאָל זיין פארבונדן מיט אן אָרט. אָט דאָס וועט אייך דערקלערן, פארוואָס איך און אנדערע יידישע פריינד האָבן גע־קוקט מיט האָפענונג אויף די קאָלאָניעס. מיר האָבן זיך געזאָגט: מה האָך א יחיד, א פרט, ווערט נישט געבוירן א פארטיקער אויף דער וועלט, נאָר ביסלעכ־ווייז וואקסט זיין גוף און ווערט שטארקער, און פאוואָליִנקע, דורך גוטן חינוך און פיינער הדרכה, ארבעט זיך פון אים אויס א רעכטער מענטש, — א כל־שכן אַן אומה, א גאנץ פאָלק, קאָן ווערן גרויס און געזונט נאָר אינעם משך פון א לאנ־גער צייט, ווען עס וועט האָבן געגונג מיטלען צום לעבן און ס׳וועט זיך צוגעוויינען צו פרוקטבארער ארבעט. און אזוי ווי מיר האָבן א קימא־לן, אז יידן זענען מענטשן מיט קעפ, און דערצו רחמנים בני רחמנים און גרויסע נדיבים, האָבן מיר זיך געטראכט: מיט דעם זכות פון אָט די מידות טובות וועלן מיר מצליח זיין. מיר האָבן זיך געזאָגט: זאָלן אָנהייבן בויען דעם ישוב די יונגע, וועלכע האָבן כוח און טויגן צו דער ארבעט, די איבעריקע וועלן זיי אונטערהאלטן פון דער ווייטנס, יעדערער וועדליק זיין פארמעגן, וועט אויף אזא אופן דאָס פאָלק ישראל ביסלעכווייז איינגעוואָרצלט ווערן אויף זיין ערד, כדי ס׳זאָל שפעטער אָנהייבן וואַקסן און בליען. אַזוי האָבן מיר גערעכנט. וואָס זשע איז אָבער געוואָרן דער סוף? יידן האָבן דערהערט: קאָלאָניעס, האָבן זיי גענומען לויפן אָן א שום ישוב־הדעת: אלטע זיידעס זענען אראָפּ פון די אויוונס און קאליקעס האָבן געכאפט זייערע קוליעס; דער שניידער האָט אוועקגעלייגט די נאָדל און דער שוסטער די קאָפּיטעס מיט דער אָל; דער מלמד האָט פארלאָזט זיין חדר און דער בטלן זיין בית־מדרש, און אלע לויפן, איילן, יאָגן אין איין אימפעט און בעטן יעדערער א נחלה!...

די לעצטע ווערטער האָט דער קארלינער אויסגערעדט האסטיק, אין איין אָטעם. מ׳האָט געזען, אז דער מענטש איז א צעקאָכטער. מיר איז דאָס געווען ערגער, איידער מען זאָל מיר געבן צען פעטש. איך האָב גוט געפילט, וועמען מען מיינט דאָ. און כאָטש מיר האָט שטארק פארדראָסן, וואָס ער מאכט מיך אינ־גאנצן אויסצודרייען, נאָר איך האָב אים נישט געהאט וואָס צו ענטפערן, בין איך געזעסן מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געשטומט.

— און איר מיינט, דאָרט אויפן אָרט איז געווען בעסער? — האָט דער קארלינער ווייטער גערעדט. — מ׳איז נאָר וואָס אָנגעקומען, האָט זיך אָנגעהויבן קריג און רייסעניש און שנאה און קנאה, איינער רודפט דעם אנדערן, איינער שטעלט אונטער דעם אנדערן א פיסל, ווי אמתע העגדלער. אז אָך און וויי! מיאוס צו הערן! מיט געלט איז עפעס אויך נישט אזוי שטארק געהויבן, ווי מ׳האָט גע־רעכנט פריער. יידעלעך כאפן זיך נישט, די מידת רחמים שווייגט, און געבן גיט

מען נאָר, ווען מען קאָן שוין בשום אופן נישט אָפּזאָגן. אונדזערע נדיבים זענען וותּרנים אויף א ווילער עצה, אויף א קרעכץ, אויף א גוט וואָרט, אז סע קומט אָבער צו דער קעשענע, איז לא מיט אַן אלף, נישט זיי מיינט מען. ביי זיי איז דער גראָשן טייערער ווי דאָס גאַנצע יידישקייט מיטן נאַציאָנאַליזם אַ צוגאָב... חברים כל ישראל, אלע יידן זענען חברים, אלע זענען ערוב איינער פארן אנדערן, אָבער נאָר אין ענין עולם הבא דאָרט, און וואָס ס'איז שייך דאָ, צו דער וועלט, זענען מיר ווייט אָפּגעשיידט איינער פונעם צווייטן, יעדערער א וועלטל פאר זיך, יעדערער האָט נאָר זיך אינזינען. אַזוינס איז, דאַכט זיך, נישטאָ ביי קיין שום אומה ולשון.

דאָ האָב איך שוין א געלעגנהייט צו אָננעמען זיך פאר כל־ישראלס קריוודע; אגב האָב איך געוואָלט זיך אליין אויך א ביסל פארענטפערן. האָב איך דעם קאר־ליבער אזוי א זאָג געטאָן:

— איר זענט טאקע זייער גערעכט, כ'לעבן, אָבער דאָס, וואָס איר האלט פאר א שלעכטער מידה, איז נאָר א גליק, א טובה פאר כלל־ישראל, און ווען נישט די דאָזיקע מידה, ווער ווייסט, צי ס'וואָלט שוין גאָר געווען א זכר פון א יידן אויף דער וועלט. שטעלט אייך פאָר, ווען יעדער ייד זאָל, אשטייגער, אויפהערן אינזינען האָבן זיך און נאָר נעמען קלערן וועגן טובת הכלל, ווען אלע יידן זאָלן זיך באַ־העפטן צו שיצן די יידישע אומה פאר אירע שונאים, — וואָס זשע וואָלט גע־ווען? עס וואָלט פון זיי לאנג קיין שריד ופליט נישט געבליבן, זיי וואָלטן געוואָרן אָפּגעמעקט פון דער ערד, ווי ס'זענען אָפּגעמעקט געוואָרן אלע אנדערע פעלקער, וועלכע האָבן מבטל געווען דעם יחיד, דעם פרט צוליב דעם כלל און האָבן גע־מאכט יד־אחת מלחמה צו האלטן קעגן אויסטווייניקסטע שונאים. די דאָזיקע אלע פעלקער האָבן בפירוש יאָ אינזינען געהאט עולם־הזה, זיי האָבן געשטעלט אין קאָן זייער לעבן, זיי האָבן געזאָגט: אָדער גובר זיין, אָדער שטאַרבן, — זענען זיי טאַקע געשטאָרבן, ווייל די פיינט זייערע זענען געווען שטאַרקער. אנדערש איז מיט אַחינו בני ישראל. יעדער ייד איז זיך אַן „עם קטן" — אַ פאָלק פאַר זיך. אַז מען שלאָגט איינעם, פילט נישט דער צווייטער, און אז אויף איינעם קומט א צרה, אז אָנשיקעניש, א רדיפה, רירט עס די איבעריקע נישט אָן: דער פרומער, דער וצדקתד, דאַנקט דעם אייבערשטן, וואָס אים האָט עס נישט פאַרטשעפּעט, און ער באהאלט זיך אויפן בוידעם אין א לאָך, ביז די וצרה וועט אריבער; און דער רייכער — דער מאכט זיך גאָר וכלא ידע, ווי נישט אים מיינט מען. ער פארשטעלט זיך, כלומרשט קען ער נישט זיינע ברידער, און ער טראַכט זיך: איך בין באַוואָרנט פון כל צרה שלא תבוא. ניין, פאני, די מידה איז גאָרנישט אזא רעכטע, איר האָט נישט וואָס פאריבל צו האָבן אויף אונדזערע יידן. בעסער זאָלסטו ליב האָבן זיך אליין און זיך דערהאלטן ביים לעבן, איידער זיי זאָלן זיך מקריב זיין פארן כלל און זאָלן מיטאמאָל פארטיליקט ווערן פון דער וועלט.

— איך זע, ר׳ מענדעלע, אַז איר האָט, קיין עין הרע נישט, אַ שאַרפן מוח און קענט דרשענען, דורכציען אַ העלפאַנט דורך אַ לעכל פון אַ נאָדל, מאַכן פון שוואַרץ ווייס, — מאַכט דער קאַרלינער מיט אַ שמייכל. — אפשר זענט איר נישט איינגאַנצן אומגערעכט אויך, כאָטש אין פלוג זענען אייערע ווערטער זייער פליאַהדיק און ליגן זיך נישט אויפן שכל. נאָר ווי די מעשה איז — פאַר דעם ענין, וואָס מיר רעדן דאָ פון אים, איז די דאָזיקע מידה אַן אומגליק. זי האָט אונדז שוין אָנגעמאַכט אַ גרויסן שאָדן. מיר ווילן בויען — און זי צעשטערט, מיר זוכן שטיינער און צעמענט צו אונדזער בנין — און זי גיט אונדז צעבראָכענע ציגל און צעברעקלטע ליים, וואָס סע טויג אויף צען טויזנט כפרות.

דער קאַרלינער האָט געשוויגן עטלעכע מינוט און זיך שאַרף איינגעקוקט אין מיין פנים. נאָכדעם האָט ער אַרויסגערעדט באַהאַרצט:

— ר׳ מענדעלע! וואָס טויג אונדז שפּילן אין באַהעלטעניש, לאָמיר בעסער רעדן קלאָרע דיבורים. איר אַליין האָט אַלע אייערע יאָרן עוסק געווען אין דעם מסחר מיט ספרים, איר זענט אויסגעווען אין אַלע יידישע שטעטלעך, איר האָט זיך צוגעקוקט צום לעבן פון אַחינו בני ישראל — און, אָן חניפה, איר האָט טאַקע געבראַכט אַ נוץ מיט אייער אַרבעט. ווי זשע קומט איר איצט אַוועקלייגן אינמיטן דרינען שער און אייזן, גראָד איצט, ווען אַזוינע מענטשן, ווי איר, זענען נייטיק, ווען איר וואָלט עפעס געקאָנט האָבן אַ פעולה אי מיט אייערע ספרים, אי מיט אייערע ווערטער? מיר הייבן איצט אָן אַ גרויסע אַרבעט, מיר דאַרפן איר אַוועקגעבן אַלע אונדזערע כוחות — סיי די כוחות פון דעם גוף און סיי פון דער נשמה. ווייל איז דעם, ווער עס האָט גוטע הענט, אַ שטאַרקן גוף און אַ הייסן רצון צו גיין באַאַרבעטן די ערד מיט דעם שווייס פון זיין אייגענעם פנים. מען דאַרף אָבער אויך אַזוינע מענטשן, וואָס זייער כוח איז דאָס וואָרט, וואָס זייער גבורה איז די פלאַם=פייערדיקע פען. רייניקן דאַרף מען, ברידער, אויסראַמען דאָס מיסט און די בלאָטע, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין די שלעכטע צייטן, אַריינטראָגן ליכט אין דעם תוהו=ובוהו פון אונדזערע קהלשע עסקים, ווו אַלערליי ווילדע מנהיגים, גאַטס סטראַפּטשעס, קאָכלעפלס, גבאים=נאַראָנים=גראָבע=יונגען, כאַפּ=לאַפּערס פון כל המינים האָבן ביז אַהער געפירט דאָס רעדל און געטאָן, וואָס זייער האַרץ גלוסט.

— וואָס רעדט איר? — האָב איך געפרעגט מיט אַ שווער געמיט. — אין אַזאַ שטאָט, ווי אייערע, זענען אויך דאָ די דאָזיקע משונהדיקע ברואים? און איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז אַזאַ אָנשיקעניש נאָר אויף אונדז, אין אונדזערע קליינע, פאַרעיפושטע שטעטלעך, ווו עס וויגען קבצנים=דלפנים.

— אוי, ר׳ מענדעלע, נאָך וויאַזוי! די דאָזיקע ברואים זענען אַ מכת מדינה, יידישע וואַנצן זענען דאָס, וואָס זענען פאַרשפּרייט אומעטום, בכל תפוצות ישראל. איר מעגט מיר גלייבן, נישטאָ ביי אונדז איין חברה, איין צדקה=זאַך, ווו ס׳זאָל

נישט זיין די דאָזיקע מכה. זיי פרעסן דאָס יידישע לייב און זייגן דאָס בלוט פון אַלע אָדערן. ס'ווייזט אויס, נאָכנישט געקומען די צייט, אַז דאָס פאָלק זאָל אַליין קאָנען פירן זיינע קהלשע ענינים. ס'זענען נייטיק מנהיגים, זייטיקע מענטשן, וואָס זאָלן אַרבעטן פאַרן כלל. דעריבער ווילן מיר קודם־כל איינפירן, אַז אין אונדזער קהילה זאָל זיין אַ שטיקל סדר, אַז אַלצדינג זאָל זיך טאָן מיט ישוב־הדעת; מיר ווילן, אַז אַ מנהיג זאָל נישט זיין דער, וואָס האָט די מטבע, נאָר דער וואָס האָט א קלאָרן פארשטאנד און א רייניע נשמה.

— אַשרי המאמין! — האָב איך געזאָגט מיט אַ קרעכץ. — צו אַלע שלעק איז דאָ אַ תרופה: צו אַ מכה — אַ פלאַסטער, צו וואַנצן און טאַראַקאַנעס — פערסישער פראָשעק, צו אַ פאַרשימלט מלבוש איז אַ רפואה — לופטערן, אָבער וואָס מען טוט מיט אונדזערע יידישע וואַנצן — הייב איך נישט אָן צו וויסן.

— טינט, ברודער! — האָט דער קאַרלינער געזאָגט, דערהייבנדיק זיך פונעם אָרט. — גיסט אויף זיי אויס אַ ביסל טינט, ווייזט זיי פון דער ווייטנס אַ פעדער. פאר טינט האָבן די דאָזיקע באשעפענישן מורא, ווי פאר ווייערך און פאר א פעדער פון א שרייבער ציטערט אפילו דער נישטגוטער אליין אימת־מות.

— די רפואה איז שוין אויך קאליע, דער נישטגוטער הערט זי שוין, ווי דעם פאַראַיאָריקן שניי. היינט איז געוואָרן אַ מאָדע אויף „יידישקייט", מ'האָט זיך אָנגעהויבן אַרומטראָגן דערמיט, ווי מיט אַ טייערן חפץ, האָט זיך באַלד געפינען אַ קאָמפּאַניע צבועקעס, ליגנערס, וואָס לעקן דערפון אָפּ אַ ביינדל, אפילו דער נישטגוטער מיט זיין גאַנצער כגופיה פאַרשטעלן זיך היינט פאר יידן, כדי ס'זאָל זיי גרינגער אָנקומען זייער שוואַרץ־מיאוסע אַרבעט. היינט איז פרומקייט געהויבן, דעריבער קוקט מען זיך גאָרנישט אום, וואָס סע טוט זיך אונטער אַ פרומער מאַסקע.

— וואָס צו — איז איבעריק, צופיל נאַציאָנאַלע ליבע קאָן שאַטן פונקט אזוי, ווי עס שאדט, ווען אַ יחיד האָט איבזיינען נאָר זיין אייגענע טובה. דאָס איז אַן אומגליק אי פאַרן פרט, אי פאַרן כלל. אָט דעריבער האָב איך טאַקע געוואָלט זיך דורכרעדן מיט אייך, ר' מענדעלע: מיר וועלן זיין זייער צופרידן, ווען איר וועט צושטייון צו דעם ביסעלע שרידים־יחידים, וואָס מיינען טאַקע מיטן גאַנצן האַרצן די טובה פון אונדזער פאָלק ישראל און ווילן העלפן אויפבויען די חורבות פון זיין נאַציאָנאַלן לעבן. אין אַ שלעכטער צייט איז יעדער מענטש טייער. ווער עס קאָן און וויל — זאָל זיך נעמען צו דער אַרבעט. באַטראַכט זיך, ר' מענדעלע! קערט זיך אום צו אייערע ספרים — און לאָז אייך גאָט העלפן בהצלחה.

איך האָב נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן דעם קאַרלינער. איך האָב געשוויגן, געקרעכצט און געטראַכט ביי זיך: „אמת, ס'איז טאַקע געווען אַ נאַרישקייט, וואָס איך האָב זיך אויפגעריסן אינמיטן דערינען און אַוועקגעוואָרפן די

ספרים מיט דעם ביידל. ס'איז אַריין אין מיר עפּעס אַ שד, רחמנא ליצלן, און האָט מיך געיאָגט אויף דער עלטער און האָט מיר פאַרדולט דעם מוח מיט פּוס־טע חלומות. אָבער וואָס טויג מען איצט? איך בין אַ גרויסער עני ואביון און האָב נישט קיין קאָפּיקע ביי דער נשמה".

דער קאַרלינער האָט פאַרשטאַנען, וואָס מיך קוועטשט, און ער האָט מיך געטרייסט מיט גוטע ווערטער: נישקשה, נישט געזאָרגט, ס'וועט זיין רעכט. אַ מענטש ווערט נישט פאַרפאַלן.

ח.

אַז איך בין געקומען אויף דער סטאַנציע, האָב איך דערזען — ר' לייב דער מלמד איז ווידער נישטאָ אין דער היים. תחילת איז דאָס מיר נישט געווען קשה, וואָרעם ער פּלעגט זיך דאָרט אַרומשלעפּן אין שטאָט גאַנצע טעג און כסדר זיך אומקערן אהיים ערשט שפּעט ביינאַכט. איך גיב אָבער אַ קוק — עהע! — פון ר' לייבס זאַכן איז אויך גאָר קיין אבר נישט געבליבן: נישטאָ די וואָכעדיקע קאַ־פּאָטע אויף דער וואַנט, נישט דער טלית און תפילין, נישט דאָס רענצל, וואָס זאָל דאָס, טראַכט איך מיר, באַדייטן? ווו איז דאָס פאַרשוווּנדן מיין ליבהאַרציקער שותף? אין דער אייגענער מינוט קומט אריין דער משרת און דערציילט מיר, אַז מיין יודליק — אַזוי האָט ער גערופן ר' לייב דעם מלמד — איז געקומען היינט אויפדערנאַכט אין גרוים איילעניש, באַצאָלט דעם בעל־אכסניא פאַר סטאַנ־ציע און זיך אָפּגעטראָגן מיטן ביסל זאַכן. למאי זאָל איך לייקענען? פון דער דאָ־זיקער מעשה האָט זיך ביי מיר אַ ביסל צעשפּילט די פאַנטאַזיע. איך האָב מיר אָנגעהויבן קלערן אַלערליי סברות. מסתמא איז דאָ שולדיק די פּריצה, וואָס איך האָב זי געזען גיין מיט אים. נישט אַנדערש — זי איז דאָ אינדערמיט. אַנישט, ווו דען האָט געקאָנט אַהינקומען אַזאַ ייד ווי ר' לייב? אַזוי האָב איך מיר גע־טראַכט, און פון צופיל טראַכטן האָב איך נישט געקאָנט שלאָפן ביינאַכט, און אַז איך האָב שוין יאָ צוגעמאַכט אַן אויג, זענען מיר געקראָכן אין קאָפּ אַריין אַלער־ליי בייזע חלומות.

אין דער פרי עפנט זיך די טיר און ס'רוקט זיך אַריין ר' לייב. ער קושט די מזוזה און זאָגט אויף אַ קול: גוט מאָרגן! איך שווייג און באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז די פיס מיט אַ פינצטערן קוק.

— איך האָב צו אייך אַ בקשה, ר' מענדעלע, — הייבט ער אָן שטאַמלען, בשעת מעשה גלעטנדיק די פּיאות און ווישנדיק די נאָז מיט אַ הוסטעלע און אַ קנייטש מיט די פּלייצעס, ווי אייגער, וואָס וויל עפּעס זאָגן, נאָר ער קאָן עס נישט אַרויסברענגען פאַרן מויל. — האָט נישט קיין פאַריבל, ר' מענדעלע...

— וואָס עפּעס איך? — האַק איך אים איבער די רייד. — פֿאַריבל דאַרף האָבן אייער ווייב, זאָל לעבן, נישט איך...

— אַדרבא, מיין אַלטער וועט עס דווקא והנאה טאָן, אַז זי וועט דערהערן די גוטע בשורה, — ענטפֿערט ר׳ לייב עפּעס אויף אַ מין לשון־קודש. — מיין אַלטע וועט טאַנצן פֿאַר שמחה, וואָס איר מאַן האָט דאָ, מיט גאָטס הילף, נושא־חן געווען און זיך דערשלאָגן צו אַזאַ מעמד.

— איך בעט אייך, ר׳ לייב, — זאָג איך מיט אַ ביטערן שמייכל, — האָט רחמנות אויף מיר און אויף אייך און רעדט ווי אַ מענטש. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ דיבוק אין אייך אַריין די לעצטע צייט, וואָס רק איר בעבעט עפּעס גאָר טערקיש, באַהיט זאָל מען ווערן... רעדט יידיש, ר׳ לייב, ווי אַלע ייִדן, און וואַרפֿט אַוועק אייער משוגעת.

— חלילה וחס! — כאַפּט זיך ר׳ לייב אויף, ווי אַן אָפּגעבריטער. — חלילה וחס! הערט פֿריער אויס, ר׳ מענדעלע, וועט איר זען, אַז איר האָט אַ טעות. וואָס זאָל איך אייך מאַריך זיין? ס׳איז חידושים ונפֿלאות, ר׳ מענדעלע, ממש מויל און אויערן אויפֿצושטעלן! די אָדעסער ייִדן זענען, פֿאַרשטייט איר מיך, געוואָרן בעלי־תשובה־ניקעס, פֿרומע כשרע נשמות, מען קומט זיך צונויף און מען רעדט לשון־קודש!... וואָס קוקט איר מיך אַזוי אָן? — שלאָגט ער זיך אַליין איבער, דערזעענדיק, אַז איך בין שטאַרק פֿאַרוווּנדערט. — איך דערצייל אייך נישט קיין גוזמות, חלילה, כ׳האָב אַליין געזען מיט מיינע אויגן און געהערט מיט מיינע אויערן, איך זאָל אַזוי זען אַלדאָס גוטס. וואָס טויג אייך מער? איך בין אַליין געווען אין אַזאַ חברה. אַן אַקט, כ׳לעבן. בחורים און בתולות, פּראָסטע ייִדן און פּאַרפּוצטע דייטשן מיט קאַפּעליושן און לאַנגע הויזן קומען זיך צונויף און מען מיטשעט זיך נעבעך, מען וויל נאָר רעדן לשון־קודש. איך בין מיר תחילת געשטאַנען אַ צעטומלטער פֿון דער ווייטנס און געשוויגן. אָבער באַלד האָב איך מיר אַ טראַכט געטאָן: וואָס האָב איך זיך צו שעמען? אַדרבא, לאָמיך נאָר עפּענען אַ מויל, ווי אין מחזור שטייט: בפּצותי שיח להשחיל, וועלן זיי דערזען, אַז מיין נשמה איז נישט פֿון קליאַטשע, און וואָס איך פֿאַרמאָג אין פּיאַטע, פֿאַרמאָגן זיי נאָכנישט אין קאָפּ. בקיצור, איך האָב זיך טאַקע נישט געקאָנט איינהאַלטן — ושריות שותא, און האָב געגעבן אַ זאָג מיטן פּיוט, מיט יוצרות. נו, זענען זיי געבליבן שטיין פֿאַרגאַפֿט. איך בין דאָך עפּעס אַ מלמד אויף דער וועלט און געדענק די אַלע גוטע שטיקלעך אויף אויסנווייניק. נו, פֿאַרשטייט איר דאָך, אַז איך האָב געשיט ווי פֿון אַרבל, ושפתי, און די לעפּצן מיינע, האָבן געטריפֿט נופת, הויכע מליצות. איך זאָג אייך, דער עולם האָט גאָר אָנגעקוועלט. די זאָגערס זייערע זענען געווען געפּלעפֿט. די דייטשן האָבן זיך מיט מיר גאָר געפֿרייט, ווי מיט אַן אבן־טוב, מ׳האָט מיך ממש אַרומגעטראָגן אויף די הענט. פֿון דער ווייטנס האָב איך געהערט רעדנדיק: אָט אַזוינע ייִדן דאַרפֿן מיר היינט האָבן, דאָס איז דער רעב=

טער מענטש אין דער רעכטער צייט. נו, וואָס זאָל איך אייך זאָגן, ר׳ מענדעלע, פון דעמלט אָן האָט מיר אָנגעהויבן דאָס מזל שײַנען. איך לעב בטוח, זיכערלעכן, הערט איר? אַזוינע ייִדן, ווי אין אָדעס, וועט איר נישט געפינען אַפילו אין גלופּסק. אין קאַבצאַנסק אַפילו אויך נישט! איר מעגט זיי דאָרט זוכן מיט ליכט. אָנקוקנדיק אײַנעם, דאַכט זיך — אַ גאַנצער דײַטש. יצטעמט אים אָבער די פּאָלעס — וועט איר זען אַ טלית־קטן, — אַ ייִדלאַק מיט אַלע פּירושים. איר פֿאַרשטייט, וואָס דאָס הייסט אַזוינס?

— מילא, נו, בין איך אייך מוחל, זאָל שוין זײַן געלשון־קודשט, — מאַך איך מיט אַ שמייכעלע. — איך בין אָבער אַ בעלן צו וויסן, וואָס באַטײַט דאָס מיידל?... עפּעס גייען צו אייך מיידלעך און מען שרייבט צו אייך בריוועלעך, ר׳ לייב, — האַ, וואָס הייסט דאָס?

— דאָס מיידל? — ענטפֿערט ר׳ לייב בתמימות און דאָס פּנים שײַנט בײַ אים פֿאַר שמחה. — דעם פּשט פֿונעם מיידל ווילט איר וויסן? ס׳איז אַ לשון־קודש־מיידל, אַ כשרע ייִדישע טאָכטער, כ׳לעבן. זי האָט עס אויף זיך גענומען מיר צונויפֿצושטעלן אַ חדר, איך זאָל האָבן אַ שטיקל מעמד. אַ מדובר האָב איך געהאַט מיט איר, אַז באם זי וועט געפֿינען עפּעס רעכטס, וועט זי מיר תיכף געבן אַ ידיעה אויף דער אכסניא. וכך הוה, זי האָט זיך טאַקע בכבודה ובעצמה מטריח געווען אַהער מיר אָנזאָגן די גוטע בשורה. איצט האָב איך אַ קנעלונג בײַ אַ היגן באַלעבאָס, איך לערן מיט זײַנע דרײַ קינדער און עס מיר טאַקע דאָרט קעסט. אַצינד בין איך נאָר געקומען בעטן אייך, ר׳ מענדעלע, איר זאָלט מיר מוחל זײַן...

— אַוודאי איז דאָס נישט שיין פֿון אייך, — פֿאַל איך אים אַרײַן אין די רייד. ס׳טײַטש, ווי באַהאַלט מען דאָס פֿון אַ שותף אַזאַ גליק! פֿײַן, כ׳לעבן, האַ?

— נאָט איז יודע דעם אמת, ר׳ מענדעלע, אַז איך האָב אַלצדינג געוואָלט דערציילן פֿון אָנהייב אָן, נאָר וואָס דען? ס׳איז פּשוט קיין צײַט נישט געווען. יעדערער פֿון אונדז האָט זיך געהאַט זײַנע געשעפֿטן, געווען פֿאַרטרודעט טאָג ווי נאַכט. אַחוץ דעם האָב איך דערקענט אָן אײַער נאָז, אַז עפּעס שמעקט אייך נישט מײַנע דרכים. מילא, קאָנט איר צו מיר אין דעם פּרט קיין טענות נישט האָבן. וואָס זשע דען וויל איך איצט? איר זאָלט מיר מוחל זײַן דעם תקיעת־כּף און צערײַסן דעם שותפֿות־כּתב, וואָס מיר האָבן געמאַכט. אַדרבא, באַטראַכט זיך נאָר אַליין, — האָט ער מיר גענומען אײַנרעדן, — במה דברים אמורים, ווען איך האָב אַן אייגענע דירה מיט אַן אייגענער באַלעבאַטישקייט, איז מהיכי־תּיתי, וווינט איר בײַ מיר אין דירה און עסט מיט מיר בײַ איין טיש. איצט אָבער, אַז איך אַליין זיץ אויף קעסט בײַ יענעם, מיט וואָס פֿאַר אַ יושר קאָן איך נאָך

צונעמען צו מיר מיין שותף אויך? ווי זאָגט זי דאָרט, די גמרא: אין אורח מכניס אורח.

— יאָ, אָבער פאַרוואָס זשע האָט איר גאָר לכתחילה אָנגענומען אַזאַ שטעלע, וואָס קאָן מבטל זיין אונדזער שותפות? פע, ר' לייב, איר האָט עובר געווען אויף דעם תקיעת־כף, גישקשה, איר וועט מוחל זיין וצאָלן קנס...

געזאָגט האָב איך דאָס גאָר אויף קאַטאָוועס: איך האָב געוואָלט זען, וואָס וועט מיר ענטפערן אַזאַ ייד, ווי ר' לייב. אין האַרצן האָב איך אים שוין לאַנג מוחל געווען. אַדרבא, ס'האָט מיר דווקא הנאה געטאָן, וואָס איך ווער פּטור אַזאַ שותף.

— אָ, דערפאַר איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן, דאָס האָב איך באַוואָרנט באַלד טאַקע ביי אונדזער אָפּמאַך, — ענטפערט ר' לייב, גלעטנדיק די באָרד און לאַכנדיק מיט אַ כיטרע גלעכטערל. — באַלד טאַקע ביים שליסן אונדזער שות־פות, האָב איך מוסר מודעה געווען פאַר כשרע עדות, אז דאָס טו איך פאַר נויט, בין איך על פּי דין פּטור...

— וואָס מיר מוסר־מודעה, ווען מיר מוסר־מודעה! גאָט איז מיט אייך! ס'איז האָר, האָט קיין פאַריבל נישט, מעשה רמאי! נויט — זאָגט ער! ווער האָט אייך גענייט? ווי עפנט זיך דאָס אַ יידן אַ מויל צו זאָגן אַזוינס? — זאָג איך, באמת טאַקע ווערנדיק אין כעס, אַז אַ מלמד אַן ערלעכער ייד זאָל זאָגן אַזאַ ליגן.
— וואָס הייסט עס, ר' לייב? איך האָב אייך גענייט?

— נישט איר, ר' מענדעלע, נישט איר, חס וחלילה, — ענטפערט ר' לייב מיט אַ שווערן זיפץ. — די נויט, די נויט האָט מיך געיאָגט, דער דלות האָט מיך געטריבן צו עסקים, וואָס נישט פאַר מיר, נישט פאַר מיינע יאָרן. אוי, די צרות, ר' מענדעלע, האָבן מיך נישט געלאָזט איבערקלייבן, מיך געצוווּנגען נעמען, וואָס עס קומט נאָר צו דער האַנט. פּרנסה, ר' מענדעלע!...

די דאָזיקע עטלעכע ווערטער, וואָס ר' לייב האָט אַרויסגערעדט אָן שום זייטיקע כוונות, זענען געווען אַ קלאָרער תירוץ אויף דעם לויפעניש און דער בהלה פון די קאַבצאַנסקער יידן. נישטאָ אויף וועמען פאַריבל צו האָבן, נישטאָ וועמען צו זידלען. פּרנסה!... עס פאַרקלעמט מיר פאַר גרויס רחמנות דאָס האַרץ און איך זאָג מיט אַ ביטער געמיט:

— אוי, זענט איר גערעכט, ר' לייב! מיר זענען אַלע גאָרנישט אַזוינע גאַ־ראָנים. חלילה. מיר פאַרשטייען אייך, ווי ס'באַדאַרף זיין, ווער צו וואָס עס פּאַסט, נאָר די צרות, די צרות נעמען ביי אונדז אָפּ דעם שכל. איך בין אייך מוחל, ר' לייב, מוחל פון גאַנצן האַרצן. זאָל אייך גאָט העלפן, איר זאָלט האָבן פּרנסה אָן קאָפּדרייעניש, אָן יאָגעניש, כאָטש אויף דער עלטער זיך אויסרוען און עסן דאָס זינדיק שטיקל ברויט אָן צער, מיט אַ רואיק געמיט. זייט אייך איר דאָ געזונט — און איך וועל פאָרן אהיים צוריק אין אונדזערע מקומות אריין.

— איך מוז אייך זאָגן, ר' מענדעלע, אַז איר טוט, מחילה, אַ נאַרישקייט, וואָס איר ווילט פאָרן אַהיים. זייט ווִיסן, אַז נעכטן איז אַהער אָנגעקומען אַ נייע קאָמפּאַניע קאַבצאַנסקער יידן — קיין עין־הרע נישט, אַ היפּשע מחנה. פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון גלופּסקער געגנט קומען אויך אָן טאָג־טעגלעך גאַנצע מחנות און זיי דערציילן, אַז מען קלייבט זיך ערשט אין וועג אַריין, מען וועט פאָרן איש על מחנהו — יעדער כולל באַזונדער! קאַבצאַנסקער כולל, טונעיאַדעווקער כולל, גלופּסקער... ווער ווייסט, ס'קאָן נאָך מיט דער צייט אויס ווערן דער גאַנצער תחום.

— נישקשה, ר' לייב, האָט נישט קיין מורא. דער יידישער תחום איז ווי אַ קוואַל, וואָס ווערט נישט אויסגעשעפּט קיינמאָל. קאָמפּאַניעס גייען, קאָמפּאַניעס קומען, און קאַבצאַנסק און גלופּסק וועלן בלייבן אייביק.

ט.

מיט מי און מאַטערניש האָב איך זיך אומגעקערט קיין גלופּסק. אַרייננפאָרנדיק אין שטאָט אַריין, האָב איך מיך געפילט אַזוי, ווי עס פילט זיך אַ פראָש, ווען ער קערט זיך אום, נאָך אַ לאַנגן שפּאַצירגאַנג איבער דער יבשה, צוריק אין זיין בלאָטע אַריין און טוקט זיך אונטער ביז איבער די אויערן. איך האָב געזען בחוש, אַז איך און גלופּסק זענען אַ זיווג מן השמים! טאַקע נאָר צווישן די מיניקע, אין גלופּסק און אין אַנדערע אַזוינע יידישע מקומות בין איך אַ מענטש מיט מענטשן גלייך.

גייענדיק ערב־שבת פונעם מרחץ, די ערשטע וואָך ווי איך בין אָנגעקומען אַהיים, זע איך, עס שלעפּט זיך באַרג אַרויף אַ פערדל מיט אַ גרויסער פאַס וואַסער. דאָס פערדל איז נעבעך מיד, סע האַלט זיך קוים אויף די פיס. דער רוקן אויסגעבויגן, אַזוי אַז סע סטאַרטשעט אַרויס יעדער ביין, די זייטן הייבן זיך און פאַלן, ווי אַ בלאָז־זאַק, די צונג אַרויסגעשטעקט, דער אָטעם מיט אַ סווישטש. דאָס פערדל ציט נעבעך, וויפל עס האָט כוח, דער וואַסער־פירער גייט ביי דער זייט, שמייסט מיט דער בייטש און שעלט מיט טויטע קללות. כ'טו אַ קוק אויף דעם בידנעם באַשעפעניש און דערזע — אוי! — ס'איז דאָך מיין פערדל, מיין געטרייע קליאַטשע, וואָס האָט מיר געדינט אַזויפיל יאָרן! אַז אָך און ווִיי, וואָס פון איר איז איצט געוואָרן. דער הינטער־טייל אָפּגעפאַלן, דער עק אויסגעפליקט, אויסגעצופּט, די הויט דאַר ווי אַ שפּענדל, איינגאַנצן פון קאָפּ ביז די פיס איין וווּנד, איין גרויסע מכה; פון דעם רעכטן אויג רינט. דאָס פערדל האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ קוק געטאָן אויף מיר, אַרויסלאָזנדיק אַ טיפן זיפץ. אוי, איז דאָס געווען אַ קוק! ער האָט גערעדט מער, ווי מ'וואָלט געקאָנט דערציילן מיט ווערטער; ער האָט

געוויינט, געקלאָגט זיך אויף זיין ביטער מזל, געיאָמערט: גוואלד! פאַרוואָס קומט דאָס מיר! גוואַלד, ווי קאָן מען האָבן אַ האַרץ, נעמען אַ לעבעדיק גאָטס באַשעפעניש און פייניקן עס מיט אַרבעט איבער די כוחות. אין דעם זיפץ האָב איך געהערט ווי א פארטרויערט קול, אָנגעזאַפּט מיט טרערן: „שלום־עליכם, ר' מענדעלע! דאָס בין איך, דיין פערדל, וואָס האָט דיר געדינט אַזויפיל יאָרן, געשלעפּט מיט חשק יידישע ספרים! פאַרוואָס זשע קומט עס מיר מיך צו דערווייטערן אויף דער עלטער? אָט דאָס איז דער לוין פאַר געטרייע אַרבעט?“

דער וואַסערפירער אָבער לאָזט נישט אָפּ די בידנע קליאַטשע, שמייסט זי מיט דער בייטש, שעלטנדיק: וויאָ, פגירה! ריר זיך, נבלה!

איך האָב נישט געקאָנט צוזען די יסורים פון מיין פערדל, און געטראַכט: וואַרט, ס'וועט נאָך קומען אַ ישועה אויף דיר אויך.

דעם זעלביקן שבתצונאַכטס האָב איך אויסגעלייזט דאָס פערדל פון דעם וואַסערפירערס הענט. איך האָב אַרויפגעלייגט אויף אים דעם עול־תורה, און בישקשה, נישט צו פאַרזינדיקן, עס שלעפּט מיין ביידל און פאַרשפּרייט השכלה צווישן יידן עד היום.

# שם און יפת אין אַ וואַגאָן

## א.

עס לאָזט א קול גלופּסק פון זיך הערן, א געשריי ביז דעם זיבעטן הימל! גישט עס ברענט דאָרט, נישט גזלנים זענען זי באַפאַלן, חלילה! דאָס איז אַ קול, ווי געווייגטלעך, פון יידישע קינדער אויף דעם וואָקזאַל אירן. יידעלעך לויפן העמדום־פענדום גאָר אָן אַ נשמה, באַלאָדן מיט זעקלעך, מיט קלומקעס און פעקלעך, צווישן זיי טויטשן זיך, נישט טויט נישט לעבעדיק, ווייבער, פלאָנטענדיק זיך אין די בעבעכעס, מיט עופהלעך אין די הענט און מיט קליינע, וויינענדיקע קינדערלעך זיי ביי דער זייט. ס'איז א לויפעניש, א שרייעניש, א שטופעניש, אַן אַנטרעטעניש אויף די פיס, אַ שטויסעניש אין רוקן, אין די זייטן, אַ קלעטערניש אויף אַלע פיר, אַ דראַפּען זיך אויף די גלייכע טרעפלעך וואַגאָנעס פון דריטן קלאַס, איינשטעלנדיק זיך דאָס לעבן, כדי צו פארכאַפּן דאָרט ערטער באַצייטנס.

און איך, מענדעלע מוכר ספרים, באַלאָדן מיט חפצים, מיט אלע מיינע כלים, גורט אָן מיינע לענדן און יאָג מיך און קניע מיך און בוק מיך און קלעטער איינגעם טאַקע מיט אחינו בני ישראל, מיינענדיק, מסתמא באַדאַרף עס אזוי צו זיין — דאָס איז דאָך געווען מיין ערשטער ארויספאָר מיט דער אייזנבאַן. נאָך געווען אַ פריץ. אַ שטיקל חידוש איז מיר יאָ אַפילו געווען — ווי קומט עס, אז בשעת מיר, יידישע קינדער, יאָגן, איילן, ווי די צעטומלטע, אריינצוכאַפּן זיך ראַפּטעם אין די וואַגאָנעס, מורא האָבנדיק, טאָמער וועלן מיר, חס־ושלום, פארשפּעטיקן, און קוקן בשעת־מעשה אָן די קאָנדוקטאָרעס מיט גרויס דרך־ארץ עפּעס, ווי מיט א געבעט: האָט רחמנות און לאָזט אונדז פאָרן! — אָט דענסטמאָל גראָד שפּאַצירן זיך יענע פאַסאַזשירן פון די אומות־העולם גאַנץ רואיק אהין־אהער פארביי דעם צוג, פארלייגנדיק די הענט אהינטער, און ערשט נאָכן דריטן קלונג גייען זיי זיך אריין דווקא געלאסן?!

איבערקומענדיק, מיט דעם אייבערשטנס הילף, דאָס אַריינפּעקלען זיך אין וואַגאָן אין טומלעניש, אין שטופעניש, הייבט זיך אָן א ניי קאָפּ־דרייעניש, א זו־

כעניש ערטער דאָרט. א טייל דיגט דאָס מזל און באַזעצן זיך באַלד טאַקע, און א טייל בלאָנקען זיך, נעבעך, אַרום ווי די פאַרוואָגלטע, נישט צו געפינען פאַר זיך א מקום־מנוחה. א יידענע, א ברייטבייכיקע, א לאַנגנאָזיקע, מיט א מויל אויף שרויפן, שטופּט זיך אין טיר אַריין, שטופּנדיק פּאָרויס פּעקלעך מיט בעבעכעס, און באַלד ביים אַריינשטופּן זיך דערמיט פאַלט זי דערויף אַניידער, אויסציענדיק זיך ווי גרויס זי איז, סאָפּעט, מאַכט מיט די זייטן, טאַקע נאָר ווי א געפּענטעטער אינדיק אויפן מאַרק פאַר פּסח, ווײַבאַלד מען בינדט אים אָפּ די פיסלעך, אַריינטראָגנדיק אים אין שטוב, ציט ער זיך אויס, ליגנדיק אויף דער ערד מיט אויסגעשפּרייטע פליגל, א פאַרריסן קעפּל און אן אָפּן פּיסקל און פּאַכט מין נעזל, אומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן. נאָך דער דאָזיקער יידענע ווייזט זיך נאָך א יידענע מיט בעטגעוואַנט און גאַנצע פּעקלעך שמאַטעס, אומדרייענדיק דעם קאָפּ צו אירע קינדער און שרייענדיק צו זיי אויף א קול: גיכער, גיכער! אָט די יידענע האָט מיר זיין ליבער גאָמען באַשערט צו זיצן מיט איר, מיט איר מאַן און אירע קינדערלעך אין קוועטשעניש, אין ענגשאַפט, אַרומגערינגלט מיט קלומקעס, מיט בעבעכעס ווי מיט א מויער.

על ספסלי הוואגאָן, אויף די בענק פונעם וואַגאָן, שם ישבנו, זענען מיר, יידן, געזעסן און טייכן שוויים האָט זיך פון אונדז געגאָסן. משונה־ווילד איז מיר אויסגעקומען די נסיעה מיט דער אייזנבאַן און אַלצדינג, וואָס פאַר מיינע אויגן דאָרט. ס'איז מיר ענג, עס קוועטשט, א שרעק, און איך זיץ ווי א גולם, מורא האָבנדיק זיך אַ ריר צו טאָן, און שוויץ. אַמאָל, אַז איך פלעג פאָרן מיט מיין פערד און וועגעלע איבער דער וועלט, איז מיר דאָס זיצן איינגעהויקערט צווישן די פּעקלעך ספרים גאָרנישט שווער געווען, חלילה. ווער שמועסט שוויצן — דאָס איז געווען גאָר מחיה נפשות. ווער ס'איז געווען אונטערוועגס זומער אין די גרויסע היצן, תמוז, אַשטייגער, ווען דער רבונו של עולם ציט אַרויס די זון פון דער פוטערפאַס, עס ברענט, עס סמאַליעט, און ער ליגט זיך צעלייגט אויפן וואָגן מיט דעם פּנים אַראָפּ, ווי איך, און שוויצט — אָט אַזעלכער ווייסט דעם טעם פון א גוטן שוויים אין זיין לעבן צו זאָגן. אַצינד אָבער איז גאָרנישט דאָס, נישט דער טעם פון שוויים וואָס אַמאָל. אויך דאָס זיצן צונויפגעקוועטשט איז פּע, נעמט צו א שטיק געזונט. איך הייב אָן צו קלערן, א קשיא אויף א מעשה, אפשר האָט מיר זיך, בעוונותינו־הרבים, איבערגעביטן די יידישע נאַטור און נישט איך טויג, נישט איך בין ווערט מער זוכה צו זיין די צוויי מתנות טובות — ווי קאָנען אין ענגשאַפט זיצן און שוויצן — מיט וועלכע השם יתברך האָט געבענטשט זיין פאָלק ישראל. נאָר דאָס באַגיין זיך פון דעם קאָנדוקטאָר מיט די פּאַסאַזשירן, די אויפפירונג פון די פּאַסאַזשירן איינער מיט דעם צווייטן, און דאָס עגמת־נפש, וואָס איך האָב איינגענומען אין דער קורצער צייט, האָבן מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די ענדערונג איז נישט, חלילה, אין מיר זעלבסט, אין

כיין נאַטור. וואָס דען? גאַנץ איינפאַך: דער אָרט פאָרן האָט זיך אומגעביטן — מען קאָן נישט פאַרגלייכן דעם פאַרצייטיקן פאָרן אין בוידן מיט היינטיקן פאָרן אויף דער באַן. אַמאָל אין בויד בין איך מיר געווען מיינער, און דער ווילן איז געווען מיינער, בין מיר געווען אַ גאַנצער פריץ. האָט זיך געמאַכט אַמאָל, עס ווערט ענג פון צופיל אָנגעזעצטע פאַרשוינען, פיס מיט פיס ווערן צוזאמענגעפלאָכטן, מיינע־דיינע — אלציינס, און מען געפינט זיך אין דער קלעם, איינגעפרעסט ווי הערינג אין א פאס, איז דאָך די בריה ביי אונדז: וויל מען, זיצט מען אין צרות, לאָזנדיק זיך פייניקן; אלא וויל מען עולם הזה א ביסל, קריכט מען אראָפ, ווער ווערט אייך? און מע גייט זיך צופוס, די גאַנצע ערד איז פאַר אונדז פריי. אָט די בריה אליין, אז איך קאָן טאָן, וואָס איך וויל, לאָזט מיך נישט פילן אזוי די יסורים, און נעם זיי אָן פאַר ליב. נישט אזוי אָבער איז אויף דער באַן: דאָרטן בין איך נישט מיינער, און מיין ווילן נישט מיינער; איך בין פארקויפט צו דעם מעשענעם קנעפל, צום קאָנדוקטאָר הייסט עס, מיט לייב און לעבן, מיט האַק און פאַק. איך פיל מיך עפעס ווי אין תפיסה, נישט צו טאָ־ן ארויסרייסן זיך פונעם ענגעניש פריי אפילו אויף א רגע.

און דאָס אייגענע טאַקע איז אויך מיטן שוויצן. עס איז נישט גלייך, אז מען שוויצט מיטן גוטן ווילן, צי אז מען שוויצט, ווייל מען מוז שוויצן.

און נאָך אַ חילוק איז דאָ: דער וואָגן איז ווי אַ קליינע קאָלאָניע פון געציילטע מענטשן, וואָס ווערן אין וועג צווישן זיך ווי איין געזינד. מען פאָ־רט זיך פאַמעלעך, פאַמעלעך, נישט געאיילט — ויהי ערב ויהי בוקר, און עס ווערט אָוונט און עס ווערט מאָרגן — יום אחד, איין טאָג, צוויי טאָג, דריי טאָג אאוו. ס'איז דאָ גענוג צייט צוקוקן זיך, צו באַטראַכטן אלצדינג אויפן וועג. דער הימל איז ווי א בלויער פאָ־האַנג אויסגעשפרייט איבער די קעפ, פעלדער ווי שיינע פאַנאָראַמעס פארנעמען די אויגן מיט תבואות און קרייטעכצער אלערליי. מאַכט זיך אַמאָל, דער וואָגן קערט זיך איבער, מען פאלט אריין אין א קאַנאַווע, מילא, איז אויך צו דערליידן. די ערד נעמט אויף ווי אַ געטרייע מאַמע אירע קינדער צו זיך אין שויס אריין. מען ליגט זיך אזוי, אויסגלייכנדיק די ביינער אויף איר, ביז מען שטייט אויף. אקעגן זשע אָבער די באַן — זי איז ווי א פאָרנדיקע, פליענדיקע גרויסע שטאָט, מיט איר טומל און גערודער; מיט אירע איינוווינער פון פארשידענע קלאַסן און פארשידענע גראַדן, מיט זייער קנאה, שנאה, קאָנקורענץ און קריגעריי. מען פליט, מען פאָ־רט אויס א וועלט, נישט רעכט אָנצוקוקן די שיינע נאַטור, און נישט צו וויסן די ערטער, וו מען איז פלינק דורכגעפאָרן, מיט אלצדינג וואָס דאָרט..

דער ממונה אויף די תקיעות האָט געמאַכט א תקיעה גדולה, א קלונג הייסט עס, און דער צוג איז זיך אוועק, אלעמענס פנימער האָבן זיך ווי אומגעביטן, געוואָרן פרייליכער. אבי פאָ־רכאַפט, אבי מען פאָרט שוין. מען הייבט אָן איינער

דעם צווייטן באַטראַכטן און אויספרעגן: פונוואַנען איז א ייד? וווהין פאָרט מען? מיט וואָס האַנדלט מען? דאָס, יענץ וכדומה, ווי דער שטייגער פון יידן איז. פרעמדע ווערן קרובים, ווייטע ווערן נאָענט, און אומבאַקאַנטע באַקאַנט. מען רופט איינער דעם צווייטן מיטן נאָמען, גלייך ווי מען זאָל זיך קענען פון פריער. חיים עפנט זיין רענצל, נעמט ארויס שנאַפּס, טרינקט אליין און איז מכבד שמואלן; און שמואל נעמט אַרויס ברויט, ציבעלע ושאר ירקות און גיט־חיימען, און ס'איז ליהודים, לעבעדיק־פריילעך! שמערל גיט איבער אַנשלען געלט, ער זאָל זיך מטריח זיין אָפּגעבן עס דעם מחותן זיינעם דאָרט אין זיין שטעטל, און ראובן שיקט דורך שמעונען בריוו און רעכענונגען צו לוי דעם קרעמער אין כאַנדריקעווע, און דער גאַנצער וואַגאָן איז געוואָרן א מארק, א יאַריד, די קינדער ישראל מאַכן געשעפטן, זענען זיך עוסק איינער מיט דעם אַנדערן אין פרנסה, אַלע רעדן, עס טוט זיך און עס קאָכט זיך ווי אין אַ קעסל. אויף מיר האָט אויך אָנגענומען דער חשק צום מסחר, און איך האָב געוואָלט אויפבינדן מיינע פעקלעך ספרים, טאָמער וועל איך עפּעס לייזן; אָבער די פעקלעך זענען געווען אזוי פארלייגט מיט אַנדערע, אז ס'איז געווען אוממעגלעך זיי ארויסצובאַקומען. איך בין אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט א שווייס, שלעפנדיק זיי — און גאָרנישט. שווער געווען צו באַקומען. בין איך אָפּהענטיק, אין איינע צרות, ווי ס'איז געזעסן אויפן שאַרף פונעם בענקל, באַטראַכטנדיק די פארשוינען, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו זיצן צונויפגעשטיקט אינייגעם.

אקעגן מיר, זע איך, אויף א גרויסן קישן, פון וועלכער עס פליען פעדערן, זיצט באַטריבט א דארע יידענע, הויט און ביין, די נאָז א דינע, אויגן איינגעגראָבענע, ליפן פארטריקנטע און דאָס פנים בלייך, אויסגעצויגן, צעקנייטשט ווי א געבראָטענער עפל. זינט זי איז אַ־יין, האָט זי קיין באַרוטע מינוט נישט פון אירע קינדער; זיי טומלען איר אָן א קאָפּ מיט זייערע פראגעס, מיט זייערע קריג און מסירות איינער אויף דעם צווייטן. דריי קלענערע קינדער בייטן זיך אַלע ווײַלע מיט די ערטער, דער אראָפּ, דער ארויף, און קלאַפּן, שטעכן דערוויל איר אין די זייטן און ווו עס טרעפט זיך, אויף די הענט ביי איר שלאָפט א זייגנדיק קינד, וועלכעס האָט זיך גוט אָנגעשריען, אָנגעוויינט און איז איינגעשלאָפן. די טרערן שטייען נאָך אויף זיינע בעקלעך, אין וועלכע ס'איז קיין טראָפּן בלוט נישטאָ, און אָטעמט זייער שווער און שוואַך. ביי מיין זייט איז געזעסן דערמאַן פון דער פרוי, א הויכער, א דארער, אן איינגעבויגענער ייד מיט א לאנגער האָרבאַטער נאָז און א קליין בערדל; אין זיינע אויגן ליגט טרויער און אויף זיינע ליפן שוועבט עפּעס ווי א ביטערער שמייכל. אין דער רעכטער זייט פון דעם פאָטער זיצט זיין עלטע־רע טאָכטער, א מויד שוין א בוגרת, עפּעס א פארטראַכטע, א פאַראומערטע און א פארקלאָגטע, און נאָך צוויי מיידלעך קלענערע פון איר.

איך בין זיך מודה, וואָס פאַר גאָט דאָס פאַר לייטן, אַז תחילת האָב איך געהאַסט אין האַרצן מיינע שכנים, גלייך ווי זיי זאָלן עפּעס מיינס פאַרנעמען. און ווי דער אמת איז, האָבן זיי מיך טאַקע נישט געלאָזט רוען, און אין האַרצן האָב איך געשאָלטן מיין ביטער מזל, וואָס האָט מיך אויפגעקאָמפּאַנירט מיט אַזעלכע מאָדנע משונהדיקע און דאָקוטשליווע נפשות. נאָר אַז איך האָב זיך צו זיי גוט צוגעקוקט און זיי באַטראַכט, איז אין מיין האַרץ געוואָרן אַן איבערקערעניש זיי צום גוטן, און האָב אָנגעפאַנגען פון זיי אַנדערש צו דענקען. זייערע קליידער, משטיינס־געזאָגט, זייער געשטאַלט און זייערע פּנימער, וואָס זענען שוואַרץ ווי די ערד, האָבן גאַנץ באַשיינפּערלעך באַוויזן, אַז זיי זענען נעבעך אומגליקלעכע, וואָס האָבן זיך אין לעבן גענוג אָנגעליטן, גענוג אויסגעשטאַנען, און דאָס האַרץ האָט מיר געריסן פאַר רחמנות אויף זיי. די ביטערע זיפצן יעדער מינוט פון דער מוטער האָבן מיר געמאַכט אַ לאָך אין האַרצן. דאָס פלייסן זיך פון דעם פאָטער מיט די עלטערע קינדער מיך נישט צו דריקן און ענג צו מאַכן, האָט מיר פאַרן האַרצן פאַרנומען. און מער פון איטלעכן האָב איך מיטלייד געהאַט מיט דעם זייגנדיקן קינד, וועלכעס האָט געדרימלט שוואַך, אַן קרעפטן, אָן בלוט אין די ליפּעלעך, אָן אָטעם אין זיין יונגער ברוסט, נאָכדעם ווי עס האָט זיך, נעבעך, אָנגעשריגן ביי דער מוטער אויף די הענט — דאָס אַלץ איז פאַר מיר גענוג געווען זיך פאָרצושטעלן דאָס שווערע, ביטערע לעבן פון דעם אומגליקלעכן געזינד. עס האָט מיר זיך פאָרגעשטעלט אין מיין געדאַנק נאָך טויזנטער אַזעלכע טרויעריקע, אומגליקלעכע פאַמיליעס, וועלכע ליידן הונגער, דחקות, טראָגן דאָס בינטל צרות שטיל, אָנבייגנדיק דעם קאָפּ. און מיין האַרץ האָט ביטער געוויינט אויף זיי, נעבעך!...

ב.

און ווי איך בין אַזוי פאַרטיפט אין מיינע אומעטיקע געדאַנקען, האָט זיך אַ ייִנגעלע צעוויינט פאַר דער מוטער, געבעטן מיט הייסע טרערן עפּעס עסן. און די מוטער שטילט אים איין מיט די ווערטער:

— דער טאָג איז נאָך גרויס, יאַנקעלע! איצט איז נישט די צייט צו עסן, וואַרט נאָך אַ ווײַלע, וואַרט!

— שאַ, יאַנקעלע! — האָט דער פאָטער אויך געזאָגט, פאַרקרימענדיק זיך מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּן. — שאַ, יאַנקעלע! ביסמאַרק האָט פאַרבאָטן צו עסן...

— איז דען אייער ייִנגל קראַנק, חלילה? — האָב איך געפרעגט דעם פאָטער מיט אַ טאָן פון רחמנות און ליבשאַפט, שטאַרק חשק האָבנדיק מיט אים אַריין אין אַ שמועס און וויסן, וואָס מיט אים איז דער מער.



1690 — 8

— חס=ושלום! ער איז געזונט און שטאַרק אויף אַלע גלידער, אַ בייכל ביי אים, נישט צו פאַרזינדיקן, פּרימאַ! וואָלט איך נאָר געהאַט די וואָג גאָלד, וויפל זיין מעגגדל איז מוכן ומזומן צו פאַרדייען שפּייז צו יעדער צייט.

— און ווער זשע איז דאָס אייער ביסמאַרק, וואָס האָט פאַרבאָטן עסן אַזאַ געזונטן מענטשן ווי אייער זון? — טו איך אים אַ פרעג פאַרוואונדערט.

— סטייטש, ביסמאַרקן קענט איר נישט? אַ חידוש!

— און וואָס איז, אַז איך קען אים נישט? ער מוז זיין אוודאי ביי אייך אַ דאָקטאָר. ביי אונדז אין גלופּסק זענען דאָ אַזעלכע דאָקטוירים און פעלדשערס ווי ער אופן טוץ, און ווען מען וועט נעמען קוקן, וואָס זיי פאַרזאָגן, קאָן מען זיך גיך אָוועקפּעקלען פון דער זינדיקער וועלט. ביי אונדז איז דאָ דעם עולמס אַ גלייכווערטל: „פון דער עצה, וואָס אַ דאָקטאָר וועט געבן, קאָן מען די יאָרן נישט אויסלעבן“.

איך האָב אַרויסגערופן אַ געלעכטער ביי דעם פאָטער און דעם הויזגעזינד זיינעם מיט מיין ווערטל. מיר האָט דאָס שטאַרק הנאה געטאָן, און זייענדיק צופרידן פון זיך אַליין, האָב איך אויך געשמייכלט. איך האָב געוואָלט באַווייזן, וואָס פאַר אַ גוטער ווערטל=זאָגער איך בין, און דערציילן נאָך מעשיות און המצאות פון אונדזערע דאָקטוירים, רופאים, קאָנאָוואַלעס, נאָר דער קאָנדוקטאָר איז אָנגעקומען פרעגן און איבערקוקן בילעטן, האָט ער מיר איבערגעשלאָגן מיינע רייד.

אַז דער קאָנדוקטאָר איז אַרויס בשלום פונעם וואַגאָן, און די פאַרבאָרגענע פּאַסאַזשירן זענען, אַדאַנק דעם רבונו של עולם, איבערגעקומען דעם חיבוט=הקבר פונעם ליגן אונטער דער באַנק, האָבן זיך אָנגעהויבן אויפטורעמען קישנס; עס האָבן זיך פאַנאַנדערגערוקט פעקלעך, אויפגעשטעלט זעקלעך, און אַ מענטשלעכע געשטאַלט איז פּלוצלינג אויפגעשטאַנען תחית=המתים פון אונטער דער באַנק, וואָס מיר אַקעגן. דער דאָזיקער פאַרשוין איז געווען אָנגעטאָן גוייש — אין אַלטע פאַרלאַטעטע הויזן, אין אַ פּוילישער פויערישער סוויטע מיט מעשענע העקלעך, פאַרשפּיליעט ביזן האַלדז, און אָן אַ היטל. זיין געזיכט איז געווען ווייס ווי קאַלך, די באַקן איינגעפאַלן, די וואָנצעס פאַרדרייט, אַראָפּהענגענדיק פוןביידע זייטן מויל ווי מייזישע עקלעך. באַלד ביים שטעלן זיך אויף די פיס האָט ער זיך אויסגעגלייכט די ביינער, זיך אויסגעהוסט און אויסגעגענעצט, ווי איינער שטייט אויף פונעם שלאָף. מיינע שכנים, די גרויסע און קליינע, האָבן אים פריינדלעך אָנגעקוקט, געגריסט אים, שאָקלענדיק מיט די קעפּ שטאַרק צופרידן, און ער זיי אויך דאָסגלייכן. איך שטיי און וואונדער זיך, הייב נישט אָן צו פאַרשטיין, ווי קומט אַזעלכער צו אַ יידישער אָרעמער פאַמיליע, אַ יידישער, ווי מען זאָגט, מיט דעם פולן מויל. פיל סברות זענען מיר אַרויף אויפן זינען. און פון אַלע איז ביי מיר געבליבן, אַז ער, אַפנים, מוז דאָס זיין אָט דער ביסמאַרק, וואָס מיין

שכן האָט פריער אים דערמאָנט; אָבער באַלד האָב איך איינגעזען, אַז לה היה! ס'איז אַ טעות. וואָרעם די פרוי האָט אָנגערופן דעם פאַרשוין מיט אַ נאָמען און צו אים גערעדט אין אַ מין שפּראַך אויסגעמישט יידיש מיט פויליש, אַזוי:

— וואָס שטייסטו, פּאַניע פּרזשענקסזשווינזשיטסקי? זעץ זיך דאָ אויף איצקעס אָרט און איציקל וועט זיך צושפּאַרן אויף דער באַנק לעבן פאָטער.

— זאָרג נישט פאַר מיר, כייקע מיין נשמה! איך וועל נעמען מיין טייערן איצקען אויף די קני. אָז אים איז אויך גענוג ענג לעבן ר' משהן, דיין מאַן, — האָט דער פאַרשוין מיט דעם נאָמען פון איין און צוואָנציק בוכשטאַבן איר געענטפערט אויף אַ שפּראַך פון צעקאַליעטשעטן פויליש און הינקענדיקן דייטש צוזאַמען.

— האָסטו עפּעס גוט געשלאָפן אונטערן באַנק, פּאַניע יפת? — האָט ר' משה געפרעגט דעם פאַרשוין מיט אַ ליבלעכן שמייכל, — איך האָב דיר געגעבן אַ גוטע לערע, האָב איך דיר געגעבן, און דו ביסט זי מקיים גוט ווי געהעריק. אַז וויל איז צו דיר דאָ אויף דער וועלט!... אויף דער ווייטערדיקער סטאַנציע וועל איך שוין די זכיה האָבן אויסציען זיך אונטער דער באַנק.

— מיך אויך, מיך אויך נעם אויף די הענט, ר' יפת! — האָט זיך געבעטן יאַנקעלע; איז אַרויף צום פאַרשוין אויפן שויס לעבן איציקלען, און יענער האָט זיי ביידן ליבלעך אַרומגענומען.

איך עפן מויל און אויערן און קוק פאַרגאַפט שווייגנדיקערהייט צו ר' משהן, פאַרלאַנגענדיק צו וויסן אַ פירוש, וואָס איז די מעשה? און וואָס זאָל עס באַטייטן אַזוינס?

ר' משה האָט פאַרשטאַנען, וואָס איך וויל, און געמאַכט צו מיר:

— דער דאָזיקער פאַרשוין, וועלכן איר קוקט דאָ אָן, איז אַ געבאָרענער פּאָליאַק פון אַ קליין שטעטל ערגעץ אין וואַרשעווער גובערניע.

— פאַרוואָס זשע רופט איר אים יפת?

— ווייל זיין לאַנגער נאָמען פּרזשענקסזשווינזשיטסקי ברעכט מיר אויס די ציין. און, צווייטנס, פּאַסט דער נאָמען יפת פאַר אים און ער פּאַסט פאַר דעם נאָמען זייער גוט טאַקע אין היינטיקע צייטן.

— מיט אייער ענטפער מאַכט איר מיר אָן נאָך מער שאלות און דערווייטערט די זאַך פון מיין פאַרשטאַנד, פונקט ווי די פּאַרצייטיקע מפרשים, וואָס נאָך זייער פירוש צו פאַרשטיין געבן דעם ענין, ווייסט מען ערשט קיין אָנהייב נישט. איך בעט אייך, דערציילט מיר, נאָר נישט צעוואָרפן, פאַרקירצט און איבערגעהאַקט.

— איך בין, אויב איר ווילט וויסן, משה דער שניידער. דער שטייגער פון אַ שניידער, פאַרשטייט איר, איז, אַז מיט דער נאָדל מאַכט ער פון צעשניטענע געהאַקטע שטיקער אַ גאַנצן בגד, און אַז ער דערציילט עפּעס, צעוואַרפט ער מיט דער צונג זיינע רייד, צעטרענט און לאַטעט אַ וואָרט אויף אַ וואָרט. דאָך וועל איך

אייך צוליב טאָן און זיך סטאַרען ווי ווייט מעגלעך דערציילן כסדר ווי איר פאַר־לאַנגט. דערווייל באַדאַרף מען פונדעסטוועגן זיין א מענטש מיט דרך־ארץ — נאָך אייך אָפּ „שלום־עליכם!“ מה שמכם, ר׳ ייד?

ג.

משה דער שניידער איז פון דער נאַטור איינער פון די פרייליכע קבצנים, וואָס גיט ביי יידן, וואָס דער דלות ווירקט נישט אויף זייער געמיט, צו מאַכן זיי אַנמוטיק, מרה־שחורהדיק, צו קלאָגן אויף זייער ביטל מזל און אויף דער פירונג פון דער וועלט. ביי זיי איז עס גאַנץ נאַטירלעך, אַז אַזוי קומט זיי אויף דער וועלט, אַזוי איז שוין באַשערט זיי צו לעבן אין צרות, אין דלות און דחקות, און זיי טאָרן אַפילו זיך נישט באַקלאָגן און זינדיקן צו פאַרלאַנגען אַ בעסער לעבן, אַפילו נאָר פאַרצושטעלן זיך עפּעס אַ פאַרגעניגן, אַ שטיקל עולם הזה. די אַלע פאַרגעניגנס אין דער וועלט איז נישט פאַר זיי, קבצנים, באַשאַפן געוואָרן, נאָר פאַר יענע גליקלעכע, די אייבערשטע פונעם שטייסל, וועלכע — ווי זאָגט מען? — זענען אין אַ הייבעלע געבאָרן געוואָרן. טרעפט אַן אומגליק, אַ צרה, איז עט, פאַרבייסט מען מיט די ליפּן און שאַ! צו יעדער כוואַליע אין דעם גרויסן ים צרות פון דער פינצטערער וועלט בייגן זיי גלייכגילטיק דעם קאָפּ, און דערציילן זיי אַמאָל זייערע צרות און לייד, פאַרזיסן זיי עס מיט אַ המצאהלע, מיט אַ שמייכעלע, און לאַכן בשעת מעשה פון זיך אַליין.

— ווי איך זע, — האָט ר׳ משה געזאָגט, — ווילט איר דאָך, אפנים, מיט מיר קיין שידוך נישט טאָן, דעריבער איז נישט אַזוי נייטיק אָנהייבן אויסצורעכענען דעם יחוס מיינעם פון מיין טאַטן און זיידן ביז אברהם אָבינו, און אויסדערציילן אייך אַלע מעשיות, וואָס מיט מיר האָט זיך פּאַסירט אין מיין לעבן באַריכות מיט איטלעכער פּיצעלע. עס וועט גענוג זיין, אַז מיין איצטיקע געשיכטע, וואָס דער אינהאַלט, דער תמצית אירער איז אַ גאַנץ אַלטער און גייט איבער בירושה צו יעקובס קינדער פון דור צו דור — אויב אָט די געשיכטע מיינע וועט זיין געניט שבת־שמעך, אָן פּוצונג, אָן באַזאַץ. און אויב אַזוי, ו ש ר י ו ת ש ו ת א, הייב איך אָן, הייסט עס, צו שפּרעכן.

— איך בין אַ ליטוואַק, זאָלט איר עס אייך וויסן. יונגערהייט האָב איך אויסגעוואַנדערט אין פרייסן, ווו איך האָב געלעבט פון שניידעריי, איך מיט חוהן מיין ווייב די ליטוואַטשקע און מיט די קינדער, וועלכע איר זעט פאַר אייך. כל־זמן איך מיט מיין הויזגעזינד זענען מיר געווען „י ו ד ע ן“, האָב איך מיר געאַרבעט רואיק און געהאַט דאָס שטיקל ברויט. אמת, דער נאָמען „יוד“ האָט מיר קיין גרוים כבוד נישט פאַרשאַפט, און קיין איבעריקע מענטשן־רעכט אויך נישט, מיט קיין גראַפן און פירשטן אויף איין שטול זענען מיר נישט געשטאַנען, אָבער

פאַר קיין פאַרברעכן, פאַר אַ שווערע זינד האָט מען דעם נאָמען „יוד" אויך נישט געהאַלטן. מען האָט זיך אויף מיר נישט אומגעקוקט, געלאָזט לעבן, פריי עמעמען, משטיינס־געזאָגט.

— וואָס הייסט! — מאַך איך פאַרוואונדערט. — און היינט זענט איר דען קיין „יוד" נישט מער?

— היינט אַוודאַי בין איך שוין נישט מער קיין „יוד", און איבערהויפּט איז היינט גאָר קיין „יודען" נישטאָ אויף דער וועלט, — ענטפּפע־ט מיר ר' משה חיים מיט אַ געלעכטער. — ווי איך זע, ווייסט איר נישט, אפּנים, אין וואָס פאַר אַ צייט מיר לעבן היינט.

— וואָס הייסט איך ווייס נישט? אָט איז דאָס לוחל, וואָס איך אַליין מיט מיין השתדלות האָב אים געלאָזט אָפּדרוקן. נאָט, זעט: היינט איז מיטוואָך, פּרשת קורח, פינף טויזנט זעקס הונדערט פערציק יאָר זינט די וועלט איז באַשאַפן גע־וואָרן, — האָב איך אים געענטפערט בנשימה אַחת, אַרויסנעמענדיק ביי מיר פונעם בוזעם אייגעם פון די קליינע לוחות, הייב אים אויף הויך סאַמע ר' משהן אונטער דער נאָז, מיט דער כוונה אַגב מאַקע, זאָלן אַלע וויסן, אז ביי מיר איז דאָ צו קויפן לוחלעך אויף היינטיקס יאָר.

— און ביי די דייטשן איז אָבער נישט אַזוי, — זאָגט ר' משה רואיק, גאַנץ געלאַסן. — די דייטשן, וועלכע קלערן שטענדיק אויס נייעסן, האָבן אומ־געדרייט דעם זייגער אויף דעם ציפערבלאַט פון דער וועלט־געשיכטע מיט טויזנ־טער יאָרן אַהינטער און לויט זיי קומט אויס, אַז מיר לעבן היינט אין די צייטן פון דעם מבול. א יידן רופן זיי היינט „שם" און נישט קיין יידן „יפת". איז „שם" און „יפת" אויפגעשטאַנען תחית־המתים, זענען מיט זיי אויפגעשטאַנען די אַלע אַלטע מנהגים פון זייער צייט פאַרן מבול—ומלאה הארץ חמס, און די ערד איז אי־בערפולט מיט סקאַנדאַלן און רויבעריי. די נישט שמס קינדער — „אַנטיסעמיטן" הייסט עס אויף גוייש — יאָגן און פּלאָגן שמס קינדער פאַר אויסגעטראַכטע זינד, און איבערהויפּט פאַרוואָס זיי ווילן אויך עסן און טרינקען מיט אַלע מענטשן צוגלייך. און אַנדערע רעכענען שמען אויך פאַר אַ זינד, וואָס ער האָט קינדער, קינדלעך, הייסט עס, ווי מענטשן. תחילת האָט מען די דאָזיקע „צוריק־קריכערס" געהאַלטן פאַר משוגעים, און פון זיי אומעטום שטאַרקט געלאַכט. נאָר אַז זיי זענען אָבער ביי זיך נישט אַראָפּגעפאַלן און פלעגן פּראָוון זייער משוגעת, ווו און ווען זיי האָבן נאָר אַ געלעגנהייט געהאַט: אין פאַרלאַמענט, אין קירכע, אין שענק און אין באָד, און אויך ביסלעכווייז, ביסלעכווייז זענען צו דער באַנדע משוגעים צוגעשטאַנען נאָך נייע משוגעים, איז דער שגעון אַריין אין דער מאָדע ביים פאָלק און זיינע מנהיגים. מען האָט אָנגעהויבן זייערע פּלוידערייען אַרומ־טראָגן אויף טעלערלעך, און עס האָט געמאַכט אַ ווירקונג אויף אַלעמען. די רייכע, די מנהיגים, די דעה־זאָגער האָבן זיך אָנגעכאַפּט דערינען, ווי אין אַן אבן־טוב,

און דער בלינדער פּעבל נאָך זיי איז אַרויס מיט קולות, מיט קללות: „אַט פּונוואַ־גען עס שטינקט דער־העכט! פּונוואַנען דאָס פּאָלק איז אַזוי פּאַראָרעמט! שמס קינדער, יידעלעך הייסט עס, זיי זייגן דאָס אויס דאָס בלוט!"

נו, האָט זיך עס אָנגעהויבן צרות אויפן פּוד, וואָס אַ טאָג ווייטער אַלץ מער און מער, ביז דער גרויסער פּריץ, מיט דעם נאָמען „ביסמאַרק", איז געוואָרן שטאַרק אָנגעדראָדלט און האָט גוזר געווען, אַז שמס קינדער, נישט קיין געבאָרענע דייטשן, זאָלן אַרויס פונעם לאַנד און מוחל זיין זיך ווייטער רוקן!

אָט אַזוי זענען טויזנטער פאַמיליעס געבליבן אָן ברויט, אָן אַ היים, און מיר האָבן זיך צעזייט און צעשפּרייט איבער דער וועלט, ווי די בלודנע שאָף. און מיין יאַנקעלע! — לאָזט אויס דער שניידער מיט אַ ביטער שמייכעלע. — אָט דער יאַנקעלע איז אַ גרויסער עזות־פּנים, ווייל נישט מקיים זיין, וואָס די מנהיגי הדור, די גרויסע פירער פון היינטיקע צייטן, האָבן גוזר געווען. ער איז הונגעריק, שרייט ער עסן! ער האָט אַ מעגנדל, ווייל ער עס אָנפילן... אָ, דו, יונ־גאַטש איינער!

— און איר קומט אַצינד פון דייטשלאַנד? — האָב איך אים געפרעגט, און דאָס האַרץ גייט מיר פּשוט אויס פאַר גרויס רחמנות אויף אים מיט זיינע קינ־דער, נעבעך.

— שוין ניין חדשים זינט מיר האָבן דייטשלאַנד פאַרלאָזן, אַזויפיל צייט וויפל דאָס מעזיניקל מיינס איז אַלט, — האָט ר' משה געענטפערט, ווייזנדיק מיר דערביי מיט א פינגער אויף דעם קינד, וואָס שלאָפט ביי דער מוטער אויף די הענט. — אין דער צייט, ווען די פּאָליציי, ווי די מלאכי־חבלה, איז געקומען צו מיר מיט דעם אָנזאָג: לך לך מביתך, מארצך — אַרויס פון דיין היים און פונעם לאַנד! דענסטמאָל איז חיה, מיין ווייב, געלעגן אין קימפּעט מיט דעם קליינעם לייזערקען, זאָל געזונט זיין. זיי זאָגן מיר: לך לך, און איך פון מיין זייט זאָג מזל־טוב, מיין ווייב האָט למזל אַ יינגל געהאַט! דאָס מזל־טוב איז ביי זיי עפּעס נישט אַזוי אָנגעלייגט. בעט איך זיי, חלש פאַר זיי: געוואַלד, מיין ווייב איז, נעבעך, קראַנק, דאָס קינד קוים וואָס עס זשיפּעט; געוואַלד, האָט רחמנות און וואַרט מיט מיין אַרויסשיקן א פּאָר מאָנאַטן, ביז מיין פרוי וועט א ביסל צו זיך קומען און וואַרעמער ווערן אויך אַ ביסל אין דרויסן.

די פּאָליציי האָט מיר אָבער געגעבן צו פאַרשטיין באַשיינפּערלעך מיט וויכ־טיקע באַווייזן: מיט שטאַרקע הענט און שווערע שטעקנס, אַז די מצווה פון אַרויס־טרייבן יידן איז איינע פון די גרעסטע, און זי איז דוחה פּיקוח נפש. יידן, אַפילו נאַקעטע, באָרוועסע, אין ווינטער, קראַנקע און שוואַכע, נוטה למותדיקע, זענען נישט פּטור פון דער מצווה, וואָס די צייט ברענגט אויף זיי אַרויס.

און זעענדיק גוט, אַז תפילות און בקשות העלפן נישט אָקעגן אַ בפירושדיקן דין, האָב איך גענומען מיין שטעקן מיט דער טאָרבע, מיינע נאַקעטע, באָרוועסע,

שוואכע ווייב און קינדער, האָב א קוש געטאָן די מזוזה און בין ארויס אין אַ גרויסן פראָסט און אַ טיפן שניי פון דער שטאָט, וואָס איך האָב אין איר געוווינט פון מיין יוגנט ביז צו דער עלטער. די פּאָליציי, אמת, באַגלייט אונדז מיט גרויס כבוד און היט אונדז, מיר זאָלן, חס־ושלום, נישט פאַרבלאָנדזשען... סוף־כל־סוף זענען מיר דאָך פאָרט יידן, עפּעס אַ קאַטאָוועס, בני מלכים, אַברהמס אייניקלעך!...

## ד.

ר׳ משה חייט האָט אַ ביסל אָפּגערוט און אָנגעהויבן מיט אַ גיפּטיקן שמייכל ווייטער צו דערציילן:

ויסעו בני משה, אָט אַזוי האָבן די קינדער פון רבי משה דעם שניידער געטאָן וואַנדערן פון לאַנד צו לאַנד אין הונדערט זיבן און צוואָנציק מדינות! אונדזערע קליידער האָבן זיך אינגאַנצן אַרומגעריסן, אונדזערע שיך צעפוילט געוואָרן. מיר זענען געבליבן מוטער־נאַקעט, אין קעשענע איז ליידיק, נישטאָ אַ פּרוטה ביי דער נשמה! און אונדזער האָפענונג איז געווען פריער אויף גאָט, דערנאָך אויף זיינע יידעלעך, זאָלן געזונט זיין, זיי זאָלן אויף אונדז רחמנות האָבן, אַזוי, אַז איך זאָל ווייטער קאָנען פאַרדינען מיין ברויט בכבוד, נישט קבצנען, זיך אַרומשלעפּן. אָבער יידן האָבן געגוג גוטע בעטער — קבצנים הייסט עס, פון אַלע זייטן: די קומען פון מאַראָקאָ, יענע פון פּרס ומדי; יעדער מיט זיין יחוס־בריוו, מיט אַ דיפּלאָם אויף בעטלען. די באַלעבאַטים קאָנען אָבער אַ לעבערדיקן זאַק נישט אָנשטאָפּן, זיי האָבן ארום זיך געגוג אייגענע אָרעמעלייט, וועלכע זענען בילכער על פּי דין און על פּי יושר... זיי זענען דאָך פאָרט אייגענע... קורץ, איך בין געגוג אויסגעשטאַנען, האָב זיך געגוג אַרומגעשלעפּט, געגוג אַרומגעוואַנדערט מיט מיין הויזגעזינד, אויסצוזוכן אַן אָרט, אַ היים, איך זאָל זיך קאָנען באַזעצן און אויסרוען מיינע צעבראָכענע ביינער — אָבער אומזיסט די מי, איך האָב דאָס אין ערגעץ נישט געפונען. איצט קום איך פון גאַליציע.

ווי מיט נאָדלען האָט ער מיין לייב געשטאָכן מיט זיין דערציילונג. פאַר גרויס האַרץ־קלעמעניש האָב איך אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ צו דער ערד און געשוויגן. און ווי איך זיץ מיר דאָ אַזוי פאַרזאָרגט, באַטראַכטנדיק די ביטערע לאַגע, די פיין און אָרעמקייט פון מיין פאָלק, האָט זיך לייזערקע מיטאַמאָל אויפגעכאַפּט פון שלאָף און זיך צעשריען, צעוויינט אויף אַ קול. ער וויינט, און דאָס האַרץ מיינס וויינט אין מיר אינייִנעם מיט אים. אין זיין געוויין האָט זיך מיר געהערט אַ קלאָג — אוי, ווי־געשריען! אויף זיין פינצטער מזל, אויף דער ביטערער נויט, וואָס נאָך אויף צרות איז ער געבאָרן געוואָרן. ווי נאָך ער איז אַרויס אויף דער ווייסער וועלט, האָט אים באַגעגנט די ביטערע נויט, און איז שוין פאַרמשפּט

געוועז נע־ונד צו זיין. עס האָט מיר זיך געהערט, ווי ער שיקט אַ פלוך אויף דער וועלט מיט איר פירונג, וואָס קוים האָט ער זיינע אייגעלעך געעפנט, האָט זי אים שוין פאַרביטערט דאָס לעבן, נישט לאָזנדיק אים אַ חיי־שעה, רואיק ליגן באַטש עטלעכע טעג ביי דער מוטער, אַזוינס, וואָס מען לאָזט עס צו אַפילו בהמות! די מוטער מאַטערט זיך אים איינשטילן, זי גלעט אים, זי וויגט אים א־ן אירע דאַרע הענט און זאָגט אים צו גליקן אויף שפּעטער — ראָזשינקעס מיט מאַנדלען; אָבער לייזערקע וויל גאַרנישט הערן: ער שרייט און קלאָגט, ווי ער קומט צו אי־ר מיט טענות: צו וואָס האָסטו, מאַמע, מיך געבוירן אויף אַזוינע צרות? אויף אָפּצופּטרן מיינע יאָרן מיט גוטע האָפענונגען און הבטחות אויף שפּעטער, אויף בעסערע צייטן?

אויך דער פאָטער נעמט אים איין מיט גוטע רייד, שפּאַסנדיק דערביי: „נעם, לייזערקע, — זאָגט ער, — נעם דאָס פינגערל אין מויל אַריין, זויג עס און שווייג! שאַ, לייזערקע, אַ יידיש קינד טאָר נישט קלאָגן זיך, טאָר נישט שרייען, אַפילו ווען דער בויך איז אים ליידיק, די צונג פאַרטרוקנט, די ליפּן פאַרשמאַכט, און אַלע גלידער טוען אים ווי. שאַ, וואָרעם אָט קומט אַ ווילדער בער און וועט דיך אויפעסן. אָט קומט דער שוואַרצער, דער קוימענקערער וועט דיך נעמען אין טאָרבע — שווייג זשע, שווייג, לייזערקע!“

אָבער לייזערקע, אָט דאָס קליינע יידעלע, ווייגט נאָך שטאַרקער אויף זיין בייקולכל, דריגעט מיט די הענטלעך, מיט די פיסלעך, גלייך ווי ער פּראָטעסטירט קעגן זיין פאָטער מיט די ווערטער: „דו קבצן איינער, דו שלעפּער, דו טעלער־לעקר! וואָרעם האָסטו געבראַכט אויף דער וועלט אַזאַ אומגליקלעך באַשעפעניש ווי איך, וואָס די צרות מיינע זענען אַזויפיל, וויפל שטונדן איך בין אַלט, און וויפל האָר איך האָב אויפן קאָפּ, איבער אַזויפיל הייזער האָסטו מיך שוין אויס־געשלעפּט“.

ר׳ משה רעדט און לייזערקע שרייט, עַטפערנדיק אים אויפן קול; די מוטער זיפצט, די מיידלעך טרויערן, און מיר איז ביטער — ביטער אויפן האַרצן! אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז דער פּאָליאַק האָט גענומען דאָס קינד צו זיך אויף די הענט, עס געגלעט, געהאַלדזט — און לייזערקע האָט זיך באַרואיקט. וואָס מער איך בין אַריין אין דער ביטערער לאַגע פונעם דאָזיקן אומגליקלעכן געזינד, אַלץ מער בין איך נייגעריק געווען צו וויסן די ענדע פונעם שניידערס דערציילונג, און איך האָב אים געפּרעגט:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווער איז דאָס אָט־אָ דער פּאָליאַק? און וואָס פאַר אַ מחותן זענט איר מיט אים?

— אָט דער פּאָליאַק, ער איז מיינער אַ תלמיד. נישט אין דער אַרבעט, איך בין דאָך אַ שניידער, און ער איז גאָר אַ שוסטער. נאָר וואָס דען, ער איז מיינער אַ תלמיד אין דעם „יידישקייט“. וואַרט, זייט מוחל, אַ ווילע! — זאָגט

ער מיר, זעענדיק, אַז זײַנע רייד האָבן מיך געוווּנדערט. — כאַפּט נאָר ניישט, וועל איך אייך, מיט דעם אייבערשטנס הילף, אַלץ קלאָר מאַכן.

איך און ער, דער פּאָליאַק הייסט עס, האָבן מיר פיל יאָרן געוווינט צוזאַמען אין איין שטאָט, אין דײַטשלאַנד. מיר האָבן זיך יעדערער געאַרבעט זײַן מלאכה און געלעבט פרידלעך; אין אַ יום-טוב פלעגן מיר זיך צונויפקומען אין שענק און טרינקען איינעם אַ גלאָז ביר מיט פאַרגעניגן, שמועסן וועגן אונדזערע אייגענע זאַכן און אויך פון צעכאָווע (פאַר) אינטערעסן, דאָס, יענץ וכדומה. אין אַ נויט פלעגן מיר איינער דעם צווייטן אויסהעלפן, אונטערשטיצן, ווי ברידער. אמת, מיר פלעגן אַמאָל אויך דיסקוטירן וועגן רעליגיע. ער לויבט זײַן רעליגיע, און איך, נאַטירלעך, מײַנע. ער ברענגט באַווײַזן פון זײַערע ביכער, און איך, להבדיל, פון אונדזערע ספרים; ער נעמט זיך אָן דעם חזירס קריוודע, איז ברוגז, פאַרוואָס איך עס ניישט קיין חזיר, לויבנדיק אים אין טאָג אַרײַן. חזיר, זאָגט ער, איז זייער גוט — און איך שפּײַ זיבן מאָל אויס, מאַכנדיק דערבײַ: פּע! אַזאַ מיאוס באַשעפעניש, אַ חזיר בלײַבט אַ חזיר.

אָט אַזוי פלעגן מיר זיך גוט אָנשרײַען, אַז עס פלעגט אונדז טרוקן ווערן אין די העלדזער. „איי, שענקער! צוויי ביר!“ — דערמיט האָט זיך געווייניטלעך געענדיקט אונדזער וויכוח, מיר פלעגן מאַכן אַ פּשרה און ווײַטער בלײַבן גוטע פרײַנד. ער פלעגט מיר נאָכגעבן וועגן צימעס, וועגן יידישע געפילטע פיש, אַז זיי זענען געשמאַק, מחיה, אויך יידישע פרויען זענען זייער גוט, און בפירוש אַרויסזאָגן, אַז פון זײַנעטוועגן אַרט אים ניישט, יידן זאָלן אויך האָבן יענע וועלט; און איך פון מײַן זײַט האָב אים אויך עטוואָס נאָכגעגעבן, מתיר געמאַכט פאַר „זיי“ דעם חזיר, זיי מעגן. און האָב פאַר די פרומע קריסטן געגעבן אַן אָפּטיילונג אין גן-עדן התחתון. ס'איז געגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז איך האָב בײַ מיר געפּועלט צוצולאָזן זיי אפילו עולם הזה, די וועלט אויך, אבי זיי זאָלן נאָר אונדז אויך לאָזן עטוואָס געניסן מיט זיי. קורץ, ווײַטער ביר! ער צלמט זיך און טרינקט, איך מאַך אַ ברכה „שהכל“ און טרינק, צווינטשנדיק איינער דעם צווייטן אַלדאָסגוטס. אָט אַזוי איז עס געווען דער שטייגער לעבן אונדזערער אַ לאַנגע צײַט.

אָבער ווי די צײַט האָט זיך אומגעביטן אויף די צײַטן פון מבול, האָט זיך די מענטשלעכע נאַטור אויך איבערגעביטן. מענטשן זענען עפּעס געוואָרן משונה ווילד, איינער צום אַנדערן שלעכט, נאָענטע זענען איינער פונעם צווייטן געוואָרן ווײַט, עפּעס אַ בייזע מהומה איז געקומען אויף דער וועלט. איך גיב אַ קוק — אַהאַ. מײַן חבר האָט זיך אויך אומגעביטן! גאָר ניישט דער, וואָס פריער. באַגעגן איך אים אין גאַס, גריסט ער מיך ניישט מער, און אַז איך גריס אים, ענטפערט ער מיר ניישט; אין שענק זיצט ער אין איין ווינקל און טרינקט פאַר זיך, און איך אין דעם צווייטן טרינק פאַר זיך.

איינמאָל בין איך אָנגעקומען אין זע, ווי ער, דער פּאָליאַק מייגער, זיצט מיט אַ גאַנצע חבריא — טרינקען און שימפּן יידן הויך אויף אַ קול, מיר אויף להכעיס. איך האָב געהערט און זיך געמאַכט נישט ווייסנדיק, ווי נישט מיך מיינט מען. אַז זיי האָבן געזען, איך שווייג און מאַך מיר נישט פון זייערע שימף־ווערטער, גלייך ווי הינט זאָלן בילן, זענען זיי נאָך בייזער געוואָרן, האָבן געפּנט אַ מויל און טאַקע אויף מיר אַליין, און מיך אָפּגעשיט מיט זידלעריי, אַזוי ווי יענע לייט קענען, זינגענדיק שענדלעכע לידלעך, זענען זיי צו מיר צוגעקומען, און מיט אַ ווילד געשריי פון שיכורים האָבן זיי געליאַרעמט: „אַרויס פון דאַנען, דו פאַרפלוכטער יודע!“ אויף זייער געשריי איז געקומען דער שענקער, און האָט מיך אויפן איידעלן אַרט מיט גוטעטשקע ריידעלעך און אַ זיסזויער מינעלע, מחילה, אַרויסגעטריבן, און איך בין אַרויס שטאַרק צעקאָכט.

דאָס דאָזיקע שלעכטע באַגעגעניש האָט, ווי דאָס פליגעלע טיטוסן, אַ לאַנגע צייט מיר געפּיקט דעם מוח, איך האָב עס נישט געקאָנט פאַרגעסן און אַלץ געטענהט צו גאָט: „רבונו־של־עולם! דו, וואָס אתה בחרתנו מכל העמים, די האָסט אונדז אויסדערווילט פון אַלע פעלקער, האָסט אונדז ליב, און קוועלסט גאָר פון אונדז, פאַרוואָס זאָל איך מיט דיין גאַנץ פאָלק ישראל קומען צו שמאַך, צו אַזאַ שפּאָט און שאַנד? אויב דער שטייגער דיינער איז אַזוי צו טאָן איטלעכן, וועמען דו ליבסט, וואָלט געווען פאַר אונדז א סך גלייכער, פיל בעסער, אַז דו זאָלסט געווען אונדז נישט ליב האָבן און אונדז נישט אויסדערווילן פון אַלע אומות. די טרייסטונג, אַז דו צאָלסט דאָס פאַרדינסט פון די עלטערן צו זייערע קינדער, צו אייניקלעך און אוראייניקלעך איז אַ קנאַפּע נחמה, וואָרעם וואָס קומט אַרויס מיר, משה דעם שניידער, דעם זון פון דיין דינסט דוואָסיע, וואָס לעבט אויף דער ערד ווייניק און שטייט אויס גענוג, זייער פיל פון יעדן אויסוואורף, פון יעדן כלב, — אַז דו וועסט זיך העט־העט ווען עס איז דערמאָנען, באַגיטיקן פאַר מיין צער, פאַר יסורים און געבראָטענע לייד מיינע קינדס־קינדס־קינדס קינדער? און ווידער פאַרקערט, פאַרוואָס זאָלן די קינדער פון די היינטיקע רויבער באַדאַרפן, נעבעך, אָפּקומען פאַר די זינד פון זייע־רע שולדיקע עלטערן? בעסער, דאַכט זיך, באַלד טאַקע אויפן אָרט אַ משפּט, אַ ראַספּלאַטקע און אַן ענד!“

אָמנם חטאתי, אָט אַזוי פלעג איך שטענדיק טראַכטן און האָב זיך אַליין געשראָקן פאַר אַזעלכע מיני געדאַנקען, וואָס זענען אַ זינד, און נאָר דער יצר־הרע האָט געקאָנט מיר אַזעלכעס אַקעגן גאָט איינגעבן. די אַלע מי מיינע נישט צו טראַכטן אַזעלכע בייזע געדאַנקען, האָט מיר נישט געהאָלפן, וואָרעם זיי פלעגן מיר נישט ווילנדיק קריכן אַליין אין קאָפּ אַריין.

איינמאָל בין איך שטאַרק פאַראומערט געגאַנגען אין גאַס, די צייט איז מיר געווען דענסטמאָל זייער אַ שלעכטע, די פּרנסה שטאַרק געפאַלן, נישטאָ קיין שטאָך אַרבעט, ביטער און פינצטער! איך בין געווען ביי מיר מיאוס אַראָפּ=

געפאַלן. קומט מיר גראָד אַקעגן דער געוועזענער חבר מיינער, די נאָז פאַררייסן, גלעט זיך מיט ברייטקייט די וואָנצעס, קוקנדיק אויף מיר מיט שפּאָט. גיי איך צו אים צו, עפּעס פּלוצעם, ווי דער רוח וואָלט מיך אָנגעטראָגן, און גריס אים מיט אַ צעבראָכן געמיט.

— מען קאָן אַ גאַס היינט נישט דורכגיין אָט פון די טייוואָלאָנים, פון די אָנשיקעניש! — צעבייזערט זיך ר׳ „יפת“ מיינער, א שטאָך געבנדיק מיך מיט מיין פּאָלק.

— פּאַניע פּרזשעגקסזשוויגזשיטסקי! — רוף איך מיך אָן מיט געבעט. — וואָס פאר א זינד האָב איך אזוינס באַגאַנגען, וואָס דו ווייכסט מיך אויס?

— ווער איז דאָס?! — האָט ער אַ געשריי געטאָן מיט ברייטקייט, אַוועק־קערנדיק פון מיר דעם קאָפּ.

פון דעם קורצן ענטפער זיינעם האָב איך אַרויסגעזען, ווי ווייט די שנאה איז אין אים איינגעוואָרצלט טיף אין האַרץ, אַז ער קאָן זאָגן מיר, דעם בעסטן גוטן פריינד זיינעם פריער: ווער ביסטו? איך קען דיך נישט. פונדעסטוועגן פרווו איך נאָכאַמאָל אים זאָגן:

— וואָס הייסט, ווער איך בין! דו קענסט מיך נישט?! מיך? דיין אמתן גוטן פריינד, וואָס יאָרן לאַנג זענען מיר געווען באַקאַנט! איך פרעג דיך נאָכאַמאָל, מיט וואָס האָב איך מיך אזוי פאַרזינדיקט? פאַרוואָס, הא, קומט עס מיר אזוינס?

— פאַר וועלכע זינד, פרעגט ער! ווייניק זינדיק איז דען דיין פּאָלק? רויבער זענט איר, בלוטזויגערס, עקספּלואַטאַטערס...

— וועמען האָב איך גערויבט? וועמען האָב איך באַגזלט? — פאַל איך אים אַריין אין די רייד. — זאָג, זאָג, אַדרבא, דו אַליין ווייסט זייער גוט מיינע עשירות. און אז דו וועסט מיך אויסטרייסלען, וואָס וועסטו ביי מיר געפינען? דאָס גאַנצע באַלעבאַטישקייט מיינע, משטיינס־געזאָגט, איז: אַן אַלט בעט, אַ צע־בראָכענער טיש, און בענקלעך, וואָס האַלטן זיך מיט ניסים. דו ווייסט דאָך יאָ, ווי אין דחקות איך לעב, א טעפּל קאַרטאָפּל, וואָס מיין חיה זאָל לעבן, זי מיט איר כבוד, קאָכט אָפּ, דאָס איז, משטיינס־געזאָגט, אונדזער שטענדיקע שפּייז. אָט דאָס אינגאַנצן האָב איך פאַר מיין שווערער און ביטערער אַרבעט, אָט איז דער שכר פאר מיין צער! דו ווייסט דאָך אליין גוט דאָס נהתדיקע לעבן פון אַן אַרבעטער. אַרבעט איך דען נישט שווער מיט נויט־שווייס טאָג און נאַכט?

— איך ווייס, איך ווייס! — ענטפערט ער מיט שפּאָט און האַס. — אָט דאָס טאַקע איז די מעשה, וואָס דו אַרבעטס טאָג און נאַכט! דערמיט נעמסטו צו ביי אונדז די אַרבעט, מאַכסט קאַליע און רייסט אַרויס דעם ברויט פון אונ־דזער מויל.

— מיין ארבעט פון דיינער, — זאָג איך, — זענען דאָך פארשידן. מיינע איז מיט דער גאָדל און דיינע מיטן אָל. קאָליע מאַך איך אוודאי נישט, ווייס איך וואָס דו זאָגסט?... קיינעם קיין היזק טו איך נישט, איך בין, געלויבט דער אייבערשטער, געניט אין מיין שניידעריי. דו, פאַניע, דו אליין האָסט דאָך מיר געדאנקט פאר די הויזן, וואָס איך האָב דיר אמאָל גענייט. און איבער־הויפּט נעם איך נישט טייער, ווי אַלע שניידער. ווייס איך וואָס דו זאָגסט, היזק! איך טו היזק? מיר, מיר אליין, טו איך היזק!...

— הער נאָר צו, — זאָג איך אים, שמייכלענדיק גאַנץ פריינדלעך, ווי צו א גוטן ברודער, — זיי דאָך נישט קיין נאַר, כ'לעבן, און קום אָט צו מיר, וועלן מיר ווייטער עסן געפּרעגלטע קאַרטאָפל, וואָס חיה, מיין ווייב, וועט אונדז געבן, ווי אמאָל טאַקע. זע! דיינע הויזן זענען שוין צעריסן; שוין דריי יאָר אז זיי דינען דיר געטריי. מיינע שיך, זע נאָר, זענען שוין אויך אָפּגעפאָרן און מען באַדאַרף זיי געבן הילף. זעסטו דאָך באַשיינפּערלעך, אז מיר דארפן איינער דעם צווייטן. איז דאָך טאַקע גלייכער לעבן צווישן זיך גוט, און יעדער מיט וואָס ער קאָן העלפן דעם חבר: איך, אַ שטייגער, בין אַ שניידער, וועל איך לייגן אַ לאַטע אויף דיינע הויזן, און דו, שוסטער, וועסט פארלאַטן מיינע שיך. אָט אזוי וועט, אם ירצה השם, זיין פארביידן גוט.

ווי איינער, וואָס דאָס לשון האָט אים אָפּגענומען, איז ער געבליבן שטיין שטום אויפן אָרט. איך האָב פארשטאַנען, אז ער קאָן זיך קיין עצה נישט געבן, וואָס זאָל ער טאָן. איך האָב זיך מיט דער געלעגנהייט באַנוצט און האָב ווייטער־מיט גוטן אים געזאָגט:

— טאַטע אין אמת אריין, פאַניע... ביסט דאָך נישט אזא נאַר, ווי דו גיסט זיך אוים. ביסט גאָרנישט אזוי שלעכט, ווי דאָס מויל דיינס רעדט. געגוג דיר, ברודער, צו מאַכן זיך דום, ווילד און משוגע. ווייסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן? מאָרגן איז דאָך פרייטיק, הער נאָר מיך און קום מאָרגן צו מיר, וועל איך דיך טראַקטירן מיט פיש.

— איך האָב פיינט פיש פון אזעלכן, וואָס האָט פיינט מיין חזיר! — טוט ער א געשריי, רויט ווערנדיק ווי פייער פאר גרויס כעס.

— וואָס הייסט? — רוף איך מיך אָן, זעענדיק אין וואָס די שנאה זיינע שטעקט. — פאר דעם חזיר טרעטסטו עס אזוי אַרויס? אָט אין דעם נאָר גייט עס דיר, וואָס איך היט אָפּ מיין רעליגיע און וויל נישט עסן, וואָס מען טאָר נישט? אָט דערפאר רודפסטו מיך עס און פארהאַסט מיך אזוי? אסור, אויב איך פארשטיי דיך, וואָס מיט דיר איז אזוינס געוואָרן היינט. האָסטו געהערט, מען זאָל אזוי משוגע זיין היינט!... זאָג מיר נאָר, פאַניע... ווי פילסטו זיך אין געזונט?

אויף דער פראַגע האָב איך באַקומען פון מיין חברהמאַן אַן ענטפער מיטן קולאַק אין רוקן, און באַלד מאַקע איז ער אַוועק.

פון יענער צייט אָן האָב איך אים שוין מער נישט געזען. און ווי איך האָב געהערט, איז ער אויך באַטייליקט געווען אין דעם פּאָגראָם, אין שטעטין, וווּ מען האָט גערויבט, געפּלינדערט און פאַרברענט אַ מקום־קדוש.

ה.

אין דער צייט, וואָס ר' משה דער שניידער האָט מיר דערציילט זיין געשיכ־טע, האָט די עלטערע טאָכטער זיינע אַלץ געזיפצט און געציטערט עפּעס ווי אין אַ פיבער. פּלוצים טוט זי זיך אַ כאַפּ אויף פונעם אָרט, בלאַס־ווערנדיק ווי קאַלך, גייט און שטעלט זיך ביי דער טיר פונעם וואַגאָן צו שעפּן פרישע לופט. די מו־טער שאָקלט איר נאָך מיטן קאָפּ זייער פאַראומערט, מיט הייסע טרערן אין די אויגן. אויף ר' משהס געזיכט האָט זיך אָנגערוקט ווי אַ שוואַרצער וואָלקן מרה־שחורה, און ער איז מיטאַמאָל שטיל געבליבן.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ר' משה מיטן ווייב טראָגן אין זיך נאָך גרעסערע צרות פון די, וואָס ער האָט מיר ביז איצט דערציילט, און די צרות האָבן זיי פון דער טאָכטער.

אַז ר' משה איז אַ ביסל צו זיך געקומען און זעענדיק אין מיר, אַז איך בין זייער משתּוקק צו וויסן, וואָס די מעשה איז, האָט ער זיך אָנגעבויגן צו מיר און שטילערהייט אויפן אויער דערציילט, אַז זי, די עלטערע טאָכטער זיינע, איז געווען פאַרקנסט פאַר אַ פיינעם יונגערמאַן דאָרט אין דער שטאָט, ווו ער האָט געוווינט. דער חתן האָט געאַרבעט ביי אַ סטאָליער, זי האָט אים ליב געהאַט מיטן גאַנצן לעבן, און ער נאָך איר איז אויך אויסגעגאַנגען. „איך, משה חיים, פון דער כלהס צד, האָב זיך מתחייב געווען צו געבן נדן מיין טאָכטער, מרת ברײַנדל, צוויי הונדערט מאַרק מזומנים פאַר דער חתונה דעם חתן־בחור מו״ה זעליק, ער זאָל קאָנען מאַכן אַ ווערקשטאַט און איינקויפן ווערקצייג. די חתונה האָט געזאָלט זיין, כפי עס שטייט אין די תנאים, ווען דער חתן וועט אַרויס פון דער לערע ביים באַלעבאָס און קריגן אַ דיפּלאָם פון אַ מייסטער. דאָס געליבטע פּאָר האָט אַלץ געהאָפט, געהאָפט צו דערלעבן שוין דעם גליקלעכן טאָג פון דער חתונה, וועלכע האָט געדאַרפט זיין אין דריי מאָנאַטן אַרום, פאַרשטעלנדיק זיך גדולות, ווי זיי וועלן זיך איינריכטן מיט אַ שיין באַלעבאַטישקייט און פירן, אם ירצה השם, אַ גליקלעך לעבן. פּלוצעם, ויבא המן, קומט אָן די גזירה פון גלות — ר' משה מיט זיין הויזגעזינד ווערן פאַרוואָגלט, און די געליבטע זענען צע־שיידט געוואָרן“.

— אַט דאָס, זעט איר, איז אַן אומגליק, אַזעלכעס וואָס איך קאָן שוין נישט פאַרטראָגן, — לאָזט דער פאָטער אויס זיין שמועס שטאַרק באַטריבט. — די דאָזיקע טאָכטער מיינע האָב איך ליב ווי מיין לעבן, איך בין גרייט די נשמה מיינע פאַר איר אָוועקצוגעבן. הײַנט, זייט אייך משער, ווי גרויס מיין בראָך איז, אַז איך זע זי אַזוי אומגליקלעך, ווי זי איז פאַרטרויערט, פאַרקלאָגט, וויסט און פינצטער איז איר, נעבעך, די וועלט אָן איר געליבטן!...

אַצינד האָב איך שוין פאַרשטאַנען, פאַרוואָס די טאָכטער האָט די גאַנצע צייט, ווען דער פאָטער האָט מיר זיין ביטערע געשיכטע דערציילט, אַלץ געזיפצט. דאָס האַרץ האָט מיר געריסן אויף דער אומגליקלעכער, נעבעך. איך בין געבליבן זיצן שטיל, פאַרטראַכט, אונטערברומענדיק, גאָר אָן מיין ווילן, דאָס טרויעריקע תשעה־באבדיקע ניגונדל פון „אלי ציון“... „וכבתולה חגורת שק על בעל נעוריה — ווי א בתולה, אָנגעגורט אין אַ זאַק, קלאָגט אויף איר געליבטן“.

ו.

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ קליינער סטאַציע. דער פּאָליאַק איז אַראָפּ צום וואָקזאַל און אין אַ מינוט אַרום האָט ער געבראַכט אַ ליימענעם קרוג מיט קאַלטע וואַסער, געגעבן טרינקען דער אומגליקלעכער, נעבעך, וואָס ביי דער טיר, ווי אויך לייזערקען און די איבעריקע קינדער, און זיי האָבן זיך דערקוויקט. ער איז דערמיט מיר זייער געפעלן, איך האָב געדאַנקט אין האַרצן, און שטאַרק חשק באַקומען צו וויסן וועגן אים, וויאַזוי ער ווערט פּלוצעם אַן איי־נגענער אין ר' משה דעם שניידערס הויזגעזינד, נאָכדעם וואָס צווישן זיי איז פאַר־געפאַלן?

און אַז דער צוג איז ווייטער אַוועק, טוט ר' משה אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי ארויסשלאָגנדיק פון זיך די מרה־שחורה, און אָנגעהויבן ווייטער דערציילן מיט ווערטלעך אויף זיין שטייגער.

— דאָס, וואָס איך וויל דערציילן איצט, איז געווען אין גאַליציע. אַרומוואַנ־דערנדיק דאָרט, בין איך איינמאָל ערגעץ אין אַ שטאָט אריין אין אַ שענקל אָוונט־צייט. די שטוב איז געווען אַ גרויסע חורבה, אַ פוסטיניע, און די ליכט פו־נעם לאָמפּ, וועלכער איז געהאָנגען אינמיטן שטוב, האָט נישט דערגרייכט ביז די ווענט. אריינקומענדיק האָב איך באַמערקט, ווי מענטשלעכע געשטאַלטן ראַנג־לען זיך דאָרט אין אַ פינצטערן ווינקל מיט אַ געשריי, וואָס גרילצט אין די אוי־ערן — עפּעס אַ קול פון אַ מאַנצפּאַרשוין מיט אַ פרוי, וואָס שרייען, זידלען און שילטן טויטע קללות, און אַ קול פון איינעם שטיל מיט אַ געבעט: „האָט רחמנות אויף מיר, זיסע, ליבע מענטשן! דער הונגער און דער דאָרשט האָט מיך

געבראכט דערצו, צו עסן אייער ברויט, צו טרינקען אייער ביר, און נישט באַצאָלן... נישטאָ קיין איינציקער קרייצער אין מיין טאַש, כאָטש קוילעט מיך“.

און יענע בייזערן זיך, שרייען און ווילן פון אים אראָפּרייסן דאָס היטל, אויסטאָן אים זיין מאַנטל. איך האָב פאַרשטאַנען, אז דאָס שרייט דער שענקער מיטן ווייב. דער גאַנצער כעס זייערער איז, אפּנים, דערפאַר, וואָס דער אָרעמאַן באַצאָלט נישט פאר זיין עסן. ווי א ייד, וואָס איז געפּרווט געוואָרן אין זיין לעבן מיט הונגער, און ווייסט דעם ביטערן טעם פון דלות, האָב איך מיך געלאָזט ארויסהעלפן דעם אומגליקלעכן, נעבעך, פון דעם שענקערס און שענקערקעס הענט. פריער מיטן גוטן, אויפווייזנדיק זיי פון דער תורה, אַז אַ מענטש זינדיקט פאר א שטיקל ברויט מחמת נויט, איז גאָרנישט אזא שטאַרקער פאַרברעכן. נאָר אַז גוטע רייד און מוסר זאָגן האָבן נישט געהאָלפן, האָב איך אָפּגעצאָלט פאר דעם אומגליקלעכנס מאָלצייט, איז געוואָרן באַלד שטיל, שאַ. דער אָרעמער מענטש האָט מיר פון הארצן באַדאַנקט פאר מיין חסד, וואָס איך האָב מיט אים געטאָן.

אז מיר זענען ארויס פון דעם פינצטערן ווינקל אינמיטן שטוב און האָבן אָנגעקוקט איינער דעם אנדערן, זענען מיר ביידע אָפּגעשפּרונגען אויף עטלעכע טריט צוריק שטאַרק פאַרוואונדערט. איך האָב דערקענט אין דעם אומגליקלעכן מענטשן — וועמען מיינט איר? — מיין אַלטן חבר פאַניע פּרזשעסקזשווינשיטסקי... ער האָט מיך אויך דערקענט. ווי דער שטייגער איז פון אַ שניידער, האָב איך מיך פריער פון אלין צוגעקוקט צו זיין הלבשה, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. די קליידער זיינע זענען געווען צעריסן, צעפלאַטערט, די שיך אַלט, צעהאַקט, צעפּיצלט, צעקרימט און עפּעס א מין צעקנייטשטע קאַטערוכע, א מיצל אַזוינס אויף זיין קאָפּ. ער אַליין איז הויט און ביין, דאָס פּנים געל און גרין, פאַרשוואָלן פון הונגער. עטלעכע מינוט זענען מיר אַזוי געשטאַנען, אָנקוקנדיק איינער דעם צווייטן שטיל, אָן ווערטער, ווי פאַרטרוימטע. איך האָב מיך אויפגעוואכט צום ערשטן. דאָס האַרץ האָט מיר וויי געטאָן פאר רחמנות אויף מיין אומגליקלעכן חבר. נעם איך אים ביי דער האַנט און טו א פרעג:

— וואָס איז מיט דיר, פאַניע?... פאַרוואָס זעסטו אַזוי שלעכט אויס?

— אויך אויף אונדז, פּוילישע, — ענטפערט ער שטיל, אראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ, נישט צו קוקן מיר אין די אויגן — אויך אויף אונדז איז געקומען דאָס אומגליק, די גזרה אויסצוואנדערן, ווי אויף אייך, יידן. און אציגד, ווי דו זעסט, שלעפּ איך זיך ארום זוכן א שטיקל ברויט.

— נעבעך, — זאָג איך, און שאָקל מיטן קאָפּ.

— קאָן דאָס זיין, אַז דו זאָלסט האָבן אויף מיר רחמנות, נישט צו געדענקען מיין פיינטשאַפט צו דיר? — האָט ער טרויעריק געזאָגט.

— גלות פֿאַרגיט אַלע זינד, — זאָג איך אים שטייף און וואַרעם, האַלטנדיק אים ביי דער האַנט. לאָמיר פֿאַרגעסן אַלטע זאַכן.

— מיינע זינד זענען מיר ווי שווער־ע שטיינער אויף מיין האַרצן. אַצינד, אַז מיר איז שלעכט, און איך געפֿין זיך אין אַזאַ צושטאַנד ווי דו, ערשט איצט פֿאַרשטיי איך שוין, וואָס פֿאַר אַ ממשות עס האָבן די זינד, וואָס די זאַטע קלערן אוים אויף די הונגעריקע, דער בירגער אויף דעם פֿרעמדן, און דער שטאַרקער אויף דעם שוואַכן... פֿיל, זייער פֿיל, האָב איך געלערנט אין דער שלעכטער צייט, און אויך דאָ נישט לאַנג, פֿון דער געשיכטע מיט דעם שענקער. הלוואי עס זאָל זיך אַזוינס טרעפֿן יענע נאַרישע, אָפּגעפֿיינטע, פֿאַראיידלטע לייַדיקגייער, וואָלטן זיי בעסער און קלוגער געוואָרן, און עס וואָלט אַזויפֿיל שלעכטס אויף דער וועלט נישט געווען. דו, משה, ביסט אַ גוטער, אַ בראַווער מאַן, און איך מוז זיך שעמען.

— נו, אַ בעל תשובה שטייט גאָר אויף אַ הויכער מדרגה, — זאָג איך אים מיט גרויס ליבשאַפֿט. — דערמאָן מיר מער נישט, ברודער, אַזוינס, וואָס דאָס איז אַ חטא פֿון אַ וועלט מענטשן, וואָס גייט איבער פֿון טאַטעס צו קינדער אין אַלע דורות. אָט זעץ זיך לעבן מיר, לאָמיר טרינקען אַ גלעזל ביר און ווערן ווייטער ברידער ווי אַמאָל.

די דאָזיקע שעה צייט אין שענקל איז ווידקלעך געווען פֿאַר אונדז זייער אַ גוטע — אַ צייט אויף אויסצורעדן זיך, אויסצוגיסן איינער דעם צווייטן דאָס האַרץ, אַזוי ווי אַמאָל אין דייטשלאַנד ביי אַ גלאָז ביר. מיר האָבן זיך דערמאָנט אונדזער פֿאַרגאַנגען לעבן, ווען מיר האָבן זיך געאַרבעט רואיק, און אויך איינער דעם אַנדער־ן דערציילט די אַלע צרות, וואָס מיר זענען אויסגעשטאַנען אין אונדזער אַרומוואָגלען זיך, אין גלות. איך האָב פֿאַר אים אַרויסגעלייגט מיין פּעקל צרות, און ער זיין פּעקל, ווי ער וואַנדרעוועט אַרום שוין אַ לאַנגע צייט און קריגט נישט קיין שטאָך אַרבעט אין אַ פֿרעמד לאַנד. עס איז נישטאָ קיין אַרבעט און אויך קיין רחמנות ביי קיינעם היינטיקע צייטן, ווען די וועלט איז צעטומלט שלים־שלימזל און אַלע געשעפֿטן, די קאָנקורענץ איז גרויס, דער צוטרוי, דער גלויבן געפֿאַלן, און יעדער מענטש איז פֿאַרהאַוועט פֿאַר זיך. זיין ביסל געלט האָט ער אויפֿגעגעסן אין וועג, און ביסלעכווייז פֿאַרקויפֿט זיינע חפֿצים. עס איז אים מער נישט געבליבן ווי די הוילע נשמה, די אַלטע צעריסענע קליידער און דאָס העמד צום לייב. קומענדיק אַהער, איז ביי אים אויסגעגאַנגען די לעצטע פּרוטה, און עס איז אים געבליבן, כאָטש ניי וואַרף זיך אין וואַסער אַריין. איך האָב אים געטרייסט, געבנדיק אים איין גלאָז ביר נאָך דער אַנדערער, כדי, ווי דער פּסוק זאָגט: „תנו שכר לאובד“, גיט ביר דעם פֿאַרלוירענעם. די מצווה האָט אים גוט צעוואַרעמט, די אַלטע פֿריינדשאַפֿט האָט זיך אין אים צעגליט — און ער האָט מיך געהאַלדזט און געקושט. איך האָב אויך גענוג געטרונקען לכבוד אונדזער

באַגעגעניש. מיר האָבן געטרונקען, זיך פאַרגעסן א ביסל אין די צרות און געווען, ווי מען זאָגט, בגילופין, לעבעדיק־באַרעדעוודיק, ביז דער שענקער איז געקומען און האָט א זאָג געטאָן: „רבותי! עס איז שוין צייט צו גיין שלאָפן“.

די נאַכט איז געווען זייער א ליכטיקע, די לבנה האָט געשיינט, ארויסשטעלנ־דיק דער וועלט די גאַנצע צורה אירע, קיין מענטשנס פוס נישטאָ אין גאַס. אַלע שלאָפן שוין לאנג, און מיר גייען פארטראַכט יעדערער פאר זיך. ארום און ארום אונדז איז שטיל, מיר הערן נאָר דאָס קלאַפן פון אונדזערע אייגענע טריט און דאָס בילן פון הינט, וואָס דרייען זיך ארום איבערן שטאָט. צוקומענדיק צו א ראָג גאַס, וו מיר האָבן זיך באַדאַרפט צעשיידן, נעם איך אָן מיין חבר ביי דער האַנט און דערפיל, אז זי איז קאַלט ווי אייז און ציטערט:

— איך גיי, — זאָג איך אים, — מיט דעם געסל, אין מיין סטאַנציע, און וווהין גייסטו?

— וווהין מיינע פיס וועלן מיך טראָגן — ענטפערט ער מיט א זיפץ.

— דו האָסט קיין סטאַנציע נישט? — טו איך אים א פרעג.

— וויי, וויי! — זאָגט ער מיר מיט א זיפץ. — א פויגל האָט איר נעסט, א פוקס האָט אויך זיין נאָרע, און איך, מענטשן־קינד, האָב נישט וו מיין קאָפ אָנצושפאַרן.

— איז דען ביי אייך נאָר קיין בעלי־צדקות נישטאָ? וו זענען אייערע רייכע?

— ביי אונדז זענען קיין בעלי־צדקות נישטאָ. אונדזערע רייכע האָבן אויף א געזונטן פרעמדן אָרעמאַן קיין רחמנות נישט. נישט אלע רייכע הייזער זענען אָפן פאר אָרעמעלייט, און נישט יעדער־ער האָט די זכיה אריבערטרעטן זייער שוועל.

— הער מיך צו! — האָב איך געזאָגט, שאָקלענדיק מיטן קאָפ. — „גלות“, וואָס איז אַ טייערער שאַץ אין גאָטס אוצר, דאָס האָט ער געשענקט אַ מתנה נאָר זיין געליבט פאָלק ישראל. „גלות“ געהער נאָר אונדז, יידן, און נישט צו אייך. קיין אומה קאָן עס מיט איר כוח נישט פאַרטראָגן, לעבן אין גלות, ווי מיר יידן. און וויבאַלד דו האָסט זוכה געווען דערצו, האָסטו, ברודער, קיין אנ־דערע רפואה נישט ווי יידישקייט.

— וואָס הייסט?! — טוט ער א פרעג, שטאַרק פאַרוווּנדערט. — איך זאָל ווערן א ייד, מיינסטו?

— נאָר איינער! דער יידישער גאָט וויל נישט רייך ווערן מיט נאָך א יידן. ער לאָזט זיך באַגנוגענען מיט די יידן, וויפל ער האָט אויף זיין וועלט. אָן דיר, נישקשה, האָט ער אויך גענוג יידישע קבצנים, מיט וועלכע ער איז פארנומען תמיד, צו שפייזן זיי און צו דערהאַלטן זיי ביים לעבן מיט גרויסע ניסים. איך מיין גאָרנישט דיך מגייר צו זיין. זיי זיך א קריסט ווי פריער, נאָר דו זאָלסט זיך

צוגעוווינען צו דעם יידישן אָרט לעבן, ראָט איך דיר, כדי דו זאָלסט קאָנען ווי עס איז עקזיסטירן, אריבערטראָגנדיק דעם יאָך פון גלות. אין אָנהייב, ווייס איך, וועט עס דיר שווער זיין, נאָר גישקשה, מיט דער צייט וועסטו מיט יסורים געוווינט ווערן, צרות, פורעניות וועלן דיך אויסלערנען. דו מיינסט, אז די יידן באַלד פונעם ערשטן אָנקומען זייערן אויף דער וועלט זענען געווען אין דעם איצטיקן צושטאַנד זייערן, מיט אלע פּאָסטעמקעס זייערע, ווי איך, אַשטייגער? ניין! זייער פיל יאָרן זענען זיי פארשווארצט געוואָרן, זייער פיל צרות, געברענטע און געבראָטענע לייד זענען זיי אויסגעשטאַנען, ביז וואַנען זיי זענען געוואָרן דאָס, וואָס זיי זענען היינט. אָט דער גלות האָט זיי געמאַכט אנדערש פון אלע פעלקער, מיט די אייגנשאַפטן, מיט די פעיקייטן זייערע, און האָט זיי געגעבן א באזונדערע פאָרם אין זייער צדקה־געבן און אין זייער צדקה־נעמען. ווער איז נאָך ווי דאָס יידישע פאָלק איינאייניציקס אויף דער וועלט, וואָס ווייסט וויארום אויסצוגעפינען זייגע באַדערפעניש, וואָס אים איז נייטיק צו דערהאַלטן די נשמה? ווער איז נאָך ווי דאָס יידישע פאָלק, וואָס זאָל האָבן אזויפיל מיני חברות און צדקה־פושקעס? אָרעמעלייט גייען שטענדיק ארום איבער די הייזער און מאָנען א נדבה ווי א חוב. באַלעבאַטים מאַכן נישט קיין גרויסע שאלות, ווער און וואָס די אָרעמע לייט זענען, און גיבן, — אין ברירה, זיי גיבן און גיבן, ווילנדיק נישט ווילנדיק, יעדערן, וואָס שטעלט נאָר אוים די האנט צו בעטן. ער מעג זיין געזונט און שטאַרק — נאָך מער, אנדערע פארבעטן אליין, מיטן גוטן ווילן, אָרעמעלייט צו זיך אהיים צום טיש, נישט נאָר שבת אָדער יום־טוב, אפילו גאָר אינמיטן וואָך. אָרעמעלייט זענען ביי זיי, ווי עס שטייט געשריבן טאַקע, גאַנצע בני־בית. אָט דאָס איז די ווירקונג פונעם גלות מיט אַלע זייגע שלעק, רדיפות, מכות, און יסורים. מיר ווייסן ווי צו באַגיין זיך מיט דער דאָזיקער גאָטס מתנה, און זענען שטאַרקער פון אייזן אזוינס אריבערצוטראָגן.

— זייער גלייך האָט איר געזאָגט, ר' משה, — רוף איך מיך אָן מיט א זיפץ. — די געשיכטע פון אונדזער שפייזן זיך איז דורך און דורך טאַקע מיט ניסים, פון אָנפאַנג ביז ענדע. פון דעם „מן“, וואָס מיר האָבן געגעסן אמאָל אין דעם מדבר פערציק יאָר, ביז דעם בעטל־ברויט אין היינטיקן גלות. און דעריבער מוז יעדער ייד אלע טאָג זאָגן די פרשה פון דעם מן, אין דער פרי נאָכן דאַוונען, ווייל דאָס איז ביי אים אַן אַלטעגלעכע געשיכטע. עס פּאַסט זיך צו זיין שטייגער לעבן און איז מסוגל צו זיין נשמה. נאָר נישט דאָס בין איך אויסן. דערציילט, זייט זשע מוחל, ווייטער.

— שוין נישטאָ קיין סך וואָס צו דערציילן. בקיצור, דער חבר מיינער שטעלט אוים אויף מיר א פּאָר אויגן, דערהערנדיק מיינע ווערטער, און רופט זיך אָן צו מיר:

— זאָג זשע מיר, ברודער, מיט א מויל, וואָס האָב איך צו טאָן? דו האָסט זייער פיל גערעדט, פּאַניע משה, און פאַרשטיי איך גאָרנישט.

— האָב צייט! איך וועל דיך לערנען הלכות גלות, ווי דו זאָלסט קענען אויסהאַלטן און נישט שטאַרבן אין דער נויט פון הונגער. פון איצט אָן נעם איך דיך אריין אין מיין געזינד, וועסט מיט אונדז אינאיינעם וואַנדרעווען, ביז מיר וועלן געפינען אן אָרט, א מקום־מנוחה, וו זיך צו באַזעצן און אויסגלייכן די קראַנקע ביינער. נאָר שטאַרק זיך, מיין זון! נעם אָן אויף זיך גערן די יידישע יסורים און פאַרגעס נישט מיין תורה, וואָס איך, דיין רבי, לערן דיך.

— און פון דענסטמאָל אָן, זינט ער האָט זיך מיט אונדז סקאָמפּאַניעט און „שיצט זיך אונטער מיינע פליגעלעך“ — אונטער מיין השגחה הייסט עס, לערן איך אים דעם שולחן־ערוך פון דלות. אַ גוטע לעקציע האָב איך אים געגעבן אין דער טראַגעדיע פון דעם וויסטן פינצטערן יידישן לעבן. איך האָב אים אויסגעלערנט לאָזן זיך באַגנוגענען מיט גאָרנישט, ווייניק עסן, ווייניק טרינקען, נישט צופיל נאָכגעבן די טריפהנע קישקע. אדרבא, זי גאָר באַשטראָפן אָפט מיט תעניתים, זי זאָל דאַרבן, ביז עס וועט פון איר ווערן אַ גרגרת דרבי צדוק — א פייג הייסט עס.

איך האָב אים אויך אַנטפּלעקט דעם סוד פונעם גיין איבער די הייזער, געלערנט אָנבייגן דעם קאָפּ פאר איטלעכן שלאַק, פאר איטלעכם אָנשיקעניש, בייצוקומען ווי ווייט מעגלעך די אלע שטערענישן אין וועג אויף צו באַקומען די נייטיקסטע מיטלען צו דערהאַלטן דאָס לעבן. אזוינס און נאָך אזעלכעס דעסגלייכן האָב איך אים געלערנט, און געלויבט איז דער אייבערשטער, די מי מיינע איז נישט געווען אומזיסט! תחילת איז אים, דעם תלמיד מיינעם, שווער געווען אויסצוהאַלטן אזעלכע ביטערע נסיונות, געוואָלט זיך א מעשה אָנטאָן. איידער אזא לעבן אין צרות, איז שוין גלייכער טאַקע באַלד א מיתה־משונה איינצונעמען. אָבער ביסלעכווייז איז ער מיט די צרות געוווינט געוואָרן, געגאַנגען ווייט אין דעם לערנען אזוי, אז ער האָט שוין דערגרייכט די העכסטע שטופע פון קאַרגקייט, פון איבערטראָגן, אַראָפּשלינגען אַלערליי מיני פורעניות, אויך פייניקן דעם זינדיקע גוף פאַרשטייט ער, ווי אַן עכטער אמתער ייד. היינט, נישקשה, מעג ער שוין אָפּריכטן גלות... אזוי וויל איז צו אים! — האָט ר' משה געענדיקט זיין דערציילונג מיט א שמייכל. — אז וויל אים און אז וויל מיר, זיין רבין, וואָס איך האָב זוכה געווען אזוינס צו זען...

איך טו א קוק צום פּאָליאַק, דערזע איך, ווי ער שפּילט זיך, איז זיך משמח מיט לייזערקען, נאָכמאַכנדיק פאר אים אלערליי קולות פון חיות און עופות, קרייעט ווי א האָן, מעקעט ווי א קו, הירזשעט ווי א פערד, קוואַקעט ווי א זשאַבע און ברומט ווי א בער. שיין, פיין, נישט געליאַרעמט, מיט באַרעכענונג, אנדערע נישט צו באַאומרואיקן. די קינדער טאַנצן ארום אים לעבעדיק־פריילעך, יאַנקעלע

פון איין זייט שפּרינגט, איציקל פון דער אנדערער זייט טאַנצט. די טרויעריקע כלה, ברײנדל, פאַרגעסט זיך אויף אַ וויילע אין איר זעליקן און שמייכלט מיט חן. די קלאָג־מוטער חיה, די פאַראומערטע, נעבעך, ווייזט אויך ארויס אַ פריי־לעכע מינע, פרייט זיך מיט אירע קינדערלעך; און דער טאַטע, ר׳ משה, קוועלט אָן, קוקנדיק פאַר גרויס נחת, לייגט אַרויף די הענט אויף זיין בויך און זאָגט, ווינקענדיק צו מיר מיט איין אויג: „פרייט זיך, מיינע געדע־ים, וואָס איך האָב זוכה געווען צו זען יפתן אין די געצעלטן פון שמען, ווי ער לערנט מיט גרויס חשק די דינים פון גלות! חזק, חזק, פאַניע יפת, שטאַרק זיך און באַגער לער־נען, פון דיין טובה וועגן, און פון דיין רבינס טובה וועגן, ונתחזק, און לאָמיר זיך ביידע שטאַרקן!"

נאָך פיל שאלות האָב איך געהאַט צו פרעגן משהן, נאָר ס׳איז שוין נישט געווען מער געהויג צייט צו פאַרברענגען מיט אים — דער צוג איז צוגעקומען צו אַ גרויסער סטאַנציע, ווו איך האָב געדאַרפט אַראָפּשטייגן און צו שיידן זיך מיט ר׳ משה חיים און זיין הויזגעזינד.

ארויסגייענדיק פונעם וואַגאָן מיט מיינע פּעק, האָב איך באַמערקט, ווי דער פּאָליאק שטייט אין אַ ווינקל און סודעט זיך מיטן קאָנדוקטאָר מיט גרויס הכנעה און אַ צעבראָכן געמיט און שטעקט דערביי מיט אַ רחמנות־פּנימל אים אריין אין דער האַנט אַ זילבערנע מטבע. איך האָב באַלד פאַרשטאַנען דעם פּירוש פון זיין איבערשמועסן זיך מיט דעם קאָנדוקטאָר, דעם סוד פון דער מטבע, און וואָס דער תלמיד ר׳ משה דעם שניידערס פאַרלאַנגט. איך האָב אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און פון טיפן האַרצן געזאָגט:

„רבונו של עולם! עס זאָל זיין דער ווילן פון פאַר דיר גאָט, מיין גאָט, עס זאָל נאָך זיין פיל, פיל תלמידים אזעלכע — וועט זיין שם מיט יפתן ברי־דער, שלום אויף דער וועלט, און פרידן אויף כל ישראל, אָמן!"

# די נשרפים

## א.

דאָס, רבותי, וואָס איך וויל אייך דאָ דערציילן, איז געשען פונקט אין דעם יאָר, וואָס נאָך דער גרויסער שרפה אין קאַבצאַנסק.

די דאָזיקע שרפה, מוזט איר וויסן, שטייט פארשריבן אין קראָניקעס, אין קהלשן פנקס הייסט עס, און קאַבצאַנסקער יידן רעכענען אַלצדינג, וואָס געשעט אין זייער לעבן, נאָך דער צייט פון שרפה. מען זאָגט אַשטייגער: דער און דער אין געבאָרן געוואָרן, דער און דער האָט חתונה געהאַט אָדער איז געשטאָרבן אזויפיל און אזויפיל נאָך דער שרפה. דער עיפוש, נישט היינט געדאכט, דאָס אויסרייניקן די מקוה, די ברונעמס וכדומה איז געשען אין דעם און דעם יאָר נאָך דער שרפה.

איך אליין בין דענסטמאָל ביי דער שרפה נישט געווען אין שטאָט, בין ארומ־געפאָרן, ווי געוויינלעך, מיט מיין ביידל ספרים צווישן יידן. גאַזעטעס, ווי היינט, זענען דענסטמאָל ביי אונדז יידן נאָך נישט געווען, נישט קיין „קאָרעספאָנדענ־ציעס"־ און „אַרטיקלען"־שרייבערס, נישט קיין מודעות וועגן עגונות און נישט א צעגיסן זיך אין „לשון", אין שאַרפע מליצות אויף מתים און אויף שרפות. האָט אַ ייד מעגן* געווען דאָס ווייב, מילא, איז זי יזיך אַן עגונה; איז אַ ייד גע־שטאָרבן, מילא, האָט מען אים באַגראָבן; א באָד האָט אָפגעברענט, א שטעטל, נישט דאָ געדאכט, איז אוועק מיטן רויך — נו, שאַ, אָט אזוי האָט זיך גאנץ קאַבצאַנסק אָפגעברענט, און איך זאָל דאָס גאָר אָנהייבן אפילו צו וויסן!

גיי איך מיר אזוי איינמאָל טריט ביי טריט נאָך הינטער מיין אָנגעלאָדן וועגעלע. דאָס פערדל מיינס רירט זיך ווי א בלייען פייגעלע, שטשיפעט ביים וועג גייענדיק גראָז און קייעט עם רואיק און געלאסן. געווען איז עס דענסטמאָל ל"ג בעומר, איינער פון יענע זומער־טעג, אין וועלכן א ייד איז נישט אין טרויער

---

* מ ע ג ז געווען — געמאַכט פאַר אַן ע ג ו נ ה — פארלאָזט דאָס ווייב.

און מעג הנאה האָבן פון גאָטס וועלטל דעם שיינעם. איך גיי מיר אַזוי האָפּער־דיק, כאַפּנדיק א קוקעלע אויף אביימעלע, אויף א גרעזעלע, א בלימעלע און אויף גרינגע תבואות. הדודאים, די פייגעלעך נתנו ריח, גיבן די שמוכט, די פעלד־פייגעלעך שפּילן מיר א מאַרש, און מיר דאַכט זיך, איך הער די פידל מיט דער פּויק, די פלייט, די באַנדורע מיט דעם צימבל — דאָס גאַנצע קלעזמער־שפּיל אויף די חתונות היינטיקן טאָג ביי יידישע קינדער. איך וועל גאָר אָן פון זייער שמחה און שיק פונדערווייטנס זיי אַ מזל־טוב, הלוואַי זיי זאָלן זיך מערן ביי זיך אין שטעטל דאָרט, ווי דאָס גראָז אויפן פעלד דאָ.

און ווי איך באַטראַכט מיר גאָטס שיינע וועלט און די וווּנדערלעכע ווערק זיי־נע, שטאַרק הנאה האָבנדיק דערפון, דערזע איך פונדערווייטנס עפּעס גאַנצע קאָמ־פּאַניעס פאַרשוינגען מיט שטעקנס אין די הענט, מיט טאָרבעס אויף די פּליי־צעס ווי עכטע קבצנים. אמת טאַקע, באַגעגענען אויפן וועג קבצנים איז זייער אַ געוויינלעכע זאַך: ס'איז שוין איינמאָל אַזוי געשטעלט ביי יידן פון אייביקע צייטן, אז קבצנים זאָלן ביי זיי זיך שטענדיק ארומשלעפּן איבער שטעט און שטעטלעך. נאָר אַזויפיל קבצנים אָבער מיטאַמאָל אין גרויסע מחנות ווי די היישעריקן — דאָס איז מיר שוין געווען א גרויס ווונדער. און נאָך גרעסער איז מיר געוואָרן דאָס ווונדער, אז זיי זענען צוגעקומען נאָענט און איך האָב אין זיי דערקענט מיינע קאַבצאַנסקער יידן!

— אוי, קאַבצאַנסק וואַנדערט! — רוף איך אויס דערשראָקן, דערזעענדיק פאַר מיר די גאַנצע מחנה יידן, מענער, ווייבער און קינדער, אָפּגעריסענע־אָפּגע־שליסענע, הונגעריקע, דאָרשטיקע, אין צענטן אייַנגעהויקערטע. — וואָס איז אַזוינס געשען, ברידער?!

— אוי, חרוב געוואָרן אונדזער שטאָט! — ענטפערן אַלע מיטאַמאָל — יאָ, קאַבצאַנסקער זענען מיר, קאַבצאַנסק אָבער איז שוין נישטאָ!

— אַ שטראָף פון גאָט איז געקומען, אן אָנשיקעניש פון זיין ליבן נאָמען!

— פאַלן אריין ווייבער אין דער מיט מיט א געוויין.

— אַ צאָרן פון גאָט איז אויף קאַבצאַנסק אויסגעגאָסן געוואָרן — העלפן אונטער מאַנצבילן מיט א קרעכץ.

— בעוונותינו הרבים, — הייבן עטלעכע אָן צו דערציילן, — בעוונותינו, פאַר די זינד אונדזערע האָט זיך אָנגעכאַפּט די סאַזשע ערגעץ אין קוימען...

— אין נפתלי דעם רויטנס קוימען, פאַלן אַנדערע אַריין אין די רייד, — ביי אים אין קוימען האָט זיך עס אָנגעצונדן די סאַזשע, וואָס איז נישט געווען געקערט שוין א לאַנגע צייט, פון דאָרט איז דאָס פייער ארויס, בעוונותינו הרבים, איז געפלויגן מיט דעם ווינט אויף די שטרויענע דעכלעך, זיך אָנגעכאַפּט אין די הילצערנע הייזלעך. עס ברענט, עס פלאַקערט אַ שרעק. ס'איז אַ געטומל, אַ גע־שריי, א געוואַלד — און ווער זאָל אין אַזא מהומה, אַזא לויפעניש זיך שטעלן

לעשן? אוי, וואָס פון אונדז איז געוואָרן! עפּעס מאַקע נאָר פונעם הימל איז ארוים א פייער און פארב־ענט אונדזער שטעטל!

— ברידער! כאַפּ איך מיך ארויף אויף זיי מיט א טענה — אָנגעהויבן האָט איר מיט א פייער פון נפתלי דעם רויטנס קוימען און אויסלאָזן לאָזט איר גאָר אוים מיט א פייער פונעם הימל! ווי קומט אהער דער הימל!

— דאָס פייער פונעם הימל, פארשטייט איר, איז באַשערט געווען צו קומען דורך דעם רויטנס קוימען, — ענטפערן מיינע קאַבצאַנסקער פּשוטע יידן, וואָס ווייסן נישט קיין חכמות, — פון דאַנען, פון דאָרט — אלציינס. א באַווייז האָט איר אייך אָט וואָס: יאָרנלאַנג איז דעם רויטנס קוימען, ווי א סך אנדערע קוימענס, נישט געווען געקערט, און פונדעסטוועגן מיט חסד, ס'איז גאָרנישט געשען. ס'זענען דאָ טיפּשים אזעלכע, וואָס זאָגן אונדז: „רעכט אויף אייך! איר האָט די שרפה כשר פאַרדינט דערהפאַר, וואָס די הייזער אייערע זענען געשטאַנען האָרט איינס לעבן אנדערן, וואָס די דעכער, משטיינס־געזאָגט, זענען געווען געדעקט מיט שטרוי, וואָס די אויוונס זענען נישט געמאַכט ווי געהעריק און דערפאַר, וואָס ביי אייך זענען נישטאָ די כלים, די אלע נייטיקע מיטלען צום לעשן". די דאָזיקע שוטים אָבער ווילן נישט פארשטיין, אז מכמה וכמה יאָרן איז קאַבצאַנסק זיך אזוי געשטאַנען נישט צו וויסן קיין בייז. דער אמת איז מאַקע, ווי עס שטייט געשריבן: אם ה' לא ישמור עיר, אז דער אייבע־שטער היט א שטאָט נישט. שוא שקד שומר, איז אומזיסט די מי פון אַבי וועלכן שומר. איז באַשערט א פייער פונעם הימל, קאָן קיין שום וואסער נישט עם פארלעשן.

אקעגן א פּסוק העלפט נישט קיין זאך, נישט קיין חכמות, נישט קיין טענות. דעריבער האָב איך אָנגעבויגן דעם קאָפּ און געשוויגן.

ב.

מיינע קאַבצאַנסקער זענען שיר נישט געפאלן פון די פיס, אזוי אָפּגעמאַטערט זענען זיי געווען פון צופוס גיין. מיר אַליין האָט שוין אויך מאַקע געבראָכן די פיס פונעם נאָכגיין הינטער דעם וועגעלע, דעריבער האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויסרוען אַ ביסל לעבן אַ וועלדל ביי אַ קליין וואַסערל. אויף די ווערבעס דאָרט האָבן די קאַבצאַנסקער אויפגעהאָנגען זייערע טאַרבעס און אַליין זיך אויסגעצויגן אויף דער האַרטער ערד. מאַנצבילן אָכצן און קרעכצן, אַמפּערן זיך, קריגן זיך, באַטראַכטנדיק זייער לאַגע. ווייבער קלאָגן, פאַרשעלטנדיק זייערע טעג און יאָרן. עופהלעך קליינטשיקע לעכצן נעבעך, זוכן ביי די מאַמעס צו זייגן און געפינען נישט קיין קאַפּ מילך. עלטערע קינדער הלשן נאָך אַ שטיקל ברויט און וויינען מיט בימערע טרערן. לייזערל, דער קאַבצאַנסקער שטאָט־משוגענער, אויך ער

געפינט זיך דאָ צווישן דעם קאַבצאַנסקער עולם. די קליידער פאַרשמירט, צעריסן, די האָר צעשויבערט, דאָס היטל פאַררוקט אַהינטן. ער דרייט זיך אַרום, גייט נאָך, ווי אַ קו אַ קעלבל, אַמאָל נאָך דעם, אַמאָל נאָך יענעם, עפנט אַ מויל און קוקט, ברענגט אַרויס אַמאָל עפּעס אַ פאַרדומפּט קול, אָן ווערטער. פאַראומערט, פאַרזאָרגט זיץ איך צווישן מיינע פאַרוויסטע, אומגליקלעכע קאַבצאַנסקער נעבעך, עס רייסט מיר דאָס האַרץ צוזעענדיק זייערע ביטערע צרות, וויסט און פינצטער איז מיר גאָטס וועלטל. אוי, וואָס גייט זי מיך אָן, די שיינע נאַטור, מיט איר חן? פאַר אַנדערע איז זי גוט און שיין, נישט פאַר אונדז יידן. די זון קוויקט מיך נישט מער מיט אַ ליבער וואַרעמקייט, זי ברענט מיך ווי פייער. דאָס לינדע ווינטל איז פאַר אונדז אַ ווינט צו שרפות, דאָס גערוך פון פעלדבלומען און קרייטעכצער שמעקט פאַר אונדז מיט רויך. אוי, אונדז מאָלט זיך נאָר שרפות — פייער, ווינט און זיילן רויך! דאָס שפּילן פון די פייגעלעך דאַכט זיך אונדז אַ וויינעדיקס, דאָס געזאַנג זייערס — אַ קלאָג=ליד.

— ווהין זשע, ברידערלעך, גייט איר? — טו איך לסוף אַ פרעג מיינע קאַבצאַנסקער יידן, האָבנדיק אויף זיי שטאַרק רחמנות.

— ווהין קאָנען יידן גשרפים גיין? — ענטפערט חברה, זיפצנדיק און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ — אַהין ווו אַלע יידישע אָרעמעלייט גייען. צו אונדזער־ע באַרמהאַרציקע אַחינו בני ישראל גייען מיר. מיר האָבן כתבים אונטערגעשריבן פונעם רב און פון די ראשי=הקהל, אַז מיר מעגן אַרומגיין איבער די הייזער מעגן מיר. אונדזערע ראשי=הקהל, זאָלן לעבן, האָבן פאַרזאָרגט די נשרפים, איינטיילנדיק צווישן זיי די יידישע שטעט על פי גורל. אַ טייל קאָמפּאַניעס איז אויסגעקומען אַוועקצולאָזן זיך אַהין, פון יענער זייט קאַבצאַנסק, און אונדז איז דער גורל אויסגעפאַלן צו לאָזן זיך אַהער, אין דער זייט. אַצינד באַדאַרפן מיר דאָ נאָך אַ צווייטע איינטיילונג, ווער ווער זאָל געהערן די שטעט און ווער יענע שטעט. קאָנען מיר זיך אָבער נישט אויסגלייכן. ווהין יענע ווילן, שטופּן זיך נאָך זיי איך די אַנדערע. בכן האַלטן מיר זיך, ווי איר זעט, צונויפגעשטיקט אַלע איניינעם, אין איין גרויסער קאָמפּאַניע. מען אַמפּערט זיך, מען זידלט זיך, מען עסט זיך איינער דעם אַנדערן אויפן גאַנצן וועג. טאָמער, ר' מענדעלע, וואָלט איר זיך דאָ אַריינגעלייגט אין דער מיט און געמאַכט צווישן אונדז אַן עק?

— צעזייט זיך, צעשפּרייט זיך, קבצנים! — טו איך אַ זאָג מיינע יידן זייער דעליקאַט — צו וואָס, קבצנים, שטיקט איר זיך צונויף איניינעם און בייסט אייך און רייסט אייך איינע מיט די אַנדערע? דערמיט טוט איר דאָך שלעכטס אייך טאַקע אַליין — איינער ביים אַנדערן כאַפּט אויס דאָס שטיקל ברויט, אַלע וואַרפן זיך, ווי די הינט, להבדיל, אויף אַן אָפּגעלעקטן ביין. און וואָס נאָך, איר ציט אויף אייך אַרויף לייטישע רייד, שאַנד און שפּאָט, אַז איר באַפאַלט זיי ווי אַ היישעריק,

נישט אויסצושטיין פון אייך. געוואַלד, האָט רחמנות אויף זיך אַליין און צעשפּרייט זיך, יידישע קינדער!

און זענענדיק, אַז איך רעד ווי צו דער וואַנט, קיינער הערט מיך נישט, האָב איך שוין מער נישט געזאָגט קיין וואָרט, געקוקט אויף זיי און באַדויערט, טראַכ־טנדיק ביי מיר: אַ שרפה אַפילו איז נישט אימשטאַנד אייך צעשיידן, יידעלעך!

— אונדז גיבן זיי דאָס ערגסטע, טונקעלאַדאַוועקער געגנט מיט די הייזער, און זיך נעמען זיי דאָס בעסטע, גלופּסקער ווינקל. נישקשה, מיר האָבן אויך אַ חלק אין גלופּסק — לאָזן זיך הערן קולות פון שרעקלעך אויפגעבראַכטע.

— ניין! מיר וועלן נישט מוחל זיין דאָס אונדזעריקע. מיר האָבן אויך אַ יידישע נשמה, אויך אַזוינע מיוחסים, שמייליקע ווי איר זענען מיר! — שרייען אַנדערע.

— מיינע ליבע יידן! — ווענד איך מיך צו די, וואָס האָבן אַממיינסטן גע־שריגן — איר זענט דען אויך אָפּגעברענט געוואָרן? איר זענט דאָך, ווי איך ווייס, קיינמאָל קיין באַלעבאַטים נישט געווען.

— מילא, וואָס איז דאָ די נפקא־מינה, באַלעבאַטים אָדער שכנים, — גיבן מיר יענע צו פאַרשטיין דעם טעם דערפון, — אַצינד זענען מיר אַלע אביונים. הייזער האָבן מיר, אמת טאַקע, נישט געהאַט, אָבער דירות האָבן מיר דאָך יאָ געהאַט. נו, האָבן מיר אַלע געוווינט ביי יעקב־שמשון אין קעלער, איטלעכער מיט זיין געזינדל אין אַ באַזונדער ווינקל דאָרט. אַז יעקב־שמשונס הויז האָט זיך אָבער אָפּגעברענט, זענען מיר דאָך, פאַרשטייט איר, געבליבן אָן דירות, און ווהין, זאָגט אַדרבא, זאָלן מיר זיך איצט אַהינטאָן?

— מיין דירה איז געווען אין בית־המדרש, וו איך האָב געשלאָפן — שרייט מיט אַ גמרא־ניגון עזריאל בטלן — וויבאַלד דאָס בית־מדרש האָט אָפּגעברענט, אם־כן איז דאָך מער נישט שייך דאָרט צו שלאָפן. הייסט דאָך עס, אַפּנים, אַז איך בין אַ נשרף ווי אַלע נשרפים.

— אַ מערכה, כ'לעבן, — טראַכט איך ביי מיר, — וואָס די וואַנצן און פליי, וועלכע זענען געווען אויף קעסט און קוואַרטיר ביי אונדזערע יידן אין קאַבצאַנסק, האָבן נישט קיין מויל צום רעדן, זיסט וואָלטן זיי אויך געקומען מיט די אייגענע טענות.

— מיר איז די שרפה געווען דריי מיתות: שרפה, הרג וחנק אינאיינעם, — קלאָגט זיך דוד־יידל דער קרעמער — אָפּגעברענט דאָס קלייטל, מילא איז אָפּ־געברענט, קאָן מען דינגען, שטעלן אַן אַנדער קלייטל, אַבי עס זאָלן זיין יידן, קונים. אַז אָבער קאַבצאַנסק האָט זיך אַוועקגעשלעפּט, בין איך געבליבן דער־הרגעט, דער־וואָרגן!...

— איך בין אַן אָרעמאַן, אַן אביון טאַקע לכל־הדעות, — גיט מיר נחום דער מלמד צו פאַרשטיין גאַנץ שכלדיק, — זענען באַלעבאַטים געווען אין שטאָט, בין איך

געווען אַ מלמד, געלערנט מיט זייערע קינדער און געלעבט בדוחק. היינט אַז אין באַלעבאַטים, נישטאָ קיין באַלעבאַטים, זענען נישטאָ קיין קינדער. נישטאָ קיין קינדער, איז נישטאָ קיין חדר. נישטאָ קיין חדר, איז נישטאָ קיין תורה. נישטאָ קיין תורה, איז נישטאָ קיין קמח — קומט אויס צו לייגן די ציין אויף דער פּאָליצע!

— אָט דאָס אייגענע טאַקע זאָג איך דאָך אויך, אַז ס'איז נישטאָ קיין הייזער, איז נישטאָ קיין מזוזות, — רופט זיך אָן מיט אַ קרעכץ יאָסל־שמעון דער סופר. — אַז ס'איז געווען אַ קאַבצאַנסק, בין איך געווען אַ מזוזה־שרייבער, היינט, אַז ס'איז אויס קאַבצאַנסק, אויס הייזער, איז אויס סופר, אויס מזוזות.

— און מיר — רופן זיך אָן אַ היפּש פּעקל פֿאַרשווינגען, וואָס הייסן ביי אונדז יידן כּלי־קודש, נעמלעך: שמשים, בעלי־תפילות, שדכנים, קברנים, תהילים־זאָגער, משניות־לערנערס, טוקעריינס, גבאיטעס, שפּרעכעריינס וכדומה נאָך אַזעלכע, - מה נאמר ומה נדבר, וואָס זאָלן מיר זאָגן? מיר זענען דאָך אַצינד געבליבן ווי פּאַסטעכער אָן שאָף, ווי פיש אָן וואַסער. ווי איז אונדז, ווינד און ווי אונדזערע קינדער! אויסגעלאָזט זיך די פּרנסות. נישטאָ מער פונוואַנען צו ציען. אוי, בי־מער! אונדזער איינציקע האָפענונג אַצינד איז פריער אויף גאָט, דערנאָך אויף אינדזערע קרובים; אויף גוטע לייט און בעלי־צדקות. זאָלן זיי אונטערהעלפן אונדז אין דער שלעכטער צייט, טאָן חסד מיט אונדזערע קינדער, ביז השם יתברך וועט זיך דערבאַרעמען, קאַבצאַנסק וועט ווידער ווערן אַ שטאָט און מיר וועלן זיך נעמען ווידער צו אונדזערע פריערדיקע פּרנסות.

— ס'איז גאָר נישטאָ אויף דער וועלט אַזאַ צרה, ווי מיינע, — גיסט פֿאַר מיר אויס דאָס האַרץ שלמה, וואָס האָט געהייסן אין שטאָט: בעל־דבר׳ן, פֿאַר זיין פּה־קדוש. — מיין צרה — דאָס איז די צרה פון דער מויד! קוקט זי אָן, אוי, אַ בושה, אַ חרפּה, אָן זיצט זי דאָרט מיין טאָכטער, הינדע־רחל, נעבעך! אַ כּלה געווען הינדע־רחל, באַדאַרפט זיין, לויט ווי אָפּגעשמועסט אין די תנאים, די חתונה ל״ג בעומר. היינט טאַקע באַדאַרפט זיין די חתונה. וואָס זשע טוט גאָט? מאַכט גאָט אַ שרפה, אָבער אַ שרפה אַ גרויסע, אַז דער גאַנצער מאַרק הייזער און די וואָס אַרום און אַרום גייען אַוועק מיטן פייער, און מיין הויז אויך. אויף גאָט פרעגט מען נישט קיין קשיות, פֿאַרוואָס האָט ער אַזוינס געטאָן. מסתמא ווייסט ער, פֿאַרוואָס ער האָט עס געטאָן. וויבאַלד אָפּגעברענט, פֿאַרשטייט זיך דאָך ממילא, אַז איך בלייב אַן אָרעמאַן און סילוק נישט דעם נדן, ווי איך האָב מיך מתחייב געווען אין די תנאים. וואָס מיינט איר, איך האָב נישט געוואָלט? חס־ושלום! געוואָלט האָב איך זייער, נאָר פּשוט איך האָב נישט געהאַט. וואָס זשע דער שיינער בחור, דער חתן מיינער? זאָגט ער, לא! אַז נישטאָ דער עיקר, צו וואָס טויג מיר די מויד? נעמט ער און צערייסט די תנאים. מילא, צו וואָס דאָ לאַנג בריען, דער שפּיץ דערפון איז, מיין טאָכטער איז אויס כּלה און ווייטער

אַ מויד! און אָט זיצט זי שטענדיק פֿאַראומערט און וויינט. מיין ווייב, זאָל לעבן, גיסט אויך ביטערע טרערן און וויינט איבער מיין קאָפּ: „גזלן! — זאָגט זי, פֿאַרוואָס האָסטו ארויסגעלאָזט דעם חתן? פֿאַרוואָס האָסטו קיין רחמנות נישט אויף דיין טאָכטער? אַלע חברטעס אירע זענען שוין ווייבלעך, האָבן קינדער, און זי, גזלן איינער, זי איז נאָך אַ מיידל! אוי, אַזאַ חרפּה, אַזאַ בושה!“ און היינט ל״ג בעומר, וואָס האָט געזאָלט זיין די חתונה, כּפי ס'איז אָפּגערעדט געוואָרן אין די תנאים, איז דאָס געוועזן נאָך גרעסער, ממש ווי תשעה=באב. די וויינט, יענע וויינט, ביידע וויינען, און מיר איז ביטער און פֿינצטער. אַ הונט זאָל אַ לעק טאָן מיין האַרץ, וואָלט ער משוגע געוואָרן. וואָס זאָל איך טאָן און וואָס קאָן איך טאָן? איך וועל נאָך פּרוּוון טאָן אָט וואָס: מיין ווייב מיט די בני=בית זאָלן זיך ארומגיין מיט די נשׂרפֿים, און איך וועל מיר אַ לאָז טאָן אין דער וועלט עקסטראַ פֿאַר זיך אויף הכנסת=כּלה. האַ, וואָס זאָגט איר דערצו, ר' מענדעלע?

— וואָס זאָל איך זאָגן? — ענטפֿער איך דעם בעל=דברן מיינעם — אוודאי איז הכנסת=כּלה אַ שיין געשעפֿט און ביי אונדז ייִדן נאָך פֿיל חשובֿער ווי נשׂרפֿים.

בשעת דעם שמועס מיט די קבצנים האָבן די ווייבער זייערע אונטערגעבאַסעוועט מיט ביטערע זיפֿצן, מיט טרערן און טויטע קללות. אויך די פֿיעש אין דעם טייכל, די זשוקלעך, די גרילן צווישן גראָז און תּבֿואות האָבן זיך געלאָזט הערן אויף זייערע קולות — ס'איז געווען אַ קוואָקען, אַ שמועצערן, אַ גערויש, אַ געפּילדער, אַ יאָמער, אַ קלאָג ווייט ארום און אַרום.

ג.

קיין שום זאַך נעמט מיך נישט אָן אַזוי ביים האַרצן, דערוועקט נישט אין מיר הייסע געפֿילן פֿון ליבשאַפֿט, גוטסקייט, רחמנות און נאָך אַזעלכע, וואָס שווער אָנצורופֿן זיי ביים נאָמען, ווי דאָס פּנימל פֿון אַן אומשולדיק קינד, אַ שלאָפֿנדיקס. באַזונדערס, ווען עס איז איינגעשלאָפֿן פֿאַר שלאָפֿקייט, געבער, אָדער נאָכדעם ווי מען האָט עס געפּייניקט, געבער, געשלאָגן.

איינס פֿון די קליינע, אומגליקלעכע קינדערלעך, אַ שלאָפֿס, אַ בלייכס, איז שטיל אומבאַמערקט צוגעקומען צו מיר בשעת מיין פֿאַרטיפֿן זיך אינעם שמועס, האָט אַנידערגעלייגט דאָס קעפּעלע זיינס מיר אויף די קני און זיך איינגעשלאָפֿן. ערשט ביים ענדיקן דעם שמועס; אַז איך האָב אים באַמערקט, בין איך געבליבן צעקאָכט פֿאַר גרויס רחמנות. אַ זיס פּנימל, זע איך, אַ דאַרס, אָן אַ טראָפּן בלוט, ליפּעלעך פֿאַרטריקנטע, האַלב=געעפֿנטע; הענטלעך דינע, צוים=שטעקעלעך, איינס ליגט אים אויף דער ברוסט, וואָס באַוועגט זיך ביים אָטעמען אַרויף און אַראָפּ, און דאָס צווייטע הענגט שוואַך אַרונטער. אויף אים אינגאַנצן ליגט עפּעס אויסגעגאָסן אַ טרויערדיקער חן. עפּעס רעדט עס, בעט עס, קלאָגט זיך געבער אויף יסורים, ווייטיקן, בעט רחמים, רחמנות צו האָבן אויף זיינע יונגע יאָרן.

איך קוק עס אָן און עס רייסט מיר דאָס האַרץ! עס ווילט זיך מיר וויינען, האַלדזן, אַרומנעמען דאָס בידנע קינד, מיינע אומגליקלעכע שטאָטלייט, מיינע אומגליקלעכע ברידער פון מיין פאַרוואָגלט פאָלק, אַרומנעמען זיי אַלע און אויסקושן זיי די גלידער! איך קוק אַמאָל אויף דעם אומשולדיקן קינד, אַמאָל אויף די וויסטע, עלנטע, באַטריבטע, פאַרביטערטע קאַבצאַנסקער יידן — און ווער שיר נישט משוגע קוקנדיק. רבונו־של־עולם, שרייט אין מיר דאָס האַרץ, אַז ווי בימער ס׳איז דיין פאָלק ישראל, ווי משונה פאַרענדערט ער איז מיט דעם שפּייגער לעבן זיינעם, מיט אַלץ מיט אַנאַנדער ביי אים פון אַלע אַנדערע אומות אויף דער וועלט! וו איז נאָך דאָ אַזאַ פאָלק, וואָס די מענטשן זיינע האַלטן זיך ווי די גלידער פון אַ גוף צוגעוואַקסן איינס צום אַנדערן, ווירקן איינס אויפן אַנדערן, דערנערן זיך איינער פונעם אַנדערן און ווערן אַ תל איינער דורכן אַנדערן. דאָס אומגליק פון יחידים, פון אַ טייל יידן, טרעפט דעם כלל ישראל. אַ שריפה איז געקומען אויף קאַבצאַנסק, עס האָט אויסגעקויקלט אַ טייל הייזער און אַ ל ע יידן דאַרפן וויינען, באַוויינען די שרפה! עס באַוויינען זי אַלע, אפילו די, וואָס האָבן קיינמאָל קיין הויז נישט געהאַט. עס וויינען קאַבצאַנסקער בטלנים, מלמדים, דיינים, שמשים, הזנים, שוחטים, שדכנים, חתנים, כלות, קרעמער, סוחרים, מעקלער מיט אַלע אירע קבצנים.

אוי, אומגליקלעך קינד... אוי, בידנע פאָלק, מיין אָרעם פאָלק!...

— חנה, חנה! — לאָזט זיך הערן אַ קול פונעם קינדס פאָטער, רופנדיק דאָס ווייב — קום, נעם חיים־יאַנקלען. זע נאָר, ווי ער שלאָפט ביי ר׳ מענדעלען אויפן שויס!

— וויי איז דער מאַמען, וויי צו איר לעבן! — שרייט אויס חנה פאַר גרויס רחמנות און ליבשאַפט, אויסשטרעקנדיק די הענט צו נעמען דאָס קינד — קוקט אים נאָר אָן, מיין טרייסט, מיין נשמה, ווי ער ליגט! מיך, אָפּגעשוואַכט, ליגט ער זיך איינגענורעט, דאָס הענטעלע פאַרלייגט און שלאָפט ווי אַ פייגעלע, טייער קינד מיינס! אַזאַ ברעקל, נאָך נישט אָנגעקוקט די וועלט, נישט געלעבט — און שטייט שוין אויס אַזויפיל צרות!

— עט, נישקשה, זאָל ער זיך ליגן, נישקשה, און שלאָפן — זאָג איך דער מוטער און לאָז מיך אַריין אין אַ שמועס מיט דעם קינדס פאָטער, — אַ ייד אַ למדן און פשוט, אָן חכמות, אַ גוטער מענטש.

— זאָגט מיר אָקאָרשט, זאָלט איר מיר געזונט זיין, ר׳ יחיאל מרדכי, וויאַזוי און מיט וואָס האָט איר זיך דערנערט אין דער שלעכטער צייט, וואָס ס׳איז אויף אייך אָנגעשיקט געוואָרן?

— געלויבט השם יתברך — ענטפערט ר׳ יחיאל־מרדכי, אויפהייבנדיק די אויגן מיט אַ דאַנק צום הימל — מיט דעם אייבערשטנס ניסים האָבן מיר געלעבט. און וויפל באַדאַרף דען אַ ייד האָבן צום לעבן? אַ יידן איז גענוג אויף צו

דערהאַלטן די נשמה אַ ביסל קאַרטאָפל, אַ ביסל דאָס... אַ ביסל ווייס איך וואָס... גאָרנישט, אַ ציבעלע, אַ רעטעכל. האָבן מיר זיך געלאָזט באַגנוגענען, מיט בטחון אויף זיין ליבן נאָמען און אויף דעם חסד פון אונדזערע אחינו בני ישראל.

— נו, האָבן אונדזערע אַחינו בני ישראל אייך געהאָלפן אין דער נויט?

— פון איין שטעטל און פון די אַרומיקע דערפער האָט מען אונדז אַריינגעשיקט עטלעכע וועגלעך ברויט באַלד נאָך דער שרפה. פון די איבעריקע שטעט — גאָרנישט. נאָר עפּעס קליינע נדבות עטלעכע פון יחידים.

— פאַרוואָס זשע, האָט קיין פאַריבל נישט, האָט איר זיך געפוילט אַרויסשרייבן זיי אין בריוו אייערע גרויסע צרות, אז איר געפינט זיך אין אזא ביטערער נויט?

— געשריבן, ר׳ מענדעלע, געשריבן, געשריבן! אויך אַרויסגעשיקט האָבן מיר משולחים צונויפנעמען פאַר אונדז נדבות ביי יידן האָבן מיר אַרויסגעשיקט, און גאָרנישט. ביז אויפן היינטיקן טאָג נישטאָ פון זיי קיין תמונת אות. מען זעט נישט, מען הערט נישט, ווי אין וואַסער אַריינגעפאַלן. אַז מיר האָבן אַרויסגעזען, קיינער פון אונדזערע ברידער קומט אונדז נישט צו הילף און מען קאָן שוין מער נישט אויסהאַלטן, האָבן מיר זיך באַטראַכט מקיים זיין די הייליקע ווערטער פון אונדזערע הייליקע חכמים: „אל תדין את חברך, דו זאָלסט נישט באַשולדיקן דיין חבר, עד שתגיע למקומו, ביז דו זאָלסט נישט שטעלן זיך אויף זיין אָרט“. גייען מיר, הייסט עס, אַצינד פון קליין ביז גרויס, מיט ווייבער און קינדער, בחורים און מיידלעך, זיך שטעלן אויפן אָרט פון אונדזערע ברידער. זאָלן זיי זען, אָנקוקן אונדז אַליין. אפשר וועלן זיי רחמנות האָבן. און ווי מיינט איר, ר׳ מענדעלע, וועלן מיר עפּעס מאַכן מיט אונדזער וועג, האַ?

— זאָגט נאָר, ר׳ יחיאל־מרדכי, האָט איר געליטן אַמאָל אַ ווייטיק אין איינעם פון אייערע גלידער?

— אַ שאלה אַ ביסל, אויב איך האָב געליטן! אוי, געליטן. אי היינט נאָך בין איך, לא־עליכם, געפאַלן אויף די קרייזשעס. איר באַמערקט דען נישט אין מיין פּנים, אַז איך לייד דערפון גרויסע יסורים?

— נו, וואָס פאַר אַ מיטל טוט איר דערצו, ר׳ יחיאל־מרדכי?

— תחילת, אַז די שלאַפקייט האָט זיך ערשט באַוויזן און איך בין נאָך געווען פאַרמעגלעך עפּעס צו טאָן אַ מיטל, האָב איך מיך נישט ווייסנדיק געמאַכט און גאָרנישט געטאָן. אַלץ געטראַכט, עט, עס וועט מיט גאָטס הילף בעסער ווערן. אַצינד, אַז די שלאַפקייט איז שטאַרק, און איך בין נישט ביכולת צו טאָן דערצו אַ מיטל, אַפילו ביים בעסטן ווילן, און ווער ווייסט, אויב די מיטלען וועלן שוין העלפן — אַצינד איז דער ווייטיק זיך צעגאַנגען אין אַלע מיינע רמ״ח אברים, און איך בין, לא־עליכם, אַ צעבראָכענער שאַרבן. נאָר אַקעגן וואָס אָבער פרעגט איר מיך, ר׳ מענדעלע, אַזוינס, וואָס איז נישט שייך צו אונדזער שמועס?

— אַקעגן וואָס איך פֿרעג, ווילט איר וויסן? — ענטפֿער איך מיט אַ ביטער געמיט — אַקעגן די קאַבצאַנסקער נשׂרפֿים, פֿאַרשטייט איר מיך, און אַקעגן טויזנטער אַנדערע מינים אָרעמע־קע, געפֿאַלענע, אָפּגעקומענע. זיי אַלע זענען געפּלאָגטע, קראַנקע גלידער אין דעם יידישן גוף. ווען אונדזערע יידן זאָלן פֿאַרשטיין, וואָלטן זיי געדאַרפֿט אָנווענדן כּל המיטל, געפֿינען אַ סגולה צו די קראַנקע גלידער באַצייטנס, איידער די קראַנקהייט פֿאַרשטאַרקט זיך, בלייבנדיק אַן אייביקע מכּה, אַ ווייטיק, אַ קרענק פֿאַר דעם גאַנצן גוף. ווען אונדזערע ברידער, אַשטייגער, וואָלטן אָנטיילגענומען אין דעם אומגליק פֿון קאַבצאַנסקער יידן, באַלד ווי דאָס אומגליק האָט זיי געטראָפֿן, העלפֿנדיק זיי איטלעכער מיט אַ קלייניקייט, וואָלט פֿון אַ גראָשן צו אַ גראָשן זיך אָנגעקליבן אַ היפּשע סומע געלט, עס זאָל מעגלעך זיין ווי ס'איז אָפּצובויען זייערע הייזער, יעדער זאָל זיך נעמען ווידער צו זיין אַרבעט, נישט געצוווּנגען זיין פֿאַרוואָגלט ווערן פֿון דער היים און אַרומשלעפּן זיך מיט די טאָרבעס איבער דער וועלט. אַצינד אָבער, אַצינד...

האָרכט זשע, ר' יחיאל־מרדכי, אַצינד וועל איך נביאות זאָגן, וואָס פֿון אייך, פֿון נאָך אַזעלכע פֿאַרוואָרלאָזטע, פֿאַרוואָגלטע, וועט ווערן מיט דער צייט. קאַבצאַנסקער יידן, ווי אַלע אומגליקלעכע זייערע' גלייכן, פֿון וועלכע מען האָט זיך נישט ווייסנדיק געמאַכט תּחילת, ביים אָנהייב פֿון זייער צעפֿאַלן, וועלן אַלע ווייטער פֿאַלן און פֿאַלן און שוין קיינמאָל נישט אויפֿשטיין, קומען צוריק צו זייער פֿריערדיקן שטאַנד. דאָס ביסל, וואָס זיי וועלן צונויפֿנעמען, וועט אַוועקגיין אויפֿן עסן אין וועג, און דער סוף זייערער וועט זיין צו בלייבן קבצנים, שלעפּערס, אַ פּלאָג, אַ מכּה, וואָס וועט זיך איינעסן דעם פֿאָלק אין די ביינער און אָנטאָן אים גרויסע יסורים. עס האָבן נישט געשטיצט אונדזערע יידן די געפֿאַלענע ביי זיי, אין אָנהייב, יעדער מיט אַ קלייניקייט און מיט דעם גוטן ווילן, וועלן זיי לסוף געצוווּנגען זיין מיט געוואַלד צו געבן אייך, קבצנים, אַ סך און דאָס וועט שוין נישט העלפֿן. די אָרעמעלייט וועלן תּמיד זיי באַפֿאַלן און ווילנדיק נישט ווילנדיק וועלן זיי געבן ווי אין אַ לעכערדיקן זאַק אריין כּפֿי זייער כּוח און אַריבער דעם כּוח. זיי וועלן *מוזן* מאַכן „הקדשים“ פֿאַר אורחים, אָרעמע וואַנדערער, שלעפּערס. זיי וועלן *מוזן* אויסבערענגען געלט אויף קראַנקע, שלאַפֿע, צעבראָכענע, אויך אויף פֿוילע ליידיקגייערס. זיי וועלן *מוזן* מפֿרנס זיין אַלמנות און אויסהאַלטן יתומים, זיי וועלן *מוזן* אריינגעמען צו זיך אין שטוב אָרעמע קרובים, מוזן און מוזן געבן נאָך אויף זאַכן אזוינע אָן אַ שיעור, ביז זיי וועלן שוין נישט זיין מער פֿאַרמעגלעך און מוזן פֿאַרקלענערן זייערע אויסגאַבן. די געשעפֿטן וועלן ווייניקער ווערן, פֿיל וועלן אַראָפּ פֿון דער פֿונקציע און עס וועלן צוקומען נייע, פּריש־צאַפּלדיקע אָרעמעלייט, קבצנים, דלפֿנים, אביונים, אָפּגענע, באַהאַלטענע, אַלערליי מינים... איר זעט, ר' יחיאל־מרדכי, וואָס דער פּראָש האָט אָנגעמאַכט ביים אַריינשפּרינגען אָט דאָ אין דעם טייך? צוערשט איז דורך זיין שפּרונג געוואָרן איין

וואַסער אַרום אים אַ רעדל, דערנאָך אַ צווייטס, אַ דריטס, אַלץ מער און מער, ווייטער און ווייטער. אָנגעהויבן האָט זיך עס פון אַ קליינינקייט און פון דעם קליי־ניקייט קומט אַרויס זייער פיל אַזוינס, וואָס ציט זיך, ציט זיך אָן אַן עק. אַ שרפה איז געקומען אויף קאַבצאַנסק, קומט פון איר אַרויס צרות אַ סך — און אין אַ צייט אַרום וועט האָבן צו באַוויינען די שרפה כל־ישראל!

—אונדזערע הייליקע חכמים האָבן שוין דאָס פריער פאַר זיך געזאָגט — מאַכט ר׳ יחיאל־מרדכי מיט אַ קנייטשעלע, אַ צי געבנדיק מיטן אַקסל, ווי דער שטייגער איז פון בית־מדרשניקעס, אַוועקצומאַכן יענעמס אַ וואָרט, ווייל מען געפינט עס ערגעץ אין אַ שטעל ביי אונדזערע חכמים, אם־כן, טאָ וואָס זשע לאָזט מיך דאָ יענער הערן? — דער מדרש „שיר השירים" זאָגט: „מה אגוז זה, אַזוי ווי ניס, אתה נוטל אחד מחברו, אַז דו רירסט איינעם פון אַ קופּקעלע, כולן מדרדרין ומתגלגלין זה אחר זה, צעקוייקלען זיך און צעלויפן זיך איינע נאָך די אַנדערע, כך הן ישראל, אַזוי זענען די יידן, לקח אחד מהן, כלן מרגישין, רירט דאָס אומגליק אָן איינעם פון זיי, דערפילן עס אַלע."

— און וואָס טוט מען דערצו, ר׳ יחיאל־מרדכי? — טו איך אַ פרעג זייער פאַרביטערט — געוואַלד, רבונו־של־עולם, ווען דען יידן תמיד אַזוי זיין אָפּהענ־גיק, אָפּגעלאָזט, נישט צו טאָן פון דאַנען אַהין צו פאַרבעסערן זייער צושטאַנד, אַז זיי זאָלן נישט קייקלען זיך ווי די ניס?!...

ר׳ יחיאל־מרדכי באַדעקט מיט דער האַנט דאָס פנים, זיפצט, קרעכצט, נישט צו ענטפערן קיין וואָרט. מיר זיצן ביידע און שווייגן, פאַרטיפנדיק זיך איטלעכער אין די געדאַנקען ביי זיך.

שפּעטער אַ ביסל האָבן די קאַבצאַנסקער זיך גערירט אין וועג אַריין רעשדיק, האַק און פּאַק מיט די ווייבער און קינדער, און לייזערל דער משוגענער שלעפּנדיק זיך נאָך זיי. איך האָב זיי ביז אַ געווויסן פונקט באַגלייט, נאָכגייענדיק נאָך מיין פערד און וועגעלע, דערנאָך האָב איך מיך געזעגנט מיט זיי און בין געגאַנגען מיין וועג.

* * *

יענע אומגליקלעכע קאַבצאַנסקער האָב איך שוין מער אין מיין לעבן נישט געזען און איך ווייס נישט, וואָס פון זיי איז געוואָרן. זיי האָבן זיך אַוודאי געמוזט קייקלען ווי די ניס מיט די אַלע אַנדערע יידישע אָרעמעלייט, ביז זיי זענען פאַר־שווונדן געוואָרן פון דער וועלט. לייזערלען נאָר האָב איך אין אַ צייט אַרום באַ־געגנט אין גלופּסק, אַרומלויפנדיק דאָרט אין די גאַסן בתורת שטאָט־משוגענער, און קינדער־קונדסים מיט אַ געשריי, אַ געלעכטער הענדום פּענדום נאָך אים...

# די אַלטע מעשה

## א.

דער חכם און בעל עצה אין אונדזער שטעטל איז געווען ב נ י מ י ן דער מענטש. פֿאַרשריבן איז ער געשטאַנען אין דעם רייסטער פֿון די נפשות מיט דער פֿאַמיליע קורנאָסע. מעגלעך, אַז יענע, פֿון וועלכע דער שפּיץ־נאָמען זיינער שטאַמט, האָבן געהאַט קורצע נעז, נאָר אונדזער בנימינס נאָז איז געווען נישט ערגער פֿון אַלע יידישע נעז — אַ לאַנגע מיט אַ האָרביקל און אויסלאָזנדיק זיך באַרג־אַראָפּ מיט אַ שפּיץ. די פֿאַמיליע זיינע איז אָבער געשטאַנען טאַקע נאָר אין רייסטער און געהייסן האָט ער געוויינלעך בנימין דער מענטש. בנימין האָט אַמאָל ביים באַרימטן גביר ר' יונה יעהופֿעצער געהאַט אַ שיינע שטעלע און איז היפּשע עטלעכע יאָר אַוועקגעווען ביי אים אַ מענטש. אַז דעם גבירס געשעפֿטן האָבן זיך אויסגעלאָזט און בנימין ווערט אויס מ ע נ ט ש, איז דער נאָמען מענטש פֿונדעסטוועגן אים טאַקע געבליבן. אין שטעטל האָט זיך בנימין גערעכנט איינער פֿון די שיינע, יוסטע באַלעבאַטים. זיין שטוב מיט א גרין גאַנעקל און א הויכן דאַך פֿון שינדלען איז געשטאַנען אינמיטן מאַרק, פּונקט אַקעגן דעם רינג קלייטן. שרה זיין ווייב, אַ הויכע, דאַרע יידענע מיט אַ לאַנגער דינער נאָז, מיט עטלעכע שנירלעך פּערל און א גילדערנעם אייבל אויפֿן האַלדז, תמיד, אינדערוואָכן אַפֿילו, פֿלעגט זיך אָפּגעבן מיט דער באַלעבאַטישקייט, ציען די פּרנסה פֿון א געהויבן שענקל ביי זיך אין שטוב, וואָס חוץ בראָנפֿן און פֿאַרבייסן האָט זיך ביי איר געפֿונען ביר, מעד, ווישניק און אַ געבראָטן גענדזל אויך. דער סוד פֿון זויערע אוגערקעס שטעלן האָט זי גאָר אַליין געוווסט: איר אוגערקעס איז געווען האַרט, שטייף, נישט געבייטלט. ביי איר אין שענקל האָבן געטרונקען די „פּ י אַ נ י ה ע י ר“: דער צעכמייסטער, דער גאַלאָוואַ מיט דעם שרייבער און אַזעלכע געהויבענע פֿאַרשוינען פֿון זייער קהל. „סאָרקע“ איז ביי זיי עפּעס גאָר קיין קאַטאָוועס נישט. נאָר עפּעס — איז צו „סאָרקען“. פֿון „סאָרקעס“

אַ שטיקל געפילטע פיש לעקן זיי די פינגער. פאַר „סאָרקען“ איז, בשעת האָבנדיק
א כוסה אין קאָפּ, אָפּן זייער האַרץ; וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג.
מען האָט מיט איר אָפּט דערנסטמאָל אַ וויכוח איבער דער „נאמנה“. עס לאָזט
זיך געוויינלעך אוים מיט נאָך אַ פלעשל משקה און מען פסקנט מיט אַ גוט, זים
שמייכעלע: אלע „נאמנות“ זענען גוט, אונדזערע, אייערע, אלציינס... אויך חברה=
קדישא=לייט, להבדיל, אָדער עפּעס אונדזערע קהלס=לייט, אז זיי האָט אַמאָל גע=
חלשט דאָס האַרץ און האָבן זיך געוואָלט אַ ביסל קוויקן, געבעד, פלעגן זיי שיקן
געמען משקה מיט א געגדזל ביי שרה בנימינס. שרה איז געווען די אשת=חייל,
און בנימין האָט אין די עלטערע יאָרן זיך געפירט אַ רואיק לעבן, אָן קאָפּדאַרע=
גיש. קינדער זענען אים נישט באַפאַלן, זיינע דריי טעכטער האָט ער שוין לאַנג
אויסגעגעבן און זיי האָבן געלעבט מיט די מאַנען צופרידן, ווי גאָט האָט געבאָטן.
נאָר ביי זיך האָט ער געהאַט נאָר איין איניקל, אַ יונג מיידל, זייער אַ שיינס,
אַ געראָטן קינד, וואָס איז קינדווייז געבליבן אַ יתומה נאָך זיין איינציקן זון. זי
איז אים געווען אַ טרייסט, איינגעבאַקן טיף אין האַרצן.

בנימין האָט געהערט צום סאָרט איידעלע יידן, וואָס דאָס איידלקייט ליגט
זיי אויפן פנים, מען דערקענט באַלד אין זייער אויסזען, אַז זיי שטאַמען פון
אַ פיינער משפחה, די תורה שיינט זיי אַרוים אין די אויגן און אויף דעם הויכן
שטערן שטייט זיי אָנגעשריבן: דאָס זענען גאַנץ אַלטע, אָפּגעקומענע מיוחסים
פון דער גילדענער פאָן — קינדער פון די הייליקע, אין דער גאַנצער וועלט באַ=
רימטע, טייערע אָבות: אבֿרהם, יצחק און יעקבֿ!...

בנימין איז אויך געווען אַ „פּאָליטשנער“ מענטש, אַ קלוגער, אַ געניטער.
ער האָט באַטראַכט אַ זאַך גאַנץ רואיק, בפשטות, אַזוי ווי זי איז, זיך קיינמאָל
נישט געהיצט, נישט פאַרגרעסערט ווי אַנדערע און געגאַנגען תמיד מיט זיין איי=
גענעם דרך. זיין שטייגער רעדן איז געווען שטיל, עפּעס אויף אַ בנעימות=הייזע=
ריקלעכער שטימע; האָט דערביי אָנגעבויגן דעם קאָפּ מיט האַלב=צוגעמאַכטע
אויגן. גערעדט האָט ער קורץ און שאַרף, אַריינוואַרפנדיק אַ משל, אַ ווערטל ווי
אַ בליץ, וואָס האָט געטראָפן און געפּאַסט צום עסק. ער איז געווען אַ שוואַכער
מענטש און האָט געלעבט דעריבער זייער באַרעכנט, אָפּגעהיט דאָס געזונט.
אין בית=מדרש פלעגט ער קומען דאַווגען נאָר שבת, זייער זעלטן אינמיטן דער
וואָך, אי דאָס אויך נאָר פאַרנאַכט אַמאָל צו מנחה. דאָרט האָט ער זיך נישט
געשטופּט אויבנאָן, אין דער מזרח=וואַנט, זיין אָרט איז געוויינלעך געווען הינ=
טערן אויוון. מיט בנימינס קומען פלעגט דער הינטער=אויוון עפּעס ווי באַלעבט
ווערן, אַ רעדל מענטשן פלעגט תמיד שטיין אַרום זיין שטענדער און עס האָט
זיך געשמועסט עפּעס אַזוי גוט, עפּעס אַזוי געשמאַק... און צוליב בנימינען האָבן
גרשון=אייזיק און דוד=אבא, צוויי שטיקלעך חקרנים, פאַרלאָזן זייערע שטעט אין

דער שפּיגל־וואַנט און זיך באַזעצט לעבן אים דאָרט אין שכנות. די ביידע חקרנים — אַזוי איז געווײנלעך דער שטייגער געווען — הייבן אָן דעם שמועס, אונדזער בנימין זיצט שווײַגנדיק מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און הערט. דער שמועס ווערט אַלץ ברייטער, גרעסער, עס מישן זיך אין אים אַריין מענטשן פון עולם, איטלעכער גיט אים אַ צי, אַ שלעפּ אַ ביסל אין דער זייט, און אָט קומט שוין אויס בווידעם, גאָרנישט דאָס, פון וואָס מען האָט אָנגעהויבן. פּלוצעם עפנט בנימין דאָס מויל, עס ווערט שטיל, שאַ! און ער זאָגט אָפּ זײַנס, געציילטע ווערטער, וואָס טרעפן אין קאָרב אַרײַן. אַלע זענען מסכים און מאַכן מיט אויסגעצויגענע פּנימער: אָ־אָ!...

דעם גאַנצן טאָג פלעגט בנימין צוברענגען ביי זיך אין אַ באַזונדערן אַלקער, אַרײַנקוקן אין אַ ספר, זיצנדיק אָנגעלענט אויף אַ געבעט בענקל, אין אַ כאַלאַט און פּאַנטאָפּעלעך, גאָר אַליין איז ער כמעט קיינמאָל נישט געזעסן, שטענדיק האָט מען ביי אים געטראָפן אַלערליי מענטשן: יידן, יידענעס, יונג און אַלט. אַזעלכע, וואָס פלעגן קומען זיך מיט אים אַן עצה האַלטן, אויך אַזעלכע פון זײַנע מקורבים, וואָס האָבן מיט אים פאַרבראַכט אַ ביסל די צייט, גלאַט אַזוי, אין אַ שמועס. דער צעכמייסטער מיט דעם גאָלאָוואַ, ווען זיי זענען געווען אַ ביסל בגילופין, פלעגן זיך אַמאָל אויך אַרײַנכאַפּן צו אים מיט אַ כוסה אין דער האַנט און אין איין קול: פּאַני בניאָמקאַ! נישט אַנדערש, זיי ווילן טרינקען לחיים צו פּאַני בניאָמקאַ. דער צעכמייסטער, קלאַפּנדיק מיט אַ פינגער זיך אויפן שטערן, מאַכט האַלב יידיש, האַלב רוסיש: „בניאָמקאַ, גרויסער קאָפּ! וועליקי פּאַני בריה, אוי ווײַ מיר!...“ דעם גאָלאָוואַ פרייט זיך דאָס האַרץ, ער שנײַדט עפּעס איבער דער „נאמנה“, ווײַל אַרויסווײַזן זײַנע לומדות און מישט אויס בווידעם־פּאָליצע, איבער־קײַענדיק צען מאָל איין וואָרט אַלץ: „רבי משה, אַדאַם, האַמאַן! שטשאָ או וואַס, טאָ או נאַס. וואַש דאַוויד, נאַש דאַוויד... טילקאָ חזיר ני, ני! טרייף...“ ס'איז אַ לעבן, אַ חדווה, אַ ליבשאַפט, זיי זענען זיס ווי לאַקריצע, האַלדזן בנימינען, קוים־קוים וואָס רײַסן זיך פון אים אָפּ און גייען אַוועק, פלאָנטערנדיק מיט די פיס. — הכלל בנימין זיצט נישט אַליין, אַלע צו אים. שלאָגט זיך, אַ שטייגער, אייגער אין דער דעה רעגן עפּעס אַ שידוך, גייט ער צו בנימינען. דרייט זיך ערגעץ אַ פאַר־פאָלק, קומט איטלעכער באַזונדער פון ביידע צדדים אויסרעדן דאָס האַרץ פאַר בנימינען. גייט אַ באַלעבעסל אַראָפּ פון קעסט און ווייסט נישט צו וואָס זיך צו נעמען, דולט ער אַ קאָפּ בנימינען. רײַסן זיך צוויי יידן עפּעס צווישן זיך, גלייכט זיי אויס בנימין. שטאַרבט אַ ייד און לאָזט איבער ירושה, העדן די יורשים נישט אויף זיך צו קריגן, ביז צווישן זיי מישט זיך נישט אַריין בנימין; שטאַרבט אַ ייד און חוץ ווייב און קינדער לאָזט ער נישט איבער קיין ירושה, איבער וועמענס קאָפּ ווײַנט די אלמנה? איבער בנימינס. בקיצור, וואָס נאָר — קומט מען צו בנימינען, אַ שטאָטישע זאַך — אויך צו בנימינען. בנימין הערט אַלצדינג רואיק אויס, געפינט

פאר איטלעכן א משל, א ווערטל, אן עצה און מען נעמט זיינע ווערטער אָן פאר ליב, הגם זיי מעגן טרעפן אַמאָל יענעם אין קנעפל, שטעכן אין דער זיבעטער ריפ.

אָט דאָס האָט איר אייך אַ בילד פון בנימינען, פונעם בעל־עצה אַמאָל אין אונדזער יידיש שטעטל, וואָס אַזעלכע, ווי ער, זענען הייַנט ביי אונדז זייער זעלטן.

ב.

אקעגן זשע האָט אין אונדזער שטעטל זיך געפונען א ר׳ יעקב פון די מיני ר׳ יעקבס, וואָס זענען אמאָל געווען, וואָס זענען דאָ אצינד און וואָס וועלן זיין אויך שפעטער אין אלע יידישע ערטער, כל־זמן פון די קינדער ישראל וועט נאָך בלייבן א זכר און אין זיי וועט זיך שלאָגן נאָך אן אָדער. די דאָזיקע מיני פארשוינען מעגן זיך פאר־שידן זיין אין זייערע נעמען, אין זייער שטייגער פרנסה, אויך אין דער הלבשה און אין דער גאנצער פירונג זייערער: בעגאָטישע פון דער אלטער היים, אָדער „אויפגעווירענע" פונעם הייַנטיקן שניט — נאָר אין גרונט גענומען זענען זיי אלע גלייך, איין טבע, איין כאַראַקטער, אלע האָבן זיי פליי אין דער נאָז און אונטערגעשלאָגן מיט הונט; אליין זענען זיי נישט ווערט קיין דרייער און ווילן גילטן אין דער וועלט זייער שטאַרק. אייגענעם שכל האָבן זיי נישט פאר א גראָשן און ווילן זיין מבינים אויף אנדערע. זאָגן דעות אין זאַכן, וואָס זענען פאר זיי תרגום. מיינען קלאָמפערשט אלץ לשם שמים, וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג — און זענען באמת שטאַרק פאר־ביסן, זענען נישט דאָס, פאר־וואָס זיי גיבן זיך אוים. צו וואָס זיי רירן זיך צו, ווערט א קרעצל, אין וואָס זיי מישן זיך אריין — איז צרות, בייזע מהומות, א דרייעניש, א פלאָנטעריניש פון רכילות, מסירות, לייטישע מיילער, און לאָזן נאָך זיך איבער א מיאוסן סליאד, ווי די וואנצן, וואָס מיט קיין צען וואסערן נישט אָפצוואַשן.

אונדזער ר׳ יעקב איז געווען א בעגאָטישער ייד, קלאָמפערשט גאָט און ציצות. און ווען דער לייב, דער מלך פון די חיות, האָט אויף זיך, לויט אונדזערע הייליקע חכמים זאָגן, אן אָנשיקעניש, דאָס קליין שרץ „מפגיע". דער גרויסער, געזונטער העלפאנט — די מיק, האָט בנימין אויף זיך געהאַט זיין אָנשיקעניש ר׳ יעקבן — א מין נפש, פון וועלכן ער האָט זיך געהאַט צו קראַצן.

ר׳ יעקב איז געווען גאָר אַ חידוש, אַ גאָטס וווּנדער! אין אים האָט מען באַשיינפערלעך געזען די אייגענע גבורת הבורא, וואָס ביי פיל קליינע ש־צימ־לעך. יענע, ווי מיר ווייסן, ווערן נאָך דעם ארויסקריכן פונעם איי מגולגל ביים לעבן אין דרייערליי געשטאַלטן, כסדר איינע נאָך דער אנדערער: אין דער גע־שטאַלט פון א ווערעמל, וואָס קריכט נאָר און פרעסט; דאָס ווערעמל מאַכט זיך

שפּעטער תּם, קלאָמפּערשט ווי געפּגרט, מיט א פּנימל גאָר עפּעס טאַקע א ליאַל־קע, און פון דער שטילער ליאַלקע שפּרינגט דערנאָך פון דער העלער הויט ארויס א באַבאָטשקע, אַ זומער־פייגעלע, וואָס צעשפּרייט די פליגעלעך און פליט — העי־העי! — גאַנץ הויך. פּונקט דאָס אייגענע טאַקע איז אויך געשען מיט אונדזער מין באַשעפעניש, להבדיל.

פריער, אין ערשטן גלגול, איז ער געווען א וואָרעם און האָט געהייסן יאנקל, אָדער גאָר פּשוט יאנקוטש. יאנקל איז אין דער יוגנט געווען א קליין משרתל, געקראָכן אויפן בויך, געארבעט, געבעד, נאָר פאר דעם עסן, מער ווי עסן איז אים אויפן זין אפילו נישט געקומען. ביי איטלעכן איז ער געלעגן אונטער די פיס און מען האָט אים געטראָטן ווי א וואָרעם. ער איז ביי זיך אליין געווען נידעריק, זייער געפאלן; האָט זייער גוט געוווסט, אז ער איז א רוי ייגנל און קאָן, נעבעך, גאָרנישט, דעריבער האָט ער אָנגעבויגן דעם קאָפּ, געקראָכן, ווי מען זאָגט, איטלעכן אונטער די נעגל — און דאָס טאַקע האָט אים געראטעוועט. דורכדעם האָט מען אלץ ווייטער מער אויף אים זיך אומגעקוקט, און ער איז אלץ וואָס ווייטער מער ארויס פון דער בלאָטע, פון א קליין משרתל געוואָרן א גרויסער משרת, שוין געכאַפּט די זעט, פונעם געהאַלט זיינעם אלץ געשפּאָרט א גראָשן צו א גראָשן, ביז ער האָט אָנגעקליבן א ביסל געלט און חתונה געהאַט פאר א האַלב דינסטמיידל, דאָס הייסט איינע פון יענע אָרעמע מיני מיידלעך, וואָס ארבעטן, האָרעווען, רייסן קריעה יאָרן־לאַנג עפּעס ביי קרובים אזוינע, און הייסן הייסט עס, זיי העלפן גלאַט אזוי זיך, ווי אייגענע, אין דעם באַלעבאַטיש־קייט אומזיסט, נישט צו נעמען קיין גראָשן, חלילה. דערפאר שטעלט מען זיך ארויס פאר מחותנים ביי זיי אויף דער חתונה דערמיט, וואָס מען שענקט זיי א בורנעס, א שמאָכטע און א פּאָר אלטע קליידלעך פון דער גארדעראָבע. מען טוט זיי נאָך אָן א גרויס כבוד אויך, וואָס מען עסט, מען טרינקט ביי זיי אויף חתונה און מען גייט מיט דער כלה דעם כשר־טאַנץ... נאָך דער חתונה האָט יאנקל געפּרווט דאָס מזל און אָנגעהויבן ביסלעכווייז אונטערהאַנדלען, אליין פאר זיך צי מאַכן געשעפטלעך. ער האָט פארליען אָרעמע יידן, באַלמעלאָכעס, קליינע קרע־מערלעך, געלט אויף וואָכער, שפּעטער א ביסל געמאַכט אויך הלוואות שרייבערלעך פון אַלערליי פּריסוכטוועס. השם יתברך האָט אים געהאָלפן, אים געגעבן ברכה והצלחה אין די פארדינסטלעך, ביז ער האָט מיט דער צייט גע־מאַכט א גאַנץ שיין קאַפּיטאַל, מיט דעם אייבערשטנס הילף, און איז געוואָרן — א קאַטאָוועס עפּעס — א פ ר י צ י ש ע ר בעל־הלוואה! ער האָט געקויפט א הויז און שוין געלעבט ברייט ווי א פיינער באַלעבאָס. דעמאָלט הייבט זיך ביי אים אָן דער צווייטער גלגול. פון א וואָרעם, א יאַנקל, ווערט א מין פיינע בריה, מיט א פּנים פון אַ שיינעם יידן, און הייסט שוין ר׳ יאַנקל! ער איז שוין אַן אָפּגעפּיינט מענטשל, א ליאלקע, זיין שטאָט איז אין דער שפּיגל־וואַנט, דאָרט אין קלויז

צווישן דעם רעבמן צימעס. לייט ווייסן ביי זיך זייער גוט, ווער ער איז, פונוואַ=
נען, משטיינס=געזאָגט, ער שטאַמט, נאָר מאַכן זיך בזכות זיין געלט נישט וויסנ=
דיק. געלט איז פאַר דעם מענטשן דער בעסטער מליץ יושר... מען נעמט אים אריין
צווישן די מורינגום — יעמוד מורינו ר' יאנקל! און זיינע באַסאַקעס רופן אים
ר' יאַנקל, שוין הינטער די אויגן אַפילו — דאָס איז ביי אונדז יידן אויף איין
מדרגה מיט דעם טיטל „סטאַטסקי סאָוויעטניק" ביי זיי, להבדיל. ר' יאנקל גע=
דענקט אויך זייער גוט, וואָס ער איז פריער געווען — אַ קליין מענטשל, אַ משרתל,
אַן עם=הארץ. דעריבער האַלט ער עס פאַר אַ גרויס כבוד, וואָס אָנגעזעענע
מענטשן זענען מיט אים חבר און נעמען אים אין קאָן אריין ווי זייער גליכן.
זיי האַלט ער ביי זיך פאַר איידעלערע, געלערנטערע פון אים און היט זיך דעריבער
מיט אַ וואָרט. זאָגן זיי עפּעס, שאָקלט ער צו מיטן קאָפּ, ער קוקט זיך צו גוט
צו די אַלע נענג פון איידעלע יידן און זוכט אין אַלצדינג זיי נאָכצוטאָן: זיי אין
שיך און זעקעלער, ער אויך אזוי; זיי האָבן אויסגעווייקטע פנימלעך און רעדן
מיט אַ זיפצעלע, ער פרווט זיך אָננעמען אויך אַ פרום יידיש פנימל און לאָזן
שטילע זיפצעלעך; זיי פּיעשטשען זיך פאַר גאָט ברוך הוא אין דעם דאַווענען,
מאַכן פּיסקעלעך, פאַרגייען זיך און שרייען: איי, איי, טאַטע=פּאָטער! אונטער=
שפּרינגענדיק — ער אויך אַזוי; זיי אַמאָל עפּעס גאָר אָן ווערטער: „סאַנצעלאָ=
מעס", מהיכא=תיתי, „בים=בים=בים", ער אויך אזוי, אָן ווערטער, הכלל, ער
איידלט זיך, ער לערנט זיך. געדאַנקט און געלויבט גאָט, ער איז לייטן גלייך,
ער כאַפּט שוין אויך אַ כיבוד מיט מציצה און ס'איז דאָ אַ האָפענונג, אָט=אָט
הייבט מען אים אָן מכבד צו זיין שוין מיט סנדק... זיצט ער אמאָל אויף אַן אסיפה
צווישן די פיינע בריות, שמעלצט ער זיך פאַר תענוג און וויל אַלע, מען זאָל
עס זען, מען זאָל עס וויסן... זאָגט מען: ר' יאַנקל! ווי איז אייער דעה? איז ער
גאָר איבערגליקלעך. טרעפט ער אַמאָל גראָד צו אין עפּעס אַ זאַך בנימינען,
איז ער אויפן זיבעטן הימל. בנימין איז ביי אים איין חכם, דאָס אייבערשטע
פונעם שטייסל. סטייטש, בנימין! מיט אים צו רעדן איז אַ זכיה. — אָט אַזוי
רייבט זיך אַ היפּשע צייט אונדזער ר' יאנקל, מאַכט דערוויל אויך, מיט דעם איי=
בערשטנס הילף, גוטע געשעפטן, איז אריין אין די גרויסע פעדערן און וואַקסט,
וואַקסט, ביז פון דער שטומער=לעלע רייבט זיך אוים און שפּרינגט פון דער הע=
לער הויט אין דעם הרימן גלגול ארוים אַ גרויסער פויגל, וואָס צעשפּרייט שטאַרק
די פליגלעך, פליט הויך איטלעכן איבער די קעפּ און הייסט שוין ר' יעקב! אים
איז שוין קאַרג זיין גלייך מיט אַלע. ער וויל זיין העכער פון אַלע, קלוגער פון
אַלע, האָבן מער דעה פון אַלע. אַ שטאָט אין דער שפּיגל=וואַנט איז פאַר אים
שוין גאָרנישט, עס ציט אים אַהין, אויבנאָן, האַרט לעבן אָרון=קודש, און וויל
זיין אומעטום דער ערשטער, שוין אַ מורה=מורינו. — ר' יעקב געדענקט שוין
אַצינד נישט, אַז ער איז פריער געווען יאנקל דער משרת, אַ וואָרעם, אַ מין

קליין באַשעפעניש. דאָס געלט פאַרשטאָקט אים דאָס האַרץ, פאַרשטאָפּט אים דעם מוח. אויף דעם אָרט פונעם זכרון דאָרט אמאָל ליגט אצינד א קערבל. זו אין אים איז אמאָל דאָרט געווען א שטיקל יושר, א קאַפּ רחמנות, עפּעס מענטשלעכקייט און א פּיצל פאַרשטאַנד, שטעקט היינט א מטבע. און אים טוט אַרבעט די מטבע, דער גאַנצער שכל איז ביי אים נאָר די מטבע. און אלע פינף חושים זיינע איז ארייגעטאָן די מטבע: זיין קוקן, הערן, שמעקן, טאַפּן און פילן איז אלץ נאָר די מטבע. און ביי יידן איז דאָך פון אייביק אָן שוין אזוי בטבע — דערזען זיי ביי עמעצן א גילדערנע מטבע, מעג ער זיך זיין א קאַלב, א בהמה, איז ער ביי זיי אַ גאָט, בוקן זיך צו אים, טאַנצן אַרום אים, לעקן און גיבן אים גרויס כבוד אָפּ... באַסאָקעס מאַכן א ברייטן המלך: ר' יעקב! און יידן זאָגן נאָך מיט גרויס דרך־ארץ: ברוך־הוא וברוך שמו ר' יעקב, אָמן!

ר' יעקב, אונדזער גילדן קעלבל, איז שוין קדוש! זיינע באַסאָקעס, די טענ־צער, דינען אים געטריי, רייכערן אים אונטער מיט ווייערד, לויבן זיין נאָמען און מאַכן אָן מיט אים אויף מענטשן אין דער שטאָט א מורא. מען טאָר הינטער די אויגן אפילו נישט דערמאָנען זיין נאָמען צום שלעכטן. מען טאָר אקעגן אים נישט זינדיקן מיט א וואָרט און אלצדינג, וואָס ער טוט, א נאַרישקייט, אַן אומ־רעכט אפילו, מוז מען אָננעמען פאַר ליב, גלייך ווי מען האָט געשווירן אויפן באַרג סיני צו גלייבן אין אים מיט לייב און לעבן פונעם גאַנצן האַרצן. מען האַלט זיך איין, צווישן זיך אפילו אמאָל אין א שמועס, נישט ארויסצולאָזן פּו־געם מויל דאָס, וואָס איטלעכער באזונדער וועגן אים טראַכט. אין האַרצן שפּעט מען, מיט דעם מויל לויבט מען. אלע ווייסן דעם אָנשטעל און איינער דעם אנדערן נאַרט... אָט אויף אזא שטייגער פאַרמערט זיך דערווייל צווישן יידן חניפה, פאַל־שקייט, מיאוסע זאַכן. עטלעכע עזות־פּנימער, באַסאָקעס, אײבעטן מעשים, פירן א שטאָט ביי דער נאָז און יידן, דערנידערנדיקע, געפאַלענע, ציטערנדיקע, מוזן נאָך, טראָגן די נעז זייערע אזעלכע לייט אַנטקעגן. נאָר אזוי ווי אפּיקורסים אין דער וועלט מוז דאָך זיין, וואָס לייקענען אין גאָט אפילו; דעריבער האָבן זיך אין שטעטל געפונען מיאוסע אפּיקורסים אזוינע, וואָס זענען אויך אין ר' יעקבן נישט פאַרגלויבט געווען, אים געהאַלטן, מחילה, פאַר א בהמה, פאַר א גראָבן יונג, וואָס זיין מישן זיך מיט תקיפות אין שטאָט־זאַכן איז אַ בײטער אומגליק פאַר יידישע קינדער. און פאַר אזעלכע חטאים אקעגן זיין כבוד איז דאָס שטעטל נישקשה באַשטראָפט געוואָרן מיט בייזע מהומות: קריג, פּליאָטקעס, רכילות, מסירות, אכזריות און אלע פּורעניות, וואָס דרינען שטעקט.

ר' י ע ק ב  ק אָ ן  ש ו י ן  ז י נ ג ע ן ! עס געפעלט אים שוין נישט דער חזן, וואָס איז א צייט מיט יאָרן אוועק געווען אין דעם שטעטל. וויל אים אויף דער עלטער ברעכן פון ברויט דערפאַר, וואָס ער האָט איינמאָל פאַרגעסן אים גוט־

יום־טוב ביטן, און אויף זיין אָרט צונעמען איינעם עפּעס פון זיינע לייט. אין שטעטל ווערט א קאָכעניש, א מהומה, א הארמידער!

ר׳ יעקב פּסקנט שוין שאלות! ער זאָגט דעות די דיינים, קווענ־קלט זיך עפּעס אויף דעם שוחט, וויל נישט שטעלן אויף אים אין א סירכא, ס׳איז אים עפּעס נישט גלאַטיק... עס ווייזט זיך פלוצעם אין שטעטל א מין פארשוין, דעם אַלטן שוחטס א שוחט. עס ווערט א גערודער, א קריג אויף־מעסערשטעך און עס קערט זיך די שטאָט!

ר׳ יעקב איז שוין א גרויסער בעל־צדקה! ער העכער־ט דעם מקח אויף פלייש, גיט פונעם דאָזיקן געלט א טייל זיינע אָרעמע קרובים, א טייל זיינע טענצער און א טייל לאָזט ער אַראָפּ צו זיך אין קעשענע, א מתן־בסתר, אויף זאכן אזעלכע, וועלכע ער אליין ווייסט. ר׳ יעקב טוט גוטס און אָרעמעלייט גריזשען ביינער, זאָכן און קרענקען...

ר׳ יעקב איז שוין אַ מומחה! אין דעם ביקור־חולים „זיינעם“, וו ער איז גבאי, לאָזט ער דעם דאָקטאָר קיין קאָפּ נישט אויפהייבן. נעמט אריין און טרייבט ארויס קראנקע, ווי ער פארשטייט, טוט דאָרט אַלצדינג, וואָס ער וויל, וואָס אים פאלט איין. ער ווייסט א קרענק און קראַנקע אָרעמעלייט באַקומען פון אים באַלד דעם טויט.

ר׳ יעקב איז שוין אַ מבין אויף לערנען! ער קוואַקעט שוין אויך אויף גבאי אין דער ישיבה, זאָגט בויך־סברות אין דעם שטייגער לערנען און קרימט זיך עפּעס אויף דעם ראש־ישיבה. פון דער גאנצער גמרא קען ער טאַקע „מכות“. נישקשה! ביים וייב איז ער אַ גרויסער למדן, ער קען זייער גוט...

ר׳ יעקב איז שוין א ווילדער חכם! ער האַלט פון זיך א שרעק, איז מיט זיך משונה שטאַרק צופרידן, האָט ווילד הנאה פון זיינס א ווערטל. אויף אַן אסיפה וויל ער, אלע זאָלן אים הערן. ער ווייסט ביי זיך זייער גוט. מסתמא דרשנט ער נישט „אומזיסט“, פאַרשטייט נישקשה אַן עסק... דע־ריבער איז ער ברוגז, אז אנדערע זאָגן א דעה, און קאָן נישט ליידן, מען זאָל אים איבערשפּאַרן.

— איך הייס, פארשטייט איר מיך, ר׳ יעקב — איז דער שטייגער זיינער געוועזן אין אזא פאל צו זאָגן מיט ברייטקייט, טייטנדיק מיט דעם גראָבן פינגער אויפן האַרצן.

„איך הייס ר׳ יעקב!“ האָט אזויפיל געהייסן, וואָס שווער איבערצוגעבן עס מיט טויזנט ווערטער. דרינען איז געלעגן דער גאנצער ר׳ יעקב מיט די ביינער. איטלעכער האָט עס געטייטשט ווי ער פארשטייט, זיך געשטיקט אינעווייניק און געשוויגן. אויס מורא מיט אים איינצורייסן.

אין בנימין האָט קיין מורא נישט געהאַט ארויסצוזאָגן זיין דעה פריי, אויף דעם שטייגער זיינעם, רואיק, שטיל, זיך נישט צו מאַכן כלל פון ר׳ יעקבן, גלייך

ווי ער איז נאָר אויף דער וועלט נישטאָ. האָט ר׳ יעקב זיך געהיצט און טייטנדיק מיט דעם פינגער אויפן האַרצן אין איין פייער געמאַכט: איך הייס ר׳ יעקב!... האָט אים בנימין בשעת מעשה אָנגעקוקט גאַנץ קאַלטבלוטיק, נישט צו ענט־פערן געוויינטלעך קיין וואָרט, אָדער געענטפערט אַמאָל גאַנץ קורץ: איך ווייס, נישקשה, פון קינדהייט אָן ווי איר הייסט, דאָס געהער זיך אָבער נישט אָן צום ענין... און ווייטער טאַקע גאַנץ רואיק גערעדט. דאָס פלעגט ר׳ יעקבן שטעכן ווי מיט א מעסער און אים צעקאָכן דאָס בלוט. בנימין איז אים געווען ווי א דאָרן אין די אויגן, אָנקוקן האָט ער נישט געקאָנט בנימינען מיט זיינע לייט. עס האָט אים געברענט, פאַרוואָס זאָל אין דער שטאָט זיין נאָך איינער, פון וועלכן מען האַלט. און נאָך ווער? אזעלכער, וואָס האָט עפעס נישט אזויפיל געלט!... ביי אים איז איינגערעדט געווען: בנימין באַגזלט אים, נעמט ביי אים צו א חלק כבוד, דאָס וואָס אים אליין נאָר קומט, בנימין איז גאָרנישט אזוי קלוג, אזוי פיין, ווי מען מיינט, ער פאַרבלענדט נאָר די אויגן, ער מוז עס בלי נדר דערווייזן, אז מען האָט אין אים א גראָבן טעות. — דעריבער פלעגט ער צו בנימינען זיך זוכן, אויף אים אלץ גראָבן, אים געוואָלט אלץ מבטל זיין און פאַרמיאוסן ביים עולם.

א פּאָר וויכטיקע זאכן זענען שפּעטער זיך פאַרלאָפן, וואָס האָבן אויפגע־רירט דאָס גאַנצע שטעטל, און אונדזער ר׳ יעקב האָט דענסטמאָל זיך באַנוצט אויסצוגיסן אויף בנימינען דעם גאנצן צאָרן און אָפּצורעכענען זיך מיט אים ווי מיט א טאַטן!

ג.

ויהי בימי הרעב הגדול, און עס איז געווען אין די טעג פונעם גרויסן הונ־גער, נישט היינט געדאַכט, אין אינדזער ווינקל איז נישט געראָטן קיין תבואה, דער יקרות איז געווען שרעקלעך גרויס און מען איז געשטאָרבן, אויסגעגאַנגען פּאַר א שטיקל ברויט. און אז דאָס שלימזל גייט, גייט עס מיט אלעמען. מענטשן האָבן פאַרלאָרן איינער צום אַנדערן דאָס פאַרטרויען, אלע פאַרדינסטן האָבן זיך אויסגעלאָזט, מענטשלעכקייט און יושר — אויפגעהערט, עס איז א בייזע מהומה, א צאָרן פון גאָט. דער שטאַרקער שטיקט דעם שוואַכן, דער אומגערעכטער דעם גערעכטן און ווי געוויינלעך ליידן מער פון אלע, אין א שווערער צייט, די אָרעמע, שוואַכע יידן, נעבעך. אויף זיי גיסט זיך אויס דער צאָרן פון אלע זייטן. אז ס׳איז נישטאָ וואָס צו טאָן, נעמט מען זיך צו זיי. יידן אין שטעטל אָכצן, קרעכצן, פאַלן אויף די פּנימער און בעטן רחמים. ר׳ י ע ק ב פון זיין זייט טוט, וואָס ער קאָן — מיט דאָס, יענץ, העכערט דעם מקח אויף פלייש אייך, אונטערצוהאַלטן זיינע לייט און אָרעמע קרובים. אוודאי איז דאָס א מצווה, א גרויסע צדקה, מחייה

צו זיין יידישע „נפשות“. נאָר אקעגן א וועלט קאָן מען נישט יוצא זיין — דער אָרעמער עולם קלאָגט זיך אלץ זייער שטאַרק.

אין יענער ביטערער צייט גראָד איז ארויס א קלאנג, אז אין בערסאַנער גובערניע מאכן יידן קאָלאָניעס, דאָרט איז פשוט א גן־עדן. און צווישן דעם עולם איז דענסטמאָל אומגעגאנגען א לידל, וואָס יונג און אלט האָבן עס גע־זונגען. דאָס לידל איז, דאַכט זיך, כמעט אזוי:

האָט איר געהערט דאָס לאַנד בערסאָן,
נישט ווייט פונעם פעטער ישמעאל?
פון פויגל־מילך איז דאָרט פאראן,
פאר יידן ארץ־ישראל.

א פיים א ציג, א שאָף א דרייער,
א הון, אן אינדיק האַלב אומזיסט;
אַלצדינג בזיל־זול, קיין זאך נישט טייער,
און תבואות דאָרטן פול ווי מיסט.

דאָס לאַנד איז גוט און וויל א וונדער;
אויב לעבן, ברידער, ווילט איר פיין,
פארנעמט די קלימקעס, ווייב און קינדער
און לאָמיר עולה־רגל זיין!

דאָס לידל האָט מען טאַקע געזונגען, מענטשן צום אונטערטרייבן, אונטער־ווארעמען האָט אויך נישט געפעלט, און פונעם אָרט האָט מען לעת־עתה זיך אלץ נישט גערירט. ערשטנס, האָט מען, ווי דער שטייגער איז ביי אונדז יידן, גע־קיקט אייגער אויפן אנדערן, אויף דרך־ארץ — לאָזן יענע מאַכן דעם אָנהייב צום ערשטן און מיר נאָך זיי. יענע אָבער האָבן נאָר געקענט שיין דרשהנען, זע־גען געווען בריות נאָר מיט דער צונג, און דעם כבוד עפעס צו טאָן האָבן זיי מוחל געווען אנדערע... צווייטנס, האָט מען דאָך, ווי דער שטייגער איז ביי אונדז יידן, נישט געקאָנט נעמען גלאַט טאָן עפעס א זאך, זיך נישט אָנצורעדן ווי א פויק פריער אזוי, דערנאָך שמועסן דאָס אייגענע טאַקע ווידער פארקערט... און דריטנס, איז דאָך, נאָכאמאָל טאַקע, ווי דער שטייגער איז ביי אונדז יידן, נישט אזוי וויכטיק דיזר פסוק, ווי דער דרש, דאָס אויסרעדעניש אויף אים. מען לערנט די גמרא נישט אזוי צוליב דעם פשט, וויסן דעם דין, ווי צוליב דעם פלפול. אגב טוט א ייד אויף סברות, מען שפאַרט זיך, אָננעמענדיק זיך איינער דעם אנ־דערן ביי די בערדלעך, מען פרעגט קלאָץ־קשיות, מען ווייזט ארויס גרויסע חריפ־

פות מיט קנייטשלעך, שפיצלעך, „באוואָרעניש‟, געדרייגנגעניש, וואָס שאַרפן און שפּאַלטן דעם מוח. אין דעם דאָזיקן ענין מכוח די קאָלאָניעס איז געוועז אויך דאָס אייגענע טאַקע: א שפּאַרעניש, א כאַפּעניש, א קריגעניש, א „ווידעראַנאַנד‟־פּרעגעניש, און אָפּוועגדעניש, א חוזק־מאַכעניש, מיט געשפּעט און שטעכווערטלעך איינער צום אנדערן: „חכם מיינער!‟, „שיינער ייד איינער!‟ביידע צדדים האָבן זיך געשמאַק געזידלט און געוועז צווישן זיך פייער מיט וואסער. די דרינגען יאָ, יענע — ניין. יאָ, ווייל יענע זאָגן ניין, און ניין, ווייל די זאָגן יאָ... פּלאַטשיקע קעפּלעך האָלטן געוויינלעך מיט די, וואָס האָבן גוטע געמבעס צום שרייען, פּיסקלעך אויף שרויפן און וואָס קאָנען מאַכן פונעם מויל א כאַלעווע.

דערווייל, אין דעם גרויסן מאַראַפּאַס, קומט גראָד איינער א מלמד פון יענע ווייטע מקומות דאָרט ערגעץ אין וואָלין צום ווייב אויף יום־טוב אין א נייער קאַפּאָטע. ער קוקט א ביסל מיט גדלות, ווי איינער וואָס איז אויסגעוועז א וועלט, און וואַרפט אריין אין דעם שמועס פרעמדע, וואָלינישע ווערטער. אָנשטאָט „יוי‟ זאָגט ער „יאָ‟. אָנשטאָט „קרופּניק‟ — „קאָליש‟, און „קיטקע‟ הייסט ביי אים „קוילעטש‟. ארום אים פאַרקלייבן זיך רעדלעך מענטשן, מען קוקט אויף אים עפּעס ווי אויף א חידוש און מען שלינגט איטלעכס וואָרט זיינס פון זיינע מעשיות, קראַצנדיק זיך דערביי פאַר גרויס הנאה. וואָלין, דערציילט ער, איז א געבענטשט אָרט מיט אַלעם גוטן. קוילעטש עסט מען דאָרט גאָר אינמיטן דער וואָך, ווין טרינקט מען דאָרט ווי וואסער, היינט זייער ראָסל־פלייש, קנאָבל, „פּראַקעס‟, „פּאַלירטשיקעס‟ איז א מאכל־מלכים! די ווידלען ביי די שעפּס (ביי די „שאָף‟, מיין איך — כאַפּט ער זיך באַלד און פאַרריכט) זענען אָנגעגאָסן מיט שמאַלץ און שלעפּן זיי פון הינטן זיך נאָך אויף רעדלעך. קאָדע, אַזוי הייסט עס דאָרט, יוי — יאָ, יאָ! מיין איך. — נאָר די מענטשן דאָרטיקע זענען גראָב, פאַרשטאָפּטע קעפּ. יידן פונעם היגן ווינקל קאָנען זיי אין זאַק אַריינגנאַרן און מאַכן גוטע געשעפטן. מלמדים פון אונדזער קאַנט האָבן דאָרט די בעסטע קנעלונגען. זייערע — זענען חמורים, לייגן אנידער אן „עברי‟, משטיינס־געזאָגט, נח מיט זיבן גרייזן, קמץ בית בו, מלופם וואָוו אי. דערפאַר אָבער קאָנען זיי עסן...

דער מלמד מיט דער נייער קאַפּאָטע, געקרייזלטע פיאות, און מיט זיינע וווּנדערלעכע דערציילונגען, שטאַרק פאַרגרעסערטע, מאַכט אָן אין דעם שטעטל א האַלעבורדע, עס פאַרקאָכט זיך דאָרט א געדיכטע קאַשע. א טייל שרייען: אַהין אין יענע מקומות ערגעץ, ווו מען קאָן קנעלן, מאַכן שיינע געשעפטן! א טייל שרייען: גיין, אַהין, „נישט ווייט פונעם פעטער ישמעאל‟, אויף די קאָלאָניעס! געזעצטע מענטשלעך מיט פעטע בייכלעך מאַכן: עט, כ'לעבן, ס'איז אינגאַנצן אַן אויסגעבלאָזן איי! גלייכער נישט אהין, נישט אַהער, אשרי יושבי ביתך — דעם פויערס ווערטל טאַקע: „סידי דאָמאַ דאַ ני ריפּאַיסיאַ‟. און גוטע, ווייכע מענטשלעך, לעדערנע דישלעס, בייגן זיך, ווי עס קומט אמאָל אויס, אי

אהין אי אהער. ס'איז אַ דולעניש, אַ קאָכעניש, ביז אין דעם שטעטל ווערט גע=
מאַכט אַ גרויסע אַסיפה, אויף וועלכער ס'איז געווען ר' יעקב און אויך בנימין.

פריער פון אַלע, עס פאַרשטייט זיך, איז אַרויסגעשפּרונגען מיט אַ וואָרט
ר' יעקב. זיין דעה איז געווען — בלייבן. — קאָלאָניעס, האָט ער געזאָגט, איז
נישט פאַר יידישע קינדער. דע־צו איז עשו. קנעלן און שטאַרבן פאַרזאַמט מען
קיינמאָל נישט אומעטום. דעם בטחון צו גאָט ברוך הוא טאָר מען נישט פאַר=
לירן, גלויבט און רירט זיך נישט פונעם אָרט... פּעטע בייכלעך און לעדערנע
דישלעם האָבן זיך געבויגן אויף זיין זייט, געהאַלטן מיט אים. דערנאָך האָט זיך
צעשאָקלט דער איבעריקער עולם, אַלע האָבן גערעדט, געשריגן אין איין קול צים
טויב ווער־ן. מען האָט מער נישט געהערט, ווי קאָלאָניעס! וואָלין!... עס זענען
געפלויגן זידלערייען, פלאַם=פייער, פעך און שוועבל. עס האָט געהילכט, געשטו=
רעמט און לעדערנע דישלעם האָבן זיך געבויגן, ווי אַ טשערעטל פאַר דעם ווינט,
אַהין און אַהער. געמבעס פון ר' יעקבס באַסאָקעס האָבן פּלוצעם געדונערט:
קבצנים! שלעפּן ווילט זיך אייך אויף יענעמס קאָפּ. הולטייעס, בעלי צדקות איבער
אַ פרעמדן בייטל!... אַ העזה אַ ביסל, מען זאָל נישט הערן, וואָס גבירים, גרויסע
לייט זאָגן! איר מיינט, ס'איז שוין הפקר אַ וועלט? וואַ־ט נאָר, וואַרט, וועט
איר זען, ווער עלטער איז!... וואָס הייסט זיך אויסשפּאַנען, נישט צאָלן?... רבי
יעקב, זאָל געזונט זיין, לעבט נאָך, מאריך ימים זאָל ער זיין. די קאָלאָניעס אי=
וואָלין ווערן אָנגעצונדן, — פייערן איינעם אויף די באַסאָקעס און שיטן זיי אָפּ
מיט הייסן פריסעק. בנימין איז די גאַנצע צייט געזעסן רואיק, אָנגעבויגן דעם
קאָפּ און געשוויגן, ערשט, אַז דער עולם איז מיד געוואָרן שרייענדיק, האָט ער־
אויפגעהויבן פאַמעלעכן דעם קאָפּ, אַרויפליינגדיק די האַנט אויפן שטערן, וואָס
האָט ביי אים באַטייט, אַז ער וויל עפּעס זאָגן.

— שאַ, שאַ! — איז געוואָרן אַ קלאַפּעריי, אַ שושקעריי צווישן דעם עולם.
— ר' בנימין וויל עפּעס רעדן, שאַ, שטיל!

— האָט איר זיך שוין אָפּגעקילט, רבותים, און וועט הערן? — מאַכט
בנימין מיט אַ פריינדלעכער מינע.

— יאָ, יאָ, ר' בנימין! רעדט, זאָלט איר געזונט זיין, מיר הערן.

— אומזיסט קריגט איר זיך, מיינע ליבע יידן, — הייבט אָן בנימין שטיל,
רואיק, ווי זיין שטייגער איז. — ווי איך זע, קענט איר נישט אונדזער יידישע
היסטאָריע, גאַט אייך זי דאָ איינגאַנצן אין עטלעכע ווערטער.

דער עולם איז געבליבן שטיל, אָן א שום באַוועגונג; קיין שאָרך, קיין פּאַרע
האָט מען פון קיינעם נישט געהערט, גלייך ווי אַלע זענען אויסגעשטאָרבן, און
בנימין האָט שטיל, מיט האַלב=פאַרמאַכטע אויגן אָנגעהויבן אַזוי:

— וויבאַלד, רבותים, אַברהם אָבינו דערגרייכט מיט זיין שכל דאָס יידיש=
קייט, הייבט מיט אים זיך אָן די סדרה לך=לך, און ווערט פאַרוואָגלט פון זיין

פּאָטערלאַנד; קוים מל'עט ער זיך, ווערט דער ערשטער געמלטער ייד, האָט ער שוין אויף דער עלטער אַ זון. יצחק, געיידישט נאָך קינדווייז, האָט שוין דערפאַר מיטאַמאָל טאַקע אַ צווילינג און לך=לך, וואָגלט זיך אויך אַרום אין דער וועלט. — יעקב, אַ כשר קינד מיט אַ יידיש האַרץ, מאַכט פּליטה, לך=לך פאַר עשׂו קיין חרן... פיר מאָל חתונה געהאַט, האָט אַ טוץ קינדערלעך און לך=לך, לויפט ווייטער פאַר לבן הארמי... בלאָנקעט זיך אַרום, ביז ער קומט אויף דער עלטער מיט זיינע קינדער קיין מצרים, ווו יוסף זיינער איז אַ חשוב אין הויף, אַ רייכער פּריץ, איין מוכר=תבואהניק אין דער גאַנצער וועלט! דאָס די קינדער ישראל בלייבן דאָרט אַ לאַנגע צייט זיצן, זענען זיי דרינען נישט שולדיק, דער קאָזאַק האָט זיי שוין געהאַלטן. אין צרות, אין לייד האָבן זיי זיך דערווייל געפּרוכפּערט און געמערט, שונאים אויף צעשפּרינגעניש. משה רבינו, וואָס האָט יונגערהייט שוין געוווסט די סדרה לך=לך, פּועלט דערנאָך, דורך גרויסע וונדער, אָפּצולאָזן די יידישע קינדער אויף דריי טעג נאָר פריי צו אָטעמען. אַבי פון פּרעהס הענט אַרויס, איז שוין די ברירה ביי זיי געווען צו מאַכן אויף לעולם=ועד לך=לך. זיי נעמען די תורה אויפן באַרג סיני און לך=לך מיט איר א צייט מיט יאָרן אין דעם מדבר. מיד, צעבראָכן פונעם שטענדיקן אַרומוואָגלען, קומען זיי אין דעם לאַנד כנען, ווילן האָבן דאָרט אַ מקום מנוחה, רוען אָבער ווייניק, האָבן געטוג אויסצושטיין שטענדיק פון שונאים ארום און אַרום. דערנאָך, אַז גאָט העלפט, זיי ווערן שטיקלעך באַלעבאַטים מיט אַ בית=המקדש, יידן זיצן זיך אין ווייגנערטנער, אָנגעלענט אונטער פייגנבוימער און מען הייבט ערשט אָן וויסן פון אַ לעבן צו זאָגן, צעפּאַטשן זיך פלוצעם יידישע קינדער און צעפאַלן אויף צוויי שטיק מיט באַזונדערע שטיבלעך, רייסן איינער ביים אַנדערן אָפּ די קעפּ, ביז שלמנאסר דער מלך פון אַשור זאָגט די קינדער ישראל: לך=לך! אַהין אַזש, ווו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט דאָרט, און מען ווייסט עד היום נישט, ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען. שפּעטער קומט נבוכדנצר מלך בבל, זאָגט אויך דעם שבט יהודה: לך=לך! און זיי ווערן פאַרוואָגלט. אין אַ צייט אַרום קערן זיך אַ טייל יידן צוריק ווידער קיין ארץ ישראל, נאָר ס'איז אַ געמוטשעט לעבן. זיי זענען קנעכט ביי זיך אין דער היים, ווערן פאַרשווארצט אין עושר, אין כבוד, לייזן קלעפּ פון אַנדערע און רייסן זיך ביי די נעז צווישן זיך. אזוי ציט זיך עס אין צרות, אין יסורים, ביז טיטוס הרשע חזרט מיט זיי גוט איבער לך=לך, און דאָס איז זיי ביז היינט געבליבן גוט אין דעם זכרון. דעגסטמאָל גייט כסדר אַלץ די סדרה לך=לך!...

— אָט דאָס, רבותים, — האָט בנימין אויסגעלאָזט אויף א נידעריקער שטימע, מיט אַ זיפץ, וואָס האָט געריסט ביים האַרצן, — אָט דאָס איז די אַלטע יידישע היסטאָריע, וואָס בלייבט תמיד נ יי. איינגאַנצן איז זי א לך=לך, אין אָנהייב, אין דערמיט און אויך היינט, ברידערלעך. לך=לך! קיין כערסאָן, קיין וואָלין, ערגעץ אַנדערש — אלציינס, דערמיט נעמט נאָך די געשיכטע נישט קיין עק,

פאַרוואָגלעניש הערט נאָך נישט אויף. די פאַרוואָגלטע אין בעה״סאָן וועלן נאָך גיין קיין וואָלין און ווידער די פון דאַנען — זיך לאָזן אַהין... וואָס קאָן מען טאָן? גייט, יידישע קינדער! נאָר אַל תרגזו בדרך, קריגט זיך נישט איבער דעם וועג. אויך אויף דעם וועג... גייט, ברידער, גאָט זאָל אייך העלפן!

— איר רעדט, ר׳ בנימין, ווי אַ חכם! — רופן זיך אָן מענטשן פונעם עולם.
— נאָר ווי גייט מען אָן געלט? מיר באַדאַרפן האָבן הילף, אויף הוצאות געלט!...

— פון מיין זייט, ענטפערט בנימין, וואַרנגדיק זיך מיט טרע״ן, — פון מיין זייט בין איך גרייט צו געבן פיל מער ווי איך קאָן. לאָזן אויך אַנדערע געבן נאָר וויפל זיי קאָנען, אפילו ווייניקער וויפל זיי קאָנען, אבי געבן. ווי זאָגט מען עס: „ אַ ביסל און אַ ביסל, ווערט אַ פולע שיסל״.

— יידן! — טוט ר׳ יעקב פלוצעם אַ היק, שטאַרק אָנגעצונדן. — איך דער־קען אייך היינט גאָרנישט, יידן! איך פאַרשטיי נישט, וואָס אייך איז היינט אַזוינס געשען? וויאַזוי קאָנען עס יידן מיט אַ קאַלטער לעבער צוהערן אַזעלכע רייד פון דעם ר׳ בנימין א יי ע ר ן?... ס׳איז דאָך כילע־חלשות, אַ חילול השם, מען זאָל נעמען די תורה האַק־דייזשע (הקדושה) און מאַכן פון איר גלייבע ווערטלעך!... געוואַלד, די הייליקע תורה, געוואַלד, די הייליקע אָבות! מען נעמט אַ סדרה לך־לך און מאַכט פון איר מאַנדרוש, אַ לעמעשקע!

— אוי־וויי, מען באַדאַרף דאָך, הערנדיק אַזוינס, קריעה רייסן!...

— שוין גענוג גע־יסן... נישטאָ שוין מער וואָס צו רייסן! — האָט זיך געלאָזט הערן עמעצנס אַ קול פון צווישן דעם עולם. — די גוטע כנופיא האָט שוין אָפגעריסן די הויט פון לעבעדיקע און פון טויטע.

— תרבות, עזות־פנים! — טוט ר׳ יעקב אַ היק. — ווער איז דאָס דאַרט דער יונגאַטש אַזוינער?!

— האָט רחמנות, ר׳ יעקב! — שרייען יידן אין איין קול. — זעט, זאָל עפּעס ווערן אויף הוצאות! ס׳איז שלעכט, ר׳ יעקב! שלעכט, שלעכט... מיר זענען פאַרביי.

— יידן באַדאַרפן האָבן בטחון צו דעם, וואָס לעבט אייביק אין הימל, ברוך הוא וברוך שמו, — זאָגט ר׳ יעקב דעם עולם מוסר. — ה׳ ילחם לכם — הקדוש ברוך־הוא וועט אייך געבן ב ר ו י ט, געבן קאָן ער נאָר, זיין ליבער נאָמען אליין, שבו לכם עם החמור, בלייבט און האָפט אויף דעם, וואָס וועט קומען רייטנ־דיק אויפן חמור. אַזוי זאָג איך אייך, איך ר׳ יעקב!... פאַרגעסט נישט, איר זענט בעלי־חובות, צום רייסטער קומט, אויך מיר, און... פאַר גאָט טאָר מען נישט אַנטלויפן. זאָגט תהילים, פאַסט, הללוהו בתוף ומחול, צום סוף וועט ער אייך מוחל זיין, נישקשה... זיין רחמנות איז גרויס.

בנימין האָט זיך אויפגעהויבן פונעם אָרט און ארויסגעגאנגען שטיל, נישט צו ענטפערן ר' יעקבן קיין וואָרט. באַלד נאָך אים איז אויך דער איבעריקער עולם זיך צעגאַנגען און די אסיפה האָט, ווי געווינלעך, זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט.

מיט גאָרנישט פאר דעם אָרעמען עולם און מיט א ביס אָבער פאר בנימינען — א ביס, אזש צייכנס זענען געשטאַנען. ר' יעקב האָט זינט דענסטמאָל אויף דער אסיפה זיך געגעבן דאָס וואָרט, בלי נדר, בנימינען אָנצוזאלצן, אז אייביק זאָל עס אים ליגן אין טעם. געזאָגט-געטאָן — און עס האָט נישט געדויערט לאַנג, איז פונקט אקעגן בנימינס הויז אויסגעוואָקסן א געהויבן שענקל נאָך א וואונדער, ווו די „פ י א נ י ה ע י ר" האָבן אָפט געטרונקען און פארביסן.

בנימין האָט שוין נישט די פרנסה, וואָס פריער; ער ווייסט שוין דעם טעם פון נויט. שרה זיין ווייב איז פאר יסורים געעלטערט, באַטריבט, די שנירלעך פערל מיט דעם גילדענעם אויבל זעט מען שוין נישט ביי איר אויפן האַלדז אפילו שבת און יום-טוב. זיי ליגן ערגעץ פארזעצט. נאָר בנימין האַלט זיך נאָך פונדעסטוועגן, און דער שטייגער לעבן זיינער איז נישט געענדערט אויף א האָר. ער זיצט אַלץ טאַקע ביי זיך אין אלקער, קוקט אריין אין א ספר, שמועסט דאָרט מיט מענטשן שטיל, רואיק, געלאסן ווי אמאָל.

אזוי האַלט זיך געוויינלעך א בוים, וועלכן דער וואָרעם עסט, טאָטשעט אונטן ביים וואָרצל. וועסנע-צייט באַדעקט ער זיך מיט בלעטער, זעט אוים פריש, גרין, נישט צו דערקענען, אז אינעווייניק איז ער, נעבעך, פויל — ביז זיין מלאך-המות, דער וואָרעם, טוט דעם לעצטן פיק, דערגייט אים דעם עק און ער פאַלט פלוצעם אנידער!...

ד.

א נייע אומגליק האָט דאָס שטעטל געטראָפן — און בנימין איז געפאַלן א קרבן!

אז די היינטמאָדישע בילדונג האָט ווי א מגפה זיך אריינגעכאַפּט אין אונדזער ווינקל און אָנגעמאַכט צרות, האָט גאָט אונדזער שטעטל פון אזא פורעניות אָפּגעהיט. דאָרט האָט מען פון אזא אָנשיקעניש א לאנגע צייט נישט געוווסט. מען האָט אפילו געהערט אמאָל עפּעס א קלאנג פון דער ווייטנס מכוח דייטשלעך — געבולבעטע יידן אזוינע אָן יארמולקעס, און מכוח ביכלעך עפּעס אזוינע מיט קורצע שירהלעך, נאָר אלץ נישט ביי אונדז געדאכט. אונדזערע יידן האָט מיט זיינע שיינע אָנשטעלן דער רוח נישט גענומען. גיכער, דאכט זיך, וואָלט דער יצר-הרע מרוצה געוועז גיין צו אלע שווארצע יאָר, איידער קומען צו אונדזערן א יידן, ברענגען אים צו א זיגד... דער יצר-הרע אַליין האָט, דאַכט זיך, באַדאַרפט

האָבן אָן אייזערנעם יצר־הרע אַזױנס צו טאָן. פּלוצעם אָבער װערט אין שטעטל א געטומל, א געשריי, א געפּילדער: אוי־װיי, די קליפּה איז דאָ!

ביי א יונגגמאַנטשיק עפּעס — און צו אַלע צרות נאָך, אן איידעמל איינעמס עפּעס פון ר׳ יעקבס לייט, געפינט מען אונטער דער גמרא א „טריפה־פּסול״! מען נעמט זיך צו דעם פּושע־ישראל און עס װייזט זיך ארויס — אוי, א װיי־טיק! — ער איז נישט איינער און אויך נישט דער רעכטער בעל־עבירה. די אמתע טרייפניאַקעס, אבי־אבי־הטומאהניקעס זענען עטלעכע באַלעבאַטישע קינדער. מען נעמט זיך צו די פיינע לייט און עס װייזט זיך װייטער ארויס, אז זיי זענען — הע־הע! גרויסע עזות־פּנימער, האָבן גאָר קיין מורא נישט פאר קיי־נעם. די קליפּה, רחמנא־לצלן, האָט צוגענומען ביי זיי דעם שכל מיט דעם יידיש־קייט איניינעם, זענען אליין קאַליע און קאַליע געמאַכט נאָך אַנדערע. עס רעשט זיך, עס קאָכט זיך, דאָס גאַנצע שטעטל װיגט זיך. איטלעכער אלץ — אָװאַ, א מעשה, אזא מעשה!... טאַטעס־מאַמעס — ציטערן פלאַטערן פאר זייערע קינ־דער, די קליפּה זאָל אין אזא אונטערגאַנג, נישט דאָ געדאַכט, צו זיי זיך אויך נישט אָננעמען. שיינע יידן, גאָטס־סטראַפּטשעס, נעמען זיך אָן גאָטס קריװדע. סטייטש, רבונו של עולם, מען זאָל אזױנס אים אָפּטאָן!... און גלאַט אזוי יידן מיינען נישט קיין שום זאַך, װי דערװייל איז דאָך דאָ אן עסק צו אַ־בעטן, פּיל־דערן, שרייען און נישט זיצן ליידיק. מער פון אַלע האָט געברענט ר׳ יעקב. און איטלעכער „װאָרום האָט א דאָרום״; איינמאָל, איז ער, הייסט דאָך עס, דער עלטסטער, אויף אים שטייט דאָס גאַנצע שטעטל, און ער װעט באַדאַרפן גאָט ענטפערן פאר די אַלע חטאים, אָפּגעבן דין־וחשבון פאר כל־ישראל: „פאַרװאָס, ר׳ יעקב — װעט דער מלך־עליון, ברוך הוא וברוך שמו, זאָגן — האָסט נישט, װי דער פאַסטעך פאָרשט זיין טשערעדע, געטאָן איבערפירן מיינע שאָף ישראל אונטער דיין רוט, כדי זיי זאָלן װיסן, װ ע ר ע ל ט ע ר א י ז און װאָס פאר אַ גאָט זיי האָבן?!...״ היינט, צװייטנס, האָט דאָך אין דער מיאוסער מעשה געשטעקט דאָס איידעמל פון זיינס א לייב־מענטשן. אזױנס איז דאָך שוין טאַקע א פאר־דראָס, נישט אויסצוהאַלטן. און, דריטנס — נו, דאָס טומלען שוין שונאים. לאָז עס בלייבן צװישן אונדז — האָט די גאַנצע מעשה גלאַט נישט געטויגט ר׳ יעקבן צום עסק. דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז די דאָזיקע קליפּע מיט אירע ביכלעך, װען זי כאַפּט זיך, חלילה, אריין צװישן יידישע קינדער, קאָן אים זייער פיל שאַטן צו זיין נאָמען און צו די מיני געשעפטן זיינע, דענסטמאָל איז ער דערהרגעט װי די פלעדערמויז אין פינצטערן קעלער, בשעת עס כאַפּט זיך אהין פּלוצעם אַריין אַ שיין פון דער ליכטיקער זון...

אין דעם דאָזיקן קאָכעניש לאָזט מען, עס פאַרשטייט זיך, נישט אויס אונ־דזער בנימינען, מען לויפט צו אים משוגענערװייז און מען זשושעט אים אָן פולע אויערן מיט דער מעשה. נאָענטע קרובים נעמען און פירן די שיינע יונגע־

לייטלעך צו בנימינען, בכדי אויסצושטראָפֿן, אויסצושייגעצן זיי פאַר מענטשן. אויף בנימינען, האָט עס געהייסן, וועלן זיי לייגן כבוד און ער וועט שוין, גיש־קשה, מיט זיי לערנען בלק.

נאָר אונדזער בנימין נעמט אויף די יונגעלייט גאָר פריינדלעך מיט א שיי־נעם „ברוך־הבא!“, ער בעט זיי זיצן און מאַכט א ווייטן שמועס, דאכט זיך, עפעס גאָרנישט צו דער זאַך. דער שמועס אָבער קומט אַלץ וואָס ווייטער מער ארויף אויף א דרך, אַלץ נענטער, נענטער צום עסק. די יונגעלייט ווערן דערוויילגוט אויפגעלייגט, רעדן מיט א מויל און בנימין באַרירט דעם חטא זייער גאַנץ דעליקאַט.

— מילא, — מאַכט ער שטיל רואיק, מיט משלים אויף זיין שטייגער, — מילא דיר, חוה, האָט זיך פאַרגלוסט עסן פונעם עץ־הדעת, מהיכא־תיתי, עס, אויף דיר די עבירה, אָבער פאַרוואָס האָסטו נאָך געהאַט פונעם עץ־הדעת צו געבן אָדמען, נעבעך, ער זאָל שטאַרבן?!

— הייסט עס, אפֿנים, — טוען זיך די יונגעלייט א כאַפּ מיט פייער, — אז בילדונג איז אן עבירה און די קשיא איז, פאַרוואָס האָבן מיר, אָרעמע בעל־עבירות, נאָך פאַרפירט אנדערע אין אזא אומגליק? אהא, מיר פאַרשטייען, פאַר־שטייען! אַזוי, ר' בנימין, באַטייטן אייערע ווערטער?

— יאָ, קינדער, אזוי.

— ניין, מיר מיינען אָבער גישט אזוי, — צעשאָקלען זיך די יונגעלייט מיט א שטעכנדיק שמייכעלע און נעמען זיך אין איין פייער לערנען דעם אלטן בנימי־נען, אז בילדונג איז דאָס, בילדונג איז יענץ... פאַר יידן נאָר א גליק.

בנימין הערט אַלצדינג געדולדיק אויס, נישט איבערצושלאָגן די רייד. די יונ־געלייט היצן זיך, רעדן פאַר פייער פאַר וואסער, אַלץ בילדונג, ביז עס לאָזט זיך זיי אוים ווערטער און ווערן אַנטשוויגן. דענסטמאָל הייבט אָן בנימין גאַנץ רואיק, אָנגעבויגן דעם קאָפּ, און וואַרפט פון זיין זייט ווייטער אריין א וואָרט. אזוי:

— דער עץ־הדעת אליין פאַר זיך איז גאָר־נישט שלעכט. שלעכט איז נאָר אָט וואָס. וואָס אָדם מיט חוהן האָבן באַלד נאָך דעם פ א ר ז ו כ ן נאָר פונעם עץ־הדעת זיך שוין געשעמט מיט זיך אליין, שוין זיך געפילט אומגליקלעך, וואָס זיי זענען נאַקעט, באָרוועס, נישט אָנגעטאָן ווי מענטשן, און אָנגעהויבן צו קליידן זיך נאָך דער ערשטער מאָדע. אז אין גן־עדן האָט מען זיך געפילט אומגליקלעך, אַ פשיטא שוין היינט, ערגעץ אנדערש!...

די יונגעלייט שטויסן זיך אָן, וווהין בנימינס ווערטער דערלאַנגען, און הייבן אָן אַלע אקעגן אים צו טענהן, צו פאַרשטיפן אים מיט ניין מאָס רייד, שרייענדיק דערהויי אַלץ: לאָזט זיך דינען, לאָזט זיך דינען! הגם בנימין איז געזעסן שטיל,

נישט געעפנט קיין מויל. נאָכדעם, אַז דער שמועס האָט זיך אָפּ, שטייט בנימין אויף פונעם בענקל, גייט זיך דורך עטלעכע מאָל הין און צוריק אין אַלקער און שטעלט זיך דערנאָך פאַרטראַכט לעבן פענצטער, וואָס גייט אַרויס אין אַ קליין גערטנדל ביי זיך אין הויף, וווּ זיין לעבן איז געווען זומער צו זיצן, אָנקוועלנדיק פון איטלעכם ביימעלע, פון איטלעכם גרעזעלע באַזונדער.

— אַ־אַ, וואָס אינדרויסן טוט זיך! — זאָגט בנימין, אַ קוק געבנדיק אין פענצטער. — עפּעס אַ זאַווערוכע, גאָר אַ שרעק! ס'איז שוין נאָך פּורים, ווערסנע־צייט, און דער ווינטער האַלט, וויל נישט נאָכלאָזן!...

דער ווינטער האָט געוויזן טאַקע זיין ווילדע, שרעקלעכע קראַפט, גלייך ווי אַ פאַרווונדעטע חיה־רעה, אין וועלכער עס צעברענט זיך די רציחה, פילנדיק אירע לעצטע מינוטן, און וויל זיך כאָטש נוקם זיין אַ ביסל, איידער זי גייט פון דער וועלט. עס האָט זיך צעשפּילט אַ שטאַרקער שטורעמווינט, מיט אַ הוזשען, אַ געהייל פון טשאַטעס הונגעריקע וועלף, געריסן דעכער, געקערט, געטראָגן גאַנצע זיילן שניי פון דער ערד אַרויף, אויסמישנדיק עס אין דער לופט מיט אַ פריש, פאַרפרוירן שנייעלע, ערשט אַרויסגעשאָטן פון שוואַרצלעך־גרויע כמאַ־רעס, וואָס האָבן באַדעקט דעם הימל אַרום און אַרום, אָנמאַכנדיק אויף איטלעכן מיט זייער פינצטער פנים אַ שרעקלעכע מרה־שחורה. אויף די געזימסן אונ־טערן דאַך זענען געשטאַנען איינגעהויקערט, מיט איינגעבויגענע העלדזלעך, וואָ־ראָנעס, נעבעך, אויסבאַהאַלטנדיק זיך פאַר דער שרעקלעכער בורע, וואָס איז זיי פּלוצעם אָנגעפאַלן, עפּעס ווי זיך שטאַרק געוווּנדערט: אין אַזאַ צייט, ווען ביי לייטן, אין יענע געגנטן דאָרט, איז שוין זומער, וואַרעם מחיה, זאָל זיך דאָ אַזוינס פּלוצעם מאַכן... ביימער פאַר דעם פענצטער, נאַקעט, מיט הוילע ריטער, אָן אַ סימן לעבן, ווי גרויסע פאַרדאַרטע בעזעמער, האָבן זיך געשאָקלט, געוואָרפן, אָנבייגנדיק די קעפּ, ווהין דער ווינט בלאָזט און, דאַכט זיך, אָט ווערן זיי צעבראָכן, עס ווערט פון זיי אַ הויפן שפּענער.

אויף אַלע מענטשן אין שטוב איז עפּעס אָנגעפאַלן אַ מרה־שחורה, איטלעכן נישט גוט אויפן האַרצן — און מען האָט גערעדט, געשמועסט פון הייַנטיקן שלעכטן וועטער.

— פאַרפאַלן, דאַכט זיך, מיינע ביימלעך! — רופט זיך אָן בנימין, אַ מאַד געבנדיק באַטריבט מיט דער האַנט. — דער בייזער ווינטער מיט זיינע פרעסט און שטורעמווינטן וועט, דאַכט זיך, מיט זיי עקן.

— האָט נישט קיין פאָרכט, ר' בנימין! — טוט איינער פון די יונגעלייט אַ זאָג מיט אַזאַ שמייכעלע, וואָס האָט עפּעס באַטייט, ווי פרעג דיך בחרם, אַ לַ ט ע ר, וואָס דו רעדסט, דרינען האָב איך שוין אַ ידיעה. נישקשה, ר' בנימין! דאָס דאַכט זיך טאַקע נאָר אַזוי. די נאַטור האָט, נישקשה, פאַר אייערע ביימלעך זיך געזאָרגט. בכדי זי צו דערהאַלטן, האָט זי דעם זאַפט איבעוויייניק אײ:

זיי אויף א צייט איינגעשטעלט, גוט באַהאַלטן, ווי מען באַהאַלט עפּעס אין עסנ־וואַרג אין קעלער גוט פאַרוויקלט, פאַרשטעקט, די קעלט זאָל עס נישט איבער־פירן.

— אָ־וואָ! — מאַכט בנימין. — ווי גרויס איז גאָטס וווּנדער!... נו, אַ שטייגער, אַז מען וואָלט מיט עפּעס אזא קונץ געמאַכט אצינד, דער זאפט זאָל ארויס פונעם באַהעלטעניש פריי און אויף די צווייגן זאָלן שפּראָצן בלעטלעך, נו, וואָס? מען זאָגט, מיט דער שוואַרצער קונץ האָבן מענטשן געמאַכט אַמאָל אזעלכע זאַכן.

— דאָס איז מעשה־פּאָקוסניקעס, — רופט זיך אָן נאָך איינער פון די יונגעלייט, — דורך אזוינע פּאָקוסן וואָלטן די ביימער אומגעקומען. דאָס איין מינוט געמאַכטע גרינקייט, קלאָמפּערשט, וואָלט זיי געקאָסט דאָס לעבן זייערס. דער פראָסט וואָלט א כאַפּ געטאָן דעם זאפט, געמאַכט אויס אים א תל, די צווייגלעך מיט די געמלאכהטע בלעטלעך וואָלטן געגאַנגען קאַפּוט און פון פּירות וואָלט אפילו קיין אָנהייב נישט געווען.

— הייסט דאָך עס, אפּנים, קינדער, ווי איר זאָגט, — מאַכט בנימין, וווּנדערנדיק זיך, — אז וואָס גאָט טוט, איז גוט און קלוג. זייער שיין, כ'לעבן! פאַר וואָס זשע זאָלט איר, קינדערלעך, אין די יידן אצינד, ביי זייער הייַנטיקער לאַגע, נישט זען די אייגענע גבורות הבורא, וואָס אין דעם בוים ווינטער? א־יאָ, דער הימל איז אצינד ארום און ארום באַלייגט מיט פינצטערע כמאַרעס, פון אלע זייטן שטורעמען שטאַרקע, קאַלטע ווינטן. דער ייד שאָקלט זיך, נעבעך, אָנבייגנדיק דעם קאָפּ אהין און אהער, אָן א רגע מנוחה. דאַכט זיך, אָט פאַלט ער און עס ווערט אויס אים א הויפן ביינער. נאָר דער ז א פ ט פונעם יידישקייט אָבער ליגט אין אים גוט באַהאַלטן, ס'איז דאָ טיף אינעווייניק אין אים א ל ע ב ן, א נ ש מ ה ... לאָז מען זשע אצינד אים לאָזן צורו און נישט ווען מיט געוואַלד, דורך פּאָקוסן, אָנהענגען אויף אים פאַר דער צייט עפּעס בלעטלעך אזעלכע, וואָס חוץ צרות, קרענקונג און יסורים וועט דערפון קיין פּירות נישט ארויסקומען. — שפּעטער, אם ירצה השם, אז עס וועט א שיין געבן די ליכטיקע זון, די ווינטן וועלן געשטילט ווערן, א י נ ד ר ו י ס ן וועט זיין מחיה ווארעם — דענסטמאָל וועט, ווי ישעיה הנביא זאָגט, שפּראָצן און בליען ישראל און ארויסגעבן פיל פרוכטן... אז אין גוטע צייטן גיט ישראל דער וועלט געווג פרוכטן אַרויס — דערפאַר קאָן די יידישע היסטאָריע זייער גוט ערב זיין...

בנימינס רייד האָבן ווי א בליץ פּלוצעם די יונגעלייט געטראָפן. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט שטאַרק פאַרווונדערט און געבליבן אָן לשון. דער עלטערער פון זיי האָט זיך באַלד באַטראַכט און זיך אָנגערופן מיט האַרץ:

— ווילט איר, אפּנים, ר' בנימין, מיר זאָלן נישט לערנען! וואָס זאָלן מיר טאָן, אז אונדז גלוסט זיך פאַרט עפּעס וויסן און זיין שטיקלעך מענטשן!...

— חלילה! — ענטפערט בנימין. — לערנען חכמה, מהיכא־תיתי, מעגט איר, נאָר מיט די דאָזיקע תנאים: ערשטנס, זאָלט איר, קינדערלעך, דערביי נישט פאַרגעסן די צייט, אין וועלכער איר לעבט און אַלצדינג, וואָס אַרום אייך טוט זיך אצינד, און שטאַרק געוואָרנט זיין. איר זאָלט, למען השם ולמען השם, זיך היטן, די קעלט פון דרויסן זאָל אינעווייניק אין אייך זיך נישט אריינכאַפּן און קאַליע מאַכן דעם לעבנס־זאַפט פונעם יידישקייט. איר באַדאַרפט אויך ביי אייך פונעם אָנהייב אָן זיין גרייט, פונעם לערנען נישט צו דערוואַרטן פאַר אייך קיין גרויסע נוצן און גליקן אין לעבן חוץ דעם פאַרגעניגן אליין, וואָס דעם מענטשנס האַרץ פילט נאָר טאַקע פונעם פאַרשטיין עפּעס א חכמה. דעם יידנס לערנען באַדאַרף און מוז זיין לשמה. פאַרשטייט איר מיך, כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא, יידן האָבן — עולם הבא... און, צווייטנס, זאָלט איר אצינד נישט וועלן מיט געוואַלד אָנהענגען יענעם אייער בילדונג, דורך וועלכן איר קאָנט אים נאָך מאַכן מער אומגליקלעך... איר וועט געפינען עפּעס אנדערש אין פּראַקטישן לעבן, מיט וואָס נוצלעך צו זיין אייערע ברידער, אויב איר ווילט.

בנימינס ווערטער זענען די יונגעלייט טיף אין האַרצן אריין. מיט טרערן אין די אויגן האָבן זיי אָנגענומען אים ביי דער האַנט און געשוווירן זיינע ווערטער אייביק צו געדענקען...

אז די יונגעלייט זענען מיט א גערירט האַרץ אַוועקגעגאַנגען, האָט מען געזען, ווי בנימין איז עפּעס צעטראָגן, די האַלב־צוגעמאַכטע אויגן זענען אים פאַרלאָפן מיט טרערן. נאָך עטלעכע רגעס שווייגן זאָגט ער מיט א קרעכץ, שאָקלענדיק דערביי מיטן קאָפּ:

— וואָס איז שולדיק דאָס אָרעמע קינד, דאָס יתומל, נעבעך, אז דאָס יונגע בלוט זיינס איז וואַרעם? אז עס גלוסט זיך אים, נעבעך, אויך אָנקוקן גאָטס וועלט, צו לעבן, ארבעטן, צעפיירן א ביסל די הענטלעך אין די יונגע יאָרן ווי אלע אַנדערע?... ניין, יתומל, זאָגט מען אים, דיין בלוט טאָר נישט זיין וואַרעם... ניין, נישטאָ פאַר דיר קיין יוגנט!... לאָז זיך אַן אָרעמאַנס א קינד נישט גלוסטן, שטופּ זיך נישט צווישן אנדערע! זיי מעגן און דו טאָרסט נישט, דאָס וואָס פאַר זיין איז אַ גליק, איז פאַר דיר גאָר אַן אומגליק. שאַ, ליג באַגראָבן!... אַ רחמנות, כ'לעבן, אויף די דאָזיקע יונגעלייט. זייער ווילע קינדער! — — —

ר' יעקב האָט דערווייל נישט גערוט. דעם איידעמל האָט, אויף זיין באַפעל, דער שווער שוין ארויסגעטריבן, אים געצוואונגען דער טאָכטער זיינער געבן א גט. דאָס יונגע פּאָרפאָלק, זאָגט מען, האָבן צווישן זיך זייער גוט געלעבט און, ביים צעשיידן זיך, ביידע שרעקלעך געוויינט. מיט זיי איינעם האָט געוויינט זייערס א קליין מיידעלע, וואָס איז אין די קינדערשע יאָרן, נעבעך, איבערגעבליבן א ווייסטע יתומהלע. האָט דאָס ווייסטע קינד, נעבעך, אויסשטרעקנדיק די הענטלעך און זוכנדיק מיט די אייגלעך, געשריגן אמאָל אין איין קול: טאַ—טאַ!...

פלעגט די פאַראומערטע מאַמע זיך באַוואַשן מיט בלוטיקע טרערן, אָפּענטפערנ־דיק שטיל טרויעריק: שאַ, נישטאָ טאַ! פארוויסט זענען מיר ביידע, שאַ, שאַ!...

און אַז ר' יעקב האָט דאָ געטראַכט, זיך צוגעגרייט „איבערצופירן די איבעריקע שעפעלעך ישראל אונטער זיין רוט", איז ער זיך דערגאַנגען דורך זיינע לייט, וואָס האָבן אים אָפּגעטראָגן מיט זייערע אייגענע צוגעלייגטע פּזמונות, אַז בנימין האָט דער „קליפּה" גאָר געגעבן געטערכט, אַז די טריפהנע יונגעלייטלעך זענען אים זייער געפעלן און ער איז מיט זיי גאָר איינס!... ר' יעקב איז געוואָרן אָנגע־צונדן, פלאַם־פייער, און האָט זיך געגעבן אַ נדר, ער מוז פון בנימינען מאַכן אַש. דאָס האָט ביי אים נאָך געהייסן אַ גרויסע מצווה. בנימין איז דאָך אַן אפּי־קורס און אַקעגן אַן אפּיקורס מעג מען טאָן אַלצדינג... זוכן אַ סך וואָס צו טאָן האָט ר' יעקב נישט באַדאַרפט. ביי אים איז תמיד געווען פאַרטיק אַ שפּרוך און געקאָנט צולייגן אַ קנייטל...

אין אַ קורצער צייט אַרום איז דער רעוויזאָר פונעם אַקציז מיט עטלעכע פּאָליציי־לייט איבערגעפאַלן פּלוצעם בנימינס הויז און אים פאַרחתמעט אויף אייביק זיין געהויבן שענקל... בנימין איז אויף דער עלטער, געבעד, געבראָכן געוואָרן פון ברויט און זיך נאָך פאַרזעצט דערויף און דערונטער, צו באַצאָלן דעם שטראָף, וועלכן מען האָט אויף אים אַרויפגעלייגט. ס'איז געווען עפּעס אַן אונטערגעוואָרפענע מעשה...

ה.

די שיינע פּרנסה מיינע, משטיינס־געזאָגט, מיט ספרים, האָט מיך אויף אַ היפּשער צייט אָפּגעריסן פון דער היים, און פונעם שטענדיק אַרומוואָגלען זיך צווישן יידישע קינדער, פון איין שטעטל צום אַנדערן, איז מיר דער קאָפּ געלעגן נאָר אין ביידל סחורה, ווייטער איז מיר נישט אָנגעגאַנגען די גאַנצע וועלט, זי זאָל זיך געווען אַפילו איבערקערן, ווי דער שטייגער איז פון אַלע יידישע סוח־רים, באַזונדערס יענע, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט ספרים... נישט דאָס בין איך אויסן. אַז איך בין אין אַ צייט אַרום צוריקגעקומען אַהיים און מיך אַרומגעקוקט, וואָס טוט זיך דאָרט אַזוינס, האָב איך געהערט, אַז בנימין איז אויס באַלעבאָס, זיין הויז מיט האַק און פּאַק איז איבערגעגאַנגען אין פרעמדע הענט, מען האָט עס אָפּגעשאַצט און פאַרקויפט פאַר די חובות זיינע. שרה, זיין ווייב, איז פאַר גרויס עסעניש און קרענקונגען פון דער וועלט געגאַנגען פאַר דער צייט, און ער, נעב־עך, אַן אַלמן, לעבט אין נויט, אין פּיין, אויף די עלטערע יאָרן עלנט ווי אַ שטיין. רבי יעקב, אַקעגן זשע, געזונט אייזן, אין עושר, אין כבוד, ברוך־השם, דרייט ווי פריער אַ וועלט און פירט נאָך אַלץ דאָס גאַנצע שטעטל ביי דער נאָז, מיט דעם

אייבערשטנס הילף. ער שיינט, בליט ווי אַ רויז און זיך דערלעבט אויף דער על=
טער זעך-יונגע נייע עזות=פּנימער, וואָס וואקסן ווי קראָפּיווע אַרום אים, און וואָס
וועלן אין זייער צייט, אם ירצה השם, נאָך דער פּטירה זיינער, ארויף אויפֿן
בענקל אָנשטאָט אים, כדי יידישע קינדער, צאן קדשים, זאָלן איין רגע, חלילה,
נישט בלייבן ווי שאָף אָן א פּאַסטעך, ווי א טשערעדע אָן הינט.

און אונדזערע יידעלעך? וואָס מאַכן זיי עפּעס, מיט וואָס האָט זיך אויס=
געלאָזט זייער דולעניש אַמאָל? — אוי, שוין בעסער שווייגן!... איבעריקנס,
פּרוכפּערן זיי זיך און מערן, זענען גרויסע קבצנים, גוטע, דומע שעפּעלעך, כאַפּן
א שמיצל און שאַ.

איינמאָל האָב איך מיך אריינגעלאָזט אין א שמועס מיט באַקאַנטע,
בנימינס גוטע פריינד. עס האָט מיך אונטערגעטראָגן פאַר רחמנות אויף אים,
נעבעך. געוואלד, צו וואָס אזא מענטש איז געקומען! און דורך וועמען? דורך
עפּעס א מין נפש, אן עזותניק, משטיינס=געזאָגט! איך קרעכץ, זיפץ אָך=און=וויי,
רעד און רעד, עס פּיקעט זיך מיר דאָס האַרץ און מען זאָל זיך כאָטש אָנרופן,
ארוים מיט א וואָרט! אלע שווייגן, פאַר גרוים שרעק, מסתמא. איינער פונעם
עולם, אמת, האָט זיך שוין נישט געקאָנט איינהאַלטן, נישט געקאָנט איבער=
טראָגן, אזוי האָט עס אים אָנגענומען ביים האַרץ. ארומקוקנדיק זיך גוט אין
אַלע זייטן און געזען, אַז קיינער, חוץ אונדזעריקע, איז נישטאָ, האָט ער זיך אָנ=
געלאָדן מיט גרוים גבורה. ער האָט זיך אָנגעבויגן און שטאַרק אין כעס, פלאַם=
פייער, איי=איי! מיר אין אויער אויסגעשאָסן בסוד יענץ מיאוס הארב וואָרט:

— יאַנקוטש, אַ רוח אין דיין טאַטנס טאַטנס טאַטנס...!

יענע לייט ארום מיר האָבן עס נישט געהערט, אָדער זיך געמאַכט נישט
הערנדיק כלומרשט, נאָר דער רוח האָט זיי פאַר שרעק שיר נישט צוגענומען
און זענען אין איין אימפּעט, ווי די מייז אין די ווינקעלעך, זיך צעלאָפּן. איך בין
געבליבן, אוי=וויי, איינער אליין! איך שטיי, קוק, שאָקל מיטן קאָפּ און שים פאַר
האַרצווייטיק אוים מיט א ביטער געלעכטער! — — —

# ספר הגלגולים

## ווו דער מחבר באַשרייבט באַריכות די אַלע גלגולים, אין וועלכע ער האָט באַדאַרפֿט, כמנהג ייִד, מגולגל ווערן ביים לעבן פֿון איינעם אין דעם אַנדערן

דער מחבר פֿון „ספר הגלגולים“ הייבט אָן צו דערציילן אָט מיט די ווערטער:

ויהי בימי אַכילת קעסט, שימת בנים וישיבת בית=מדרש — און עס איז געווען, נישט היינט געדאַכט, אין דער צייט, ווען באַלעבעסלעך האָבן געגעסן קעסט, געקינדלט און געזעסן פֿאַרלייגט די הענט אין בית=המדרש. איך זאָג, זאָגט ער, נישט היינט געדאַכט דעריבער, ווייל ווו ויהי, זאָגן די חכמים, איז אַ צרה. די צרה אונדזערע איז, וואָס באַלעבעסלעך אין יענער צייט זענען, חוץ אין זייער זאַך, נישט אַזוי קלוג געווען, ווי די דאָזיקע אין היינטיקער צייט. זייער אייגענעם תכלית קענען, אמת, די היינטיקע ווי די אַמאָליקע נישט, און טויגן טאַקע נישט; גאַנץ פּשוט, ווייל דערצו זענען נייטיק אַזעלכע זאַכן, וואָס ביי בטלנים זענען זיי, בעוונותינו הרבים, נישטאָ, פֿריערדיקע אָדער שפּעטערדיקע אַלצייגנס, און באַשולדיקן זיי דערפֿאַר עפּנט זיך קיינעם נישט דאָס מויל. וואָרעם עס וואָלט געווען ווי אַ לועג לרש, שפּעטן פֿון אַ קבצן, פֿאַרוואָס מאַכט ער עס נישט פֿאַר זיך עפּעס אַ גרויס געשעפֿט, אָדער פֿון אַ שטומען, פֿאַרוואָס רעדט ער נישט, פֿון אַ געליימטן, פֿאַרוואָס טאַנצט ער נישט, און פֿון אַ געבויגטן, פֿאַרוואָס הייבט ער נישט אויף דעם קאָפּ. אָבער נישט צו טויגן פֿאַר זיך — אַזוי טענהן די היינטיקע — האָבן יענע דאָך נישט געטויגט אויך אַ קאָץ אַן עק צובינדן, דאָס מיינט מען די כנסת ישראל, פֿאַר איר אינגאַנצן זיך אוועקלייגן. נישט צו קאָנען פֿאַרזאָרגן דעם אייגענעם תכלית, האָבן יענע, אַז אַד=און=ווי צו זייער קאָפּ, צו זייער לעבן, נישט געטראַכט, נישט איינגעלייגט אַ וועלט צו פֿאַרזאָרגן כלל=ישראלס תכלית!... זיי האָבן געפֿוילט, געשימלט, נישט געמאַכט קיין חבריות, קיין כנופֿיות; נישט געפּרוווט צונויפֿקומען זיך אויף אַסיפֿות, אויפֿן אָרט טאַקע, אָדער דורכצופֿאָרן זיך אָפּטערים, עס פֿאַרשטייט זיך, נישט אויף זייערע הוצאות, אַהין=אַהער. פֿיס האָבן זיי געהאַט, נישט אויף צו גיין; אַ מויל, משטיינס=

געזאָגט, האָבן זיי געהאַט, נישט אויף צו רעדן, צו האַלטן דרשות. אזוי פוילן זאָלן אלע אונדזערע שונאים ווי זיי! וואָס האָבן זיי פארשטאַנען, וואָס האָבן זיי געוווסט?... אקציעס?... — ניין! פאָגרן? — ניין! קולטוריאָ?—מכות! וואָס זשע דען? גאָרנישט. מען האָט גענענעצט, געדאַוונט, געבעבעט, אָפּגעריכט חצות, געזאָגט קינות, סליחות, משטיינס־געזאָגט, אריינגעקוקט, געלערנט, און זיך אויס־געלערנט זיין צעבראָכענע גלות־יידן מיט זייער שיינעם, קנאַקעדיקן „מה־יפית“. ומפני חטאינו, אָט פאר די דאָזיקע זאכן איז דער צאָרן אויף י ע נ ע, נעבעך, אזוי אויסגעגאָסן געוואָרן. ראשית חכמה און סוף הכמה הייגט ביי קינדער איז אַ פּאַטש די טאַטעס, י ע נ ע פון די פריערדיקע צייטן. פּע, הייסט עס, פּע אַלטע, אמאָליקע צייטן! אָט דערינען באַשטייט עס די גאנצע חכמה, טאַקע גאַנץ יידיש־לעך, אויף דעם שטייגער טאַקע פון אן עם חכם ונבון, א קלוג, פארשטענדיק פאָלק, ווי מיר יידן זענען — און דאָס איז, אוי, טאַקע די צרה!...

נאָר נישט דאָס, זאָגט דער מחבר, בין איך אויסן.

און מען מעג אים טאַקע גלייבן, וואָרעם דער גאנצער מיין זיינער דאָ באמת, ווי עס ווייזט זיך אויס צום סוף, איז טאַקע גאָר עפּעס אנדערש.

איך בין דאָ אויסן, זאָגט ער, צו דערציילן, וואָס מיט מיר איז פאַרגאַנגען אַמאָל אין יענער צייט, ווען איך בין, ווי דער שטייגער איז פון איידעמס, געזעסן ביי שווער און שוויגער אויף קעסט. דער שווער מיינער, אַ פראָסטער מענטש, אַ שיי־נער, יוסטער באַלעבאָס, האָט מיך, ווי אַ קאַרפירער אתרוגל, אַ חשוב בחור־ל, אַ וויל־לערנער, גענומען פון דער ישיבה פאַר זיין איינציקער געליבטער טאָכטער, איין אויג אין קאָפּ. וויפל איך בין אַלט געווען צו דער חתונה, איז שווער צו זאָגן, ווייל אין דעם חשבון פון מיינע יאָרן איז איבער־הויפּט געווען אַ פּלאָנטעניש, נישט אַרויסצוקריכן. די מאַמע מיינע האָט גערעכנט נאָך עפּעס אַ גרויסער שרפה, אָט דענסטמאָל איז זי מיט מיר געלעגן געוואָרן. די באָבע אָבער האָט עס גע־רעכנט נאָך עפּעס אַ בהלה, און די מומעס מיינע האָבן וועגן דעם געהאַט גאָר אַנדערע השבונות. נאָר ווי די מעשה איז, אַזוי צי אַזוי, איך ווייס נישט מער, אז צו דער חתונה איז ביי מיר געווען א בלאס פּנים, א גלאַטס, אָן א חתימת זקן, ווי ביי אַ יינגל.

די ערשטע פּאָר יאָר נאָך דער חתונה איז געווען קיין מעשה נישט... איך האָב געוווסט נישט מער ווי דאַוונען, עסן קעסט און לערנען. נאַרישקייטן, ווי עס מאַכט זיך אַמאָל ביי אַ מענטשן, איז מיר אינזינען נישט געלעגן — קיין קינד האָט מיין ווייב נאָך נישט געהאַט... די ערשטע צייט פלעג איך מיר אַזוי קומען אַהיים אָפּעסן, אָפּטרינקען און גאָרנישט, נישט צו הערן אַ קרום וואָרט, נישט צו באַמערקן אַ קרומע מינע. דערנאָך ווערט עפּעס אַ שטיקל פאַרענדערונג, עס לאָזט זיך מיר פילן פון דער שוויגערס זייט עפּעס אַ קרימעניש, אַ בלאָזעניש, איך זאָל עס אָנהייבן צו פארשטיין פארוואָס. און אזוי ווי איך האָב עס נישט פאר־

שטאַנען, אַזוי טאַקע האָט עס מיר נישט געשאַדט — איך האָב געטאָן דאָס מייניקע און געגעסן געשמאַק. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז איז מיר דערקלערט געוואָרן דער טעם פונעם בלאָזעניש. פריער על פי ר מ ז, דאָס הייסט אויפן ווונק, מיט אָנצוהערעניש, כלומר, אַזוי מיינט זי — קינדער! ווי האָט עס נישט אַ ייד קיין קינדער!... און שפּעטער האָט עס מיך די שוויגער געלאָזט הערן בפירוש מיט דעם פּראָסטן פּשט. סטייטש, טענהט זי מיט מיר, שטאַרק אויפגעבראַכט, גלייך ווי איך וואָלט איר געקוילעט די קאַפּאָטע — סטייטש, צוויי קיילעכדיקע יאָר נאָך דער חתונה, און גאָרנישט!... איידעמס ביי לייטן, וואָס האָבן חתונה געהאַט אין איין צייט מיט דיר, זענען שוין לאַנג טאַטעס, ווער פון איינס, ווער פון צוויי קינדער; מענטשן זענען זיי, האָבן איינזינען דעם תכלית... אז ווייל איז זיי, אז ווייל אויך זייערע עלטערן! און דו וואָס? אַ שיין באַלעבעסל, משטיינס־געזאָגט! און נאָך שפּעטער האָט מען געאַרבעט אַרום דער דאָזיקער זאַך ב ס ו ד. איך פלעג טרעפן אָפט די שוויגער זיצנדיק מיט ווייבער, שכנות, גבאיטעס, טוקערקעס, דאָס ווייב מיינס מיט אַראָפּגעלאָזטע, פאַרוויינטע אויגן אינדערמיט, און שושקענדיק זיך, איבערווינקענדיק זיך איינע מיט דער אַנדערער; אַן אַלטע גויע, להבדיל, האָב איך אויך אַ פּאָר מאָל געטראָפן צווישן זיי. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן צום סוף, איז מען געזעסן און געטראַכט וועגן דעם, פאַרוואָס האָט עס די שוויגער פון דער טאָכטער אירער, פון מיין ווייב הייסט עס, קיין אייניקל נישט? און מען האָט געברויכט דערצו באַבסקע מיטל. די אַלטע גויע מיט דעם היימישן שטאָט־טאָטער האָבן, עס פאַרשטייט זיך, ביידע געטאַנצט אין דעם קאָן אינאיינעם מיט די געניטע אויסגעקינדלטע ווייבער.

מיר אָבער איז נאַרישקייטן נישט געלעגן אין זינען. איך האָב מיר געשמאַק געגעסן און געשמאַק געלערנט.

אַז עס האָט נישט געהאָלפן נישט קיין ר מ ז, נישט קיין פּ ש ט, נישט קיין ס ו ד, איז די שוויגער ארויס אקעגן מיר מיט ד ר ו ש. דרשהנען האָט זי געקענט זייער ווויל. אַז זי האָט געעפנט אַ מויל, האָבן זיך איר געשאָטן, ווי פון אַ לעכערדיקן זאַק — אַ מגיד, ניין מאָס רייד, אויסגעמישט אינאיינעם גראַם־שטראַם, קובעבעלאַקריצע, גוישע ווערטער מיט, להבדיל, שטיקלעך גמרא, משל־לעמעשקע, פאַרווירצט מיט זיס־זויער תחינה־לשון, עס זאָל האָבן דעם רעכטן יידישן טעם. דער ש ט ע ל אירער אין די דרשות איבער מיר איז געווען אויף דעם געוויסן פּסוק: „מיינס, משטיינס־געזאָגט, איז נישט לייטיש“. און זי האָט זיך גענומען גאַנץ ברייטלעך אויפווייזן, אַז נישט לייטיש איז, וואָס איך בין דאָס, יענץ... נישט לייטיש, וואָס טאַקע ווי דעם פּויערס אַ ווערטל: ני ראַק, ני ריבאַ, דאָס הייסט אויף יידיש: ני מע, ני מו, ני קוקוריקו. וואָס דען זשע? אַ לעקיש בין איך. נישט לייטיש איז אויך דאָס: ביי אַנדערע, אַשטייגער, נעמט אַ שווער דעם איידעם און פאָרט זיך מיט אים דורך צום כאַנדריקעווער, זאָל געזונט זיין, אָדער ווען נישט ער אליין,

טוט ער עס דורך אייגעם פון די חסידים, מאַכן זיי פון אים אַ לייט, פירן זיי אים אַהין... און דעריבער טאַקע איז מזל און ברכה — זרענו וכספנו, קינדער און געלט, ווי אין „ויתן לך“ שטייט. און ביי מיר — פלעגט זי אויסלאָזן, אַ קוק געבנדיק בייז אויף דעם שווער, נעבעך, וואָס ער האָט געהאַט פון איר קאַלט און וואַרעם — ביי מיר, אוי, רבונו של עולם, הלוואי אויף שונאי־ציון געזאָגט געוואָרן, איז נישט לייטיש, אָמן, אָמן!...

פון מגידים די דרשות, אַז איך הער היינט, שטייען זיי אַזוי צו מיר צו, ווי אַן ארבעס צו דער וואַנט. איך קוק זיי נאָר אָן מיט רחמנות, ווי מענטשן, נעבעך, הכמהנען זיך, וויסנדיק זיכער זייער גוט ביי זיך, אזוי גוט, ווי איך ווייס, אַז די חכמניות זייערע איז געמלאכהט, לויטער שווינדל, דראָט־אַרבעט. נאָר די דרשה אָבער פון דער שוויגער מיינער דענסטמאָל איז מיר צוגעשטאַנען ווי א פיאַווקע צום האַרץ און געזויגן מיין בלוט. געגעסן האָב איך מיר קעסט אַלץ טאַקע געשמאַק, געלערנט אויך געשמאַק, נאָר עס האָט עפעס נישט געהאַט דעם טעם וואָס אַמאָל. עס האָט מיך עפעס געגענדזלט, געפיקט מיר עפעס אין קאָפ, און איך פלעג מיך קאָנען אַמאָל אויף עטלעכע מינוט פאַרטראַכטן מיט אויסגעשטעלטע אויגן גלאַט אַזוי זיך אין דער וועלט אַריין. פונדעסטוועגן, נישקשה, אָן סכנות! איך וואָלט מיר געקאָנט גאָר קיין מעשה נישט אַזוי גיך אָפשטערבען דאָס ביסל יונגע יאָרן, ביז עס וואָלט געקומען אויך אויף מיר אַ צייט, אויסזוכן זיך איינע פון די יידישע פרנסות: אַ קנעלונג, אַ קלייטל אָדער אַ שענקל, אַשטייגער, און זיין אַליין פאַר זיך אַ באַלעבאָס. באַדאַרף זיך אָן מיר אָנטשעפען עפעס אַ דיבוק, דער יצר־הרע אַליין, אין דעם געשטאַלט פון אַ חסיד, און מיך אָנרעדן דער שוואַרציאָר ווייס וואָס, מיך וועלן פאַרפירן, דער רוח ווייסט וווהין...

מיין יצר־הרע, דער חסיד, איז געווען אַ מנובל מיט אַלע פאָסטעמקעס, מיט דעם גאַנצן חן, ווי אַזעלכן שטייט אָן. אַ דיבורל האָט ער געהאַט גאָר אַן אַנטיק, עס האָט געלעכערט דעם קאָפ. אויף מעשיות צו דערציילן איז אַזאַ בריה ווי ער נישט געווען, נישטאָ און וועט נישט זיין אין דער גאַנצער וועלט. פאַר אים איז אָפן געווען דער הימל, געמעגט דאָרטן טאָן וואָס ער וויל, אים איז געשטאַנען פריי דער גיהנום און דער גן־עדן. מלאכים, רוחות זענען ביי אים געווען משרתים, ווי אַ שפילכל איז אים געווען פייער און וואַסער... ער האָט געקענט מיט זיינע מעשיות נעמען אַ מענטשן ביי דער נשמה. האָט ער געוואָלט — איז פון זיי אָנגעפאַלן אויף אַ מענטשן עפעס אַ זיסער דרעמל, אַ וואַרעמקייט איז זיך צעגאַנגען אין אַלע גלידער און עס האָט זיך געקראַצט עפעס גאָר אַ מחיה. האָט ער זיך באַלעקט, טשמאָקענדיק מיט די ליפן — איז אָנגעקומען יענעם אַ חשק צום טרינקען, פשוט טאָן א טרונק בראָנפן...

אָט אַזוי איז דער יצר־הרע מיינער, וואָס האָט זיך, נישט פאַר יידישע קינדער געדאַכט, צו מיר גענומען!

— זאָג מיר, שמייגער! — הייבט אָן דער יצר־הרע מיך צו שטראָפֿן — ביז וואַנען וועסטו עס זיין אַ שמייגער? וואָס פּאָרט קאָן אַרויסקומען פֿונעם תנו־רבנן, וואָס דו תנו־רבננסט מיר טאָג און נאַכט? פֿונעם זיצן ווי א קוואָטשקע איבער דער גמרא וועסטו קיין קינדער נישט אויסזיצן, — און וואָס פּאָרט וועט דער תכלית זיין דערפֿון? ביסט דאָך עפּעס אַ ייד, דו שמייגער איינער!... אַן עבירה, כ׳לעבן, אַזאַ יונגערמאַן... עס וואָלט מיר נישט געאַרט אַ געבראָטענער ליטוואַק, אַ מתנגד, שוין אין די יאָרן, אַ פּרוש — אַ באַנק־קוועטשער מיט אַ באָרד — אין דער ערד אַריין, צלם־קאָפּ! זיץ דיר, שאָקל זיך, קוועטש דיר אָן מערידן, ביסט אַריין אין מ״ט שערי־טומאה און פֿאַרפֿאַלן, וועסט אייביק שוין נישט אַרויס! דו שמייגער אָבער ביסט נאָך אַ שנעק, האָסט נאָך צייט אַרויסצוטרייבן פֿון דיר דעם ליטוואַק און ווערן אַ מענטש, אַ כלי־שלימה. נעם זיך באַצייטנס אויפֿן רעכטן וועג און פֿאָלג מיך, שטיי נישט אָפּ פֿון אַנדערע יונגע באַלעבעסלעך, טאַטנס קינדער, שטיי נישט אָפּ, זאָג איך דיר, און קום... קום... אַנדערע אפֿשר וועלן דיר זאָגן: קום קיין כאַנדריקעוו, אָדער קום קיין יעהופּעץ, צום יעהופּעצער, און איך זאָג דיר — בויבעריק! ס׳איז דאָ זייער אַ סך, אַלע, דאַכט זיך, פֿון איין שניט, קיינעם פֿון זיי גייט, ברוך־השם, נישט אָפּ אין דעם גוטן יידישקייט, גע־זונט און שטאַרק זאָלן זיי זיין! נאָר זיי אַלע איניינעם גענומען זענען ווי אַ שאָ־לעכץ פֿון קנאָבל אַקעגן דעם בויבעריקער, זאָל לעבן. קום, זאָג איך דיר, קיין בוי־בעריק, דאָרט וועסטו געהאָלפֿן ווערן. איין מומחה צו עקרות איז טאַקע ער, דער בויבעריקער. אַחוץ דעם וועט זיך דיר עפֿענען די אויגן, אָנקוקנדיק זיין ליכ־טיק פּנים. „וועסט זיך וואַרעמען אַקעגן זיין ליכט״, דו פֿאַרפֿרוירענער ישיבהניק, קאַלטער מתנגד, וועסט, ווי די אַצילי בני ישראל, זען די שכינה רוט אויף זיין פּנים און פֿאַר גרויס התלהבות, ווי זיי, עסן ביי אים און טרינקען... אַציגד האָסטו דערצו די מעגלעכקייט, זיצסט דיר אויף קעסט, דער נדן דיינער איז נאָכנישט געווירט; שפּעטער, אַזוי פֿאַרהאַפֿ איך, וועסטו אַ משכון פֿאַרזעצן, דאָס לעצטע ביסל צירונג ביים ווייב אַרויסגנבענען — און פֿאָרן, אָדער גיין צופֿוס קיין בוי־בעריק!...

אַזוי האָט אַלץ גערעדט און מיך איינגערעדט דער יצר־הרע. און אַז ער האָט געזען, אַז ער איז מיט מיר נאָכנישט פֿאַרטיק, מוסר העלפֿט נישט, האָט ער געפּרוּווט ווירקן אויף מיר דורך משקה. ער פֿלעגט אָן וואַרעמער טשמאָקען מיט די ליפּעלעך אַזוי, אַז מיר האָט זיך פֿאַרגלוסט נעמען אַ קאַפּעלע בראָנפֿן. אָנגעהויבן האָט זיך עס פֿון יאָרצייט אָדער תיקון־בראָנפֿן, דערנאָך איז געגאַנגען אַ גאַנג, סיום־בראָנפֿן, אַלע מיני מצווה־בראָנפֿן, ווי אַשטייגער, ראש־חודש־בראָנפֿן, קידוש־לבנה־בראָנפֿן, ל״ג־בעומר־בראָנפֿן, שהי־פּהי־בראָנפֿן, ביז עס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט פּראָסט, גלאַט אַזוי זיך בראָנפֿן. דער פּועל־יוצא דערפֿון איז געווען, אַז איבערכאַפּנדיק איינמאָל די מאָס, ביז איך אַרויס פֿון די כלים,

דאָס הייסט — התפשטות הגשמיות, אַרויסגעשפּרונגען פון דער הויט, און געווען בגילופין, אויף דעם זיבעטן הימל!

דאָס, וואָס איך האָב, אָדער, גלייכער צו זאָגן, די נשמה מיינע האָט געהערט, געזען, כביכול, אויפן הימל, לאָזט זיך קוים־קוים איבערגעבן אויף דעם מענטשלעכן לשון. איך טו עס פונדעסטוועגן, ווי ווייט מעגלעך איז, נאָר טאַקע דעם עולם צוליב, ווייל דער עולם איז שטאַרק משׂעקאַווע, חלשט צו וויסן, וואָס טוט זיך אויפן הימל דאָרט אויף יענער וועלט.

גאָר צום ערשטן מאָל האָט מיך מקבל פּנים געווען דאָרט אַ משונה לאַנגע נאָז, אַ דיקע, געשוואָלענע ווי אַ באַרג, פייער־רויט, אַ ביסל פאַרבליפּט, ווי אַ פלאַם פון ברענענדיקן ספּירט, און אָנגעזעצט פול און פול מיט ווייַנפּערלעך, באַפּייכט פון קוואַלן שוויים. נאָך דער נאָז האָט זיך געוויזן אַ באַלעבאָס, שוועבנדיק, קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס, עפּעס גאָר... לוט — דאָס איז געווען דער שר־המשקים פונעם יין־המשומר פאַר די צדיקים, ער מיט זיין כבוד אַליין. און באַלד לאָזט זיך הערן אַ בת־קול ווי פון אַ משונה־גרויסער פוסטער פאַס: פּנו־מקום — מאַכט אַ וואַרע דעם גאַסט, פלוני בן סאָסיע!... אַ ציטערניש האָט מיך אָנגעכאַפּט דערהערנדיק דאָס קויל, אַ ציטערניש ווי אַ געווינעריין. דער שר־המשקים האָט מיר אַ שמיר געגעבן איבער די לעפּצן, אַריינגעגאָסן מיר אין מויל אַ הונדערט־גראַדוסנעם ביטערן טראָפּן, בין איך ווי נייגעבוירן געוואָרן.

— איך ווייס, זאָגט ער צו מיר, וואָס דו ווילסט, צוליב וואָס דו ביסט אַהער געקומען. דאָס קול פון דיין שוויגער, בעטנדיק פאַר איר טאָכטער, דיין ווייב די עקרה, שפּאַלט די הימלען. דאָס שפּרעכן פונעם טאָטער לייגט איין וועלטן. מיר האָט מען עס באַפוילן גיין דיר אויף קבלת־פּנים אַקעגן, שטאַרקן דיך מיט אַ ביסל משקה און אָפּפירן דיך ביז צו דער ערשטער אינסטאַנציע, אָדער ווי עס הייסט ביי אייך דאָרט, ביז דער ערשטער קרעטשמע. און אַזויווי דו ביסט פון די באַנק־קוועטשער, וואָס שטייען אונטער דער השגחה פון שר־התורה, לכן מוז מען זיך ווענדן צו אים, און ער וועט שוין דער בקשה דיינער געבן אַ גאַנג, ווהין מען באַדאַרף... נאַ, נעם נאָך אַ ביסל „שהכל“ און קום!

און באַלד טאַקע טוט ער מיך אַ נעם און עס טראָגט מיך, ווי אַ רוח אַ מלמד, גיך, געשווינד אַזוי, אַז עס פאַרדרייט זיך מיר דער קאָפּ. פּלוצעם טוט עס מיך אַ וואָרף, האָפּ! איך בלייב שטיין אויף די פיס איינער אַליין און עס ווערט מיר מיטאַמאָל ליכטיק אין אַלע רמ״ח אברים. און איך הייב אויף די אויגן און דערזע פאַר מיר אַ פּאַלאַץ ת״ק מייל די הייך, אינגאַנצן פון מירמלשטיין און גינגאָלד. און טויערן האָט דער פּאַלאַץ ת״ק גרויסע, און איטלעכער גרויסער טויער ת״ק קליינע טויערן. צווישן זיי איז דאָ שערי־חכמה, שערי־בינה, שערי־תלמוד, שערי־חסידות, שערי־התלהבות און שערי־דבקות. און פונעם פּאַלאַץ, זע איך, גייען אַרויס ווי צוויי שרעקלעך לאַנגע בליצן, און אַ געשטאַלט פון אַ האַנט נעמט אָן

אַ הויפן שוואַרצן פייער און מאַכט כתרים צו די אותיות פון דער תורה. עס שטרויכלען זיך מיר די קנעכל פאַר שרעק און איך פאַל אַנידער אויפן פנים. און איך פיל, אַ האַנט רירט מיך אָן, און איך האָרך אַ קול רופנדיק צו מיר: שטיי, זיי מוחל, אויף, בן־אָדם, יפהפיה, שר־התורה האָט געהערט דיין שוויגערם בקשה! און איך פיל — א פראָסט גייט מיר איבער דעם גאַנצן לייב, א צאָן אין א צאָן קלאַפט מיר פאַר קעלט, און שטעלנדיק זיך אויף די פיס, דערזע איך פאַר מיר אַ קאַלטן מלאך, אַ שטיק אייז! — דאָס בין איך, זאָגט ער, דיין מלאך, למדן מיינער, דער מלאך פון לומדים־מתנגדים און ישיבה־בחורים, דער איבער־שווייצאַר פון שערי־התלמוד. קום, איך וועל דיך אָפפירן, ווי איך בין געבאָטן געוואָרן, אַהין, צו לילהן דעם שר פון הריון, דאָס הייסט פון מעוברת ווערן.

און ער טוט מיך אַ נעם, דער קאַלטער מלאך, און טראָגט מיך געשווינד, ווי אַ רוח אַ מלמד, עס עסט מיך די קעלט און איך בין אוים מענטש. פלוצעם — האָפּ־האָפּ! און איך בלייב שטיין אויף מיינע פיס, און א ליבע וואַרעמקייט צעגיסט זיך מיר מיטאַמאָל אין אלע רמ״ח אברים. און איך הייב אויף די אויגן און דערזע אַ קעגן מיר אַ ת״ק־גאָרנדיקן פּאַלאַץ פון אַלע מיני איידלשטיינער שטייט אין א וווּנדער שיינעם גאָרטן, מיט אַלערליי שפּראָצונג: רויזן, בלומען און ביימער — אַ גלוסטונג פאַר די אויגן. און איבער זיי איז אינגאַנצן איז אויסגעשפּרייט אַ טונקל בלויער פאָרהאַנג מיט אַ גילדענער לבנה אינדערמיט און בריליאַנטענע שטערן, וואָס נעמט זיך אויס אויפן אָנבליק ווי א שיינע זומער־נאַכט. אין דעם גאָרטן ציען זיך אין אַלע זייטן טויזנטער אַלייען, אָפענע און פאַרבאָרגענע, ווו עס שפּאַצירן און קושן זיך פאָרלעך מלאכים, צעגיסנדיק זיך אין אַ זיסער ליבער שירה; אמוריאל המלך, דער שר של אהבה, געוואָפנט מיט אַ פייל און בויגן, שיסט, שפּילט זיך מיט כרובים ווי קינדער, וואָס ליגן באַהאַלטן צווישן געדיכטע צווייגן. און די פייל זיינע טרעפט. פון איטלעכן שאָס שפּרינגט פונעם באַהעלטעניש אַרויס אַ כרובל... אַ מחיה צו שטיין און קוקן. עס האָט מיך עפּעס געמאָנטעט, עפּעס נאָר טאַקע ווי ביים זאָגן שיר־השירים. און באַלד האָרך איך אמוריאלס קול, רופנדיק מיך ביים נאָמען: פלוני בן סאָסיע! — הנני, זאָג איך, איך בין אָנגעברייט!— אַבי דו ביסט אָנגעברייט, איז גוט. איך שטיי שוין און קוק אויף דיר אַרויס צו דערפילן דיין בקשה. אָפּזאָגנדיק מיר די דאָזיקע ווערטער, ווענדט ער זיך צו עפּעס אַ מלאך און זאָגט: גיי, עפן דעם אוצר הנשמות און ברענג מיר פאַר דעם בן־אדם א נשמהלע א טשאַקנדיקע. דער מלאך גייט גיך אוועק אין זיינע שליחות און באַלד קומט ער מיט ליידיקע הענט צוריק. וואָס איז? מען קאָן נישט עפענען — נישטאָ דער שליסל! און עס ווערט אַ גערודער, מלאכים יחפזון, מען זוכט, זוכט און מען דערגייט זיך — אַך, ביים בויבעריקער איז דער שליסל!... עפּנט מען די לאָד אין הימל, דורך וועלכער עס קומען אָן פון בויבעריק די תפילות. מען בעט רחמים דעם בויבעריקער, געוואַלד, גיט אַהער

פאַר אַן עקרה דעם שליסל! נאָר אומזיסט די רייד, ער האַלט זיך ביי זיינס — גיין, זאָל זי, די עקרה, קומען צו מיר!...

אַמוריאל ווערט שטאַרק אין כעס אויף דעם בויבעריקער, און לאָזט אויס דעם כעס צו מיר און צו אַלע יידן, גיבעך. — נישט אויסצוהאַלטן, זאָגט ער, פון אייך, יידעלעך! פון אַלע אוצרות די שליסל פאַרנעמט איר אייך אין די הענט אַריין, אויך אונדז, שרים, מיינט איר צו מאַכן פאַר אייערע משרתים. אומעטום זייט איר פול, און קיין יאַריד אויפן הימל איז נישטאָ אָן אייך... וווהין קריכסטו?! — טוט ער אויף מיר אַ הוק. — דיין אָרט איז דאָרט אין דער יידישער גאַס. וואָס טוט א יידל דאָ צווישן אונדז? טרייבט אים ארויס...

און איך באַקום אין האַלדז און נאַקן איין שטויס נאָכן אַנדערן, ביז איך פאַליר די געדאַנקען. און אַז איך עפן דערנאָך די אויגן, זע איך מיך ליגנדיק אין בעט, ביי מיר אין אַלקער, און אַרום מיר דאָס הויזגעזינד, אַלע אין איין קול: אַ געפונענער! פון טויט לעבעדיק!... וואָס איז? הערט אַ מעשה, אַ דריי טעג בין איך געלעגן אין הינערפּלעט!

אַ מענטש אין הינערפּלעט, ווי ס'איז באַקאַנט, זעט אויס איגגאַנצן ווי טויט. דער גוף זיינער איז דאָ, אויף דעם עולם, און די נשמה זיינע, לויט ווי די וועלט זאָגט, שוועבט אין הימל. דאָרט וואַרפט מען אויף אים גורל, אַחיין, אָדער אַהער, דאָס הייסט בלייבן אַ דאָרטיקער, אויף יענער וועלט, אָדער אַ היגער, ווידער צוריק אויף דער וועלט. אין דער צייט פונעם פלעטן שפּאַצירט זיך דערווייל דעם מענטשנס נשמה פריי אין הימל אַרום און זעט זיך אָן וווּנדערלעכע זאַכן דאָרט. פון גאַנץ אַלטע צייטן נאָך גייען אַרום צווישן דעם עולם און געפינען זיך אויך אין די ספרים זייער ווונדערלעכע מעשיות, וואָס מענטשן, געוועזענע אין הינערפּלעט אויפן הימל, האָבן דערציילט, צוריקקומענדיק פון דאָרט. רב יוסף דער זון פון רבי יהושע בן־לוי — דערציילט די גמרא — איז שטאַרק פאַרשלאַפט געוואָרן און געבליבן ווי טויט אין הינערפּלעט. אַז ער איז דערנאָך צו זיך געקומען, פרעגט אים דער פאָטער: וואָס האָסטו דאָרט געזען? און דער זון דערציילט אים, עפּעס האָט ער דאָרט געזען גאָר קאַפּויר — געהויבענע דאָרט זענען דאָ דערנידעריקט, און דערנידעריקטע דאָ זענען דאָרט געהויבן... און אויף דעם פאָטערס פרעג, ווי שטייען מיר, חכמים, געלערנטע, מיר ווי זעען אויס דאָרט? ענטפערט ער קורץ און שאַרף — דאָס אייגענע (משטיינס־געזאָגט) וואָס דאָ!... און נאָך זאַכן אַזוינע האָט ער אים דערציילט.

דעריבער, אויב דער ענין פון הינערפּלעט איז יאָ אַזוי גרויס, וועט קיינעם קיין וווּנדער נישט זיין, וואָס מענטשן, גרויס און קליין, יונג און אַלט, זענען מיך ווי די היישעריקן באַפאַלן, אַז איך בין צו מיינע קרעפטן געקומען, און געחלשט הערן פון מיר א וואָרט; איך זאָל זיי דערציילן, וואָס אויפן הימל פאַרלויפט זיך, וואָס פאָרט הערט זיך דאָרט. פאַר גרויס חשק איז די סמאהע זיי איבער די

ליפן איבערגעגאַנגען, קוקנדיק אויף מיר מיט גרויס דרך־ארץ. איך זאָל געווען דענסטמאָל שכל האָבן און וויסן אַ צורת מטבע, וואָס פאַר אַ ווערט די מטבע האָט, וואָלט איך, ווי פיל אַנדערע הימל־מענטשן ביי אונדז, געמאַכט פון מיין הינערפלעט אַ געשעפט. איך וואָלט, ווי יענע, דערציילט מעשיות, גוזמא־גוזמאות, זאָלן די בהמות הערן, זיי וואָלטן הנאה געהאַט, און איך וואָלט געגאַנגען אין גאָלד. איך אָבער בין דענסטמאָל געווען אַ ייִנגל, געזעסן אויף קעסט, האָב חוץ דער גמרא נישט געוווסט דעם טעם פון דער שווערער בימערער פּרנסה. דע־ריבער האָב איך, שוטה, מיך געהאַלטן אין דעם אמת, דערציילט נאָר דאָס, וואָס איך ווייס. דאָס אייגענע טאַקע האָב איך אויך דערציילט אונדזער רב, זאָל גע־זונט זיין. און ער האָט מיך, ווי אַ ל מ ד ן, אַ פרעג געטאָן: ווי שטייען מיר יידן דאָרט? האָב איך אים געענטפערט, ווי דער אמת איז: שפל — מען טרייבט!...

ס'איז געווען אַ גאַנץ רחמנות אים אָנצוקוקן, וואָס פאַר אַ מינע ער, נעבעך, האָט געמאַכט, אַ זיפץ געבנדיק טיף פונעם האַרצן.

ואחר הדברים האלה — און נאָך דער דאָזיקער מעשה, האָט מיין יצר־הרע, דער חסיד, זיך שטאַרקער נאָך גענומען צו מיר מיט זיינע גנבהשע תנועות, לאמר, אַזוי צו זאָגן:

— היינט זעסטו שוין, שמייגער, ווי געריכט און געאַכפּערט „ער", זאָל געזונט זיין, איז אויבן דאָרט. אדרבה, זאָג, זאָג...

— אזוי געאַכפּערט זאָלן אלע אונדזערע שונאים זיין! — ענטפער איך שטיל, אונטער דער נאָז, דערמאָנענדיק זיך אין די זלזולים, וואָס מיר איז גע־קומען צו די אויערן פון יענע דאָרט.

— עט! — זאָגט ער מיר — מילא, וואָס מאַכט עס ווען אויס, אַז יענע דאָרט רעדן צווישן זיך? אָבער אַ תקיף איז „ער", אַן אוחז־ביד איז „ער", און פון די אוצרות דעם שליסל האָט „ער", און די ברירה צו געבן האָט „ער"!... גיי זשע קיין בויבעריק! איך פאַרשטיי אָסור נישט, וואָס דיר קוועטשט?

אוי, האָט מיך געקוועטשט! עס האָט מיך געקוועטשט גלאַט בויבעריק אַליין, וואָס איז מיר און איטלעכן אין מיין ווינקל אויסגעקומען עפּעס משונה־ווילד. עס האָט מיך אויך געקוועטשט גלאַט סתם דאָס ייִדישע עקשנות, ובפרט נאָך האָט מיך געקוועטשט דאָס אוועקלייגן אביסל אין דער זייט די גמרא, צו וועלכער איך בין פון קליינוויז אַזוי געוווינט געווען. — פון דער אַנדערער זייט אָבער, מוז איך זיך מודה זיין, איז מיר בויבעריק, אַחוץ דעם, וואָס האָט מיך געצווונגען גיין דאָרט וועגן מיין עסק, ביסלעכווייז אַריין טאַקע אין טעם און אָנגעהויבן צו גע־פעלן. ווי ווילד, דאַכט זיך, די בויבעריקער זעען אויס, דאָך גוט צוקוקנדיק זיך, גע־פינט מען אין זיי פיל שיינע מעלות. זיי זענען גרויסע בעלי־בטחונם. זאָרג, אומעטי־קייט איז אַן עבירה, פע! דער בויבעריקער האָט געהייסן פריילעך זיין. זיי האַלטן

זיך איינגעם, יונג, אַלט, אָרעם און רייך אַלע גלייך, אַלע צווישן זיך אויף חברה־לשון. זיי זענען נישט אַזוי טרוקן, נישט אַזוי קאַלט מיט פינצטערע צרות, ווי יידן פון מיין ווינקל. זיי קאָנען נעמען אַמאָל א ביסל משקה און גיין א טענצל נישט דווקא פורים און שמחת־תורה, נאָר פּראָסט אין א וואָכן־טאָג. איך האָב שוין ביי מיר געפּועלט פּאָלגן דעם יצר־הרע, באַדאַרף זיך פּלוצעם טרעפן אָט וואָס...

באַדאַרף פּלוצעם מיין ווייב — הערט א מעשה! — מעוברת ווערן גאָר אָן דעם בוּיבעריקער לאַסקע, און האָבן צוויי ייִנגלעך מיטאַמאָל.

דאָס האָט שוין אַ ביסל אָפּגעשוואַכט מיין יצר־הרע. בויבעריק איז דערווייל ביי מיר אַ ביסל אַראָפּ אין דער זייט, און איך בין געבליבן שטיין ווי שבת א ייד, מיט איין פוס אין דעם תחום, מיט דעם אַנדערן אויף יענער זייט תחום — נישט אַהער און נישט אַהין!...

# אַ נאַכט אין צרות

עס איז שוין העט שפּעט אין דער נאַכט, גלופּסק שלאָפט — און די קאַפּעליע האָט נאָך אַלץ געשפּילט. צוויי יידישע קינדער קאָנען קיין אויג נישט צומאַכן, וואַרפן זיך. נעבעך פון איין זייט אויף דער אנדערער — און די געלעגערס אונטער זיי ארבעטן: סקריפּען, קרעכצן, גיבן אָפּ קאָנצערט, ווי דער שטייגער פון יידישע געלעגערס, וואָס צעוויגן זיך, צעשאָקלען זיך, צעפּילדערן זיך, זאָגן שירה ביינאַכט פון אַ מינדסטן ריר. פון אַ מנין געלעגערס אין אַ יידיש הויז די שירה ביינאַכט צו הערן איז אַוודאַי אַ ווויל; נאָר, נישקשה, מיט דער דאָזיקער קאַפּעליע דאָ, פון אונדזערע צוויי פאַרשוויגענע, אין וועלכער עס האָט געטריי געאַרבעט אַ הינקענדיקער, אַ גערירטער, אַ הויקערדיקער, אויסגעדינטער טאַפּטשאַן מיט עפּעס אַ מין רוק=בעט — האָט מען געקאָנט אויך זייער גוט יוצא זיין. אויף דעם טאַפּטשאַן אין פאָדער=חדר האָט געשפּילט אונדזער הערשעלע, און אויף דעם רוק=בעט אין אַלקערל — אונדזער רפאל. ביידע האָט זיך עפּעס נישט גענומען קיין שלאָף, איטלעכער האָט געהאַט צו זינגען און צו זאָגן מיט זיינס.

די קשיא איז אָבער: מה נשתנה הלילה הזה, פאַרוואָס איז פאַרענדערט געוואָרן די דאָזיקע נאַכט פון אַלע אַנדערע נעכט? שבכל הלילות פונעם אונטערנעכטיקן דאָ ביי רפאלן האָט הערשעלע געשלאָפן, אָן עין=הרע, גאָר נישקשהדיק. נאָר ביים ערשטן אריינטרעטן זיינס אַהין, צו רפאלן, אויף נאַכט=לעגער, איז אים געוועזן גוט עפּעס אויפן האַרצן, ווי איינעם, וועלכן גאָט דערהייבט פלוצלינג דאָס מזל. דאָס קליינע, נידעריקע שטיבל, ווו ס'איז אַ מעגלעכקייט צו בלייבן אַ וויילע פאַר זיך אליין, אומגעשטערט פון אַן עולם מענטשן, ווי דאָרט אין קלייזל — האָט אים אויסגעזען שררות. ער האָט געקוקט אויף אַלצדינג דאָרט עפּעס מיט אַ מין דרך=ארץ, געקוקט, געטאַפּט, קוים צוצורירן זיך מיט אַ פינגער און געשמאָכט פאַר גרויס פאַרגעניגן. עס האָט אַזויפיל געהייסן ווי: „אַ=נו, גוט, הערשעלע, מיר האָבן אַ גאָט, האַ?!“ דאָס פאַרוויסטע באַנק=בעטל, איינגאַנצן ווי ס'איז, מיט די שלאַפּע פיס, אויסגעריבן, צעטרענט, ערטערווייז מיט אַרויסגעקראָכענע קישקעס

קליאַטשע און אַלטע פאַרשמאַלצעוועטע לאַטעס, האָט ביי אים אין די אויגן גע־
האַט דעם זיבנטן חן. ווי די מעשה איז — אַן אַפּגעקומענס, אַפּגעבאָרעטעט,
פּאָרט א מיוחס, מיט א געשפּיקעוועטן בויך, א זכר פון אמאָליקע גוטע יאָרן...
ביים אַרויפקריכן דערויף דאָס ערשטע מאָל, האָט זיך עס שטאַרק געטאָן אַ ביי־
זער, א סקריפּ מיט גרויס פּאַריבל. הערשעלע האָט, איינהאַלטנדיק דעם אָטעם,
פאַרביסן די ליפּן, געבליבן שטיין ווי אויף משקולת, נישט אַהין, נישט אַהער,
אוים פּאָרכט, נישט אָנצומאַכן דאָ אַ שפּיל, א גאַנצע חתונה און רפאלן דאָרט
פונעם שלאָף נישט אַ־ויסצוברעגגען. נאָר באַלד אָבער האָט ער זיך איינגעשטעלט,
האָט עם מחילה געבעטן, פּאַמעלעך — פּאַמעלעך זיך גערוקט, אויסגעצויגן,
פריער איין פוס, דערנאָך דעם אַנדערן — און נישקשה, מיט חסד — שפּעטער
אַ ביסל האָט אַ קליין בייזערל אים שוין נישט אַזוי אויסגעמאַכט, וואָס ווייט־ער,
ווייטער איז ער מיט א גרעסערן שוין אפילו געוווינט געוואָרן, עס האָט געמעגט
שרייען, רייסן זיך צעזעצטערהייט, ער האָט זיך דערוים גאָרנישט געמאַכט און
געשלאָפן געזונטערהייט.

בלייבט דאָך טאַקע הערשעלעס נישט שלאָפן אצינד א גרויסע קשיא!

אפשר איז הערשעלע הונגעריק געווען, און דער ליידיקער בויך האָט אים
געמאָנט מזונות, נישט געלאָזט אים צורו? — גיין. ערשטנס, איז אַ ייחום
א מאָגן גאָרנישט אַזוי אַריינגעטאָן אין דער אַכילה, אַז ווי באַלד עס דער־גייט
אים נישט, זאָל ער האָבן טענות. צווייטנס, איז דער מאָגן ביי יידן גאָרנישט אַזאַ
פּאַרנעם, מען זאָל זיך אוים זיינע טענות עפּעס מאַכן. אזויפיל דינים, אזויפיל
גזירות, אַלטע און נייע, אלץ מכוח דעם זינדיקן מאָגן, ווי אים צו לערנען דרך־
ארץ: דאָס לאָז דיך נישט גלוסטן, מען טאָר נישט! דאָס יאָ, נאָר א ביסל, ס'איז
טייער און דאָס איז א מוז, כאָטש פריקרע, האַרבלעך — אזוינס האָבן נאָר
מיר, קינדער ישראל, אַליין און אין דעם זכות טאַקע זשיפּען מיר ביז אַצינד
אין דער וועלט... היינט, דריטנס, האָט הערשעלעס מאָגן דענסטמאָל כלל נישט
געהאַט וואָס זיך צו באַקלאָגן. זינט ער האָט אָנגעהויבן „צו נעכטיקן", איז ער
כמעט אַ ליידיקן בויך קיינמאָל נישט געגאַנגען שלאָפן. ביי רפאלן איז פאַר אים
תמיד געווען אַ גלעזל טיי מיט אַ שטיקל ברויט, אין די נאַכט גר־אָד איז נאָך געווען
א קעפּל פון א הערינג, א ביינדל מיט א שטיקל פלייש אויך, איבערגעבליבן
רפאלן פונעם מיטאָג, וואָס ער האָט געגעסן אַן אַפּעטיט, און הערשעלע האָט דער־
צו אַפילו זיך נישט צוגערירט.

אפשר האָט זיך הערשעלען נישט געשיקט עפּעס אין דער גמרא דאָרט, און
דער מוח זיינער האָט געאַרבעט, ווי איינצובייסן אַ הארב תוספותל, צו פאַלן
אויף רשי"ס אַ באַוואָרעניש, געפינען „דעם רעכטן קוועטש" און אויפטאָן שפּי־
צעדיק מיט אַ געדראַנג? — נאָכאַמאָל טאַקע ניין! אַדרבא, פאַרקערט, אין דער

גמרא איז אים היינט אויסגעקומען משוגה=ווילד גלאַט: אי רש"י איז חלילה נישט משוגע, אי תוספות קשיא בלייבט טאַקע אַ קשיא —ביידע זענען גערעכט.

מילא וואָס זשע פּאָרט איז היינט מיט הערשעלען אַזוינס די מעשה.

אָוואַ, אַ מעשה! אים לאָזט נישט שלאָפן — ביילע!

„איי, רבונו של עולם, ביילע! געוואַלד, טאַטעניו, ווו איז ביילע?“ — אָט די דאָזיקע עטלעכע ווערטער פּיקן הערשעלען אין קאָפּ. ארום זיי דרייען זיך אַלע זיינע געדאַנקען און כאַפּן זיך אַמאָל אַרויס מיט אַ ביטערן קרעכץ טיף פון עם האַרצן. שוין אַ גאַנץ היפּשע צייט איז ד־רינען, זינט הערשעלע האָט זיך צעשיידט מיט ביילען דאָרט אויף דער זאָרגבאַנק, אין דער האָפּענונג, אַז אָט=אָט שטעלט זי זיך אויפן אָרט, ווהין מען האָט זי געפירט, באַלד זעען זיי זיך ווידער און נעמען ווייטער אָפּער דעם איבער־געריסענעם שמועס וועגן איטלעכעס פּיצעלע באַזונדער אין דער היים. אונדזער עלנטער, פאַרוואָגלטער הערשעלע האָט זאָט אָנרעדן זיך נישט געקאָנט ביי דעם ערשטן באַגעגעניש מיט אַ שכנס מיידל, כמעט אַן אייגענע, אַ היימישע פון קינדוויז אויף. זי אינגאַנצן האָט געשמעקט עפּעס פריש מיט היים, מיט קאַבצאַנסק — פון אירע אויגן האָבן ארויסגעלויכטן, זיך געלאָזט זען פיל ליבע זאַכן אין די פריערדיקע יאָרן, אַלצדינג, האַק און פּאַק, האָט זיך אים געפילט אין איר שטימע. ער האָט אויפגעכאַפּט איר איטלעכב וואָרט, אויך גערעדט אַליין פאַר צען און ס'איז אים נאָך איבערגעבליבן גענוג רייד אויף שפּעטער — און פּלוצעם אַזאַ ווייטיק, אַזאַ אויסכאַפּעניש... נישטאָ ביילע, ווי אין וואַסער אַריינגעפאַלן, ביילע!

די ערשטע צייט האָט הערשעלע זיך געטרייסט אַלץ מיט דער האָפּענונג: אָט איינגיכן וועט זיך זיך מסתמא ווייזן. וואָס דען? אפשר איז זי דאָרט שטאַרק פאַרנומען אויפן נייעם אָרט, לאָז זי נאָר אַ ביסל זיך אַרומקוקן, קומט זי זיכער באַלד צו פאָרן, זי האָט דאָך איבערגעלאָזט אויף דער אכסניא אירע זאַכן — אז אקעגן א חודש צייט אָבער איז זי אוועק און זי איז אַלץ נישטאָ, האָט אים שוין אָנגעהויבן גוט צו אַרן, אַצינד האָט אים אָנגעהויבן באַשיינפּערלעך צו אינטערעסירן ביילע. נישט ווייל זי איז אַ היימישע, ערשט פון דאָס זייניקע דאָרט אין דער היים, נאָר זי טאַקע, זי ביילע אַליין — ווייל אויף איר, נעבעך, איז א ביטער רחמנות, ווער ווייסט, וואָס מיט איר, נעבעך, איז אַזוינס געשען? דאָס געפיל פון רחמנות איז ביי אים געוואַקסן פון אַן אַנדער געפיל, אַ פאַר־באָר־גנס, עפּעס גאָר אָן א נאָמען — א מין צ י ע נ י ש אַזוינס, נאָך פון קינדוויז אָן, טיף אייגעווייניק אין דער נשמה. דאָס מין ציעניש ווידער האָט אָנגעהויבן שטאַרקער זיך לאָזן פילן, באַקומען שוין עפּעס אַ נאָמען דורכדעם טאַקע, וואָס דאָס רחמנות איז אַלץ מער און מער געוואַקסן. די ביידע דאָזיקע געפילן האָבן געשפּראָצט, געוואַקסן און זיך דערנערט איינס פונעם אַנדערן, דערצו איז אויך געווען נאָר אַ צוגאָב, נאָר אַ וויכטיקע זאַך. עס האָט זיך דערוויזן הערשעלען גאַנץ קלאָ־

דאָס גרויסע אומגליק, אין וועלכן ער איז געשטאַנען. שניאור־וואָלף וואָלט אים זיכער אין געוואַנט אַריינגעשטעקט, ווען עס זאָל זיך נישט געווען אונטערדרוקן פּלוצלינג ביילע. איין גאַט אליין האָט זי אונטערגעשיקט, פּונקט אין דער רעכטער צייט, אים פון יידישע הענט מציל זיין. און וויפל דאַנק איז ער איר שולדיק פאַר אַזא גרויסער טובה! ער באַדאַרף דאָך, ווי מען זאָגט, די פיס איר וואַשן און די וואַסער טרינקען, וואָס אָבער לאָזט זיך אויס? זי האָט אים געראַטעוועט, און ער זי—באַגראָבן, דורך דעם אוועקגאַנג זייערס פון דער אכסניה צו דער זאַרג־באַנק איז ער פונעם אומגליק אַרויס, און זי אַריין. אוי, דער גוטער מלאך איז פארשוואונדן גאָט ווייסט וווהין! ס'איז א רחמנות, עס רייסט, רייסט דאָס האַרץ!...

דאָס אַלצדינג איניינעם האָט אויף הערשעלען שטאַרק געווירקט, אַרויסגערופן אין אים אַזעלכע געדאַנקען, אַזעלכע הייסע קלאָרע געפילן, וואָס זענען פאַר אים געווען פריער נאָך טונקל, כמעט א סוד. ביילעס געשטאַלט איז ארויסגעטראָטן אַלץ העלער, העלער, געשוועבט פאַר זיינע אויגן, אים געבריט, גענאָגט, געצויגן ביי דער נשמה. עס האָט אים עפּעס גלאַט אַזוי, נישט ווילנדיק זיך געטראַכט, שטי־לערהייט אַמאָל געוויינט, געוואָרג עפּעס גוט, ווייך ווי אַ טייג, זיך געלאָזט פון זיינע געדאַנקען טראָגן, ווי א געוויקלט קינד, און זיך פארטראָגן, פארפליען א שרעק וווהין!... ביילע איז אים פון זינען נישט אַרויס און ער האָט זיך קיין עצה נישט געקאָנט געבן, ווי אַרום וועט מען וועגן איר עפּעס געוווּיר. — גייז זוכן, פרעגן? ווי געשיקט זיך עס, אַ בחור'ל פרעגט זיך אויף אַ מיידל! און נאָך ווער? ער, הערשעלע! אַז ביים דערמאָנען נאָר איר נאָמען קומט אים די פאַרב אין פנים, אים דאַכט זיך אַ שרעק! ליים קאָנען זייער גרינג חלילה זיך אָנשטויסן, וואָס אים ליגט אַזוינס אין זינען, וואָס פאַר א שיין בחור'ל, אוי, ער איז — און דענסט־מאָל איז ער אויסגעשטעלט, פאַרפאַלן פון ביידע וועלטן אויף אייביק. אַ קאַ־טאָוועס עפּעס אַזא מעשה, אַזוינס גאָר צו טראַכטן!... ווו האָט מען עס ביי יידן געהערט? גענוג איז דאָך דער גיהנום אַן אָפּקומעניש פאַר אַזוינע זינד, נאָך פיל ערגער נאָך איז אין יידישע מיילער אַריינצופאַלן. די איינציקע טרייסט זיינע איז נאָר געווען, מאָמער איז ביילע צוריק אַהיימגעפאָרן. איי די זאַכן, זי האָט דאָך איבערגעלאָזט איר קלימעקל? מילא, האָט זי פאַרגעסן, אַ קשיא אויף אַ מעשה וואָס קאָן זיך מאַכן! אונדזער הערשעלע איז שטאַרק פון פנים אַראָפּ. ער האָט געזאָרגט, געליטן, נאָר געשטיקט די וויטיקן אינעווייניק אין זיך און אַלץ געוואַרט אויף אַ ידיעה וועגן ביילען פון דער היים — ביז ער האָט זיך לסוף דערוואַרט און די ידיעה מאַקע באַקומען.

,,יאָ, זוגעניו, — אַזוי שרייבט אים די מאַמע אין אירם אַ בריוול, — עיקר שכחתי, האָב, סאַנצעלאָמעס, מיך אַזויפיל דאָ פאַררעדט און פאַרגעסן דערוויל מכוח בן־ציון־צביהס מיידל, דורך וועלכער איך האָב דיר געשיקט א פאָר אונטער־געניימע זאָקן, אַ קאַפּאָטקעלע מיט אַן אויסגעלאַטעט העמד, טראָג געזונט ביז

הונדערט און צוואָנציק יאָר, ציפּע סאָסיע, זאָל געזונט זיין, האָט פון אירע פיס די זאָקן אראָפּגענומען און דיר געשיקט. השי״ת זאָל רחמנות האָבן איר צושיקן דעם באַשערטן. שוין צייט, זי איז, נעבעך, אויסגעטריקנט, געל און גרין אויף מיר קוקנדיק, אויף מיינע פינצטערע ביטערע צרות. די אויגן מיינע דינען מיר נישט פאַר קיין יידן געדאַכט, פונעם פעדערן־פליקן. אוי ווי איז מיר, וויסטע אלמנה! מילא וואָס האָב איך דאָ געוואָלט, האַ, וואָס — יאָ, מכוח דעם מיידל. קאַרג אייגענע צרות, איז נאָך דאָ, ווי זאָגט מען עפּעס, אַ צוגאָב פרעמדע אויך. בן־ציון צביהס מיין איך. ער איז, נעבעך, אַלט, קראַנק, אַ צעבראָכענער שאַרבן, האָט נישט קיין פרנסה. אַזאַ קבצנות, ווי אין קאַבצאַנסק היינט, געדענקען אַלטע קאַבצאַנס־קער קבצנים נישט. אז די נשמה האַלט זיך, איז ריינע ניסים, נאָר זכות־אבות מאַקע, אָכ־כאָ־כאָ! און דאָ האָט זיין ליבער נאָמען, באַהיט זאָל מען ווערן, אים געשטראָפט מיט א בייער מין שטראָף — פונעם מיידל איז ביזן היינטיקן טאָג קיין איינגעטונקענע פען, קיין גרוס נישטאָ. ער האַלט עס, נעבעך, נישט אוים. — טאָ־מער, זונעניו, זעסטו זי, אָדער ווייסט עפּעס פון איר, שרייב, וועסט זיך קויפן דאָס אייגענע לעבן״...

אַ כזית כ־יין ווען הערשעלע זאָל געווען מיטאַמאָל אויפעסן, וואָלט אים נישט געווען אַזוי ביטער, נישט אַזוי פאַרגאַנגען אין נאָז, אין די אויגן ווי פון דער מאַמעס דאָזיקע לעצטע ווערטער. אַז ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס און נישט געפאַלן, האָט ער עס געהאַט צו פאַרדאַנקען נאָר דעם שטענדער, ביי וועלכן ער איז אין קלייזל דאָרט אין אַ ווינקל געשטאַנען אָנגעשפּאַרט איבער דער אָפּגעער גמרה ביצה. דעם גאַנצן טאָג איז ער אַרומגעגאַנגען אָן אַ קאָפּ, און אַז ער איז געקומען „נעכטיקן״ האָט שוין רפאלס בעטל אין אַלקערל געסקריפּעט. האָט באַלד זיך געטאָן אַ וואָרף אויפן געלעגער, זיך גענומען טראַכטן, זיפצן, קרעכצן געשמאַק ווענן ביילען — און דער טאַפּטשאַן האָט צוגעשפּילט, אונטער־געהאַלטן געשמאַק דאָס רוק־בעט אויף זיין שטייגער.

* * *

מילא הערשעלע האָט זיך געוואָרפן אויפן טאַפּטשאַן איז רעכט, ס׳איז דאָ אַ תירוץ —ביילע, אָבער רפאל! וואָס באַטייט זיין וואַרפן זיך? דאָס קול פון דעם רוק־בעט וואָס לאָזט מיך אַזוינס הערן?

אוי, עס לאָזט מיך הערן אַ מעשה! ס׳איז כדאַי זי צו באַשרייבן.

ווי דער וועלט איז באַקאַנט, איז לייבצע דער רויטער אין גלופּסק א ייד אַ נגיד, אַ לייטישער מענטש: מיט אַ בלייך פנים, אַ לאַנגע נאָז און אַ קליין בערדל — אינגאַנצן מיט דעם יידישן חן. ער איז איינער פון יענע לייט, וואָס קוואָקען אויף פיינע־בריות, אריינצוטרעטן אין דער גוטער כנופיא, וואָס גיט פון זיך

אַרויס פֿאַר דעם פֿאָלק אַלערליי גבאים, פּירער, קאָכלעפֿל, טוערס, מאַכערס, טענצערס, נאָך און נאָך אַזעלכע גוצלעכע פֿײַנע פֿאַרשוינען, צו פֿאַרזאָרגן אונדז, אָרעמענקע יידישע קינדער. געוויינטלעך זענען זיי דימענטענע מענטשן, וואָס נעמען ביי יענעם אַרויס די נשמה מיטן גוטן; זיי זענען, דאַכט זיך, גאָר אָן אַ גאַל און האָבן אַ פֿולע נאָז מיט פֿליי; כבוד איז ביי זיי גאָרנישט — נאָר יענעמס, אַליין פֿאַר זיך האָבן זיי עס שטאַרק ליב. ביי זיי איז געלט שמעלט — אָבער נאָר פֿרעמדס, מיין אייגענער גראָשן זייער טייער; נדבות — מהיכא־תיתי, אַ גרויסע מצווה, נאָר געבן זאָל יענער; זיפֿצן, קרעכצן אויפֿן כלל ישראל, אָך, אויף וואָס די וועלט שטייט, נאָר קאָסטן זאָל עס נישט קיין פּרוטה; יידישקייט איז זייער טייער, נאָר אַ מינדסט אינטערעסל איז נאָך טייערער. — לייבצע דער רויטער שניידט זיך אויף אַ פֿײַנע בריה און לעכצט שטאַרק אַרײַנצוטרעטן מיט אַ פֿוס צווישן די גרויסע.

באַפֿאַלן מיט קינדער איז לייבצע נישט געווען, ער האָט געהאַט נאָר צוויי טעכטער, יונגע בתולות, די עלטערע, אַ בילד־שיינע, אַן איידעלע — חנצה, און די יונגערע, אַ דיקע, אַ ציטערדיקע — באָבקע. יענטל, לייבצעס ווייב, פֿירט אַ גוט לעבן, איז אַ באַלעבאָסטע, קלינגט תמיד מיט אַ גאַנצן בונד שליסלעך און האָט אונטער דעם מאַן, ווי מען שמועסט, אַ שיין קניפּל. עסט, שלאָפֿט, טוט זיך וויל, איז אָן עין־הרע פֿעט, באַלייבט — און פֿונדעסטוועגן כאַפּט זיך איר עפּעטער פֿונעם מויל אַרויס אַ זיפֿץ, אַ קרעכץ, זי קלאָגט זיך, אין אַ שמועס מיט באַקאַנטע, קלאַפּט זיך אַלץ אין האַרצן, אַז אָט דאָ, דאָ האָט זי אַ וווּנד, שאָקלט מיטן קאָפּ, פֿאַרגלאָצט די אייגעלעך, אַלץ טענות צום רבונו־של־עולם: אוי, אַ זון, אַ קדיש! זי האָט שוין איבערגעטאָן אַלע מיטלען, געפּרוּווט אַלצדינג, נאָר אומזיסט די מי — נישטאָ קיין זון!

— אַז איך אַליין, איז דער שטייגער אירער געווען צו זאָגן, אַז איך אַליין, נעבעך, בין אַזוי געשטראָפֿט, אַזוי אומגליקלעך, לאָמיך זשע כאָטש נחת האָבן פֿון די טעכטער, זוכה זיין ביי דעם וואָס לעבט אייביק, טאַטע־פֿאָטער, אײַנגיכן זיי אונטער דער חופּה פֿירן און דערלעבן פֿון זיי יינגלעך אייניקלעך.

דעריבער קוים איז חנצה אַלט געוואָרן פֿערצן יאָר, האָט יענטעלען שטאַרק זיך פֿאַרגלוסט אַ חתן פֿאַר איר — עפּעס אַזאַ מין פֿאַרגלוסטן זיך נאָך מער, ווי דער שטייגער איז פֿון אַלע אַנדערע מאַמעס, וואָס דער ענין פֿון קינדער חתונה צו מאַכן, גלאַט פֿאַר זיך אַליין, איז גאָר טאַקע אַ ברענענדיקער יצר־הרע עפּעס ביי זיי... יענטל האָט געברענט, געאַרבעט אויף אַלע כלים, געדולט דעם מאַן אַ קאָפּ טאָג ווי נאַכט: געוואָלד אַ חתן, אַ שידוך פֿאַר דער טאָכטער! נאָר לייבצע האָט זיך נישט אַזוי שטאַרק געהיצט, איז געווען אין שידוכים אַ גרויסער אי־בערקלייבער, אים האָט זיך געגלוסט אַן איידעם מיט אַלע מעלות: אַ זיידן קינד,

א פרומס מיט א ווויל קעפל, פון א געהויבענער משפחה, איינגעטונקען אין יחוס, אז גאָט און לייט זאָלן אים מקנא זיין. לייבצע האָט, ווי א סוחר, געזוכט אין אַ שידוך אַ גוט געשעפט — איינצוהאַנדלען אַ פּאָר זיך, אַ פּאָר דער טאָכ־טער, עס האָט אים געפּאַסט צום עסק זיך משדך צו זיין מיט בערען, איינצו־קויפן זיך אין דער גאָלדענער פאָן, גאָלע צימעס. ער האָט געזוכט און ברוך־השם דערטאַפּט דעם אַנטיק — דערטאַפּט א בנציה מיט אַן אויסגעוויקט פּנימל, א בלייך בחורל, א דארס, ערשט בר־מצווה און שוין קאַנדידאַט אויף מערידן. הכלל—א תכשיט ווי געוווּנטשן. חנצה ווערט, למזל, א כלה, און צו פופצן יאָר אַן אשת־איש, אַ פלוניתטע. זי זיצט מיט אי ר ן בייס טאַטן אויף קעסט, דאָס מאַנ־דעלע איז אַן איידעמל מיט אלע פּיטשעווקעס: עס גייט זיך טאָגטעגלעך אין איין צייט דאַווענען, באַלאָדן מיט א טלית־און תפילין־זאַק, גרויס ווי ער, קומט צוריק, קושט די מזוזה, זאָגט אין דער וועלט אריין גוט־מאָרגן, מער קיין וואָרט — און עסן. אָפּגעגעסן, גייט עס זיך באַלד טאַקע ווידער אין קלויז לערנען און קומט נאָכאַמאָל עסן. אָפּגעגעסן, ווייטער אין קלויז, קומט אויף דער נאַכט צו־ריק, זאָגט אין דער וועלט אַריין א גוטן אָוונט, עסט אָפּ, און גיכער אין בעט אריין — שלאָפן! עפּעס שמעקט עם טוכלע, גיט זיך נאָך מיט באַלעבעסל, נאָר א דערקוויקעניש. חנצה איז זיך דערוויל ווי פריער טאַקע חנצה — גאָרנישט... נאָר מיט א צוגעדעקטן קאָפּ. א שטיקל פּאַרענדערונג אָבער אין איר, פון נאָך דער חתונה, איז יאָ דאָ — עפּעס שעמט זי זיך. דערזעט זי אים, אירן, לאָזט זי אראָפּ די אויגן, פאַר פרעמדע איז נאָך ווי ס'איז, נאָר פאַר באַקאַנטע ווערט זי רויט און זוכט ווי אַנטרינען צו ווערן, עפּעס איז איר פריקרע. וואָס? — דאָס איז שוין איר סוד. די באַקאַנטע פלעגן צווישן זיך איבערווינקען זיך מיט א שמייכעלע, גלייך ווי גערעדט: מיר פאַרשטייען, נישקשה, מיר פאַרשטייען... די מאַמע פלעגט זי בײַם אַנטרינענען ווערן באַגלייטן מיט א מילדן בליק און שמעלצנדיק זיך אויך שמייכלען דערביי און צושאָקלען מיט דעם קאָפּ.

רפאלן האָבן גראָד די געשעפטן געפירט באַקאַנט צו ווערן מיט לייבצען, קומען צו אים אין הויז אריין. נאָך ביים ערשטן מאָל זען רפאלן פונדערווייטנס דורך דער אָפענער טיר אין טאַטנס חדר, איז ער חנצהן פאָרגעקומען עפּעס משונה ניי — א מענטש, גאָר עפּעס אן אנדער מין, אן אנדער רעדן, אן אנדער באַנעמונג, אן אנדער קליידונג, אלצדינג אנדערש, נישט ווי ביי יענע, וואָס זענען איר צו די אויגן געקומען ביז אהער. זי האָט הינטערוויילעכץ געוואָרפן אייגע־לעך אויף אים, אַליין נישט צו וויסן וואָס זי וויל, גלאַט אַזוי, עס גלוסט זיך איר כאַפּן א קוק. זי האָט געקוקט, און אין קאָפּ ביי איר איז גאָרנישט געווען פאַר־מיק קיין פיצל מיינונג וועגן אים. אז דער טאַטע האָט נאָך רפאלס אוועקגיין א מאָל געמאַכט אין שטוב א שמועס וועגן אים, געלויבט אים אין טאָג אריין, האָט זי זיך גוט צוגעהערט, נישט צו פאַרלירן קיין איין וואָרט.

— יאָ, — מאַכט לייבצע אויפגערוימט, און דאָס היטל פארדרייסט זיך אים אויפן קאָפּ, — א שיין געשעפטל, גאָר נישקשהדיק... ער רעדט צו דער זאך, פארשטייט אַן עסק, איז דורכגעטריבן קלוג, ווי א רוח. א קעפל! א שאָד נאָר, — באַדויערט ער און קלאַפּט מיט א פינגער זיך אויפן שטערן, — וואָס ער איז א ביסל דאָס... ווי הייסט עס ביי זיי דאָרט, צו אלדי שוואַרצע יאָר, אויפגעווירן. נאָר באַ, עט... דאָך נישט ווי יענע אָרעמע בעלי-עבירות, די היינטמאָדישע. אויך מיר מענטשן משטיינס-געזאָגט!... קבצנים! ער, פארשטייט איר מיך, ער איז א סוחר, ווייסט ווי צו פארדינען א קערבל. אָט וואָס!...

די דאָזיקע שבחים זענען פונעם טאַטנס מויל אין דער טאָכטערס אויערן אריין, גאָר נישט צו ווּיסן, וואָס ער אליין האָט זיך דערמיט אָנגעמאַכט. זינט יענער צייט הייבט ביי חנצהן אָן צו ארבעטן דער מוח. דאָרט אין קאָפּ, וו ביז אהער איז געווען רואיק, שטאָק-טונקל, האָט אָנגעהויבן פלוצעם צו טאָגן — עס האָט זיך אויפגעכאַפּט פונעם שלאָף דער יונגער שכל, מיט אים האָבן זיך אויך גערירט געדאנקען און זיך גענומען צום עסק: אַלצדינג צו באַטראַכטן, צו פרעגן, וואָס באַטייט דאָס, וואָס באַטייט יענץ? עס ווערט אפערגענומען רפאל, הנצעם געדאַנקען דרייען זיך אַרום אים, באַקוקן זיין פּנים, זיין געשטאַלט, אַלצדינג, ווי ער שטייט און גייט. עס שטעלט זיך פאָר אויך צוגלייך בנציה, משטיינס-געזאָגט, אַזוווי ער איז. מיט דעם פּיצל, מיט די צנאָטקעלעך און אַלע זיינע געגג. פאַרקרימענדיק זיך, קען איר געדאַנקען זיך באַלד אום פון אים ווידער צו רפאלן. יאָ, ער איז טאַקע שיין, דער טאַטע האָט רעכט... ער איז בעסער, קליגער, קיין פארגלייך! פונעם קאָפּ רופט זיך עס אָפּ אין הארצן. עס טוען זיך א געם געפילן, עפּעס צופּט, עס צופּט, מאָנטעט ביי דער נשמה. דאָס האַרץ גיט אָנצוהערעניש — און חנצהן פארווילט זיך אים נאָכאַמאָל זען, אוי, כאָטש נאָך א ווייל א קוק טאָן אויף אים. נאָר אָנשטאָט אים קומט ווי געווינלעך אלע טאָג איר, משטיינס-געזאָגט, מיט זיין קושן די מזוזה און מיט זיין שיינעם גוט מאָרגן! זי לאָזט אראָפּ ביי זיין אריינקומען די אויגן, נאָר דרינען ליגט נישט מער קיין שעמען זיך, דאָס וואָס פריער, ניין! דאָס איז שוין גאָר עפּעס אנדערש — עס קומט איר אויס עפּעס פע, עס שלאָגט צום האַרצן... זי ווערט מיט זיך נישט צופרידן, האַלט עס פון איר זייט פאר א גרויס אומרעכט, סטייטש, אקעגן א מאַן! — ווי קימט עס צו א יידישע טאָכטער. זי טוט אָן א כוח די זינד צו פארגלעטן — דווקא טאָן אויף אים א בליק, ווייזן א פריינדלעכע מינע. קוים אָבער פועלט זי עס ביי זיך, אין דער רגע טאַקע קומט איר, מעשה שטן, אויפן געדאנק, ווי אויף צו להכעיס, ער. חנצה איז עפּעס מיט זיך אליין צעדרייט, נישט רעכט צו פארשטיין, וואָס איז איר אזוינס געשען? זי זוכט זיך אויס אַרבעט, בכדי דעם קאָפּ זיך צו פאַרשלאָגן, מישט זיך אין דער באַלעבאַטישקייט, כאַפּט זיך צו אַזעלכע מלאכות, וואָס זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געטאָן, די מאמע קוועלט גאָר אָנ=

קוקנדיק, שמעלצט זיך פאר גרויס פרייד און גיט איר אונטער חשק: אזוי, טאָכטער, אזוי, לערן זיך זיין א באַלעבאָסטע, מיט דיינעם ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר!

זי שטייט זיך איינמאָל אליין אין שטוב פרימאָרגנס, אָנגעטאָן א דינס, א שניי־ווייס קאפטעלע מיט א געשטיקט קרעגנדיל, פעסט געשפּילעט ארום א קלאָר ווי פון עלפאנטביין אויסגעטאָקט העלדזעלע, דאָס יונגע פּנימל מלא־חן, בלוט און מילך — אַ מיילכל נאָר צום מאָלן, שוואַרצלעך־ברעגנעדיקע אויגן, אויפן קאָפּ א זיידן טיכל, ארויפגערוקט א ביסל און עס קוקן ארויס בגנבה האָר. קיינער אין שטוב, חוץ איר, איז נישטאָ. זי איז באַשעפטיקט מיט איבערווישן גלעזער, אין וועלכע מען האָט געטרונקען טיי. פּלוצעם עפנט זיך די טיר און עס קומט אריין — ער, רפאל. ער ווינטעט זיך מיט איר בנעימותדיק אויף דעם נייעם שניט און פרעגט זי אויפן פאָטער. זי ווערט עפּעס צעמישט, רוקט געשווינד אראָפּ דאָס טיכל און שווייגט. אים גיט יעם עפּעס אַ גנעם, ער זעט פאַר זיך אַ שיינהייט, נאָך גאָר א קינד — און שוין מיט א צוגעדעקטן קאָפּ! ער קוקט א ווײַלע אויך אָן ווערטער און איז פארגאפט. באַלד אָבער געפינט ער זיך ווידער און פרעגט, אויב דער טאַטע וועט באַלד קומען. זי טראַכט ענטפערן ניין, נאָר נישט ווילנדיק כאַפּט זיך איר פונעם מויל ארויס „יאָ“ און בעט אים זיצן, וואונדערט זיך דערנאָך אליין דערויף, וואָס זי האָט געטאָן, נאָר פארפאלן. אויך די אייגענע מעשה טאַקע מיט אים, איידער זיך רעכט צו באַדענקען, זיצט ער שוין אראָפּגעלאָזט די נאָז, ווי דער גוטער יאָר וואָלט אים גענומען און אנידערגעזעצט אויפן בענקל. אין קאָפּ פּיקט עס אים אַלץ אין איין פּיקעניש: קום, קום, ברודער, זיי נישט קיין לעקיש! און דאָס האַרץ אָבער דערלאָזט אים נישט, אַלץ: זיץ, זיץ, נישקשה! די האַנט דערווייל גייט פון זיך אליין — נעמט און דרייט א פּאַפּיראָס. חנצה איז גערן כאָטש מיט וואָס ס'איז צו דינען און טראָגט אים אונטער א פּעקל שוועבעלעך. רפאל דאנקט, זוכט אויס עפּעס א געשפּרעך, תחילת גייט עס שווערלעך, קורץ, איבערגעהאַקט, עס קלעפּט זיך נישט. ער — איינמאָל א פרעג, ווייטער א פרעג, גלאַט אזוי פון דער העלער הויט, און זי אַלץ: יאָ, ניין, א שאָקל מיטן קאָפּ, נאָר דערנאָך שפּינט זיך דאָס געשפּרעך שוין גרינגער, לענגער. מען רעדט איבער דעם גלופּסקער עולם, איבער גלופּסקער „אריסטאָקראַטצן“ — מיני יידעלעך אזעלכע, אויפגעוויי־ענע הויזנבלאָזן. חנצה אינטערעסירט זיך צו וויסן, אויב ער איז אויך פון דער קאָמפּאַניע, און אז ער האָט געמאַכט מיטן קאָפּ, זיך שטאַרק פארקרימענדיק, וואָס האָט געהייסן ערגער נאָך, ווי זיי געשאָלטן אין טאַטן אריין, איז זי עפּעס לעבעדיקער געוואָרן.

— דער טאַטע מיינער, — זאָגט זי, — האָט זיי נישט ליב. אָנקוקן קאָן ער די דאָזיקע לייט נישט.

— א, א, דער טאַטע! — מאַכט רפֿאל און דרייט מיט דער נאָז, ווי עס האָט אים נישט געשמעקט. — זיין נישט קאָנען אָנקוקן איז עפּעס אַנדערש.

פֿון דעם דאָזיקן געשפּרעך איז מען איבערגעגאַנגען דערויף, וואָס דענסטמאָל האָט עס געהייסן גזירות, די גזירה פֿון שקאָלעס און דעסגלייכן. רפֿאל האָט געמאַכט א רייד דערפֿון מיט א מיין — אריינוואַרפֿן אין חנצהן א פֿונק, און זיך געגומען באַווייזן, אז די גזירות זענען גאָר קיין גזירות נישט. אינמיטן דעם שמועס עפֿנט זיך די טיר, עס ווייזט זיך א גרויסער טלית-און-תפֿילין-זאַק פֿון א בן-פּקועה-פּעלכל, ארומגעליאַמעוועט מיט בלויע קרייקעס, אויף וועלכע ס'איז אויסגענייט עפּעס ווייסע צייכנס און ציפֿערס פֿונעם יאָר. א הענטל גיט א שמיר די מזוזה, עס הערט זיך א קוש — און אין שטוב רוקט זיך אריין מיט א משונה-ווילדן גוט מאָרגן א קליין יונגערמאַנטשיקל, א דארס, א בלייכס, אין א לאַנגער לאַסטיקענער קאַפּאָטע, מיט א ים-שוימען שטעקעלע אין דער האַנט. בנציה וואַרפֿט א בליק אויף חנצהן, אויף רפֿאלן, ווערט רויט ווי אַן אינדיק און לויפֿט דורך מיט די פּיסעלעך געשווינד, שטאַרק אויפֿגעבראַכט צו זיך אין חדרל אריין. אין דעם בייזן בליק זיינעם איז נישט געלעגן דאָס, וואָס מען רופֿט עס „פּפּעפּער-זיכטיק“, חלילה! ווי קומט עס צו אים? פֿרעגט אים בחרם אזוינס גאָר צו טראַכטן, חלומען אפֿילו וואָלט זיך אים נישט געקאָנט אזעלכעס... נאָר וואָס דען? אים האָט אונטערגעטראָגן גלאַט אזוי, גאָר אָן אלע חכמות, דאָס שמועסן אירס מיט א מאַנצביל, איר זיצן מיט אים אָן א שומר, דאָס אליין איז אַן עבֿירה, ס'איז דאָך בפֿירוש א דין — מען טאָר נישט... פּונקט אזוי וואָלט אים אויך געאַרט א פֿליישיק טעפּל ביים פֿייער לעבן א מילכיקס, ס'איז נישט רעכט, נאָך איידער נאָך עס קאָן ווערן א שאלה...

חנציה איז געבליבן זיצן ווי אָפּגעבריט, אין איר איז פֿאָרגעגאַנגען אזעלכעס, פֿון וואָס זי האָט אין איר לעבן נאָכנישט געוווּסט — א גאַנצער קנויל פֿון פֿארמישטע געפֿילן. דאָ — פֿילט זי א בושה, גלאַט „מאַן“ אליין איז עפּעס פֿריקרע, עס באַדאַרף זיין בסוד, נישט ארויסווייזן עס פֿאַר לייט; דאָ — איז איר נישט ניחא דער שלימזל אירער, דאָס אריינקומען זיינס, זיין געשטאַלט, אלץ מיטאַנאַנדער, משטיינס-געזאָגט, וואָס דענקט וועגן אים רפֿאל? פֿע, ווי קומט דער, אירער, צו דעם! דאָ — איז זי בייז אויף זיך אליין, וואָס געהער זי זיך אָן אָט מיט דעם? לאָז ער זיך דענקען, וואָס ער וויל, אַלציינס; דאָ פֿילט זי זיך באַליידיקט פֿאַר דעם מאַן, פֿאַרוואָס זאָל יענער דענקען פֿון אים שלעכטס, ער איז דאָך פֿאָרט אירער. עס פֿארדריסט זי, צו וואָס האָט זי אים דאָ פֿארהאַלטן, א פֿרעמדן מענטשן, וואָס וויל זי, וואָס פֿארלאַנגט זי! און דאָ — פֿילט זי, ווי עס ציט איר עפּעס דאָס האַרץ, עס ציט, ציט, א שרעק! — ס'איז אינעווייניק אין איר א קאָכעניש, א פּלאָנטעריניש, זי מינעט זיך, די פֿאַרב שטייט איר אין פּנים און זי

איז וווּנדערשיין, שענער נאָך ווי פריער. רפאל פאַרשטייט איר לאַגע, פילט, אַז איצט וואָלט גלייך געווען זי לאָזן צו רו. ער רייסט זיך, רייסט זיך אַוועקגיין, נאָר אומזיסט — ער קאָן פון איר די אויגן נישט אָפּרייסן. ביידע שווייגן, זיצן ווי אויף שפּילקעס. באַלד אָבער קומט אָן לייבצע און נעמט אַוועק רפאלן צו זיך אין חדר שמועסן עסק.

# אַ פרימאָרגן אין גלופּסק

איינגעזונקען זאָל עס נאָר ווערן אָט דאָס פאַרשאָלטענע גלופּסק! טאָג ווי נאַכט איז הו-האַ; קלינג-קלאַנג, שרפות! האָץ-האָץ, חתונות! אוי — געוואַלד, גנבים!... נישט איין מינוט מנוחה, נאָר דול צו ווערן!

אָט די ווערטער האָט רפאל אויסגעשריגן נישט מיט זיין קול, אויפכאַפּענדיק זיך דערשראָקן ווי אַ פאַרדולטער, באַלד טאַקע, ווי ער איז אַזוי אַ ביסל איינגעדרעמלט נאָך אַ נאַכט אין צרות, אין טראַכטן וועגן שטילע ווייטיקן, וואָס האָבן זיך געלאָזט פילן אין זיינע געשעפטן...

צו די אויערן איז אים פון דער גאַס געקומען אַ שפּילן פון אַ פידעלע, אַ רייסן זיך פון אַ פלייט און אַ געקלאַפּעריי פון אַ קעסלפּויק; דאָס גוטע ניגונדל, מיטן וועלכן מען פירט געוויינלעך אַהיים מחותנים נאָך דער חופּה-וועטשערע.

רפאל שפּרינגט אַראָפּ פונעם געלעגער, עפנט אַ פענצטער און שטעלט זיך אַרויסקוקן אויף דער גאַס

אַ פרישער מאָרגן-ווינטל האָט אים אַ בלאָז געטאָן גלייך אין פּנים אַריין, אים געגלעט, געקושט די באַקן, די אויגן, געשפּילט זיך מיט די האָר און האָט אָפּגעפרישט דעם קאָפּ. אינדרויסן איז טונקל. דער הימל אין מזרח-זייט איז רויטלעך פאַרפאַרבט; ווייטער אביסל שימערט אויף אים עפּעס אַ בלאַסער פלעק, אַ סימן פון דער לבנה. ס'איז אַן אויסמישעניש פון טאָג און נאַכט. מען שפּירט, אַז די זון איז שוין נישט ווייט. אָט-אָט קומט זי אָן. דאָס זענען די שוועלבעלעך, וואָס זענען, קוים געעפנט די אייגעלעך, אַרויס פון די נעסטן און שוועבן, דרייען זיך מיט אַ שירה אין דער לופט.

עס גייט זיך פאַמעלעך אַ דאַר, בלייך יידל פון יענע מיני יידלעך, וואָס וווינען צען אין איין שטיבל דאָרט ערגעץ אין אַ הינטער-געסל. אויף זייער פּנים ליגט תמיד אַ באַרג מרה-שחורה און זיי ציטערן פריי אויפצוהייבן דעם קאָפּ. אַצינד גייט זיך אָט דאָס יידל האָפּערדיק, קוממיות, אָנגעטאָן שבתדיק, דאָס קעפּל פאַררויסן, די הענטלעך פאַרלייגט אַהינטער און לאָזט זיך אָנטאָן כבוד. די קלעזמער אַרבעטן געשמאַק אויף די כלים, ייִנגלעך אין ספּענצערס, הינטן מיט

ארויסגעשטעקטע העמדלעך, לויפן פאָרויס. א יידענע אין א יופּע, אויף איין אָרבל פארשטעקט דאָס פאַרטעך, די עקן פונעם קאָפּטיכל צעלאָזט, העצקעט זיך לעבעדיק, פרייליך.

אזוי פירט מען אָפּ אהיים מיט א מאַרש דורך אלע הויפּטגאסן צוויי פיינע מחותנים. זאָל דער עולם נישט קענען שלאָפן. זאָל גאַנץ גלופּסק טאַקע וויסן!...

רפאל פארקרימט די נאָז. ער איז אפּנים מיט דעם טאַראַראַם נישט צופרידן. פונזיינעטוועגן וואָלט גאָרנישט געווען קיין אומגליק, אז יענע מחותנימלעך וואָלטן אַהיימגעגאַנגען אָן אַ קאַפּעליע...

א קלאַפּ אין פאָדער-חדר ברענגט רפאלן ארויס פון זיינע געדאנקען. ער האָרכט זיך צו מיט איין אויער און טראַכט ביי זיך: אָ, הערשעלע!

הערשעלע איז אַ קאַבצאַנסקער אָרעם בחורל, אַ יתום, פאַר רחמנות האָט אים רפאל אַרייגענומען צו זיך אין שטוב, ער זאָל, געבעך, האָבן כאָטש, ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן, דערביי זאָל ער טאָן, ווי ווייט מעגלעך, אויף אים האָבן השגחה, צו מאַכן אים פאַר א שטיקל מענטש. נאָר פון דעם שטענדיקן פארטראָגן זיין אין די געשעפטן, האָט ער, ווי עס פירט זיך, געוויינלעך, אין אים גאָר פארגעסן. אצינד האָט דער דאָזיקער קלאַפּ פונעם פאָדער-חדר, וו הערשעלע איז געשלאָפן, זיך אָפּגערופן ביי אים אין הארצן, ער האָט זיך אין אים דערמאָנט און האָט זיך געפילט שולדיק אקעגן דעם אָרעמען קינד.

און ווי רפאל טראַכט אזוי וועגן הערשעלען, הערט זיך ווידער א קלאַפּ, שוין א גרעסערער, א שטאַרקערער, ווי ביים עפענען א פענצטער מיט אימפּעט. דערביי לאָזט זיך הערן הערשעלעס א געשריי נאָר אין איין אָטעם:

— זי!... ס'איז זי, זי!...

אז רפאל איז, נישט טויט נישט לעבעדיק, אריין אין פאָדער-חדר, איז שוין הערשעלע דאָרט נישט געווען. ער איז דורך דעם פענצטער ארויסגעשפּרונגען ראַפּטום אויף דער גאַס. דרויסן האָט ער זיך געלאָזט יאָגן נאָך די מחותנים דאָרט און פארשווינדט באַלד מיט זיי אין א געסל.

— ווהין קאָן ער זיך אזוי יאָגן הענדום-פּענדום, אַרויסשפּרינגענדיק דאָ דורך דעם פענצטער, און אזוי פרי? — האָט רפאל ביי זיך געטראַכט, ארויסקוקנדיק פונעם אָפענעם פענצטער אויף דער גאַס, שטאַרק פארוואונדערט, ווי הערשעלע לויפט דאָרט משוגענערהייט — ס'איז עפּעס נישט גלאַט.

ער מאַכט נישט לאַנג קיין שהיות, טוט זיך באַלד אָן און לאָזט זיך אין עטלעכע מינוט אַרום גיין געווויר ווערן, וואָס עס באַטייט עפּעס אזוינס דאָרט.

פון אייביק אָן איז שוין אין גלופּסק אזוי געשטעלט: זאָל נאָר איינער זיך רירן, רירט זיך מיט אים כסדר, איינער נאָך דעם אנדערן, א גאנצע עדה יידן. איין ייד אליין פאַר זיך איז זעלטן צו באַקומען. יידן גייען דאָרט אויפן צענדליק, מנינימווייז איינייניעם. יידישע נשמות קלעפּן איינע אין דער אַנדערער פעסט,

ווי הערינג ענג צונויפגעקניפט אין א פעסל, שווער זיך אפצורייסן. טומ עפעס איי־
נער, טראגט עס אונטער באלד דעם אנדערן; עפנט נאר עמעצער דאס מויל
צום רעדן, שלאגט אים שוין יענער איבער; ווייל גרונעם טאן א טראט, פלאנ־
טעט זיך אים גימפל ביי די פיס, און לאז זיך איינער וועלן באהאלטן אין א
ווינקל, וואקסט דארט באלד, ווי פון דער ערד ארויס, א צווייטער...

ווי רפאל האט זיך געלאזט גיין דא אויף דער גאס, זענען אים שוין עט־
לעכע פארשווינדלער פארלאפן דעם וועג, יאגנדיק עפעס גאר אן א נשמה, נאך
נישט רעכט אנגעטאן. איינער אין די שטעקשיך, אן זאקן, שטופט־שטופט
לויפנדיק די האנט אין ארבל פון דער קאפאטע. דער צווייטער האט אין איי־
לעניש צו טאן מיט די קנעפלעך פון די פלודערן, מחילה, וואס ווילן אויף צו
להכעיס גראד נישט זיין צוגעשפיליעט; דער דריטער, נישט צו פארגינען זיך
איין מינוט אויף אפצושטעלן זיך, האלט צווישן די פינגער די נאז גרייט, זי
אויסצושנייצן ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט; דער פערטער פארטשע־
פעט זיך אין גרוים יאגעניש אין אן אנדערן ייד, ביידע פאלן און צייען זיך,
נעבעך, אויס.

גלופסק רירט זיך.

— רב ייד, רב ייד! וואס איז אזוינס אויף אייך דאס לויפעניש? — שרייט
א ייד פונדערווייטנס, אנקומענדיק פון א זייט, און לאזט זיך טאקע באלד אויך
מיטלויפן.

— רב ייד, רב ייד! וואס יאגט איר? — שרייט רפאל דא צו דעם, דא צו
יענעם, ער ווערט שוין טאקע גוט אומרואיק. ער באקומט אבער נישט קיין ענט־
פער. מען ווייזט אים נאר אלץ מיט די הענט: אהין, אהין אין געסל.

איינער נאר ענטפערט קורץ און שארף:

— יידן לויפן, לויף איך אויך!...

ביים אריינגיין אין געסל שלאגט זיך עפעס א יידענע אן מיט רפאלן. זי איז
שטארק צעטראגן, פאראומערט, ברעכט די הענט און טענהט אליין צו זיך אויף
א וויינענדיק־זינגענדיק קול, ווי מען באוויינט א טויטן:

— וויי איז מיר!... א ווייטיק האט אונדז געטראפן. וויי איז מיר!...

— וואס איז געשען? — פרעגט רפאל, אויסער זיך פאר שרעק — וואס
האט געטראפן? וועמען האט געטראפן?...

— איך ווייס? עפעס לויפט מען אזוי! — ענטפערט די יידענע א מאך
געבנדיק מיט די אקסלען, און גייט זיך ווייטער איר וועג.

דאס געסל איז באלעבט. יידן אין טלית־קטנס, אן קאפאטקעס, אין יאר־
מעלקעס מיט פעדערן, האלב פארשלאפן, נאכנישט פארטיקע, שטייען ביי זיך
אין די טירן, די קעפ מיט די שפיציקע בערדלעך פארריסן, איין האנט איבער
די אויגן און קוקן, קוקן. פון די פענצטער אויף ביידע זייטן גאס שטעקן ארויס

ווייבערשע קעפּלעך, אויסגעפּריעטע פּנימלעך, ערשט פון אונטער די איבער־בעטן, שרייען זיך איבער צווישן זיך, כאָרכלענדיק פון א צוגעלעגערטער ברוסט. אַן עולם יידן, אָן עין־הרע, דרייט זיך, די אהין, יענע שוין צוריק. ס'איז א גערע־דעריי, א האַנטמאַכעריי, א ווערטל־זאָגעריי, איינער ווייסט נישט פונעם אנדערן, איטלעכער קומט מיט זיינס:

— שיכורים האָבן זיך געשלאָגן. ס'איז געפלויגן פּעטש, ווי האָלץ, ווי שמ־חת־תורה אין שול צו די הקפות...

— א בייטל־שניידער האָט געלקחנט... האָט מען אים געגעבן, וויפל ס'איז אין אים אריין!

— די קלעזמער האָבן זיך אינדערמיט אָפּגעשטעלט, נישט געוואָלט מער אָפּפירן די מחותנים, זיי האָבן, נעבעך, געפּאָדערט „שבת"... די שיינע מחותנים, עפּעס קבצנים, האָבן נישט געוואָלט געבן קיין גראָשן „שבת"!

—מען מאַכט אים שוין דאָרט, דעם שיינעם בחור, א גוטע לוויה... די מלאכי חבלה זענען שוין געקומען!

פון די אלע זאָגענישן האָט רפאל ארויסגענומען, אז דאָס מוז זיין א צרה. הערשעלע, נישט אַנדעריש, שטייט אצינד אין אַן אומגליק — און ער האָט זיך א לאָז געטאָן צום אַנדערן עק געסל, דאָרט אַהין, ווו ס'איז געווען א געטומל, א צונויפלויפעניש, א רעדל מענטשן. ער שטופּט זיך דורך צווישן דעם עולם, פּלוצים אינדערמיט רעדל אריין, ווי א באָמבע — און עס קומט אים צו די אויגן א מיאוסע מעשה. הערשעלע צעהרגעט, צעשלאָגן, מיט א בייל אויף דעם שטערן, האַלט פעסט ביי די פּאָלעס מיט ביידע הענט א יידענע אין א שבתדיקער יופּע און א פּאָליצייסקי שלעפּט אים ביים קאָלנער, דערלאַנגענדיק אים הינטער־ווייַ־לעכץ אין קאַרק. הערשעלע טענהט, בעט, שווערט זיך מיט א ביטער געוויין, און די יידענע, יענע מחותנתטע, וואָס איז ערשט נישט לאַנג געגאַנגען מיט קלעזמער און האָט זיך געהעצקעט דאָרט אויף דער גאס — פלוכט, שעלט מיט א פיסק אויף שרויפן, ווארפנדיק די הענט אין אלע זייטן.

— וואָס הייסט דאָס, האַ?! — מאַכט רפאל שטאַרק צעקאָכט, א שטעל געבנדיק זיך הערשעלען גלייך אַקעגן.

— איי, רב רפאל! — טוט הערשעלע א געשריי נישט מיט זיין קול, און א נייער קוואַל טרע־ן לאָזט זיך אים פון די אויגן.

— וואָס הערט איר דעם גנב! — צעלאָזט זיך די יידענע אויף א קווימשיק קולכל, ווענדעט זיך דאָ צו רפאלן, דאָ צום פּאָליצייסקי, דאָ צום עולם און מאָלט אויסגעמישט האַלב יידיש האַלב גוייש, ווי עס קומט איר אוים צום עסק. — כּאָראָבי יעמו, רבונו של עולם! פון דער קעשענע ביי מיר האָט ער ארויסגע־שלעפּט, נעבייי יעמו מכה טאַקי, ווי גרוים דאָס בייטעלע איז. יא בידנע קאָבּיטע, ווייי איז מיר!... וואָס שווייגסטו, שמענדריק? — טרייבט זי אונטער דעם מאַן,

וואָס שטייט איר ביי דער זייט, א זעץ געבנדיק אים מיט דעם עלנבויגן — טשויעטע, ביעד טען טשלאָוויטשי קאָזשע... רעד שוין, דו הונט! יאַק ווין...

— וואָס זאָגסטו, איך בעט דיר, צו זיין טאָטן! — מאַכט רייזע די בעל־אכסניאטע אויף איר שטייגער, ארײנשטופנדיק זיך אינדערמיט צווישן עולם מיט א קויש אין דער האַנט, אויף איינקויפן שפייז אין מארק — א שיין בחורל, כ'לעבן. הא, אזעלכע עסקים!...

— אוי דערבאַרמט אייך! — קייכט הערשעלע, ווייזנדיק מיט א געבעט אויף דער יידענע — דאָס טראַכט זי גאָר אַזוי אויס... איך האָב זי דערקענט. לאָז זי אָנווייזן, וווהין זי האָט פארפירט יענע...

— איך זאָל אָנהייבן צו פאַרשטיין! — וווּנדערט זיך רפאל.

— אָט יענע, רייזעניו! יענע, וואָס איז געקומען פון מיין שטעטל, איר געדענקט, יענע, וואָס האָט ביי איר אָנקומען איבערגעלאָזט ביי אייך אין דער אכסניא די זאכן!...

— אוי, א דונער האָט מיך נישט געטראָפן! — מאַכט רייזע פארוואָרפנדיק מיט דעם קאָפּ — איך שטוים מיך שוין, אהא! איך פארשטיי, פארשטיי, אצינד איז שוין רעכט. דאָס איז דאָך די גוטע האָדל, האָדל די מעקלערין... שווייגט נישט, רב רפאל, איר וועט שוין שפּעטער וויסן, לאָז מען זי נאָר דערווייל אָפּפירן אהין אין דער פּאָליציי...

דער פּאָליצייסקי, מיט וועלכן רפאל האָט זיך איבערגעשמועסט, איז געבליבן א ווײלע שטיין. ער האָט געגלאָצט מיט די אויגן דאָ אויף הערשעלען, דאָ אויף דער יידענע, געקוקט צו דעם, געקוקט צו יענעם און געוואַרט...

— א יושר אביסל פון יידן, טאַקע נאָר ווי סדום! — מאָלט די יידענע גיך אין איין אָטעם אין אלע כלים — קאָלי ברעשע, רבונו של עולם, ווי איך בין א יידישע טאָכטער, נעכיי מעני יאזיק סאָכנע! לאָזן אָט זאָגן עדות... שמענדריק, א קרענק דיר אין די ביינער, וואָס שטומסטו?... טשויעטע פּאַנע! יא סעבי אידע יאַק, ווי זאָגט מען עפּעס, יאַק מהותנתטע, פּאָ זשידאָווסקי, באַטשיטע, אָט אָוו מעני לעקיך, נאַטי וואַס לעקיך! אידע יא, ראָבי סעבי האָץ־האָץ, א ווין, דער פיינער בחור...

— הע, אביסל א מאָלן! — פאַלט רייזע דער יידענע אין די רייד אריין — וואָס זאָגט איר, איך בעט אייך, צו איר טאַטן? מען קען זי, נעבעך, גאָרנישט, ווער זי איז.

— זייט אים מטמא! — הערט זיך א קול פון צווישן עולם.

רפאל נעמט אוועק דעם פּאָליצייסקי ביי דער האַנט און באַלד טאַקע האָט מען די פיינע מחותנים איגיינעם מיט הערשעלען אוועקגעפירט אין דער פּאָליציי.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —



1690 — 13

צוויי מאָל איז שוין האָדלס עלטסטע טאָכטער ציפּע געווען אַ כּלה און ביידע חתנים האָבן אָפּגעלאָזט דעם שידוך, איינער נאָך דעם אַנדערן, ווייל זי האָט, נעבעך, נישט געקאָנט מסלק זיין דעם נדן, וואָס זי האָט צוגעזאָגט. דער איצטיקער דריטער חתן האָט זיך אויך איינגעשפּאַרט און האָט געוואָלט אַן עק מאַכן מיט דעם שידוך, אַז מען וועט אים נישט סילוקן דעם גאַנצן נדן, קלינגען און קלאַפּן טאַקע ער פּרוטה אחרונה. האָדלס אַלע תחבולות האָבן אַקעגן דעם חתן גאָרנישט געהאָלפן. ער האָט נישט געוואָלט באַשטיין אויף קיין שום באַוואָרענישן אין דער וועלט. נישט אויף אַ „חרם=קוויטל", אַפילו נישט אויף אַ וועקסל און אויף אַ „שטר חצי=זכר", אַז איבער הונדערט יאָר נאָך איר טויט זאָל ער נעמען אַ חלק ירושה, די העלפט, ווי אַ זכר; נאָר געלט מזומנים — און געלט האָט האָדל נישט געהאַט!

זי פּלעגט זיך אַרומדרייען ביי יענע שיינע לייט, וואָס האַנדלען מיט לעבעדיקער סחורה. דאָס איז געווען די איינציקע פּרנסה אירע, קוים=קוים צום לעבן. דער מאַן איז געווען אַ לא=יצלח, געלעגן ביי איר אונטערן פּאַנטאָפּל און נישט פֿאַרדינט אַ גראָשן.

האָדל האָט געהאַט שטאַרק צער, אַז אַך און ווי איז צו אירע יאָרן, אָט קאָן דער דריטער חתן אויך אָפּלאָזן דעם שידוך, און די טאָכטער אירע קאָן נאָך, חלילה, בלייבן זיצן אַ מויד ביז אין גרויען צאָפּ אַריין. פֿאַר גרויסע צרות פֿלעגט זי אויסלאָזן איר כעס און איר שווער ביטער געמיט צו דעם מאַן אירן און צו זיין קאָפּ... ער, טאַקע נאָר ער, אַזאַ שוטה, שלים=מזל, איז שולדיק; נאָר ער, אָט אַזאַ בהמה, אַזאַ שוטה, אַזאַ לעקיש! זי האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט דעם מויל, נאָר זי פֿלעגט אים אַמאָל מכבד זיין מיט דער יד אויך. דער באַטריבטער מאַן, נעבעך, פֿלעגט באין ברירה שווייגן און אַלצדינג מקבל זיין באהבה. אַמאָל פֿלעגט זי זיך גאָר נעמען אויסטענהן מיט דעם רבונו=של=עולם אַליין, אים פֿאָרוואַרפֿן, אַז ער פֿירט נישט דאָס וועלטל זיינס מיט יושר; געלט גייט צום רייכן, עס דאַרף אים נישט דער קאָפּ. דעם אָרעמאַן גייט שלים=שלימזל, מיט דער פּוטער אַראָפּ, און נאָך דעסגלייכן אַזוינע ווערטלעך. און דענסטמאָל האָט זיך האָדל די מעקלערין שטאַרק פֿאַרעסן, נאָר עפּעס טאַקע אַ חיה=רעה, וואָס די קינדער אירע הונגערן, און זי האָט זיך געלאָזט מיט אַלע כּלים, מיט כּל מיני הסברות אויפֿן „געיעג", צו פֿאַנגען ווי ווייט מעגלעך...

סוף=כּל=סוף האָט איר דאָס מזל צוגעשפּילט. זי האָט דערטאַפּט איר באַדערפֿעניש, אַזוי ווי געוווּנטשן. צוויי מיידלעך, שיינע, געראָטענע, וואָס זענען ערשט אָנגעקומען קיין גלופּסק, האָט זי מיט אירע פֿאַלשע גענג פֿאַרשלייערט זיי אין איין חודש טאַקע פֿאַר צוויי פֿאַרשווינען פֿון דער גוטער חברה, וואָס האַנדלען מיט לעבעדיקער סחורה. די צוויי קונים האָבן גענומען די דאָזיקע סחורה און זענען באַלד מיט איר אַוועק איבער דער גרענעץ. שדכנות=געלט האָט זי באַקומען

אַ שיינס, טאַקע אַ גראָב שטיקל. אַצינד, האָט זי געהאַלטן ביים אויספירן נאָך אַ „שידוך" מיט אַ קאַבצאַנסקער מיידל, ביילע. מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט זי זי פאַרפירט אין אַן „אָרנטלעך הויז" אַריין און געכאַפּט דערפאַר אַ שיין פאַרדינסטל. היינט איז דאָ אַ בעלן אויף אָפּהאַנדלען זי אַוועקצופירן, און אַז גאָט וועט העלפן, קאָן זי דאָ אויך אָפּלעקן אַ פעטביינדל...

ביילע האָט ביי איר אָנקומען אין גלופּסק זיך באַלד געטראָפן מיט הערשעלען, וואָס פלעגט זייער אָפט קומען צו רייזען דער בעל־אכסניאטע, ווו די קאַבצאַנסקער פלעגן געווייגלעך פאַרפאָרן. די אָרעמע קינדער,ביידע פון איין שטעטל, נאָענטע שכנים דאָרט, האָבן ביים באַגעגעניש זיך שטאַרק דערפרייט. ביילע איז געקומען זיך שטעלן אויף אַן אָרט פאַר אַ דינסטמיידל און געבראַכט הערשעלען פון דער היים אַ פּאָר אַלטע אונטערגענייטע זאָקן און אַ פאַרלאַטעט העמד. הערשעלע האָט זי אָפּגעפירט צום דעם פלאַץ, ווו עס שטייען די אָרעמע, וואָס זוכן ערטער אויף צו דינען. כמעט דעם גאַנצן טאָג זענען זיי אָפּגעשטאַנען דאָרט, ביז ס'איז אונטערגעקומען עפעס א מעקלערין, געגומען ביילען זי צו פירן אויף אַ נגידיש אָרט און האָט זי גאָר ערגיעץ אַנדערש אָפּגעפירט... הערשעלע איז אַרומגעגאַנגען ווי אָן אַ קאָפּ, נישט צו וויסן, ווו ביילע איז אַהינגעקומען. די זאַכן האָט זי איבערגעלאָזט אין דער אכסניא און איז נישט מער געקומען, נאָר ווי אין וואַכער אַריינגעפאַלן!

האָדל האָט אין די גוטע פאַרדינסטלעך אירע פון דער לעצטער צייט באַשיינפערלעך געזען גרויסע ניסים, אַז נאָר זכות־אָבות האָבן זיך געמיט פאַר איר. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן מיט אַ לויב און אַ דאַנק צו זיין ליבן נאָמען, ברוך הוא וברוך שמו, פאַר זיינע גרויסע חסדים. דעם גדן האָט זי ברוך־השם געסילוקט כפי די תנאים, געמאַכט דער כלה, נישט צו פאַרזינדיקן, אַ שיינע גאַרדעראָבע, גלייך מיט אַלע באַלעבאַטישע טעכטער; אויך האָט זי געמאַכט צו דער חתונה זיך אַ נייע יופּע און דעם מאַן אַ נייע קאַפּאָטע און זוכה געווען צו פירן די טאָכטער אונטער דער חופּה. און מען האָט געטאַנצט, געלעבט אַ גאַנצע נאַכט!

— — — — — — — — — — — — —

ווען הערשעלע זאָל זי נישט געווען גראָד אַצינד דערקענען און אָנכאַפּן ביי די פּאָלעס מיט אַ געשריי, וואָלט גלופּסק פאַרשלאָפן די גרויסע שמחה און וואָלט זיך נישט צונויפגעלאָפן אָפּגעבן כבוד אַזאַ טייערע מחותנתטע...

# אײדל

...אירע חברטעס ביי לוי בחור אין שטוב האָבן זי געהאַלטן פאר זייער עלטסטע, געהאַט פאר איר גרויס דרך־ארץ און זי נישט אַנדערש גערופן ווי די „אַפּיצערקע“.

אײדל איז געווען איר נאָמען.

— — — — — — — — — — — — —

געשטאַמט האָט זי פון עפּעס אַ שטעטל, ווייט ערגעץ אין פּוילן. די עלטערן אירע, אָפּגעקומענע באַלעבאַטים, זענען געווען פון שיינעם שטאַנד, פון די פאָרנעמסטע אין שטעטל, געלעבט האָבן זיי אָרעם, מיט באַרעכענונג, זיך נישט צוגעלאָזט קיין ווילטאָג, דאָך האָט זיי די אָרעמקייט נישט דערנידעריקט ווי אַנדערע אָרעמעלייט. אין דעם הויזגעזינד האָט געהערשט פרידן, ליבשאַפט, אַ ברכה פון גאָט, איינער דעם אַנדערן איז גרייט געווען אַוועקצוגעבן דעם לעצטן ביסן פונעם מויל. וואָס גאָט גיט, אַבי איניינעם. מיט דעם האָבן זיי געמעגט פיל רייכע לייט מקנא זיין, אַזעלכע, וואָס באָדן זיך אין מילך און פוטער, און האָבן ביי זיך אין הויז אַ צעשטערט לעבן, איינער מיט דעם אַנדערן קידער־ווידער.

די געליבטסטע ביים גאַנצן הויזגעזינד איז געווען אײדל, די עלטסטע טאָכטער. אַלע האָבן זי געשעצט, אירס אַ וואָרט איז געווען ביי איטלעכן טייער, און אײדל האָט עס טאַקע מיט רעכט פאַרדינט, ס'איז געווען וועמען ליב צו האָבן. שיין איז זי געווען, עפּעס טאַקע נאָר אַ בילד. דער רבונו־של־עולם, דער גרויסער מייסטער, אַ מאָלער איינער אין דער וועלט, האָט גענומען די פיינסטע מאַטעריאַלן פון זיינע אוצרות: דאָס ווייסקייט פון די ליליען אויף באַקן, דאָס רויטקייט פון קאָראַלן אויף ליפּן, דאָס בלויע פונעם הימל אויף אויגן, דאָס שוואַרצקייט פון ראָבן צו די האָר, צו דעם האָט ער צוגעגעבן דעם זיבעטן טעם, חן, ליבלעכקייט און גוטסקייט, אויסגעמישט דאָס אַלצדינג איניינעם, געטאָן אַ מאַך, און עס איז אַרויס אַ בילד שיינע אײדל. גוט איז זי געווען, אָן אַ גאַל, אַ בריה גאָר אַן אַנטיק. פון איר בריהשקייט האָט געזונגען איטלעכעס ווינקעלע אין שטוב, מען האָט עס אַרויסגעזען אין די שיינע פריש־שמעקנדיקע בלומען־טעפּלעך, אין די געשטריקטע

זילבער־קלאָרע פאַרהענגלעך אויף די פענצטער, אויך אין דעם מעש און קו־פּערוואַרג, וואָס האָט געשיינט, געפינקלט, פאַרנומען די אויגן. זי האָט געניט, געשטיקט, געוואַשן, געטאָן אַלצדינג אין דעם באַלעבאַטישקייט און פּאַרהיט, די מאַמע זאָל זיך נישט קיין שווערן בייג געבן. אויסער דעם האָט זי נאָך מיט איר נייען און שטיקן פאַר אַנדערע צוביסלעך פאַרדינט אויך.

ויהי היום, האָט זיך באַזעצט אין דעם שטעטל אַ יונגערמאַן, אַ פיינער, אָנ־שטענדיק־לייטיש געקליידט, מיט דעם נאָמען ש מ ע ר ל. געהייסן האָט עס, אַז ער איז פון גאַנץ ווייט און האָט מיט פּריצים דאָ אַרום געשעפטן. יידן פונעם שטעטל, ליידיקגייער, וואָס גייען אַרום אַ גאַנצן טאָג שלינק־און־שלאַנק און האָבן נישט מער וואָס צו טאָן נאָר צו רעדן, שמעקן, טאַפּן און אָפּגעבן זיך מיט יע־נעמס געשעפטן, האָבן אין דעם דאָזיקן פאַרשוין באַקומען אַ ניי עסק אויף צו רעדן, אַרויסצווייזן חכמות און בויך־סברות. יעדן טאָג האָט מען אַרויסגעלאָזט וועגן אים אַנדערע מיני פּאָטשטן; שמערל איז אַ חשוב אין די הויכע פענצטער, שמערל פאַרמאָגט קורחס אוצרות, שמערל איז אַ מאַכער ביי די גרעסטע פּריצים, שמערל איז נישט קיין באַווייבטער! און אויב אַזוי באַדאַרף מען דאָך נישט שווייגן. שיינע יידן רוקן זיך צו אים אָפּשטעקן אַ „שלום עליכם“; מקבלים שטעלן אויף די הענט צו נעמען ביי אים אַ נדבה; שדכנים לויפן ווי פאַרסמט אויסצוזוכן פאַר אים א שידוך, שמערל אָבער איז א בחור, וואָס קוקט נישט אויף געלט, נאָר אויף שיינקייט, און איידל געפעלט אים בעסער ווי אַלע מיידלעך פון שטאָט. די שדכנים נעמען די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע אין דער האַנט, די פיס אויף די פּלייצעס און לויפן ווי משוגע צו איידלס עלטערן און שיטן זיי אָפּ מיט ניין מאָס רייד, לויבן אין טאָג אַריין און זאָגן, אַז עס איז גאָר נישטאָ קיין בעסערער שידוך פאַר זייער טאָכטער, ווי שמערל, ווי רבי שמערל, וואָס איז געלייטזעליקט מיט אַלע מעלות. סטייטש, שמערל, עפּעס אַ קאַטאָוועס רבי שמערל, עפּעס זאָגט זיך עס אזוי גרינג שמערל, רבי שמערל, אַז מען זאָל אויסגיין עק וועלט און זוכן מיט ליכט, וועט מען נישט געפינען זיינס גלייכן. די גאַנצע מעשה פון אָנ־הייב ביז צום סוף, וואָס שמערל איז דאָ אהערגעקומען און האלט זיך דאָ אויף, איז עפּעס נאָר טאַקע מעשה ניסים, עס ווייזט באַשיינפּערלעך, אַז עס איז טאַקע נאָר אַ זיווג מן השמים. פערציק טאָג איידער איידל איז געבוירן געוואָרן, האָט מען דאָס שוין אויבן אין הימל אויסגערופן. זאָגן דעם רבונו־של־עולם דעות און שטעלן זיך אַקעגן אַ זיווג, איז אַ מיאוסע זאַך, וואָס פּאַסט נישט פאַר אַ ייד, און טענות מיט קשיות קאָנען דאָ טאַקע גאָרנישט העלפן. מען מוז זיך איבערדיען אײלן, כאַפּן די מציאות מיט ביידע הענט, כדי אַז אַנדערער זאָל זי דערווייל, חלילה, נישט אויסכאַפּן...

דער טאַטע איז ביי זיך אין האַרצן גרייט, מהיכא־תיתי, אָך, פאַרוואָס נישט?
— נאָר מיטן מויל מאַכט ער: איי!... כלומרשט וויל ער נאָך האָבן אַ ישוב, גלאַט

אזוי פון דרך־ארץ וועגן. די מאמע ווידער, א יידענע, ווי אלע יידענעס, וואָס האָבן עפּעס א ברענענדיקן יצר־הרע אויף חתונה מאַכן קינדער, כאַפּט זיך באַלד אָן אין דעם שידוך מיט לייב און לעבן... און איידל איז צו מזל אַ כלה געוואָרן!

דער חתן האָט אַפילו נישט פאַרלאַנגט קיין נדן, דאָך האָבן זיך די מחותנים מתחייב געווען צו געבן דער טאָכטער אַ נדן כפי זייער פאַרמעגלעכקייט און איר צו מאַכן שבתדיקע און יום־טובדיקע מלבושים גאַנץ נגידישלעך. גלאַט אַזוי פּטרן דאָס עלטסטע געליבטע קינד איז זיי נישט אָנגעשטאַנען, לאָז דער מאַן איר נישט האָבן אַמאָל פאָרצווואַרפן: איך האָב דיך פון אַ שטאָל אַרויסגענומען, פון דיין טאַטנס הויז דעם אביון, נאַקעט און באָרוועס ביסטו געווען, איך האָב דיך ערשט באַקליידט און געמאַכט אויס דיר אַ מענטש לייטן גלייך.

באַלד נאָך די תנאים האָט דער חתן געאיילט אָפּצושטעלן די חופה ווי צום גיכסטן. זיינע געשעפטן פאָדערן עס אצינד, האָט ער דערקלערט, ער זאָל גע־שווינד אהיימקומען. און ווי שווער עס איז געווען די עלטערן דאָס שיידן זיך מיט זייער טיף אין האַרצן איינגעבאַקענער טאָכטער, ארויסצולאָזן דאָס שענסטע צי־רונג פונעם הויז, האָבן זיי זיך דאָך געטרייסט דערמיט, וואָס די טאָכטער איז ברוך השם פאַרזאָרגט. זיי האָבן זיך אָנגעטאָן אַ כוח מסלק צו זיין דעם נדן, איינ־געפּאַקט איר די גאַרדעראָבע און זי אַרויסבאַגלייט מיט טרערן אין די אויגן און מיט אַ ביטער האַרץ. דאָס הויז איז געוואָרן עפּעס וויסט, עס האָט אויסגעזען, ווי אַ ליידיקע נעסט, וואָס די טויב איז אַרויסגעפלויגן פון איר.

* * *

דאָס יונגע פּאָרפאָלק איז אַוועקגעפאָרן און האָט זיך אָפּגעשטעלט אין גלופּסק. נישט ווייל מען האָט באַדאַרפט דאָרט אַרום צו פאָרן, נאָר ווייל די גע־שעפטן האָבן עס אַזוי געפאָדערט, לויט שמערל האָט געזאָגט, אַז זיי מוזן זיך אַראָפּנעמען פונעם גלייכן וועג און זיך אָפּשטעלן אויף אַ קורצער צייט אין גלופּסק. און אַזויווי עס איז געווען דער האָניק־זיסער חודש נאָך דער חתונה, האָט זיך שמערל געפלייסט ווי אַ געטרייער ליבער מאַן צו מאַכן דעם ווייב פאַרגעניגן און אויסגעזוכט אַן אַכסניה דווקא נישט אין דער מיט שטאָט, ווו עס קאָכט, רוישט שטענדיק, נאָר ערגעץ א ביסל אין דער זייט, ווו ס'איז רואיק, שטיל, מען זעט א גרעזעלע, א ביימעלע און מען הערט אַמאָל אויך א קול פון א שפּיל־פייגעלע. ער האָט זיך נישט געקאַרגט און גענומען דאָרט דריי שיינע צימער, ווי אים שטייט אָן. דער בעל־אכסניא, א ייד מיט א בייכל און מיט א געלער באָרד, האָט באַגעגנט שמערלען מיט אַ שיינעם „ברוך־הבא", עפּעס ווי אַ גוטער אַלטער באַ־קאַנטער פון גאַנץ לאַנג. הגם דאָס איז נישט אזא גרויסער באַווייז, ווייל איטלעכער ווייסט, אַז די בעלי־אַכסניות זענען צום גרעסטן טייל מיט שיינענדיקע צורות, מיט זיס־שמייכלענדיקע ליפּעלעך, קוועלן, פרייען זיך ביי דער ערשטער באַגעגעניש

מיט די אורחים, גלייך ווי נאָענטע לייבלעכע קרובים וואָלטן צו זיי געקומען צו פאָרן. נאָר ווי די מעשה איז, שמערל איז געווען אַ זייער אָנגעלייגטער גאַסט. דער בעל־אַכסניא האָט, אַרויפלייגנדיק די האַנט אויפן האַרצן און אַ שאָקל געבנדיק מיט דער געלער באָרד, פאַרזיכערט ביי זיין יידישקייט, אַז אַלצדינג, נישקשה, וועט זיין אין אָרדענונג. און אַז ער האָט געכאַפּט הינטערוויילעכטס אַ קוק אויף דעם שיינעם ווייבל דאָ און האָט זיך ממזריש דערוווסט אין דעם שמועס, אַז דאָס איז שמערלס ווייב, ערשט נאָך דער החונה, האָט ער ביידע אָפּגעגעבן גאַנץ יידישלעך אַ „מזל־טוב" מיט גנבהשע אייגעלעך, מאָנענדיק דערביי „לעקעך" מיט אַ שמייכעלע.

איירל האָט זיך נאָך דעם טאַראַראַם אין דער היים און אויף דעם וועג גוט אויסגעשלאָפן און אויסגערוט אויף דער אכסניא. קיינער האָט איר דאָרט נישט געשטערט. אנדערע אורחים האָט מען דאָרט גראָד דענסטמאָל כמעט נישט געזען. ס'איז שאַ, שטיל, אלצדינג אין דער צייט, ווי געהעריק, און איידל איז צופרידן!

אויף דער אכסניא פלעגט אָפט אהינקומען עפּעס א יידל, א ירעוודיקס, א געשטיפּלטס, דאָס רעכטע אויג זיינס מיט א בילמע, א ווייס פינטעלע, שטאָקבלינד, נאָר אָפן, נישט צוגעמאַכט. דאָס בלינדע אייגל איז אָבער קיינמאָל נישט שטיל געשטאַנען, עס האָט אין אלצדינג נאָכגעטאָן דעם זעענדיקן, גלייך ווי עס וואָלט אים געדינט פאַר אַן עדות. האָט זיך דאָס געזונטע אויג געוואָרפן, געקוקט בייז, האָט זיך דאָס בלינדע מיט דעם ווייסן פינטעלע אויך געוואָרפן און אָנגענומען א בייזע מינע. האָט יענץ ממזריש געוווּנקען, לייכטנדיק, פריילעך, איז דאָס בלינדע מיט דעם פינטעלע אויך נישט פויל געווען ארויסצווייזן ווינקענדיק ממזריש שטיקלעך, גלייך ווי געדעט: אָדם א מענטש, קאַטשקע רוק זיך! — און דאָס האָט דעם פנים צוגעגעבן א ווילדן אויסדרוק, עפּעס חלשותדיק, אז עס וואָלט פיל גלייכער געווען אי פאַרן יידל, אי פאַר דער וועלט, ווען דאָס בלינדע אייגל זאָל אים געווען אויסרינען, פאַרכאַפּט ווערן אינגאַנצן...

איידל האָט דאָס יידל נישט געקאָנט ליידן. ער איז איר געווען נמאס ביי איטלעכם מאָל קומען אין שטוב. נאָר איר מאַן צוליב, וואָס האָט מיט אים געשעפטן און פאַרברענגט מיט אים געגוג צייט, מערסטנטייל נישט אין דער היים, האָט זי זיך געגייט, אים יעדעס מאָל שיין אויפצונעמען.

איינמאָל קומט שמערל אהיימצולויפן ראַפּטום, גאָר אין איין אָטעם, און דאָס יידל נאָך אים עפּעס ווי שטאַרק פאַרטראָגן. ער נעמט דאָס ווייב אוועק אין א ווינקל און שושקעט איר דאָרט אין אויער אריין עפּעס גאַנץ שטיל מיט א געבעט:

— איידעלע, נשמהניו מיינע! א געשעפט... עס טרעפט זיך מיר א געשעפט, א גוט געשעפט... איך האָב אָבער ווייניק געלט.. עס פעלן מיר נאָך עטלעכע

הונדערטער... וואָס טוט מען דאָ?... דער ייד אָט=אָ וויל לייען, ס'איז אָבער געווענדט א ביסל אין דיר... ער פארלאנגט, פארשטייסטו מיך, דעם ווייבס אונטערשריפט, דיין אונטערשריפט אויף דעם וועקסל... העלף, נשמה מיינע!... גיכער, נישטאָ קיין צייט, א מינוט א רענדל, נא, קעצעלע!...

און באַלד טאַקע אין דער הייסער רגע ליגט שוין פאר איידלען א וועק=סעלע, וועלכן זי שרייבט אונטער, נישט צו רעדן א קרום וואָרט. פאַרקערט, עס טוט איר נאָך הנאה אויף דעם כבוד, וואָס מען האָט איר דאָ אָפּגעגעבן, און וואָס זי קאָן דעם מאַן ברענגען א נוצן. עס הייסט אזוי=פיל, ווי עפּעס זענען מיר אויך ברוך=השם שטיקלעך מענטשן, אונדזער חתימה האָט אויך א ווערט, מיר מאַכן אויך געשעפטן!...

דאָס יידל נעמט דאָס וועקסל, גוט צוקוקנדיק זיך צו דער אונטערשריפט מיט דעם זעענדיקן אויג, יענץ מיט דעם פינטעלע טוט זיך א וואָרף און קוקט זיך כלומרשט אויך צו, דאָס זעענדיקע אויג שיינט, טוט ממזריש א ווונק, און דאָס בלינדע אויך. ער ליגט דערנאָך דאָס וועקסעלע גאַנץ געלאַסן צונויף, באַהאַלט עס גוט אין טאַש ביי זיך, רוקט זיך באַלד טאַקע פון דער שטוב ארויס און שמערל נאָך אים.

* * *

יענער טאָג איז געווען א גוטער טאָג פאר איידלען. זי האָט איבערגעקלערט אלץ, וואָס עס איז מיט איר געשען אין דער לעצטער צייט, די גרויסע ענדע=רונג, וואָס איז געקומען אין איר לעבן, און האָט אויפגעהויבן די הענט מיט א דאנק צו זיין ליבן נאָמען, וואָס ער האָט איר געגעבן אזא טייערן מאַן, אזא גליק, וואָס איר איז געקומען אומגעריכט. פאר גרויס שׂמחה האָט זי גענומען א פעדער און זיך געזעצט שרייבן א בריוו צו די עלטערן. זי האָט זיך אָבער באַלד מישב געווען און אָפּגעלייגט דאָס שרייבן אויף שפּעטער א ביסל, ווען זי וועט שוין קומען אויפן אָרט מיט איר מאַן בשלום און זיך ארומקוקן, זען אלצדינג דאָרט מיט אירע אויגן, דאָס גוטס און דאָס גרויסע גליק, וואָס זי האָט געטראָפן. דענסטמאָל וועט זי אהיים שרייבן איטלעכעס פּיצעלע באַזונדער גאַנץ קלאָר, דערפרייען זיי מיט גוטע בשורות פון איר גליק, דערצו וועט זי נאָך שיקן איטלעכן מתנות: דעם טאַטן, דער מאַמען און דעם איבעריקן הויזגעזינד. און כפי עס זעט אוים פונעם היינטיקן געשעפטל, דאכט זיך איר, אז דער מאַן האָט שוין דאָ אָפּגעטאָן אלצדינג, זיי וועלן שוין באלד קאָנען אוועקפאָרן און זי וועט קומען, אם ירצה השם, איינגיכן אין איר רו אריין...

ביינאַכט איז שמערל אהיימגעקומען לוסטיק, דאָס פּנים פארפלאמט, ער האָט ארומגעכאַפּט דאָס ווייב און אָנגעהויבן צו פּלאָנטען מיט דער צונג עפּעס האַלבע ווערטער, ווי א שיכור:

— געעקט!... באַשפּריצט מיט משקה און יעלה ויצמח, ברעך מעפּ!... ס'וועט אויפגיין ווי א גאָרטן... ס'וועט שפּראָצ...צן!...

— וואָס רעדסטו אזוינס? וואָס איז דאָס פאר א לשון? — רופט זיך אָן איידל שטאַרק פאַרוואונדערט, ארויסרייסנדיק זיך פונעם מאַנס הענט.

— איי־איי־איי, שמייליק!... זעטס נאָר די חסידיסטע דאָ... קוק מיך אָן, ריר מיך נישט אָן... נישט צופרידן? נו, איז „אינה מקודשת", געסמאַע דיר פאר־פיל!... יבנה המקדש!... פאַרשטייסט, וואָס דאָס איז טייטש אויף יודיש, האַ? — מיט שמערל א זאָג אָנגעצונדן, אָנקוקנדיק דאָס ווייב בייז, און לאָזט אוים מיט א פייף.

— גו געגוג, געגוג, גיי שוין גיי בעסער שלאָפן! — נעמט איידל איין דעם מאַן מיט גוטע רייד, אראָפּשלינגענדיק זיינע מיאוסע ווערטער.

ער לאָזט זיך איינרעדן, און זי נעמט אים אונטערן אָרעם, לייגט אים אריין אין בעט, אָנזאָגנדיק אים, ער זאָל שלאָפן.

א גאַנצע נאַכט איז דערנאָך איידל געלעגן ביי זיך אויף איר געלעגער און האָט נישט געקאָנט אן אויג צומאַכן. דעם מאַנס אויפפירונג היינט האָט איר געשלאָגן צום האַרצן. עפּעס אזוי גראָב, אזעלכע משונהדיקע ווערטער האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געהערט. דער קאָפּ האָט זיך איר געשפּאָלטן טראַכטנדיק און איבערטראַכטנדיק: ווים איך ווו ער איז געווען? מיט וועמען ער איז דאָרט צונויפגעקומען? א מאַנצביל, א קשיא אויף א מאַנצביל!... פאר גרוים פאַרדראָס זענען איר די אויגן פאַרלאָפן מיט טרערן. — ניין, ניין, ווייטער וועט עס שוין ביי מיר נישט אזוי זיין! פון היינט אָן וועל איך שוין קליגער ווערן. מען באַדאַרף אים האַלטן אין די הענט... אָן מיר, קיין טריט; אָן מיר, נישט אויף קיין האָר!... א ווייב באַדאַרף אלצדינג וויסן... אזוי האָט זיך איידל געגעבן דאָס וואָרט, ווי זיך אויפצופירן מיט דעם מאַן אויף ווייטער, נעמען אים אין די הענט אריין, צוליב זייער ביידנס טובה ווען טאַקע. דאָס האָט זי א ביסל באַרואיקט און זי איז לסוף אַנטשלאָפן געוואָרן.

אויפגעשטאַנען אויף מאָרגן איז איידל שפּעטלעך און איז נאָך געבליבן ליגן אויף איר געלעגער, טראַכטנדיק ביי זיך, געמאַכט א פּלאַן, וויאזוי מען נעמט עפּעס דעם מאַן אין די הענט אריין, ער זאָל פאר איר מורא באַקומען. דאָס איינ־ציקע מיטל, וואָס זי געפינט צו דעם, איז ברוגז ווערן. ברוגז זיין איז ביי ווייבער איבערהויפּט דאָס בעסטע מיטל אקעגן די מאַנען, בשעת עפּעס נאָר א מלחמה, באַזונדערס אין דער ערשטער צייט נאָך דער החתונה. ידער שטאַרקסטער מאַן אפילו קאָן זיך נישט האַלטן פּעסט אקעגן אָן אָנגעברוגזט ווייב מער ווי עטלעכע טעג. דערנאָך מוז ער בחרפּה ובבושה אנידערלייגן דאָס געווער און בעטן רחמים, ווערן א שטיל שעפעלע, ביז צום צווייטן רוגז.

איידל האָט זיך צוגעגרייט אָנצוהייבן איר ארבעט נאָך אין דעם זעלבן טאָג. זי האָט אָנגענומען, ווי אויף א פּראָבע, א בייזע מינע, געמאַכט זיך ברוגזדיק, פאַרקרומט די נאָז, אָנגעלאָדן גרייט צו דער מלחמה און געוואַרט, קוים זאָל זיך נאָר דער מאַן ווייזן מיט א „גוט מאָרגן" — וועט זי דעם רוגז באַלד אויסשיסן. אומזיסט אָבער איר וואַרטן, ער ווייזט זיך נישט. עס הייבט זי שוין אָן טאַקע גוט צו פאַרדריסן, עס קאָכט אין איר ווי אין א קעסל. זי ווייסט שוין נישט, וואָס זי זאָל טאָן, ליגן און וואַרטן קאָן זי נישט מער, ווייל ביז ווי לאַנג קאָן זי דען אזוי ליגן? אין ברירה, מען מוז אויפשטיין. נאָר אריין צו אים דאָרט אין דעם צווייטן חדר, דאָס נישט, אויף קיין פאַל נישט! אזוי דרייט זי זיך ארום אין צימער נאָך נישט רעכט אָנגעטאָן, זי פאַרטיפט זיך אין אירע געדאַנקען, טראַכט, איז ברוגז, פלאַם־פייער; דערווייל הערט זי זיך טאַקע צו מיט אַן אויער צו יענעם צימער, דאָרט איז שטיל, זי ווערט משוגעת און עפנט פּאַמעלעך א ביסל די טיר, קיין שאָרך! זי האַלט עס מער נישט אויס און עפנט שוין מיטאַמאָל די גאַנצע טיר, טוט א קוק אריין — ער איז נישטאָ!... ס'איז א צעפּיקעניש, א שרעק צו האַלטן א פאַרדרוס אין זיך, נישט אויסצוגיסן. זי טראַכט מיט א פאַרקלעמט האַרץ: אָ או עק, דאָס לעצטע מאָל וועט עס אים ביי מיר זיין! ער גייט זיך אהין ערגעץ צו זיינע דאָרט, פאַרברענגט זיך די צייט מיט ווייס איך וועמען, און אַרן זאָל עס אים אָנהייבן א ווייב... א לשון אביסל נעכטן ביינאַכט אקעגן א ווייב! האַ, זאָל איך שווייגן? ניין... האַ — וואָס איז מיט מיר עפּעס אזוינס? ווי קומט צו מיר אזעלכע מיאוסע געדאַנקען, אזוינס גאָר צו טראַכטן? עפּעס איז ער אהערגעקומען זיך דאָ שפּילן, אזא מענטש מיט געשעפטן. אוי, דאָס האַרץ, מיין האַרץ... לאָמיר זיך נאָר אָנטאָן.

זי טוט א קוק אונטער דעם פאַראַוואָן אין דעם צימער און גיט זיך א וואָרף צוריק טויט אָן א נשמה...

— וואָס איז, מאַדאַם? נישטאָ אויף אייך, ווי איז מיר, עפּעס נישטאָ דאָך קיין פּנים. — טוט דאָס דינסטמיידל פון דער אכסניא א פרעג, אריינקומענדיק צו איידלען אין שטוב מיטן בעזעם אין דער האַנט.

— זאכן!... וו די זאכן, מיינע זאכן? שרייט איידל נישט מיט איר קול, און עס ציטערן איר אלע גלידער.

— אהא, די זאכן? — מאַכט דאָס מיידל אויף א מין זינגענדיקן לשון מיט א געלעכטערל, ציענדיק די ווערטער — מער קיין צרות נישט!... שאַ, נישקשה, הי־הי־הי, נאָך גאַנץ פרי, כלהוד השור, איידער די ציג אונדזערע איז ארויס מיט דער סטאַדע אין פעלד אריין, האָט אייער מאַן אוועקגעפירט די זאכן, שאַ, נישקשה, און מיר געזאָגט, הי־הי־הי, האָט ער מיר געזאָגט, אייער מאַן...

— נו, גיכער, גיכער, זאָג שוין! — טרייבט איידל דאָס דינסטמיידל, — וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

— וואָס געזאָגט? — מאַכט דאָס מיידל א ביסל לעקישעוואַטע און צוויי שורות ווייסע ציין אַנטפּלעקן זיך ביי איר אין מויל — ווארטס נאָר אוים, לאָמיך זיך כאַטש דערמאָנען, וואָס ער האָט מיר געזאָגט, ער... הא, יאָ, טאַקע אזוי: אין א שעה אַרום, האָט ער געזאָגט; הי־הי־הי, וועט ער קומען און וועט אייך נעמען דאָרט אהין.

— וווהין!

— וואָס הייסט וווהין? — וווּנדערט זיך דאָס מיידל ציענדיק מיט די אַק־סלען — אהין איז אהין. מסתמא ווייסט איר דאָך, ווו דאָס איז אהין...

— ווי שפּעט איז שוין אצינד? — פרעגט איידל אויפגערעגט.

— ווי שפּעט עס איז אצינד, ווילט איר וויסן? — ענטפערט דאָס מיידל, פארקרומענדיק דערביי דאָס פּנים מיט חן — ס'איז שוין לאַנג האַלבער טאָג! צייט, הי־הי־הי, צו עסן שוין דאָס אַנדערע מאָל. הונדערט מאָל אוודאי בין איך געקומען געוויר ווערן צו אייך און איר, אָן עין־הרע, האָט געשמאַק געשלאָפן, ווי נאָך א באָד. הי־הי. וואָס זענט איר עפּעס אזוי בלייך? אוי, זאָל איך אפשר גיין אייך ברענגען אָנצובייסן?

— ניין, ניין! — ענטפערט איידל, א מאַך געבנדיק מיט דער האַנט, גערן געוועזן ארויסצופּטרן דאָס דינסטמיידל און בלייבן אליין.

* * *

דעם גאַנצן טאָג האָט איידל צוגעבראַכט אין צרות און אָפּגעגעבן זיך א רע־כענונג פון אַלצדינג, וואָס מיט איר איז געשען. די גאַנצע מעשה מיט שמער־לען הייבט זי אָן גוט צו באַטראַכטן, צעגלידערן אין די געדאַנקען, און עס קומט איר אוים משונה־ווילד, דער אָנהייב פון דער מעשה נאָך ווילדער, ווי דער סוף...

פּלוצעם קומט ווי פונעם הימל אַראָפּגעפאַלן אַ שמערל. ווער שמערל, וואָס שמערל, פון וואַנעט שמערל? דאָס ווייסט קיינער נישט! גלאַט אזוי א שמערל, א מאַנצביל, א יונגערמאַן, און גענוג. — ס'איז א חתונה, עס שפּילן קלעזמער, מען טאַנצט און מען שפּרינגט, א שמחה, א פרייד!... זי, א יידישע טאָכטער, גייט אונטער דער חופּה, ווייל זי איז זיך סומך אויף די עלטערן, מסתמא ווייסן זיי דאָך, וואָס זיי טוען, מיט וועמען זיי מאַכן איר חתונה. די עלטערן אירע ווי־דער האָבן זיך סומך געווען אויף די שדכנים, גאַנץ ערלעכע יידן, וואָס קאָנען נישט זאָגן קיין ליגן, חלילה, און די שדכנים, זענען זיך סומך אויף דעם, וואָס זיי האָבן געהערט פונעם עולם; ס'איז א קלאַנג אין שטאָט, און אז עס קלינגט, איז דאָך מסתמא אמת, תורת־לאָקשן.

אצינד ערשט עפענען זיך איר די אויגן און זי זעט, ווי שענדלעך דאָס איז זיך צו פארבינדן מיט א מענטש, איידער מען קען אים פריער גוט, ווער ער איז און וואָס ער איז, אצינד ערשט גיט זי זיך א כאַפּ: געוואלד, ווי נאַריש מיר יידן זענען, וואָס לאָזן זיך איינרעדן, פארבלענדן אין שידוכים פון יענע ליגנערס, וואָס

באַדינען זיך מיט דעם ווערטל „זיווג מן השמים“, ווייל עס טויג זיי צו דער פּרנסה. אויף אַלצדינג ביי א שידוך האָבן זיי נאָר דאָס איינע ווערטל, די איינע תשובה אויף אַלע טענות. יענע אַלע טענות, אשטייגער: עס געשיקט זיך נישט דאָס, ס'איז עפּעס נישט רעכט יענץ, א ביסל קרום, א ביסל א מום, אָט דאָס טאַקע גופא דינט ערשט פאַר א באַווייז, אַז ס'איז פונעם אייבערשטן און מ'טאָר נישט איבערדענקען, נאָכקלערן וועגן דעם. נאַראָנים גלייבן און עס פעלט זיי גאָרנישט איין צו פרעגן: וויאַזוי ווייסן עס אָט יענע ליגנערס, וואָס גאָט וויל? האָט ער עס אפשר זיי דערציילט? און אויב יאָ אַזוי, ווי די דאָזיקע ליגנערס זאָגן, אַז זיי זענען שליחים פון גאָט, וואָלטן דאָך אַלע שידוכים, וואָס ווערן דורך זיי אויס־געפירט, באַדאַרפט האָבן א האַפט, א קיום אויף אייביק. היינט פאַרוואָס זעען מיר אַזויפיל אומגליקלעכע פּאָרפעלקער, אַזויפיל געוויין און טרערן, שנאה און קריג, גרושות און עגונות צווישן אונדזערע יידן?...

אוי, ס'איז א שווינדל, די גאַנצע זאַך מיט די זיווגים איז נישט מער ווי א נאַרישקייט און באַטריגעריי. דאָס זעט זי שוין ביי זיך אַליין. וווּ איז אָבער פריער געווען איר שכל, וווּ איז געווען דער שכל פון די עלטערן? רבונו־של־עולם, מענטשן, אחוץ וואָס זיי זענען זכרים און נקבות, זענען זיי דאָך עפּעס דערצו אויך מענטשן מיט א נשמה, מיט מענטשלעכקייט, מיט געפילן — און עס באַ־דאַרף דאָך ביי זיי אַנדערש זיין ווי ביי בהמות... צוליב כאַפּעניש און איילעניש אָן באַרעכענונג איז זי מיאוס אריינגעפאַלן, גאָט ווייסט ווען אין די הענט אריין, און איז אַצינד אין א גרויסער צרה. זי איז נאַקעט, בלויז, נאָר אין איין סיצן קליידל אויף איר ליב, אָן א גראָשן אין קעשענע און עלנט ווי א שטיין אין דער פרעמד. וואָס וועט איר סוף זיין דאָ, און דער סוף פון אירע עלטערן דאָרט, אַז זיי וועלן באַקומען די בשורה וועגן זייער אומגליקלעכער טאָכטער? אַזא אומ־גליק, אַזא שאַנדע. ס'איז א בושה אין פּנים און א ווייטיק אין האַרץ.

דאַכט זיך געגוג ביטער, געגוג פינצטער, און פלוצלינג — גיי טרעף א מענטשנס האַרץ. — גיט איר שוין א שטיקל האָפענונג: ניין, אוממעגלעך, לאָמיך נישט זינדיקן מיט די רייד, אומזיסט אים חושד זיין, עס קאָן זיך אויס־לאָזן גאָרנישט... מען באַדאַרף וואַרטן, האָבן געדולד, לאָז דערווייל זיין שאַ. — גיט וואָס דער באַלעבאָס פון דער אכסניא איז גראָד אַצינד אַוועקגעפאָרן אויף א פאָר טעג. לאָז ער נישט ווייסן, לאָז דערווייל זיין שאַ...

זי שטעלט זיך קוקן אין פענצטער, זי קוקט און נעמט זיך די אויגן אַרויס קוקנדיק — נישטאָ.

אַזוי איז איר פאַרגאַנגען דער טאָג אין לייד, אין אַנגסטן, אין טרערן, נישט צו נעמען אין מויל אַריין עפּעס עסן. ביינאַכט איז זי אַנידערגעפאַלן אויף אי־געלעגער ווי א דערהרגעטע.

* * *

אויף מאָרגן פרי קומט אריין דאָס יידל מיט דעם בלינדן אייגל. איידל ווערט עפּעס ווי לעבעדיק, דערזעענדיק פאַר זיך א באַקאַנטן מענטש. הגם ער איז פריער נישט געווען ביי איר אזא חשוב, און זי טוט זיך א לאָז אים אקעגן.

— אוי, זייער אן אָנגעלייגטער גאַסט, כ'לעבן, ווען איך זאָל געווען וויסן, ווו איר ווינט, וואָלט איך נאָך געכטן געקומען צו אייך אַהיים... איר האָט געהערט?... זאָגט, אפשר ווייסט איר עפּעס... אפשר ווייסט איר, ווו ער איז? — טוט איידל א פרעג, וואַרגנדיק זיך מיט טרערן און נעמט נישט פונעם יידל קיין אויג אראָפּ.

— איך האָב געהערט. ער זאָל אזוי וויסן פון זיין לעבן צו זאָגן, דער ממזר, דער גזלן, ווי איך ווייס פון זיין געביין. גענוג געלט, גענוג צייט קאָסט ער מיך, אָט דער כלבוניק. פּגרן זאָל ער, ווו ער איז, קיין גוטס זאָל אים נישט זיין, אזוי לאַנג ווי ער וועט לעבן, פאַר מיין געלט. איי, איך זאָל וויסן, ווו ער איז ערגעץ, הע-הע-הע, וואָלט אים שוין נישקשה א רוח אין זיין טאַטנס טאַטן אריין, — רופט זיך אָן דאָס יידל שטאַרק בייז, מאַכנדיק דערביי מיט דעם גראָבן פינגער אהין און אהער.

— אזוי אומגליקלעך, אזוי אומגליקלעך... איך בין געקווילעט, געבליבן אזוי, ווי איר קוקט מיך דאָ אָן, איך האָב נישט מער אין מיין פארמעגן ווי דאָס איינציקע קליידל, וואָס אויף מיר. וואָס קאָן איך אצינד טאָן, ווו זאָל איך אצינד גיין? — וויינט איידל און באַדעקט זיך דאָס פּנים מיט ביידע הענט.

קיין תשובה.

איידל בליבט און דאָס יידל באַטראַכט זי שווייגנדיק, מעסט זי אויס מיטן געזונטן אויג פון קאָפּ ביז די פיס, און יענץ מיט דעם ווייסן פינטעלע ארבעט אויך, וואַרפנדיק זיך בלינדערהייט ארויף און אראָפּ.

— וויינט נישט, איך בעט אייך, א שאָד אייערע אויגן, ווי איך בין א ייד,— טאָרעט זי פּלוצלינג דאָס יידל ביים אַקסל, מאַכנדיק עפּעס מיט א קול פון געבעט, גלייך ווי עס רייסט אים שטאַרק דאָס האַרץ — נו, גענוג! האָטס רחמנות אויף אייערע יונגע יאָרן און הערט אויף צו וויינען... לאָמיר זיך נישט נאַרן און באַטראַכטן די זאַך געלאַסן, אזוי ווי זי איז. אין אמתן האָט איר דאָך דאָ גאָרנישט פארלוירן. אדרבא, אין דער ערד אריין מיט אַזאַ כלב שבכלבים; איר מעגט נאָך אויפהייבן די הענט צו זיין ליבן נאָמען און מאַכן א ברכה „ברוך שפּטרני"... און וואָס איז אזוינס דאָ, איך בעט אייך, דאָס וויינען? איר זענט דאָך צווישן יידן, נישט ערגעץ אין א וואַלד צווישן גזלנים אָדער אין א מדבר צווישן חיות-רעות, חלילה.

— איי, ס'איז דאָך אָבער שלעכט, אצינד איז מיר זייער ביטער, — קלאָגט זיך איידל ווי פאַר אן אייגענעם, — נישטאָ צום לעבן קיין גראָשן אין קעשענע

און איך בין נאָך שולדיק אנדערע. ער איז אוועק און האָט מיך איבערגעלאָזט פאַר א משכון. אויף דער אכסניא קומט, מען האָט שוין ארייגעשיקט צו מיר מאָנען; היינט קומט דאָך אייך אויך, איר האָט דאָך אויף מיר אַ וועקסל...

— נו, וואָס איז? אז עס קומט, זאָלט איר זיך צערייסן, זיך נעמען אזוי צום האַרצן און הלילה וחס מיר=נישט דיר=נישט. גאַנץ שכלדיק כ׳לעבן, אדרבא, וועגן דעם טעם אליין טאַקע, וואָס איר זענט שולדיק אנדערע, ליגט אויף אייך א חוב אקעגן זיך אליין, איר זאָלט אָפּהיטן אייער געזונט, טייער האַלטן אייערע שיינע אויגן און אייער לייב, איר זאָלט קאָנען, פארשטייט איר מיך, ארבעטן און פאַרדינען אויף פרנסה, און דערנאָך זיך ארומצאָלן מיט אייער־ע בעלי=חובות. עס האָבן זיך שוין ביי יידן אזעלכע זאכן געטראָפן... איך פון מיין זייט, אָך, בין גרייט צו וואַרטן. נו, וואָס זשע איז דאָס פאַר אן אומגליק? איי די מורא, וואָס איר בלייבט אן עגונה, עט!... טאַקע נאָכאַמאָל עט, נאַרישקייטן כ׳לעבן! מיר וועלן שוין מיט דעם אייבערשטנס הילף אויף דעם אויך געפינען א תחבולה, נישקשה!...

איידל בלייבט שטיין זייער גערירט פון אזעלכע גוטע טרייסטווערטער און ווייסט נישט רעכט ווי צו דאַנקען דעם יידל פאר זיין גוטסקייט, וואָס ער שטייט איר ביי אין דער נויט.

— אָט ווייסט איר וואָס, — ווענדעט זיך דאָס יידל צו איידלען גאָר פריינד=לעך, — קומט, זייט מוחל, דערווייל צו מיר אהיים אויף קווארטיר. ביי מיין ווייב וועט עס שטאַרק אָנגעלייגט זיין, ווי איך בין א ייד! איך זאָל אזוי לעבן ווי איר וועט דערמיט מיין ווייב מאַכן א פארגעניגן. זי איז זייער א גוט מענטש, איטלעכער איז איר ליב. לאָזט זיך נישט כ׳לעבן לאַנג בעטן. פאַרדינען וועט איר, איך וועל שוין אם ירצה השם טראַכטן, אַז איר זאָלט פאַרדינען. עט גאָרנישט, מיר וועלן זיך נאָך אָפּרעכענען, אבי געזונט... אָט גיי איך באַצאָלן פאַר אייך אויף דער אַכסניא.

א יידישע נשמה קאָן מען טאַקע נישט שאַצן! — טראַכט זיך איידל נאָכ=דעם ווי דאָס יידל איז ארויסגעגאַנגען — אויפן אָנבליק איז ער, דאַכט זיך, עפּעס נישט אזוי און וואָס פאַר א גוט האַרץ ער האָט! א ייד בלייבט טאַקע א ייד. ווי מיאוס ער מעג זיך זיין פון דרויסן, אזוי שיין, אזוי ריין איז ער אינעווייניק. גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאַר די זינד, איך האָב עס פריער אין אים גאָר=נישט ארויסגעזען און האָב אים נישט געקאָנט ליידן...

בשעת איידל טראַכט דאָ אזוי און האָט שטאַרק חרטה דערויף, וואָס זי האָט אין הארצן אומזיסט=אומנישט פיינט געהאַט אזא כשר־ע נשמה, קומט דאָס יידל אריין צוריק, נעמט איידלען ארויס פון דער אכסניא און פירט זי צו זיך אהיים — צו זיין ווייב שיינ צ׳ע.

* * *

שיינצע איז א באַלייבטע, א בייכיקע, א דיקע, קורצגעוואָקסענע יידענע, שוין א באַטאָגטע, אין די עלטערע יאָרן. דאָס פּנים אונטן צו מגושם ברייט פון די פעטע אַראָפּהענגענדיקע פּאָר באַקן מיט געלע פלאַמעס, צווישן וועלכע עס שלענגלען זיך רויטע דינע אָדערלעך. אויבן צו איז עס צוגעשפּיצט מיט א קליין שמאָל שטערנדל, אונטער וועלכע עס זיצן פאַרטיפט צוויי גרויע קליינע פייכטע אייגעלעך מיט אַ גלאַנץ עפּעס ווי פון גלאָז. די גאַנצע געשטאַלט פון איר גוף איבערהויפט, אָט אזוי ווי ער גייט פון אונטן ברייט און דערנאָך שמעלער־שמעלער ביז ארויף, זעט אויס נאָר טאַקע עפּעס ווי א היטל צוקער. דער מלאך דאָרט האָט זיך ביי איר געבוירן ווערן אפּנים געפּלייסט, ווי א בריה א משרת, איינגעפּאקט איר נשמהלע און ארויסגעלאָזט אויף דער וועלט אזא סחורה אין א שקאָרמיץ... אויף דער וועלט האָט די דאָזיקע סחורה געהאַט א גאַנג און שטאַרק געגאָלטן אונטער דעם נאָמען „די מומע שיינצע“.

אין דער יוגנט איז שיינצע געווען דאָס, וואָס מען טאָר נישט זאָגן... מוידוויז האָט זי זיך אויפגעהאַלטן אין אייגעם פון יענע הייזער, וואָס מען טאָר אויך נישט זאָגן — און נישקשה געלעבט. נאָר פּלוצלינג, שוין א ביסל אין די יאָרן, נעמט זי און האָט חתונה, שטעלט זיך פּאַר אַ ווייב ביי לוי בחור...

שיינצען איז דאָס מזל געגאַנגען. זי עפנט אַ הייזל און מיט דער צייט געוואָרן אַ באַלעבאָסטע מיט אַ געשעפט אַליין פאַר זיך. שיינצע האָט שטאַרק אָפּגעהיט דאָס יידישקייט, איז געוואָרנט געווען אין די ווייבערשע מצוות, געגאַנגען שבת אין שול אריין מיט א גרויסן גראָבן „קרבן־מנחה“ און געוויינט ביי די תחינות, געגאָסן טייכן טרערן. אויפן קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ זיידן טיכל, נישט קיין היטעלע, חלילה, טאַקע גוט־גוט אראָפּגערוקט, עס זאָל איר קיין האָר נישט ארויסקוקן. אָט דאָס טיכעלע איז ביי איר געווען גאָר קיין קאַטאָוועס, איר גאַנצער שטאָלץ: דאָס טיכעלע האָט דאָך פאַרדעקט די חרפּה און געוויזן דער וועלט, אז זי איז א ווייבל. צו איר גליק איז איר נישט מער אָפּגעגאַנגען ווי קינדער. נאָר קינדער אָבער האָט זי נישט געהאַט און דאָס האָט איר פאַראומערט דאָס לעבן. „גיי פרעג גאָט אַ קשיא“, איז דער שטייגער איר געווען זיך צו קלאָגן, טאַפּנדיק זיך ביים קאָפּ, „שוין א צוגעדעקטער קאָפּ“, ברוך השם, שוין מיט א טיכל, און פאָרט גאָרנישט, אַליץ טאַקע וואָס פריער, מסתמא איז אזוי רעכט!...

שיינצע און לוי זענען געווען אַ גלייך פּאָרפאָלק, טאַקע אַ זיווג מן השמים. ביידע האָבן געארבעט אין דער פּרנסה, ארויסווייזנדיק זיין בריהשאַפט, איטלעכער נאָך זיין גאַנג. און ווען שיינצע האָט ביי דער וועלט פאַרדינט דעם נאָמען „מומע“, האָט לוי פון זיין זייט כשר פאַרדינט דעם נאָמען „בחור“. ווי בלינד ער איז געווען אויף איין אייגל, איז קיינער צווישן זיין חברה נישט געווען אזא מבין אויף „סחורה“ ווי ער, מען באַדאַרף נישט פארגעסן ווער די חברה־לייט, וואָס

האַנדלען ביי יידן מיט „לעבעדיקע סחורה“, וועד אזוינס זיי זענען. אלע דורכ־געטריבענע, קלוגע ממזרים, יאָלדן מיט ביינער. עפּעס אַ שפּאַס, וואָס זיי טוען איבער, קערן וועלטן, דרייען פאַרדרייען ביי יענע די קעפּ, בלענדן און פאַר־פירן הונדערטער נפשות מיט אלערליי המצאות. ס'איז דאָ צווישן זיי אלע מיני פּאָקוסניקעס, קאָמעדיאַנטן, וואָס מאַכן די שפּיל, פאַרשטעלן זיך, כדי יענע צו פּאַרפירן, פאַר חתנים, פאַר מענטשן מיט געשעפטן, פאַר אגענטן, פאַר גלאַט גוטע שיינע כשרע יידן וכדומה נאָך אנדערע אזעלכע פּאָקוסן, ווי עס פּאַסט צום ענין. הייַנט אז אזוינע לייט האָבן תרבית פאַר לוין, האַלטן פון אים ווי פון אַ רבין און פרעגן אים אמאָל אַ שאלה אין אַ האַרב שטיקל ארבעט, איז מסתמא לוי בחור, טאַקע וואָס אַ בחור הייסט!

אָט אין דער דאָזיקער גאַנצער מעשה מיט איידלען איז שמערל, דער מאַן כלומרשט, און לוי בחור, דאָס יידל מיט דעם בלינדן אייגל, געווען יד־אחת. דער בעל־אכסניא, אַ געוועזענער משרת, אַ פאַקטער, וואָס פאַרשטייט אַן עסק, האָט אויך ביי זיי געטאַנצט אין קאָן. די דאָזיקע פאַרשווינען האָבן דאָ געמאַכט די שפּיל נאָר ווי אין אַ טעאַטער, און לעבער האָט געשפּילט זיין ראָל ווי אַ מייסטער.

* * *

דאָ ביי לוי בחור אין הויז שטעלט זיך פאַר איידלען אַ נייע וועלט מיט נייע צרות... די פריערדיקע זענען נישט מער געווען ווי אַ הקדמה צו דער מעשה, וואָס הייבט זיך ערשט דאָ מיט איר אָן... די מעשה אליין איז זייער אַ שרעקלעכע, אָבער אַ גאַנץ געוויינלעכע; אַ מעשה, וואָס טרעפט זיך כמעט יעדן טאָג מיט נאָך אַ סך אנדערע יידישע טעכטער, אזעלכע אומגליקלעכע נפשות ווי איידל. אַ מעשה, וואָס איז באַקאַנט און מען פאַרשפאַרט אַ סך צו רעדן וועגן איר... עס הייבט זיך אָן מיטן גוטן, דערנאָך גייט עס מיט בייזן. עס האָט אין זיך אלערליי טעמים, זויער און ביטער, פון איין זייט: דאָס פילן דעם חיוב אָפּצוהיטן זיין ווערט, זיין מענטשלעכן כבוד און אָרנטלעכקייט. פון דער אנדערער זייט: נויט, עלנט, הונגער, פּיין, צוואַנג, וועקסלען, בעלי־חובות, עזות־פּנימער, אלע מיני שלעק און אָנשיקענישן... ס'איז אינעווייניק אין זיך אַ קאָכעניש, אַ שטאָרם, אַ מלחמה, און דער מענטש איז נישט מער ווי אַ זינדיקער מענטש, פלייש און בלוט — — און פּאַלט!... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איידל, נעבעך, איז טאַקע אויך געפאַלן, אָבער טיף געזונקען איז זי נישט. אמת, ס'איז אויף איר אויסגעגאָסן געוואָרן דער צאָרן, מען האָט איר אָנגע־טאָן גענבראָטענע לייד, געפּייניקט, צוגענומען ביי איר דאָס געזונט; — אָבער די נשמה, דער גייסט, אַ מתנה פון גאָט, דאָס צונעמען ביי איר, האָט מען נישט געקאָנט. אויך די אייגענע מעשה טאַקע, וואָס מיט דעם שטן און איובן: ביי

דיר, וועלט, אין דער האַנט איז יענעמס לייב, נאָר נישט זיין נפש... און דאָס איז איינס פון דעם אייבערשטנס גרויסע ניסים, זאָגסט וואָלטן די מענטשן מיט זייערע חפציות שוין לאַנג געמאַכט איינער פון אַנדערן ווילדע חיות.

אין איידלען האָט זיך נאָך געקלאַפּט אַ מענטשלעך האַרץ מיט געפילן פון גוטס־קייט און רחמנות. זי האָט געפילט דאָס ביטערע האַרץ פון פיל אומגליקלעכע נפשות, געבעך, וואָס זענען מיט איר דאָרט געווען און מיט וועלכע עס האָט זיך אייך אַזעלכע פּריוועריקע מעשיות פּאַרלאָפן. זי איז זיי בייגעשטאַנען אין די נויטן, געווען פאַר זיי אַ גוטע מליצה און בשעת אַמאָל אַ כעס, אַ רוגזה, פלעגט זי זיך ארויסשטעלן פאַר זיי אַקעגן לוין און דער מומע שיינצע, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס זי פלעגט אָפּט דורך דעם האָבן יסורים, צוציען צו זיך שנאה און לייד.

לוי בהור — דעם שבח מוז מען אים אָפּגעבן — פלעגט זיך זייער געטריי באַשעפטיקן מיט דער דערציונג פון זיינע „לערנמיידלעך“, ווי זיי האָבן ביי אים געהייסן, געקנעלט מיט זיי ווי אַ גוטער מלמד און אָנגעווענדט אַלע מיטל ארויס־צוטרייבן פון זיי דאָס קליינשטעטלדיקע ווילדקייט, דאָס שעמען זיך פאַר לייט. דאָס נאַרישע שמייליקע עקשנות, און לערנען זיי דרך ארץ צו זיין פאַרטיקע מענטשן... „דרך־ארץ איז פריער פאַר אַלע זאַכן“! אַזוי איז דער שטייגער זיינער געווען צו זאָגן, „אַ מיידעלע באַדאַרף זיין אַ שטילינקע, אַ גוטעטשקע, ליב האָבן מענטשן און אויפנעמען איטלעכן פריינדלעך מיט אַ זיס־שמייכלענדיק פּנים“... און אַז עס האָט נישט געהאָלפן קיין רייד, פלעגט ער שוין געברויכן די הענט, אַ שמעקן און אַ רימען אויך. נאָר עפּעס נישט אַזוי, זענען געפלויגן פעטש, קלעפּ, וויפל ס'איז נאָר אַריין. אַמאָל איז מען אויך געזעסן ביי אים פאַרשפּאַרט אין אַ קעלער, אָן עסן, אָן טרינקען, און דאָרט האָט די גרעסטע עקשנטע אַפילו תשובה געטאָן אויף אירע זינד, אַרויסגעשלאָגן זיך פונעם קאָפּ די נאַרישקייט, די קליינשטעטלדיקע מיאוסע נעגנ, ווי בושה, שמייליקייט וכדומה אַזעלכע ווילדע זאַכן...

דער טייוול, דער מלאך־חבלה, וואָס איז פול און פול מיט אויגן, מאַכט נישט אָן אזא מורא, ווי לוי בחור מיט דעם בלינדן אייגל. אין אים שטעקט אפשר אַ צענדליק טייוול. און דאָס בלינדע אייגעלע זיינס, וואָס וואַרפט זיך אים אין אַלע זייטן, איז עפּעס נאָר טאַקע ווי א מת, וואָס האָט נישט קיין רו אין קבר און בלאָנקעט זיך אַרום נאָכן טויט אויף דעם עולם התועה. זייער פיל מיני נפשות אַזוינע זענען דאָ אויף גאָטס וועלטל, וואָס האָבן, דאַכט זיך, אַ מענטשלעך געשטאַלט, עסן און טרינקען ווי מענטשן, און באמת זענען זיי גאָר רוחות, טייוול. דאָס זענען דער נידעריקסטער סאָרט לצים, טייוול שבטייוול, דעזערטירן, וואָס האָבן זיך דאָרט אין גיהנום אָפּגעריסן פון דער קייט, אַריבער די גרענעץ בגנבה און געקומען אַהער צו פאַרפירן דעם עולם מיט האָקוס־פּאָקוס, אָנצוטאָן דער וועלט גרויסע צרות, און עס איז נישט פון זיי פּטור צו ווערן, נישט דורך א שפּרוך,

נישט דורך אויסרויכערן מיט ווייערד און אויך נישט דורך טינט, וואָס דער שטן אפילו מיט זיין גאנצע קאָמפּאַניע צימערן דערפאר. די גיהנום־פּאָליציי מיט אירע רוחות יאָגן נישט נאָך אַזעלכע מיאוסע דעזערטערן, אויסוואָרפן צו כאַפּן זיי און צו שליידערן צו אַלדי שוואַרצע יאָר צוריק אין דער ערד אַריין; אדרבא, עס טוט זיי הנאה, וואָס זיי זענען פּטור אַזעלכע פאַרשטונקענע רוחות, מחילה...

היינט ווער שמועסט די מומע שיינצע. זי האָט געוועלטיקט גאָר אַ שרעק. געוואָלט, אז אחוץ איר זאָל קיינער אין שטוב נישט טאָרן אויפהייבן דעם קאָפּ, האָבן עפּעס אַ ווילן. זי פלעגט זיך אַלץ קלאָגן אויף היינטיקע ציטן, אויף היינטיקע מענטשן:

—אָט אַזוי האָט מען עס היינט פון זיי, פון מיינע יפהפיות דאָ, מיין איך! מען וואַשט זיי, מען רייניקט זיי, מען שוכט און קליידעט זיי. און אַז עס כאַפּט די זעט, ווערט מען פּריצות, קיינמאָל נישט צופרידן, גלייך מען וואָלט זיי דאָ געקוילעט. אוי ציטן, היינטיקע ציטן!...

איז איינע געווען זייער שיין, פלעגט עס זי אין האַרצן שטאַרק פאַרדריסן. פלעגט זיך שטעלן מיט יענער פאַרהערן און דערציילן איר פון יענע גוטע יאָרן:

— אָט אַזוי, טאָכטער, בין איך שיין געווען, נאָך אפשר צען מאָל מער, מען האָט זיך פשוט אויף מיר געהאָנגען. נעם זיך גאָר נישט איבער, דו נאַרעלע! אוודאי הייסט אַציגד איך בין אַלט, נאָר ווי דו קוקסט מיך אָן אָט־אָ — דערביי האָט זי געמאַכט אַ פּריקרע־זים שמייכעלע, אויסשטרעקנדיק זיך ווי גרויס זי איז, דאָס קעפּעלע פאַרוואַרפן אַהינטער, דאָס בייכל אויסגעפּוצט פאָרנטצו, נעמענדיק זיך מיטביידע הענט ביי די זייטן — אָט ווי דו קוקסט מיך אָן־אָ, איז נאָך שיינצע גאָר נישקשהדיק... מאַך נאָר נישט קיין חן, דו!

האָט זיך איינע אַמאָל איינגעשפּאַרט אין עפּעס אַ זאַך, נישט געטאָן באַלד וואָס זי הייסט, האָט זיך די מומע שיינצע צעשריגן, און דינע, רויטע אָדערלעך זענען איר אַרויסגעטראָטן אויף די פּעטע, מיט שמאַלץ אָפּגעגאָסענע באַקן:

— אויך מיר אַ מענטש!... זי מיינט, זי איז אויך עפּעס, זי האָט אויך אַ ווילן!... דו ביסט נישט מער, חצופה איינע, ווי אַ גולם, אַ שטיק פלייש, אַ נבלה!...

אַ דם־שונא איז די מומע שיינצע געווען איידלען, אי פאַר איר שיינקייט, אי פאַר איר גוטסקייט, וואָס זי שטייט אַזוי פאַר די חברטעס אירע, און דורך דעם זי אַרויסגעבראַכט אויס דער העזה... אונטער די אויגן פלעגט זי זיך אַלץ באַקלאָגן אויף איידלען:

— אָט האָסטו דיר דעם דאנק פאַר דער טובה, וואָס מיר האָבן איר געטאָן! דער מאַן מיינער איז איר בייגעשטאַנען אין דעם אומגליק, בשעת זי איז געבליבן אַ וויסטע עגונה, עלנט ווי אַ שטיין. נישט געגוג, וואָס ער האָט זי נישט געמאָנט זיין אייגן געלט, וואָס קומט פון איר, האָט ער נאָך אַנדערע אויסגעצאָלט חובות פאַר

איר. מיר האָבן זי אַרײַנגענומען אין הויז צו זיך, זי עסט אונדזער זאַלץ און ברויט, טראָגט אונדזערע קלײדער און טוט זיך אָן װוילטאָג פון אונדזער גוטס. װען נישט מיר, װאָלט זי דאָך, די עגונה, געשטאָרבן פאַר הונגער, און הײַנט... הײַנט...

די מומע שײנצע איז, נאָך איר שטײגער דענקענדיק, — אפשר טאַקע פאַר זיך נישט אומגערעכט געװען. באמת, האָט דאָך אײדל מיט אירע גוטע רייד, מיט איר גאַנצע באַנעמונג אײַנגעגעבן אירע חברטעס שכל, זײ געלערנט נישט צו פאַרלירן אינגאַנצן דאָס מענטשלעכקייט, האָבן אַלײן פאַר זיך אויך אַ שטיקל װילן; פונקט פאַרקערט פון דער מומע שײנצעס תורה. „מען איז טאַקע, פלעגט זי זאָגן, ביים טײװל אין די הענט; ער האַלט פעסט מיט בײדע לאַפּעס, שלעכט, מען איז געפאַנגען. נאָר דער גוף, װי דער גוף, גאָטס נשמה אָבער מוז מען אָפּהיטן, זי האַלטן רײן װי װײַט מעגלעך. גרויסע צדיקותן, שטייט געשריבן אין ספרים, זענען אַמאָל אויך געװען געפאַנגען, און דער גוטער גאָט האָט זײ מוחל געװען די זינד צוליב דער רײנער נשמה זײערער“...

די חברטעס האָט דאָס האַרץ געצויגן צו איר. זי איז בײַ זײ געװען דער קאָפּ. מאַלװינקע, אַ יאָדערדיק מײדל, אַ קלוגס, אַ לעבעדיקס, אַ פרײלעכס, מיט אַ ברײט פּנים און אַ פאַרריסן נעזל, האָט אײדלען געקרוינט מיט דעם נאָמען „אָפּיצערקע“, און אַזוי האָט זי געהייסן בײַ איטלעכן. די „טערקינע“ אַפילו, װאָס פריער איז זי געװען די עלטסטע, האָט מוחל געװען אויף איר כבוד און איז צוגעקאָכט געװאָרן צו אײדלען. זי האָט אין איר געקלעפּט נאָך פיל מער פון אַלע אַנדערע. — די דאָזיקע טערקינע, גיטל מיטן נאָמען, האָט געשטאַמט פון אַ קלײן שטעטל ערגעץ, דלפוניװקע, װאָס די אײַנװױנער דאָרט זענען ערלעכע יידן, ביטערע קבצנים. עפּעס אײנער, דער גוטער יאָר װייסט אים װער ער איז, איז אַמאָל געקומען אַהין אין שטעטל און געלאָזט מעלדן: הנה זײַט װיסן, װער פון די הײגע מײדלעך װיל מאַכן אַ גוט לעבן, פאַרדינען געלד פון האַנט־אַרבעט, זאָל פאָרן מיט אים אַהײם קײן סטאַמבול... דער גאַנצער עולם יידן פונעם שטעטל האָט זיך באַלד טאַקע אַ לאָז געטאָן צו אים, איטלעכער װײנט, בעט: געװאַלד, האָט רחמנות און נעמט מײַן טאָכטער! ער האָט זיך דערבאַרעמט און אויסגעקליבן דרײַ מײדלעך, די שענסטע אין שטעטל, און גיטל איז אַרײַן אין דעם צעטל פון די דאָזיקע „גליקלעכע“. דער שפּיץ פון דער זאַך איז געװען, אַז נאָך פיל פּאָרעניש איז גיטל מגולגל געװאָרן צו לוי בחור אין הויז און איז דאָרט למזל געװאָרן אַ טערקינע, נישט אָנצוקוקן די טערקישע שטאָט סטאַמבול אַפילו אין די אויגן.

אײדלען האָט אין דער מיאוסער לאַגע צוגעגעבן קראַפט אויסצוהאַלטן אירע צרות נאָר דער גלויבן, די האָפענונג אויסגעלײזט צו װערן פונעם טײװלס האַנט. זי האָט אַלץ געהאָפט, געהאָפט — און לסוף...

דער סוף איר־ער איז געווען, ווי דער סוף פון אַלע אומגליקלעכע אירס גלייכן — אַ ק־ענק, אַ פּלאָג, וואָס האָט זיך איר דערנאָך אַרייַנגעכאַפּט אין די ביינער. אַ היפּשע צייט איז זי אַוועקגעלעגן אין שפּיטאָל, און אַן אָפּגעזונדערט אָרט דאָרט, אָפּגעריסן פון דער וועלט, פאַרוואָרפן, פאַרגעסן, ווי אַ פאַרדאַרטע בלום, אַ צעבראָכענע כלי, אַ שאַרבן, וואָס נוצט נישט מער קיינעם, וואָס מען מיידט אויס און שייעט זיך עס אָנצוקוקן...

די מומע שיינצע איז די גאַנצע צייט אַפילו איין מאָל נישט געקומען צו איר געווויר ווערן, אויך פאַרבאָטן און שטאַרק אָפּגעהיט, אַז די חברטעס אירע זאָלן צו איר אַהין אַפילו די נאָז נישט ווייזן. זעלטן פלעגט זיי נאָך פיל מי געראָטן איבערשיקן איר אַ ביסל איינגעמאַכטס צום קוויקן זיך דורך מאַלווינקען, וואָס פלעגט זיך איינשטעלן בגנבה און אַרייַנכאַפּן זיך צו איידלען מיט דער איבערגעפּעקלטער טריפה סחורה.

איידל איז געלעגן אין שפּיטאָל, ביז זי איז אַרויס שלאַף, צעבראָכן, געל ווי וואַקס, אויסגעדאַרט, אויסגעטרוקנט; די האָר אויסגעקראָכן, און אַן אַלט אָפּגעבליאַקעוועט קליידל... און נישט צו האָבן קיין אָרט, ווו דעם קאָפּ אַנידער־צולייגן, איז זי כמעט נאַקעט, הונגעריק, פאַרשמאַכט צוגעקומען אָוונט־צייט צו לוי בחורס הויז. די מומע שיינצע אָבער האָט זי נישט געלאָזט אויף דער שוועל, פאַרשפּאַרט פאַר איר די טיר און זי איז נעבעך געבליבן געפּלעפט, נישט צו וויסן ווו זיך אַהינצוטאָן, ווו די נאַכט איבערצולעבן.

אויף דעם אַנדערן טאָג אין דער פרי האָט מען זי געפונען ביי לוי בחור אין גאָרטן — הענגענדיק אויף אַ בוים. — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

וועמען איז אָנגעגאַנגען אַזאַ נפש, משטיינס־געזאָגט, ווי אַן איידל, אַז זי האָט זיך געהאָנגען. איז דען אַזעלכע גאָר ווערט פון איר צו רעדן, זי אויף דעם מויל צו ברענגען? עס פאַרשטייט זיך, אַז ניין, אַ שיינע ריינע כפרה!... אָנגעגאַנגען איז זי נאָר אירע חברטעס. אַזעלכע נפשות משטיינס־געזאָגט, אַזאַ סחורה ווי זי אַליין. דער טאָג פון איידלס טויט איז ביי זיי אַלע געווען אַ טרויער. איר לעבן פונעם אָנהייב אָן און איר וויסטער סוף האָט זיי געריט גוט ביי דער לעבער, שטאַרק אָנצוהערעניש געגעבן, ווי וויט אומגליקלעך דערנידעריקט זיי זענען — און זיי האָבן זיך שטאַרק פאַרטראַכט.

נישט צו מאַכן קיין גרויסע צערעמאָניעס, האָט מען איידלען, אַזוי ווי זי איז, אַרייַנגעוואָרפן אין אַ מיסט־וועגעלע, געפירט אויפן בית־עולם און זי באַגראָבן ווי אַ הונט אונטער דעם פלויט דאָרטן.

אויף דעם פרישן קבר איז געשטאַנען די טערקינע און מאַלווינקע, אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און דער־ביי ביטער געיאָמערט, געקלאָגט.

— ע — ע! צוואָס זיך געמען אַזוי צום האַרצן? — טוט מאַלווינקע אַ זאָג, אויסווישנדיק זיך די אויגן און אַ מאָל געבנדיק מיט דער האַנט.

— דו זעסט, מאַלווינקע, אָט דאָס, דאָס? — מאַכט די טערקינע, אויס־שטעלנדיק אַ פּאָר רויטע פאַרשוואָלענע אויגן פון הייסע בלוטיקע טרערן, און ווייזט איר מיט אַ פינגער אויפן פּלויט אין אַ ווינקעלע.

— שפּינען־געוועב זע איך מיט הוילע הייטלעך פון פליגן!

— אָט דאָס, שוועסטער, ביסטו, בין איך, זענען די אונדזעריקע אַלע; אָט אַזוי איז אונדזער סוף! די שפּינען נאָגן אונדז, געפאַנגענע, אין דער נעץ, נאָגן, נאָגן אויס, גייען זיך דערנאָך ווייטער זייער וועג, און מיר הענגען, פוילן!... אוי, אַ צעזעצעניש! — לאָזט אויס די טערקינע אויף אַ וויינענדיק קול, אָנכאַפּנדיק זיך ביים האַרצן—יענע, וואָס פּייניקן, פאַרפירן, נאָגן, זיי זענען עס די פיינע לייט, און די געפּייניקטע, פאַרפירטע, אויסגענאָגטע זענען... דו ווייסט וואָס?... יענע האָבן דאָ אויפן בית־עולם, זע נאָר זע, דעם אויבן־אָן, מצבות מיט לאַנגע שבחים, און איידל, די גוטע, די טייערע, וואָס מען האָט פאַרוויסט איר וועלט, פאַרגיפט איר לעבן, זי איז דאָ באַגראָבן ווי אַ הונט הינטערן פּלויט! טאַטע־מאַמע, דער־לעבעדיקער גאָט ווייסט, ווו זיי זענען ערגעץ, קאָנען אפילו נישט האָבן די האָפע־נונג זיך אַמאָל אויסצוויינען אויף זייער טאָכטערס קבר. אוי, מיין אומגליקלעכע איידל, צו וואָס מענטשן האָבן דיך געבראַכט!... אוי, ווי ביסטו אל מלא רחמים, גוטער דערבאַרעמדיקער גאָט!...

— וואָס העלפט דאָס קלאָגן, וואָס העלפט דאָס וויינען, אַז ס'איז גאָרנישט צו מאַכן? שאַ, שאַ, גענוג! — נעמט מאַלווינקע איין מיט רייד די טערקינע, בעט, אַז זי זאָל נישט וויינען, און צעוויינט זיך אליין.

— איך בין אויך געווען אַ קינד, אַ געליבט ציטערדיק קינד — צעגיסט זיך די טערקינע אין אַ נייעם קוואַל טרערן — די מאַמע האָט געהאַט מיט מיר גענוג מי, נעכטוויז איבער מיר נישט געשלאָפן, נישט דערעסן, נישט דער־טרונ־קען, ביז זי האָט דערלעבט צו זען איר קינד אויסגעוואַקסן ווי אַ בליענדיקע רויז; פּלוצעם קומען מענטשן צום גרייטן, מענטשן אָן האַרץ, אָן רחמנות, און האָבן די רויז אירע אויסגעריסן, צעטראָטן... לאָמיך זשע כאָטש אַציגד מיך אויסוויינען, לאָז אין דעם דאָזיקן פרישן קבר אַהין פאַלן צו איר מיינע בלוטיקע טרערן, זי זאָל וויסן, אַז עס באַקלאָגט און באַוויינט זי איר געטרייע אומגליקלעכע שוועסטער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# ספר הבהמות

## א.

## דער לייב

### אַ טאָג אין צרות

מיט דעם הײַנטן מחילה צום בית=המדרש און מיט דעם קאָפּ צום וואָגן, קנײַטשנדיק דעם שטערן, אויפֿשטעלנדיק די אויערן און אַרויסשטעקנדיק אַ שפּיץ צינגל, שטייט ער ביחידות אויפֿן שול=הויף, זומער נאָך האַלבן טאָג, פֿאַראומערט און פֿאַרשמאַכט פֿונעם לאַנגן, שווערן תּענית. פּאַסטן איז ער אַפֿילו שוין געוווינט, זינט ער טראָגט אויף זיך דעם עול פֿון ייִדישקייט, דעם גאַנצן באַרג ספֿרים, איז אים זייער אָפֿט געבעך אויסגעקומען צו פֿאַסטן אַמאָל אַ תּענית=יחיד, ער פֿאַר זיך אַליין, און אַמאָל אַ תּענית=ציבור, ער מיט דעם באַלעבאָס און דעם הויזגעזינד אינאיינעם. זאָל ער נישט זוכה זײַן איבער הונדערט יאָר דאָרט אײַנגעשפּאַנט צו זײַן אין דער מרכבה, דעם הייליקן ריטוואָגן, צווישן די שׂרפֿי=ברענענדיקע חיות=הקודש; צו עסן די סעודה פֿונעם הייליקן האָבער און פֿאַרטרינקען מיט פֿולע עמער גן=עדן=וואַסער דאָרט אויף יענער וועלט, אויב ער האָט די גאַנצע צײַט אין דער איצטיקער פּרנסה זײַנער געוווּסט דעם טעם פֿון אַ האָבער, פֿון אַלע גוטע זאַכן, ווי אַנדערע זײַנען גלײַכן דאָ אויף דער וועלט. אַזויפֿיל מכּות, רבונו=של=עולם, זיי, די ווילדע חיות=רעות, וויפֿל מאָל ער איז געבעך אויסגעשטאַנען נויט, הונגער בײַם אַרומשלעפּן זיך זײַנעם שטענדיק מיט פּעקלעך ייִדישקייט — און פֿונדעסטוועגן שאַ, גאָרנישט! נאָר הײַנטיקס מאָל אָבער האָט דער יצר=הרע פֿונעם עסן זיך אין אים געשטאַרקט; אים אונטערגעגעבן חשק צו וועלן דערהאַלטן זײַן לעבן, ווי אַ לעבעדיק באַשעפֿעניש באַדאַרף וועלן נישט זיך מאַכן געפּגרט, שונאי=ציון, גלאַט עט=שמעט... דער טאָג איז געווען זייער אַ הייסער, עס האָט געברענט, געבראָטן. ער איז געקומען הײַנט פֿונעם וועג פֿוים אַ לעבעדיקער — צעביסן, פֿאַרשוואָלן, אונטערהינקענדיק אויף נאָך אַ פֿוס,

מיד, צעבראָכן, אַ שאַרבן, לא עליכם. געוואַלד, עסן! כאָטש עפּעס וואָס עס איז צו דערהאַלטן די נשמה!...

אויפן שול־הויף און ווייט אַרום איז נישטאָ קיין לעבעדיק באַשעפעניש. מען ליגט פאַר היץ באַהאַלטן, אָפּגייענדיק מיט שווייס. די בהמות, קליין און גרויס, אַלע זענען אויפן פעלד, טוען זיך אָן וווילטאָג אויף דעם גרינעם גראָז, ס'איז דאָרט אַ לעבן פראַנק און פריי — קי מיט אָקסעלעך, צאַפּעס מיט ציגעלעך, גאָר מחיה! און ער, — ער שלימזל, זיין אָרט איז, ווי געוויינטלעך, אוי־ווי, נעבן בית־מדרש! עס הערשט דאָ, אויף דעם אָרט עפּעס אַ מרה־שחורה. נישטאָ קיין סימן גרעזעלע, קיין ביימעלע, נאָר זאַמד, מיסט, פאַרטראָגענע בלעטלעך און פאַרשלעפּטע פוילע פאַרשימלטע מיני סחורה.

ער שטייט זיך אַזוי אָנגעדרודלט צווישן די האָלאָבלעס, אויסגעדרייט מיט דעם קאָפּ צום וואָגן. די אונטערשטע ליפּ הענגט אים אַראָפּ, עס קוקן אַרויס ציין, עפּעס ווי גערעדט: נאַ, כאָטש נעם פאַרוואַרף זיי אויף דער פּאָליצע! דער יצר־הרע טאָרעט אים, טאָרעט אין מאָגן, אָנמאַכנדיק אינעווייניק אין אים אַ גאַנצע מרידה, אַ דרייעניש — ויתרוצצו, און עס בורטשעט אים אין בויך, עס ציטערט, טרייסלט זיך אויף אים די הויט. ער קוקט מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן אויף די פעקלעך ספרים; קוקט, זיפצט און איז שטאַרק פאַרטראַכט.

ס'איז דאָ, נישקשה, פאַרוואָס צו זיין פאַרטראַכט. אונדזער שלימזל האָט, נישקשה, זיין געשיכטע, פון וועלכער אַלע בהמות מעגן אַ מוסר זיך אָראָפּנעמען, נישט פון די יונגע יאָרן נאָך האָט ער געהאַט אַזאַ פינצטער געשטאַלט, אַזאַ מיאוס פּנים. ניין! אַ לאָשעקל איז ער געווען אַ לעבעדיקס, אַ שיינס, גאָר אַ חריפות. ער האָט געהאַט פאַר זיך אויך גוטע צייטן, איז געווען פעט מיט אַ בויך, מיט פּיס, געגאַנגען אַ גאַנג האָפּערדיק, פאַררייסנדיק דעם קאָפּ און אַמאָל טאַקע אויך קוממיות, שטעלנדיק זיך דיבאָם.

נאָר אַזוי ווי דער זכרון איז, לא עליכם, ביי אים, דאַכט זיך, געשוואַכט, געדענקען אַלע מעשיות, געשעעניש מיט אים אין דעם לעבן גאַנץ דייטלעך, קלאָר מיט פאַרשטאַנד, איז פאַר אים שווערלעך, פאָרט אַ בהמה, עפּעס אַשטייגער, אַ תרח, משטיינס־געזאָגט — דעריבער איז פיל גלייכער צו זאָגן, עס חלומט זיך אים נאָר געשיכטע, איידער זאָגן ער טראַכט פון איר, פון זיין לעבן אַמאָל.

יאָ, עס חלומט זיך אים! עס דאַכט זיך אים אַלצדינג, נאָר טאַקע ווי אין חלום. אָט ווי איר קוקט אָן דעם דאָזיקן שלימזל אַצינד, איינגאַנצן מיט זיין געביין, איז באַלד אין אים צו דערקענען, ווי אין אַ געפאַלענעם, אָפּגעקומענעם נגיד, אַז ער איז נישט עפּעס פון די פּראָסטע, נישט אַ גראָבער ברודער, ווי יענע, די פּויערשע. ער שטאַמט טאַקע פון אַ גוטער „פּאָראָדע“, פון איידל בלוט, און דערפאַר האָט מען אים אין דער יוגנט אייגנגעהאַנדלט ווי אַ גוט שטיקל סחורה אויפן מאַרק און אים געהאַלטן בכבוד. אַ קאַטאָוועס עפּעס זיין שטאַל, אַזאַ

שטאַל, וועלכע ער מיט נאָך אַקעגן אַ טוץ זיין גלייכן האָבן אַמאָל געהאַט! משרתים זענען דאָרטן געווען געגוג, אויבער־משרתים אי אונטער־משרתים אויף רייניקן, שפּריצן, רייבערן, קראַצן און איינדעקן. אמת, זיי פלעגן ביים אים גענבעד אַראָפּלקחענען, ווי דער שטייגער פון אַזעלכע לייט איז, אַקעגן אַ צענט חלק פון זיין פוטער, די אַ ביסל, יענע אַ ביסל, גאָר, נישקשה, מיט חסד. ער איז חלילה פאַר הונגער נישט געפגרט. מען קאָן נישט זאָגן, ער זאָל זיך געווען דענסטמאָל לעבן פריי, נישט זיין ביי יענעם אין דער ארבעט. ס'טייטש, ווי געשיקט זיך עס? וו איז דאָס ערגעץ צווישן בהמות דערהערט געוואָרן צו זיין גלאַט אַזוי אַ בהמה פאַר זיך? ביסטו אַ קו — גיב מילך! ביסטו אַן אָקס — גיי אַקער די ערד! ביסטו אַ שאָף — לאָז זיך שערן! ביסטו אַ פערד — זאָל מען אויף דיר רייטן. אלא נישט, צו וואָס זענט איר גאָר געבוירן געוואָרן אויף דער וועלט. עס פאַרשטייט זיך, אַז ער איז אויך געווען אין דער אַרבעט, האָט געהאַט זיינעם, וואָס זאָל אים רייטן אויף דעם רוקן, אים איינשפּאַנען אין דער קאַרעטע, אָנטאָן אים אַ צוים און האַלטן אין די לייצן. געהאַט זיין שמייסער מיט דער לאַנגער בייטש, וואָס פלעגט דערמיט טראַסקען און אים מכבד זיין מיט אַ שמיץ. צוואָס זאָל מען זיך נאַרן? עס האָט אים טאַקע זייער גוט ווי געטאָן, פאַרגאַנגען אַזש אין דער זיבעטער ריפּ, דאָך האָט ער עס אָנגענומען און געמוזט אָננעמען פאַר ליב. פאָרט, ווי זאָגט מען עפּעס, א שמייסער הגדול, א היימישער, א נאָענטער שמעלקע, א יונג מיט שפּאָרן, מיט טרעסטן, מיט פּליטערלעך, און היגטן, מחילה, דיק־גראָב, דער קאַפּטן, ווי הייסט מען עס, מיט פאלדן. און די בייטש — זי איז דאָך עפּעס אויך אַ צאַצע, פאַרפּוצט גאַנץ פיין מיט געפלאָכטענע כּפל־שמונהדיקע רצועות, כשר־וישר, טשאַקענדיק מיט אַלע דינים. דער שמיץ נישט גלאַט גראָב ווי פון אַ פּויערשער, עס האָט אַ טעם ווי פון מלקות, מלא חן.

אַבי ווער אַ געפאַלענער פאַרטיפּט זיך געוויינלעך, בשעת גרויסע צרות, אין חלומות פון פריערדיקע גוטע יאָרן, און ווערט ביי זיך געהויבן פון זיין כבוד אַמאָל. אונדזער ליב, שטייענדיק אין איינע צרות צווישן די האָלאָבלעס דאָ, גיט עס אים פלוצלינג עפּעס אַ טראָג. ער טוט אין חלום אַ הייב מיט גדלות דעם אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, פאַררייסט דאָס אויסגעדייוורטע העלדזעלע, פון וואַנען עס סטאַרצעט אַרויס דאָס גערגעלע און אויף וועלכן עס באָמבלען זיך פאַרפלאָגטעטע צעפּלעך, א סימן פון האָר משטיינס־געזאָגט, עס טוט אים אפּנים. משונה הנאה, גלייך ווי ער וואָלט געשפּירט דעם ריח פון פעלד, פון אַלע גוטע זאַכן דאָרט, גלייך ווי נישטאָ מער דאָ פאַר אים קיין קינות, קיין תחינות, די אַלע פּעקלעך צרותדיקע ספרים, נאָר היי און האָבער, די שיינע קאַרעטע, יענע פאַרשוינען מיט דער פּאָמפּע און די גאַנצע גדולה וואָס אַמאָל. באַדאַרף גראָד דער רוח אָנטראָגן אַ זלידנע, אַ פליג, וואָס זיין אָנגעריבענער צעקראַצטער רוקן איז איר אַקוראַט ווי געוווּנטשן, און אָפּטאַנצנדיק פריער פאַר פרייד, פאַר ליבשאַפט דאָס

באַקאַנטע פליגן=טענצל, זעצט זי זיך דערויף מיט גרויס חשק, שטרעקט אויס דאָס פיסקעלע און טוט — אַ בים, אַ קוש הייסט עס. אונדזער שלימזל שפּרינגט אַזש אונטער פונעם ליבן קוש, פאַררייסט דעם וויידל און וויל דער חצופה דערלאַנגען אַ שמיץ, נאָר ער איז אָבער אויסגעקראָכן און דערגרייכט נישט ביז צו איר. ער מאַכט זיך, וואָס זאָל ער, געבעך, טאָן, נישט ווייסנדיק, בייגט זיך אָן און קראַצט זיך, ווי ס'איז, אין אַ האָלאָבלע מיט אַ געשמאַק זיפּצעלע פון אַ קבצן פאַר גרויס מתיקות דערפון.

ס'איז דאָ אַ שטיקל סברא ביי אים אַ פּרוּוו טאָן דורכגיין זיך אַהין ווייטער אַביסל. דאָס איז אים צו דערקענען אין דעם געגעץ זייַנעם מיט דעם פוילן מויל, אין דעם ציען זיך, אויסקנאַקן זיך די ביינער, אַ טרעסע געבנדיק דערביי מיט דער גאַנצער פעל פון אויבן ביז אַראָפּ, גלייך ווי גערעדט: הנני — איך בין באַרייט! און באמת טאַקע, וואָס איז פאַר אַ תכלית דאָ אויפן שול=הויף? וואָס משטיינס=געזאָגט, איז דאָ צו דערוואַרטן, אַז אַרום און אַרום איז טויט, וויסט, נישטאָ, איר זאָלט זאָגן, כאָטש עפּעס אַ לעק?... הנני! מאַכט ער אויף פערדיש און איז פאַרטיק צוגעבן — אוי, טוט אים אַ צי, נישט דאָ געדאַכט, דער פוס, יענער פוס, צוליב וועלכן ער האָט פאַרזינדיקט, פאַרשפּילט זיין וועלט און פאַרלוירן זיין ווערט! דאָס אומגליק זייַנס דערמלט האָט מיט אים אינגאַנצן געעקט: גיי טראָג אויף זיך יענע לייט, אַז ס'איז נישטאָ, נישט פאַר בהמות געדאַכט, קיין פיס, אַז זיי זאָגן זיך דיר אָפּ צו דינען, האָבן נישט מער דעם ריכטיקן גאַנג און גליטשן זיך אַמאָל מיאוס אויס. און ווויבאַלד אַזוי — גיי זשע דיר צו אַלדי שוואַרציאָר!... ער איז טאַקע געגאַנגען, איבערגעגאַנגען אין אַנדערע הענט, פון איין האַנט צו דער אַנדערער, אַלץ וואָס ווייטער נידעריקער, נידעריקער געפאַלן, נישטאָ ביי אים הייַנט אַזויפיל האָר אין וויידל, וויפל באַלעבאַטים ער האָט איבערגעהאַט. ביי וועמען ער איז געווען, האָט ער קיין האָניק נישט געלעקט. ווען עפּעס אַ צרה, איז ער שולדיק געווען. האָבן די חברים זייַנע זיך פאַרפלאָנטערט, געשפּרונגען אויס די האָלאָבלעס, געפאַלן ווי שיכורים פון די פיס און אַריין אין אַ גרוב, האָט פאַר זיי אַלע געכאַפּט אַ פּסק ער. עס האָט געהייסן: אָט דער שלאַק, די פגירה, די נבלה! און דעסגלייכן מיאוסע צונעמעניש. זיין געשיכטע זינט דענסטמאָל איז, אַז אָך און וויי צו אים, אַ געשיכטע פון שלעפּעניש, טרייבעניש, מכות, יסורים און בייטשן.

דער פוס שטאָך — שטאָך — און דער שטאָך פּליעט, שלענגלענדיק זיך דורך די גלידער, פּיק=פּיק אים אין דעם מוח. עס טוט זיך אַ לאָז אַראָפּ דער קאָפּ, אַ זיפץ, אַ קרים, אַ שאָקל די אונטערשטע ליפּ, עס מאַכן זיך צו די אויגן און זיי פון די ווינקעלעך ציען זיך איבער די באַקן שמוציק=פייכטע רינשטאָקלעך ווי פון טרערן. אין קאָפּ איז אַ שוואַרץ=טונקעלע אויסמישעניש, עס דרייען זיך אַרום דאָרט, ווי אין חלום, פעסלעך וואַסער, באַלעגאָלישע וואָגנס, בוידן, שטעקנס,

ביטשן, קולאקעס... און פלוצלונג טוט עס מיט אים א וואָרף ווי א קדחת — עס דאַכט זיך אים די ראָד, יענע גרויסע ראָד! די אַלע אַנדערע יסורים און פּיין זייַנע זענען נאָר אַ שפּילעכל געווען אַקעגן יענע, וואָס אַמאָל אין אַ מיל עפּעס, ביים דרייען די ראָד דאָרט. ווי שווער ס'איז ביי די באַלעגאָלעס, ווי גריבערדיק דער וועג איז, דאָך איז נאָך צו דערלייַדן — פאַרט אַ וועג. מען שלעפּט זיך, כאָטש פאַמעלעך, אייַנרייַסנדיק זיך דאָס געזונט, דאָך פאַרט רוקט מען זיך אַלץ ווייטערווייטער. מען זעט עפּעס נייעס, עפּעס א פאַרענדערונג: אָט איז א בערגל, אָט איז אַ טאָל, אָט איז אַ בריקל און אָט איז אַ קרעטשעם! נאָר דרייען זיך, טופּענדיק זיך שטענדיק אויף איין אָרט, גישט זען פאַר זיך די וועלט, נישט הערן קיין שום זאַך חוץ אַ שטענדיקן מאָלן, איבערחזרן ווידער דאָס אייגענע, נאָכאַמאָל דאָס אייגענע — אַזוינס, באַהיט זאָל מען ווערן, איז אַ טויט. עס פאַרדרייט זיך דיר דער קאָפּ, דו ווייסט נישט פון דייַן חיות — און פרעג דיך בחרם, וואָס מיט דיר טוט זיך אַזוינס.

און ווי ער שטייט דאָ אַזוי אין אייגענע צרות, עפנט זיך אים אויף אַ ביסל איין אויג. ער קוקט מיט שרעק — גאָרנישט! עס עפנט זיך דאָס צווייטע, בלינצלט, קוקט, — און, געלויבט דער אייבערשטער, נישטאָ קיין ראָד! ער ווערט ביי זיך עפּעס שטאַרקער, מענטשלט זיך כלומרשט, פערדלט זיך הייסט עס, הייבט אויף די מאָרדע און טוט אַ לעק אַ פּעקל ספרים, עס הייסט, אַזויפיל ווי גערעדט: דאָס בעסטע פון די מכות איז פאַרט דאָס, ווי די מעשה איז, אַלץ בעסער ווי ביי זיי, ביי יענע באַלעבאַטים אַמאָל!

און אויב יאָ אַזוי, פאַרוואָס זשע נישט צולאָזן זיך אַ שטיקל עולם־הזה, ווי אַנידערלייגן זיך, אָשטייגער, אָדער אפשר נאָך אויסציען זיך טאַקע אַ ביסל? ביז וואַנען איז דער שיעור אַרייַנקוקן, אַלץ אַרייַנקוקן? — און נישט לאַנג געטראַכט, צעלייגט זיך מייַנער אויף דער ערד, געבן וואָגן, גאַנץ ברייט, ווי ביים טאַטן אין ווייַנהויז, קערט זיך איבער אויף דעם רוקן מחילה מיט די פיס אַרויף, קייקלט זיך, קאָשקעט זיך, אונטער־הערנדיק פאַר גרויס תענוג, גלייך ווי ער וואָלט געפילט אין זיך עפּעס א נייע, יום־טובדיקע נשמה. עס דויערט אָבער נישט לאַנג, שפּרינגט ווי פון אונטער אים אַרויס עפּעס אַ לעבעדיק באַשעפעניש מיט א משונה קוויטש, אַזוי אַז אונדזער לייב גיט זיך א כאַפּ שטאַרק דערשראָקן און טוט זיך אַ שטעל, נישט טויט נישט לעבעדיק, אויף די פיס, אַרומקוקנדיק זיך פאַרוווּנדערט מיט אַ פּאָר אויגן און אויפגעשטעלטע אויערן. וואָס לאָזט זיך אויס? — אַ הונט!

בשעת אונדזערער האָט זיך דאָ געמאַכט יום־טוב, געטאַנצט, געדריגעט הייסט עס מיט די פיס, האָט דערווייל זיך אַרייַנגעכאַפּט אויפן שול־הויף אַ גוישער הונט, זיך אונטערגעגנבעט צום וואָגן, כדי צו דערטאַפּן דאָרט עפּעס, און געכאַפּט, אַפּנים, נאָר אומגעריכט אַ זעץ. ער שטייט עס אַצינד מלא המן, פאַררים

דעם ווידל, אויסגעשטרעקט דעם האַלדז און בילט, פאַרגייענדיק זיך אזש פאַרבעם. ער בילט נישט אַזוי פאַר דעם זעץ, ווי הערפּאַר, וואָס אים איז נישט געראָטן; וואָס ער האָט זיך דאָ מיאוס אָפּגענאַרט. אָנשטאָט נאַשן, ווי דער שטייגער איז, כאַפּן אַ לעק, געפינט ער פאַר זיך אין וואָגן דאָ אַ מין סחורה אַזעלכע, וואָס האָט נישט אין זיינע אויגן קיין שום ווערט. אומזיסט נאָר זיך געשמוצט, געבראָכן די פיס פון זיין געסל אַהער. דאָס בילן זיינס האָט געהייסן אויף היגטיש אַזויפיל ווי געזאָגט: פערדאַק אייגער, אַז אָך און ווי צו דיר מיט דיין סחורה... האַוו=האַוו! טאַקע נאָר אַ פערדאַק ווי דו ביסט קאָן אַזוינס האָבן... האָרך=זשע, זאָג איך דיר, האַוו=האַוו! ווייזטו זיך דערמיט צו אונדז אין געסל, צערייס איך מיט מיינע חברים דיך אויף שטיקער, פערדאַק=דאַק=דאַק!... אונדזער שלימזל, נעבעך, פאָכט מיט די נאָזלעכער, שאָקלענדיק מיטן האַלדז, מיט דעם קאָפּ אַרויף און אַראָפּ, שטשירעט אויס אַן אויג — איז זיך מיישב און קערט זיך אום צום הונט מיט דעם הינטן, ווי אייגער רעדט! נאַ... וואָס וועל איך דאָ מיט דיר טענהן!

די זון, וואָס וויבאַלד זי ווייזט זיך מיט איר ליכטיק פּנים אין שטעטל, שטייט זי סטאַנציע דעם גאַנצן טאָג אויפן שול=הויף, האָט מנחה=צייט, ווי דער שטייגער איר איז, זיך געקליבן פון דאָרט אַהין, אין איר רו אַריין. זי האָט אויסגעשטעלט אַ צורה, נאָר עפּעס נישט די וואָס פריער, געקוקט, געקוקט אויף אונדזער שלימזל, אויף דעם ביידל ספרים, מינענדיק זיך און משונה רויט ווערנדיק, גלייך ווי עס וואָלט איר שטאַרק באַנג געטאָן צעשיידן זיך מיט אַזאַ פאַרשוין און מיט אַזאַ סחורה. און באמת טאַקע, וואָלט אונדזער לייב דער שמייגער געמעגט שווערן, אז איר כיוון אינגאַנצן מיט דעם קומען אירן איז טאַקע נאָר צוליב אים און זיין סחורה, וויטער וואָס גייט זי אָן אַ וועלט. ביי אים פונדעסטוועגן איז דאָס קוקן אירס אַזוי אויף אים גאָרנישט אָנגעלייגט. נאַרישקייטן! קוקעניש=שמוקעניש. וואָס קומט אַרויס דערפון? גאָרנישט! עס ווערט נאָר שטאַרק הייס, אומצוקומען. בעסער טאַקע אַזוי, אַזוי פונדערווייטנס. אצינד פילט מען זיך עפּעס פרישער, מען אָטעמט פרייער, מען ווערט, דאַכט זיך, ברייטער, לענגער — אָט ווי ווייט עס ציט זיך אוים דער שאָטן!...

פון אונדזער שמייגער וואקסט באמת טאַקע אוים פלוצעם א גאנצער עוג מלך הבשן. דער קאָפּ פאַרקריכט אים אויפן דאַך פונעם בית=מדרש און מיט דעם ווידל שפּאַרט ער אָן העט דאָרט אויף אַ שטיבל. אינגאַנצן איז ער עפּעס אומגעלומפּערט, א מין חיה, אַ פאַרזעעניש, גאָר אַנטיק. לאָז דעריבער קיין קשיא נישט זיין, פאַרוואָס האָט די ציג, לויפנדיק פאָרוים דער טשערעדע פאַרביי דעם שול=הויף, זיך דאָ אָפּגעשטעלט און געמאַכט אין איין קול מע — דאָס האָט זי געמעקעט צום גאַנצן עולם בהמות: מע=ע=ע! אַהער, בהמהלעך, זען עפּעס שיינס אויף חידושים.

פריער פאַר אַלע טוען זיך, ווי דער שטייגער איז, אַ לאָז אַהער אויף קבלת=פּנים אַקעגן אַ מנין ציגן מיט אַ ציגענעם שלום=עליכם! דער קהלשער צאַפּ, דער ציגענער פּייגע=בריה, זאָל געזונט זיין, האָט לעת=עתה נישט געקאָנט קומען צום קבלת=פּנים, ווייל ער איז געווען אַ טרוד, פאַרנומען אין עפּעס אַ ווּיכטיקן ענין מיט דעם פּעקל שטאָט=קונדסים, וואָס פאָרן אויף אים רייטנדיק, פירנדיק אים ביי דער נאָז, און מאַכן מיט אים, ווי געווײנטלעך, די קאָמעדיע, די שפּיל.

מע=ע=ע, מאַכן די ציגן, דרייענדיק מיט די וויידעלעך, און שפּרינגען אַרויף פלינק אויף דעם וואָגן, נישט וואַרטנדיק אויף דרך=ארץ, ביז מען וועט זיי בעטן. זיי שמעקן, לעקן, נישטערן, זוכן עפּעס נאַשערייען, צעוואַרפנדיק פּעקלעך ספרים. עס איז אַ שטופּעניש, אַ כאַפּעניש און אַ שפּאַרעניש. צוויי זייערע שטייען איבער אַ ספר, האַלטנדיק אָנגעבויגן די קעפּ, טרעסנדיק מיט די בערדלעך, איינע אַקעגן דער אנדערער און מאַכן באַראַן=בויץ, עפּעס גאָר טאַקע ווי לומדים, להבדיל, בוצקן זיך איבער אַ האַרב שטיקל אין דעם לערנען. דאָס זענען געווען אַפּנים ציגן=בטלנים, וואָס האָבן נישט אינזינען די פּרנסה, צו פאַרזאָרגן די הײם כאָטש מיט אַ קאַפּ מילך, נישטאָ פון זיי, משטיינס=געזאָגט, קיין שום נוצן; דעריבער קאָנען זיי זיך פאַרנעמען מיט אַזוינע זאַכענישן, און האָבן זיך דאָ טאַקע אַוועקגעבוצקעט אַ היפּשע צייט.

אונדזער לייב האָט אינגאַנצן, ווי ער איז מיט זיין שיינער צורה, אויפגעדירט דאָס גאַנצע שטעטל בהמות. עס האָט זיך פאַרברייטערט צווישן זיי וועגן אים עפּעס גאַנצע מעשיות. יענער הונט האָט אָנגעהויבן און די איבעריקע האָבן אים אונטערגעהאַלטן, איטלעכער הונט אויף זיין סמיטניק, איטלעכער אויף זיין שטייגער בילן. דאָס געבילעריי האָט זיך פאַרטראָגן ווייט אין אַלע זייטן שטאָט, זיך אָפּגערופן אין די הערצער פון אַלע מיני בהמות, וואָס לאָזן זיך הערן אויך אויף זייערע קולות, עפּעס נאָר אַ געוואַלד, אַליין נישט רעכט צו ווּיסן וואָס. און בשעת עלטערע קי שטייען ערנסט איבער די מעלק=שעפלעך, צוהערנדיק זיך צום גערויש, צום טומלען דאָרט, נישט מפסיק צו זיין אינדערמיט מעלקן זיך חלילה, לאָזט זיך אַ פאַרשייטע „טעלעצע“, אַ יונגט, אויף טשעקאַוועס צום שול=הויף. אַ רויטער געזונטער בוהיי פאַררייסט דעם עק, מעשה קאַוואַליר, און פון נאָך איר, לויפט, קומט צו לויפן סאַפּנדיק, פאַרקאָכט און נעמט זיך דרייען מיט דער יפהפיה זייגער אַרום און אַרום, ווי אונטער דער חופּה דאָרט.

קליינשטעטלדיקע בהמות, ווי איטלעכער ווייסט, איז זייער לעבן דער שול=הויף, צו פאַרברענגען דאָרט אַ ביסל די צייט; נישט ווי יענע איז די גרויסע שטעט, וואָס קוקן נישט אָן דעם שול=הויף, נאָר זעלטן, אַמאָל אין אַ יאָר, אָדער אפשר גאָר קיינמאָל נישט אין זייער לעבן. נאָר אַזאַ צונויפלויפעניש אַהין, ווי דענסטמאָל, געדענקען אויך די אַלטע=געזעסענע בהמות פונעם שטעטל נישט.

אַז באַטאַגטע קי זענען געקומען, אויסגעמאָלקענע שוין, אויפֿן שול=הויף צו נעכטיקן דאָרט, ווי געוויינטלעך, און דערזען, אַז די ערטער זייערע, אויף וועלכע זיי האָבן פֿון גאַנץ לאַנג אַ חזקה, זענען פֿאַרנומען, בלייבן זיי פֿאַרגאַפֿט, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן, גיי לייג זיך מחילה, אַז דאָ שטייט נאָר אַ וואָגן און נאָך עפּעס אַ מין פֿאַרשוין. — פֿריקרע! גיי רו אין אַזאַ געטומל, אַזאַ חתונה דאָ. פֿע, אַ חרפּה, אַ בושה! אָנרופֿן זיך מיט אַ מו? חס=וחלילה! מו קאָן נאָך הייסן אַזוינס, וואָס פּאַסט נישט פֿאַר כשרע בהמות, צנועות. זאַטשעפּען זיך מיט ציגן — שפּרינגען זיי דיר אויפֿן קאָפּ. מאַכן דער „טעלעצע" אַ קרומע מינע: פֿע, טאָכטער, נישט שיין! — וועט דער בוהיי אָט=אָ דיך דורס זיין. אין=ברירה, זיי שטייען, נעבעך, אויף די פֿיס שטיל, אויסשטעלנדיק די אויגן לעקישעוואַטע אויף אונדזער לייב, שלינגען דאָס שפּייעכץ און מעלה=גרהן. דאָס איז ביי בהמות אַזאַ באַשעפֿטיקונג, ווי זאָקן ארבעטן ביי ווייבער.

נאָר אינמיטן דרינען פֿליט אריין עפּעס א מין ווילדע בריאה, א צעטראָגענער, א מנובל מיט א פֿארוואקסן פּנים און א צעפּאַטלטע באָרד. די צוגעפּלאַטשטע נאָז, עפּעס ווי אויף שרויפֿן — קרימט זיך, קנייטשט זיך, שמעקט, בלאָזט. פֿירקעט ווי פֿון טאַבאַק. ער איז קליין געוואקסן, ברייטער ווי לענגער, אַ קורצפּיסיקער אין תחתונים פֿון האָר, אַראָפּהענגענדיק ווי טריפּעלקעס ביז איבער די קניעס, און א ריח פֿון שוויים מיט נאָך עפּעס אַזוינס, ווי הייסט מען דאָס, גיט זיך פֿון אים מחילה שטאַרק נאָך — דאָס איז ער, זאָל געזונט זיין, דער צאַפּ מיט זיין כבוד אליין! באַלד ביים אָנקומען, פֿונדערווייטנס נאָך, מוט ער זיך א בוק, א לאָז אראָפּ דעם קאָפּ, פֿירקעט, בעבעט עפּעס אונטער דער נאָז, לויפֿט דערנאָך צו העגדום=פּענדום — און בעד=בעד אונדזער שלימזל אונטער דער רעד.

אונדזער לייב שפּרינגט אַזש אונטער פֿאַר גרויס ווייטיק פֿון אַזאַ שלום=עליכם, און עס רייסט זיך אים נישט ווילנדיק אַרויס אַ הירזשע טיף פֿונעם האַלדז, ווי גערעדט מיט פֿאַרדראָס, שטאַרק פֿאַריבל האָבנדיק: אי, פֿע, כ'לעבן!... וואָלט ער געקאָנט מעקען גוט צאַפּיש, אָדער כאָטש אַ ביסל, צאַפּיש כלומרשט הייסט עס, און אויך דאָס לשון פֿון יענע אַנדערע מיני ברואים דאָ, וואָלט ער זיכער מיט זיי זיך אויסגעטענהט, פֿאַרוואָס באַנעמען זיי זיך מיט אים דאָ אַזוי גראָבלעך, וואָלט זיי געפֿרעגט גאַנץ ריין און שאַרף: בהמהלעך! וואָס אַזוינס האָב איך אייך געטאָן? ער וואָלט זיי דערציילט פֿון דער שווערער מי זייַנער מיט דער דאָזיקער סחורה דאָ; פֿון די גרויסע פֿאַרדינסטן, משטייגנס=געזאָגט, דערפֿון, אַז עס קלעקט אַפֿילו נישט אויף אַ בינטל היי זיך זאט אָנצועסן. מען פֿאָרט, מען שלעפּט זיך, מען האַנדלט, האַנדלט און וואָס! גאָרנישט! דאַכט זיך ער שטייט, האַלט זיך אויף די פֿיס, נאָר וואָס ביי אים אינעווייניק, אין מאָגן, טוט זיך, ווייסט קיינער נישט. חוץ אַ ביסל סיטשקע הייַנט פֿרימאָרגנס האָט ער דעם גאַנצן טאָג, אָסור=חזיר, אַפֿילו קיין לעק היי אין מויל נישט געהאַט. ס'איז

אוודאי נישט פאר תענוג. מסתמא שטייט עס מיט דעם פדיון שמאָל, ס'איז דאָ א מכה!...

נאָר דאָס, וואָס אונדזער שלימזל קאָן נישט אַרויסזאָגן מיט דער צונג, גיט ער עס צו פאַרשטיין אויף דעם וווּנק, מיט דעם בליק און מיט אַלע זיינע אברים. זיין אויסדרייען פריער דעם קאָפּ און באַטראַכטן זיך אַליין זאָל אַזויפיל הייסן: האָ! דאכט זיך, אלצדינג ביי מיר ווי עס באַדאַרף צו זיין? א בהמה ווי אלע בה־מות! און פאַרטיק וועראַנדיק דערהמיט ביי זיך, שטרעקט ער אויס דעם ווײדל שווין צו זיי: נאַט זעט, בהמות, הייסט עס, נישט צו פאַרזינדיקן. א בויך איז דאָ: הויט און ביין דאָ, בין א בשר ודם ווי איר אַלע! וואָס זשע ווילט איר פון מיר האָבן?

דער צאַפּ אָבער ווייסט נישט קיין חכמות, פאַרשטייט זיך נישט אויפן ווונק. ער גורט אָן זיינע לענדן, טוט זיך א לאָז ראַפּטעם צו אונדזער שלימזל — און טראַך־טראַך ווי פריער! אַלע בהמות שטייען, קוקן, און עס זאָל זיי דאָס אָנהייבן צו אַרן... דער ליב, נעבעך, לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, מאַכט צו די אויגן, און טיף פונעם בויך רייסן זיך אים אַרויס שטילע זיפצן. אַציגד טוט ער שוין אפילו קיין הירזשעלע אויך נישט, וויסנדיק, אַז עס וועט נישט העלפן.

יאָ, ר' לייב, דו פערדל איינער! עס וועט דיר נישט העלפן, אפילו ווען עס זאָל זיך דיר עפענען דאָס מויל צו רעדן, ווי דיין עלטער־עלטערבאָבע אמאָל — בלעמס אייזל, דיר צו לאַנגע יאָר! איידער דיר זאָל זיך עפענען א מויל, וואָלט פיל בעסער געווירקט זיי דאָס מויל צו פאַרשטאָפּן. דאָס הייסט, ווען אָנשטאָט ביכלעך ביי דיר אין וואָגן, וואָלט געווען דאָ פאַר זיי עפּעס אַזוינס, וואָס צו נאַשן.

ס'איז דאָ אפילו אַ שטיקל פאַרענטפערונג דעם צאַפּ, אַז ער איז גאָרנישט אַזוי גראָב שולדיק. מען באַדאַרף דאָך וויסן, אַז צו זיין א קהלשער צאַפּ איז עס נישט אַזא גרינגע, גומע שטעלע. פאַרגעסט נישט, וויפל ער האָט אויף זיך אַר־בעט. מיט איטלעכן שייגעץ אין שטאָט מוז מען איבערהאָבן געשעפטן, מען מוז אַמאָל אָפּאַרבעטן עסקים אינייגעם מיט ווייסע חברה; צונויפקומען זיך, בוצקען זיך אמאָל דאָ מיט דעם, דאָ מיט יענעם. אומעטום באדאַרף מען זיין; דאָ אין שול, דאָ אין מאַרק, צווישן די זיצעריגס מיט קיישלעך, מיט מולטערס, דאָ מוז מען זיך פון אַלע מלאכות אַראָפּכאַפּן צו דעם, צו יענעם אין גאָרטן אויף א ברכה מאַכן, און נאָך ווי? אומגעבעטן. מאַכט זיך אַמאָל, יענער איז נישט צו־פרידן, באַקומסטו א פּסק, אַזוי אַז דאָס ברכה־מאַכן פאַלט דיר אויס באָקעם. דו לערנסט אמאָל דעם פשט דערפון, יענער אפנים איז נישט געווען צופרידן דער־פאר, וואָס דו האָסט זיך פאַרשפּעטיקט קומען אויף כיבוד צו אים, בכן ווילסטו דאָך יוצא זיין און כאַפּסט זיך אַריין מאָרגן טאַקע אַהין צו אים שוין פריער — הערט א מעשה, איז אויך שלעכט! כאַפּסטו נאָך אָן ערגערן פּסק ווי נעכטן. — יאָ, ס'איז דאָ א סברה, אַז ערשט הייגט, זאָל אים נישט זיין צו קיין בושה, האָט ער

געהאַט זיין ערלעד אויסקומעניש. ער איז געקומען שטאַרק צעדרייט. דאָס ווייַ־דעלע זייַנס איז געווען פאַרקלעמט אין אַ שפּריַיז־העלצל — און ער האָט דעריבער אויסגעלאָזט זיין שווער, בימער האַרץ צו אונדזער שלימזל.

שטייענדיק אַזוי פאַראומערט, דערפילט אונדזער שלימזל פּלוצעם פון הינטן עפּעס אַ וואַרעמען גלעט. עס דאַכט זיך אים: אַהאַ, באַלעבאָס... היי... סימשקע! ער טוט אַ הייב דעם קאָפּ און אַ שטעל אויף די אויערן. וואָס לאָזט זיך אויס? בוידעם! איינע פון די כשרע, באַטאַגטע קי האָט אים מיט דער מאָרדע גאַנץ דע־ליקאַט אָנצוהערעניש געגעבן, ער זאָל זיך מוחל זיין רוקן ווייטער אַ ביסל. און באַלד טאַקע זיך אַנידערגעלייגט נעבן אים אויף נאָכטלעגער, אין דער דעה, מאָר־גן, אם ירצה השם, אויפשטיין כ ל ח ו ד ה ש ו ר, און היידאַ — צו דער אַכילה, אין פעלד אַריין!

די זון פאַרגייט — אין דער ערד מיטן קאָפּ! דער בוהיי שטעלט זיך אין דער מיט שול־הויף, בלאָזט־שופר קול, גראָבנדיק מיט די הערנער אונטער זיך די ערד, פאַררייסט דעם וויידל — זייט מיר געזונט! הייסט עס, און אוועק, אוועק. דער צאַפּ פאַרנעמט זייַנע ציגן און לאָזט זיך מיט זיי צו דער ווייַ־בערשער שול, אהין — אין זיין רו אַריין. די שווארצהנעווודיקע נאַכט, געצירט, געפּוצט אין דעם טייערן שטערנטיכל, ווייזט זיך מיט איר כבוד אין שטעטל — און שא, ערגעץ נישט דאַרט קיין פּיפּס!

— — — מען שלאָפט!

פונדערווייטנס לאָזט זיך הערן טריט, אָט קומען צו גאָענט צום וואָגן פּיס, באַלד שטעקן זיך אויס הענט — און מזל־טוב, מזל־טוב! דער לייב אונדזערער איז אַרייַנגעטאָן מיט דעם קאָפּ אין דער אַלטער טאָרבע, כראָמקעט געשמאַק סימשקע, עפּעס מיט אַ „יהי־רצון", גלייך ווי ער וואָלט געגעסן האָבער.

אבי די טאָרבע סימשקע, אבי עס דערגייט אים די קישקע, פאַרגעסט ער די מריערדיקע צרות. כראָמקעט זיך רואיק, און איז, אז אָך און ווי צו אים, גאַנץ צופרידן!...

ב.

## דאָס תוספות־יום־טוב־קעלבל

דאָס קעלבל האָט אַזוי געהייסן, עס פאַרשטייט זיך, נישט פאַר דעם אַרייַנ־קוקן זייַנס אין דעם משניות מיט דעם תוספות יום טוב אַזוי, אשטייגער, ווי מען זאָגט ביי אונדז אַ האָן קוקט אַריין אין „בני אָדם", אָדער אַ קעלביקער מגיד קוועטשט זיך פאַר אַן עולם. אַזוינע ווערטלעך ווי די, וואָס נישט אויסגעטראַכט, נאָר שטאַמען אייגנטלעך פון אונדזער לעבן, זענען ביי אונדז פאַר בהמות נישט

געזאָגט געוואָרן. מעגלעך אפשר ערגעץ אַנדערש יאָ, ארץ־ישראל־בהמות, אשטייגער, אויף זיי שטייט דאָך געשריבן: „ציון, בד כל בהמה ועוף חכמה!“ ביי דיר, ציון, איז איטלעכע בהמה קלוג. אַן אייזל דאָרט אפילו איז א למדן, גוט און פרום — ווי פנחס בן יאירס, אשטייגער. אין אונדזער ווינקל אָבער זענען בהמות פּאַקע בהמות און קעלבלעך גייען ארום פּוסט און פּאַס.

נאָר וואָס דען? דאָס קעלבל האָט אַזוי געהייסן איבער א מעשה, וואָס איז זיך פאַרלאָפן מיט זיין מאַמען באַלד נאָך דעם קעלבן זיך, און אָנגעמאַכט א רעש, א קאָכעניש אין דעם גאַנצן שטעטל.

די מאַמע זיינע, זאָל זיך דאָרט מיען, איז געווען א שיינע, כשרה בהמה. שיין מיינט מען נישט פשוט שיין ווי יענע קי, האָלענדערקעס, אשטייגער, מיט א שיין פּנימל, פעטע, דיקבייכיקע, מיט גרויסע אָנגעגאָסענע אייטער, די הויט א גלאַטע מיט דעם פוץ און א לאַנגן עק מחילה הינטן ווי א שלעפּע. אדרבא, פאַרקערט, זי, די מאַמע הייסט עס, זאָל זיך איר דאָרט גרינג שלוקערצן, זי איז געווען דווקא א מאָגערע, הויט און ביין, אייטערלעך, מחילה, נישט מער אפשר ווי א כזית, עס האָט זיך עפּעס געבאָמבלט א דאַר שטיקל, עט גלאַט אַזוי זיך. די ייפּע, די פעל הייסט עס, דווקא פאַרשמירט, פאַרשמוצט, פאַרשלומפּערט תמיד, פון הינטן דווקא פאַרקירצט, כלומרשט אַן עק, משטיינס־געזאָגט, — און פונדעסטוועגן נישקשה, כ׳לעבן, ווייט אין דער וועלט צו זוכן נישט געווען איר גלייכן... דאָס שיינקייט אירס איז באַשטאַנען אין מעשים־טובים — אין איר גוטסקייט, שטילקייט און ערלעכער אויפפירונג, דהיינו: זי פלעגט, ווי א יידישע קו, אָפּריכטן גלות, נישט צו האָבן א מקום־מנוחה; פלעגט נעכטיקן, וואַלגערן זיך אויף דער גאַס, זיך קייקלען, האָבן גלגול־שלג ווינטער אויפן שניי, סיידן אמאָל אין די גרויסע ברענענדיקע פרעסט פלעגט מען זי פאַרבעטן אויף נאַכטלעגער אין דעם פינצטערן הויז, וווּ עס האָט זיך געפונען דאָס פעסל וואַסער, די גרויסע, פולע פּאָמעניצע, קלעצלעך האָלץ, פוילע שמאַטעס, גאַנץ אַלטע אי פריש־שמעקנדיקע בלאָטע און מיסט. צום פאַסטן איז זי געווען אַ בריה אין דער וועלט. זי האָט געקאָנט אָפּפאַסטן גאַנצע טעג און גאָרנישט! בכלל איז זי נישט געווען אַזוי אריינגעטאָן אין דער אַכילה, ווי אַנדערע, גוייִשע אַשטייגער, זי האָט אין דעם גוטן יידישקייט ביסלעכווייז זיך אָפּגעוויינט פונעם עסן, אַזוי אַז זי האָט אָנגענומען פאַר ליב כאָטש וואָס ס׳איז און וויפל ס׳איז, אבי יוצא זיין, פאַרשטאָפּן דאָס מויל. פיל יידישע בהמות האָבן דאָך אַזעלכע מעלות, נאָר זי איז זיי אַריבער אַלע.

איינגעהאַנדלט האָט מען זי לכתחילה פאַר א מציאה. עס האָט געהייסן פישש... עס גיסט זיך פון איר — מילך. א בהמה, קיין עין־הרע, א ווילע, גאָר א חריפות. הלוואי מיט מזל, יעלה ויצמח, עס זאָל זיך גיסן, שפּריצן, מען זאָל לעקן דערפון די פינגער! שפּעטער אָבער האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז ס׳איז נישט אַזוי די מעשה. דאָס, וואָס מען האָט פאַרלאַנגט, איז נישטאָ! דאָך זי שולדיק

מאַכן דרינען איינגאַנצן וואָלט געווען אַ גרויס אומרעכט. וואָס איז, זי האָט דען געהאט אין נישט געגעבן? איי וואָס מען האָט זי איינגעהאנדלט אויף דעם תנאי, מען זאָל האָבן פון איר פיל גוטס און נחת — עט, נארישקייטן, נארישקייטן, למאי מען האָט איר אָנגעפייפט אין די מזונות, אין דעם קעסט יעסן כפי התחייבות! עס טרעפט זיך ביי יידן אזוינע זאכן.ביידע צדדים נארן איינער דעם אנדערן אָפּ, נישט אזוי ווי מען זאָגט, ווי מען שטעלט זיך פאָר — און גאָרנישט. אויך באשולדיקן זי פאר דער פרנסה אירער, פאר דעם ארומשלעפן זיך אין מארק צווישן די גויישע פורלעד, א שמעק דאָ, א טאַפּ דאָרט, א שטעק די מאָרדע אהין און כאפּן א לעק — דאָס וואָלט געווים א גרויסע עוולה געווען, וואָרעם אדרבא זאָגט, וואָס זאָל א בהמה נעבעך טאָן ביים אראָפּגיין פון קעסט, אז עס לאָזט זיך איר אוים די מזונות? לייגן זיך, שונאי=ציון, איינדערמיט גאס און פגרן פאר הונגער? לאָז מען זיך מטריח זיין אין א יידיש שטעטל עריגעץ, וועלכעס עס איז, וועט מען זען, אז אלע בהמות ווי זיי זענען זיך מפרנס דאָרט אזוי. און גאָר נאָך אלע גליקן, משטיינס=געזאָגט, אז אונדזערער פלעגט שוין געראָטן א כאַפּ טאָן עפּעס פון אויבן, איינגאַנצן א פעטרישקע, פלעגט עס איר נעבעך באָקעם אויספאלן. זי פלעגט כאפּן ביימשן, קלעפּ ווי האָלץ, וויפל אין איר איז אריין, געשפּעט און לייטישע רייד פונעם גראָבן עולם א צוגאָב נאָך דערצו. וואָס היינט האָבן צו איר געהאט, פאַרוואָס היינט האָבן געהאוקעט, געבילט, זי אָנגעכאפּט, געביסן? — דאָס איז כלל נישט צום פארשטיין; סטייטש, היינט, וואָס לעקן אָפּ א בייגדל, כאפּן שיריים פון יידישע פּאָמעניצעם; היינט, וואָס יידן פארשטאָפּן זיי תמיד דאָס מויל, איר פארשטייט, מיט א שטיקל ברויט; היינט, וואָס ייהן מיידן תמיד זיי אוים דעם וועג מיט אָפּשיי, וואָס האָבן פונדערווייטנס נאָך פאר זיי גרוים דרך=ארץ! נישט מער, גאָרנישט. אויף בילערס איז נישט שייך צו פרעגן קיין קשיות.

מילא, בקיצור, האָט מען דאָ א קלאָרן חשבון פון אונדזער בהמהס שיינקייט, ערלעכקייט. און דאָס, וואָס איר גוטסקייט, שטילקייט אָנבאטרעפט, דערויף קאָנען עדות זאָגן אפשר א האלב שטעטל יידן. פיל מאָל פלעגט זיך מאכן, אין די שטאָק=פינצטערע נעכט, אשטייגער, איז א ייד, נעבעך, געשטרויכלט געוואָרן און ארויפגעפאלן פוץ אויף איר, אויף אונדזער בהמה הייסט עס, וואָס האָט געהויערט אין גאס צווישן די געמארקן. אן אנדערע אויף איר אָרט וואָלט עס זיכער אונטערגעטראָגן: סטייטש, וואָס איז דאָס פאר אַ מאָדע קריכן בייגאכט, און וואָלט אים דערלאנגט א וואָרף פון זיך העט ווייט, צו אלדי שווארצע יאָר. אונדזערע אָבער פלעגט זיך אויפהייבן שא=שטיל, א שטעל געבנדיק זיך ואויף די פיס, און טראָגן דעם פארשוין, רייטנדיק איר אויף דעם רוקן, א שטרעקע וועג, ביז ער איז אראָפּגעפאלן אליין, ברעכנדיק זיך האַלדז און געניק.

אמת טאקע, צו די דאָזיקע אלע שיינע, גוטע מעלות האָט זי געהאט, צווישן

אונדז זאָל עס בלייבן, א ביסל חסרונות אויך. נאָר וווּ איז דאָ א בהמה דורכויס א כשרע, אָן א ברעקל סירכא? באַדארף מען א בעסערן ווי אונדזער בוהיי, אשטייגער, א גדול, א גרויסער, א הדרת פּנים מיט א ברייטן שטערן און א דיק קיילעכדיק בייכל, אָדער הצאַפּ שלנו, א קאַטאָוועס עפּעס אונדזער צאַפּ, אזא פּארנעם, דער גרעסטער צווישן א שטאָט ציגן — און פונדעסטוועגן, זאָל זיי דער שור־הבר נישט שטראָפן פאר די זינד, זענען ביידע דאָס, וואָס מען טאָר נישט זאָגן, נישט דעם, נישט יענעם טאָר מען נישט לאָזן אין שטאָל אָן א שומר.

ווינטער אמאָל, גאנץ פרי, אז איך בין געלעגן איינגענורעט אונטער דער קאָלדרע, פארשלאָפן, נאָכנישט בדעה האָבנדיק אויפשטיין, גיין אין חדר, דערפיל איך, ווי מען וועקט מיך, טאָרעט מיך און איין געשריי: גיכער שטיי אויף, גיכער, גיכער! איך טו מיך, נישט טויט נישט לעבעדיק, א כאַפּ אויף און דערזע פאר מיר מיין שוועסטערל, א מיידל פון א יאָר צוועלף, דאָס פּנימל שיינט איר, די אייגעלעך פינקלען עפּעס מיט א גלאנץ גאָר משונה, דאָס מיילכל האלב אָפן, אויף די ליפּעלעך א פארגליווערט מין שמייכעלע, זי וויל עפּעס זאָגן און קאָן נישט, אזוי פארנעמט איר דער אָטעם, נאָר וואָס זי שטרעקט אויס, ווערנדיק זיך, דאָס הענטל, טייטנדיק אויף עפּעס דאָרט אין דער מיט שטוב — אָ — אָ! איך גיב א קוק — אוי, געוואלד, א קעלבל! און אזוי ווי איך בין, באָרוועס, נאַקעט, אין איין העמדל, האלטנדיק איין האנט אויפן קאָפּ, קיין צייט נישט האָבנדיק אויסזוכן דאָ און אָנטאָן דאָס יארמעלקעלע, טו איך א שפרונג אראָפּ פונעם געלעגער, געשווינד צו אים. די פרייד מיט מיר איז געווען אזוי גרויס, גלייך ווי די וועלט איז מיינע, גלייך ווי אלצדינג אין איר פילט מיין שמחה. עפּעס לייכט די זון גאָר אנדערש, עפּעס איז דער פרימאָרגן מילדער, פריינדלעכער ווי תמיד. עפּעס פילט זיך אומעטום אין דער לופט יום־טובדיק, פול און פול מיט קעלבל. אלצדינג שמייכלט, זאָגט: גוט יום־טוב, מזל־טוב דיר מיטן קעלבל!...

איך זעץ מיך אויף די קניעלעך, א ביסל פונדערווייטנס, און באטראכט מיר דאָס קעלבל. א שיינס, א רויטס, מראה געלכן, אויף דעם שטערן א ווייסער פלעק, ווי א זילבערנע קאָקארדע. גאָר א גאָטס וווּנדער. וואָס ווייטער, ווייטער גיב איך מיר א רוק אונטער, באקוקנדיק זיך מיט אים נעענטער; וואָס ווייטער, ווייטער גיב איך עס א גלעט, דאָ א טאַפּ, דאָרט מיט א פינגער, ארײַנקוקנדיק אים בשעת מעשה אין די אויגן, ביז איך ווער דערמיט שוין א נאָענטער שמועלקע און לאָז אים אראָפּ א גראָבן „שלום עליכם“, אזוי טאקע מיט דער גאנצער האנט, מיט אלע פינף פינגער. דאָס קעלבל האָט, אפנים, נאָכנישט געוווּסט דעם טייטש פונעם „שלום עליכם“, מיט וואָס מען עסט עס, וואָרעם עס האָט זיך געפילט ווי באליידיקט און, צונויפנעמענדיק זיך מיט אלע קרעפטן, געפרוווט אויפשטיין. פריער האָט עס אָנגעהויבן היינטן ארום, פאַמעלעך־פאמעלעך זיך געשטעלט אויף די היינטערשטע פיסלעך, בלייבנדיק אָנגעשפּארט אויף די קני פון די פאָדערשטע, וואָס

נאָך פאַרלייגט אונטער זיך אַזוי, אַז עס איז אויסגעקומען עפּעס משוגה, ווי עס שטייט מחילה ראַקעס. שפּעטער אַ ביסל האָט זיך עס שוין געשטעלט אויף אַלע פיר פיס, וואָס האָבן זיך געשאָקלט ווי פיסלעך פון אַ צעשאָטענעם טיש. פונעם בויך איז אים אַראָפּגעהאָנגען, באָמבלענדיק זיך, עפּעס ווי אַ שטיקל בענדל און אויסגעזען איינגאַנצן מראה לעקיש. אַזוי איז עס שאָקלענדיק זיך, און געלומפּערט, אויסשטעלנדיק אַ פּאָר קעלבערנע אויגן, אַ היפּשע ווײַלע געשטאַנען — און פּלוצעם פאַררייסט עס דעם וויידל און גאַלאָפּ — גאַלאָפּ איבער דער שטוב. עס ווערט אַ רעש, אַ געפּילדער, עס פאַלט אום די מילכיקע באַנק מיט דעם צעבראָכענעם פיסל, עס דערשרעקן זיך די הינער, פליען משוגענערווײַז איבער טיש און בענק, צעבראָכן אַ גלעזל און קערן איבער עפּעס אַ שיסל. די מאַמע בײַ דער קינפעטאָרין, בײַ דער בתמה הייסט עס, דאָרט אין הויז, דערהערט דעם טאַראַראַם, דעם האַרמידער, לויפט אין איין אָטעם אַריין אין שטוב שטאַרק אויפגעבראַכט און לאָזט אויס איר צאָרן צו מײַן קאָפּ:

אוי, אַ טאָג, האָב איך עס געהאַט דענסטמאָל, אַ טאָג פון פעטש און קלעפּ אין דער היים, אין חדר, געלייזט געגנוג, נישט פאַר קיין יידן געדאַכט!

אַוועקגעגאַנגען פון דער היים אין חדר בין איך מיט אַ קאָפּ פול מיט קעלבל. ווען איך האָב באַגעגנט אויפן וועג, האָב איך אָנגעזאָגט די בשורה: אונדזער קו האָט געהאַט אַ קעלבל! פאַר איטלעכן פון מײַנע באַקאַנטע ייִנגלעך האָב איך אָפּגעלויבט אין טאָג אַרײַן דאָס קעלבל, אונטערשמייכלענדיק דערבײַ פאַר גרויס הנאה ווי אַ בעל=שמחה, געמיינט דערמיט — העַ=העַ! לאָזן זיי מיר מקנא זײַן. ווען מיר האָט געטויגט האָב איך צוגעזאָגט ווײַזן אים דאָס קעלבל, איינייגעם מיט מיר זיך דערמיט אַ ביסל אָנשפּילן. בײַ איינעם אפילו האָב איך גענומען פאַרויס אַ פּאָר יונישע מעשענע קנעפּ מיט אָדלערס און אַ יערכן בייטעלע, שווערנדיק אים: „ווי איך בין אַ ייִד!“, אַז דער כיבוד פאַרן ריטנדיק צום ערשטן מאָל אויפן קעלבל געהער אים. עס פאַרשטייט זיך, אַז פאַר גרויס שמחה און אַזויפיל געשעפטן האָב איך מיד פאַרשפּעטיקט קומען אין חדר, און געכאַפּט אַ מיאוסן פּסק.

נאָר פעטש זענען פעטש און קעלבל איז קעלבל. די גמרא ליגט פאַר מיר אָפן און עס קוקט אַרויס פון דאָרט, עס דרייט זיך מיר פאַר די אויגן — קעלבל. עס קריכט, קריכט מיר אין קאָפּ אַ מאָרדעטשקע, אַ שיינס, אַ געטאָקטס, אויערלעך קלייניטשקע, אויפגעשטעלטע, אַ קעפּעלע, אַ העלדזעלע. דער רבי קנעלט, מרוקעט מיט אַ גמרא=ניגון, און מיר אין די אויערן מעקעט די קו נאָכן קעלבל. דער רבי טוט זיך אַ הייב פונעם בענקל — דאָס קעלבל אַ הייב אויף די פיסלעך; דער רבי שטרעקט אויס די האַנט — דעם קעלבל פאַררייסט זיך דאָס שווענצל: האָץ=האָץ=האָץ! און עס פליט אַ פאַטש! דער רבי איז בייז, פרעגט וווּ איך האַלט? איך האַלט מיד בײַ דער באַק. עס האַלט שוין בײַ מקיים פּסק זײַן, איך האַלט עס

נישט אויס. עפנט זיך פלוצלינג די טיר — און עס עפנט זיך מיר ווידער א וועלט. סקאָצל קומט, רביצן! אהא, אָט איז ווידער דאָס קעלבל. די רביצן לויפט ארויס בייז, א קלאפ געבנדיק מיט דער טיר, דער רבי, ארויס פון די כלים, לאָזט אויס זיין שווער ביטער געמיט צו מיר.

אז איך בין יענעם טאָג א לעבעדיקער, א גאנצער אהיימגעקומען, איז טאקע נאָר גרויסע ניסים מיר געשען.

קומענדיק אהיים, איז די ערשטע זאך מיינע געווען — קעלבל. שטיל אויף די שפיץ פינגער האָב איך בשתיקה, ווי א ליבהאָבער צו דער געליבטער, מיך צוגעגנבעט צום קעלבל. די מאמע האָט עס פארשטופט אין א ווינקעלע פאר אַ גוט אויג, מען זאָל עס קיין עין=הרע נישט געבן. אָנגעהויבן האָט זיך ביי מיר, ווי דער שטייגער איז, פריער א קוק, אייגעסן פאר ליבשאפט מיט די אויגן. אין א ווײַלע ארום שוין א גלעט, א טאפ, דערנאָך א האלדזן, אן ארומנעמען, גאָר נפש אחת, און לסוף שוין גראָבלעך מחילה א קוועטש — און מיין קעלבל פון אַ שפרונג אהין=אהער איבער דער שטוב, ווערט עס אן איבערקערעניש, סדום ועמורה, און עס רעגנט אויף מיר פעד און שוועבל, פייערדיקע פעטש הייסט עס, גאָר אַ שרעק!

די ליבע צום קעלבל איז ביי מיר געוואקסן מיט יעדן טאָג און צוגלייך מיט איר די יסורים, הארצווייטיק מיינע, וואָס זי האָט מיר אָנגעמאכט. מיין קינדעריש הערצל איז פארלאָפן מיט בלוט, האָט נישט געקאָנט רואיק, אָן פארדראָס האָרכן דעם שמועס איבער דעם קעלבל, ווי מען וויל עס, נעבעך, קוילען, ווי מען דינגט זיך מיט דעם קצב, מיט וואָס פאר א גרינגע לעבער מען צעגלידערט עס לעבעדיקערהייט, שניידט, טיילט זיין גופל, נעבעך, ווי מען רעכנט אויף די פינגער, אזויפיל פאר זיין פעלכל, אזויפיל פאר דעם פעדער=חלק, אזויפיל און אזויפיל פאר זיין איטלעכס גליד באזונדער. עס שטייט זיך, קוקט אזוי גוט, היימיש, לעקט דער מאמעס האנט אזוי ליבלעך=פריינדלעך, און דאָ שאצט מען אָפּ דעם ווערט פון זיין לעקער, פון זיין צינגל! ס'איז עפעס טאקע א געוואלד, א רציחה! — דענסטמאָל האָב איך נאָכנישט געוווסט קיין חכמות, זיך נישט ארייגעלאָזט אין טיפע חקירות איבער מענטשן, בהמות, גאָר נישט אייגעפאלן מיר אפילו איבערצוטראכטן, אז אין דער פירונג פון דער וועלט קאָן געמאָלט זיין פעלער; אז דאָס אלצדינג, וואָס איז פון גאנץ לאנג שוין אזוי געשטעלט, ביי לייט אָנגענומען, האָט אפשר נישט קיין האפט; אז גרויסע מיט בערד קאָנען גאָר זיין ייִנגלעך; אז חכמות אזוינע און אזוינע קאָנען גאָר זיין נארישקייטן, פילוסופיות — פלוידערייען, גוטסקייט און פרומקייט — אכזריות, ווילדקייט. חלילה! אלצדינג וויאזוי ביי די עלטערן אין שטוב, וויאזוי אין חדר, שול, אין בית=מדרש דאָרט, דאָס איז שבלדיק, רעכט, פיין, ווי גאָט האָט געבאָטן. און אויב מיר איז פריקרע געווען אמאָל, עס האָט מיך עפעס געארט, איז דאָס גאָר געווען גלאט אזוי זיך, בשוגג, אומגערן, גלאט עס האָט זיך אזוי געפילט, גאָר פון זיך אליין אזוי גע=

וואָלט — און דאָס פּלעגט מיך דערנאָך ערגערן, קאָסטן אַ שטיק געזונט, ווייל טאקע אין דעם פּילן, אין דעם וועלן, אָט דריגען, לויט זיי זאָגן, שטעקט דער יצר־הרע. ער גיט עס איין דעם מענטשנס האַרץ חשק, עס זאָל פּילן, עס זאָל וועלן. ולא תתורו אחרי לבבכם — אַ ייִנגעלע זאָל זיך נישט וועלן, האָט גע־טייטשט דער רבי. עס האָט מיר ווי געטאָן דאָס האַרץ אויפֿן קעלבל: געוואַלד אַ רחמנות! עס האָט מיך פֿאַרדראָסן, געבערענט, געבראָטן: געוואַלד, וואָס וויל מען האָבן, געבעטן, פֿון זיין לעבן! און דערביי האָט עס מיך טאַקע געפּיקט, גע־פּיקט: געוואַלד, אַן עבֿירה! אויף וועמען דו האָסט רחמנות און אויף וועמען דו ביסט אָנגעדרודלט, שייגעץ איינער!... איך האָב מיר אָנגעטאָן אַ כּוח אַרויסשלאָגן פֿונעם זינען די גאַנצע מעשׂה מיט דעם קעלבל. איך בין נישט מחויב פֿאַר אים מקריב זיין מיין נשמה, פּרעגלען זיך אויפֿן פֿייער אין גיהנום, נאָר עס האָט אָבער נישט געהאָלפֿן, פֿאַרקערט, וואָס מער איך האָב עס געטריבן, מער איז עס מיר אין קאָפּ אַרייַנגעקראָכן. עס האָט זיך מיר געדאַכט אַזוינס, וואָס אַ שרעק: פֿון איין זייט, דאַכט זיך, אַן אויסגעשטרעקט, איבערגעשניטן העלדזעלע, אַ גיסן זיך בלוט, אַן אַרויסגעשטעקטע צונג, פֿאַרגלייזטע אויגן, אַ כאָרכלען, אַ מאַכן מיט די זייטן, אַ צאַפּלען, אַ וואַרפֿן זיך, אַ דריגען מיט די פֿיס. פֿון דער אַנדערער זייט אַ שוחט מיט אַ פֿרום פּנימל, אַ חלף אין דער האַנט און אַ ברכה מאַכן מיט די ליפּעלעך. איך בין אַרומגעגאַנגען צעקאָכט, ווינד־און־ווי איז מיר געווען פֿון ביידע זייטן, האָב מיך געשעמט קוקן דעם קעלבל און דער מאַמע, להבדיל, אין די אויגן. ווער ווייסט, צו וואָס דאָס וואָלט געפֿירט, ווען עס זאָל זיך נישט געווען אונטערדוקן פּלוצעם עפּעס אַזוינס, אויף וואָס מען האָט זיך כּלל נישט געריכט.

ס'איז אַ ווינטער־נאַכט, אַ פֿראָסט מיט אַ ווינט, אַ פֿראָסט אַ ברענענדיקער, אַ ווינט אַ שטורעמדיקער, עס בלאָזט, פֿייפֿט, ריפּ־סקריפּ, ווי אויף אַ חתונה פֿון טויזנטער רוחות; עס שפּרינגען, טאַנצן זיילן שניי, דרייענדיק זיך משוגענער־ווייז איבער די גאַסן. עס קנאַקן, טראַסקן דעכער, עס הייַלט, וואָיעט אין די קוי־מענס און עס זשומען, צימבלען שויבן אין די פֿענצטער. אויף דער גאַס קיין לעבעדיק באַשעפֿעניש, נישט איין יידישע בהמה, אַלע ווי אויסגערוימט. אין וועלכע ווענען פֿאַרבליבן דאָ, ליגן באַגראָבן, אַז אַך און ווי צו זיי, טיף איבער די אויערן אין שניי. אונדזער בהמה, עפּעס נאָך אַ שטיקל, משטייגס־געזאָגט, קינפּ־טאָרי, האָט אונטערגענעכטיקט אין דעם פֿינצטערן הויז, אין נעץ און שמוץ, וווּ עס בלאָזט פֿון אויבן, פֿון אונטן, פֿון אַלע זייטן; ווו ס'איז אומצוקומען פֿאַר כעלט. און וואָס טוט אַ בהמה? אַ בהמה מעלה־גרהט, חזרט, קייַט איבער אַלץ פֿריערדיקע, שוין האַלב פֿאַרדייעטע, פֿוילע, נמאס־ומאוס געוואָרענע זאַכן, אַז נייע שפּייַז פֿאַר זיך האָט זי דאָך מכּות — און ביים איבערקייַען, קייַכט זי, לאָזט זי שטילע זיפֿצן. די זיפֿצן צעגייען זיך ווייט אַרום און לאָזן זיך פֿילן אויך אין שטוב.

איך מאָרגן גאַנץ פרי האָט מיך אויפגעוועקט פונעם שלאָף אַ ביטער געשריי, אַ יאָמער, אַ קלאָג ווי מען באַווײנט אַ טויטן. — דאָס וויינט, שרייט די מאַמע, וואָס איז? געפגרט די בהמה! דאָס הויזגעזינד איז פאַראומערט, אין שטוב הערשט אַ טרויער, אפילו דער האָן שטייט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, נישט אַרויסגעפירט די הינער זיינע פון אונטער דעם אויוון האָפּערדיק, קוממיות, ווי תמיד. איינע פון די הינער מיט אַן איי פאַדעט, קוואָקעט, זוכט אַן אָרט, וויל זיך לייגן. און נישטאָ ווער זאָל איבערדעקן זי מיט דער זיפּ ווי געוויינטלעך. נאָך איינע פליט אַרויס פון אונטער דעם בעט, הענדוס-פענדוס אויף אַ בענקל מיט אַ פּאַרריסן קעפּעלע, זייער שטאָלץ אין איין קול: מזל-טוב מיר מיט אַן איי, זיך שוין געלייגט אין אַ גוטער שעה! און דער שיינער מאַן, דער האָן, זאָל זיך עס איך איר כאָטש אומקוקן, צוגיין, ווי דער שטייגער איז. אַרונטערנעמען זי אינטער די פליגעלעך קוצעניו-מוצעניו פאַר אַזאַ גוטער בשורה. קיינעם איז נישט אין קאָפּ, אַלע שטייען פאַראומערט, ווייבער, שכנות אויך אינדערמיט. די מאַמע איז מספּיד פאַר זיי די בהמה, דערציילט אירע שבחים, איר קעז און פּוטער, וואָס איך ווייניקסטנס האָב עס אין די אויגן נישט געזען, נאָך מעלות אַזעלכע, אַל דאָס גוטס, פון וועלכע — אַ חידוש כ'לעבן! — איך האָב פריער גאָרנישט געוווּסט, און לאָזט אויס מיט אַ וויינענדיקן ניגון, אַז דאָס איז זי געפגרט פאַר אונדזערע זינד.

— הערט אַ מעשה, — זאָגט זי, פאַרגלאָצנדיק די אויגן צו דער סטעליע, — הערט וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבן! הייַנט גאַנץ פרי, כלחוד השור, אָט די טיר אָט-אָ, פון דער שטוב אין דעם הויז, עפן איך. גיי איך ווי אַ באַלעבאָסטע מעלקן פרי אַריין, דאָס מעלק-שעפל אין דער האַנט. שטרוי צום פרעסן האָט דער באַקאַנטער גוי נאָך נישט געבראַכט. פאַרגעסן. אַ פּראָסט אַ שרעק. צייט מעלקן. רוף איך: מאַין-מאַין-מאַין! זי רופט זיך נישט אָפּ. גיי איך שוין צו גאָענט, אַ ביסל מיט פאַרדראָס, טראַכטנדיק ביי מיר: סטערווע. וויל איך מעלקן — הע-הע, איז זי פאַרשאָטן מיט שניי, אַריינטראָגנדיק זיך ביינאַכט דורך די שפּאַרונעס, די האָר פאַרפרוירן ווי סטרעמפּליעס אויף דעם רוקן. שטעל איך אוועק דאָס מעלק-שעפל, נעם אַ בעזעם, נעם, שאַר, שאַר דעם שניי, און זי, די שפלה, זאָל זיך עס כאָטש רירן. איך גיב אַ קוק — אוי, אַ דונער האָט מיך נישט דערשלאָגן, זי איז טויט! סטייטש, וואָס הייסט? פאַר ווען, פאַר וואָס? פון דער העלער הויט? נישט צום פאַרשטיין. פאַלט מיר פלוצעם איין: אוי, אַ ווייטיק אַ גרויסער, אַ ווייטיק מיינע שונאים! איר הערט, מיר האָבן פאַרגעסן די סעודה, מאַכן נעכטן ווי אַלע יאָר „תוספות יום טוב“! מיין יחוס איז עפּעס אַ קאַטאָוועס. פונעם תוספות יום טוב משפחה שטאַם איך. אין דער מגילה זיינער אויף דעם נס, וואָס אים איז געשען, האָט דער גרויסער צדיק, עליו השלום, באַשווירן זיינע קינדס-קינדס קינדער, זיי זאָלן אין חודש אָדר, נעכטן הייסט עס, מאַכן אַ סעודה,

ווי פורים. וועט עמעצער נישט מקיים זיין, זאָל זיך אים טרעפֿן אַן אומגליק. אָט, האָט איר טאַקע, איר הערט, דאָס אומגליק. דעריבער טאַקע איז די בהמה, סאַנצעלאָמעס, די כּפּרה געוואָרן. וואָס דען? גאָר פּלוצעם, ערשט נאָכן קעלבן זיך, פּגרט עס, אַ בהמה! — —

און אונדערמיט הספּד פֿאַלט אַריין פֿונעם אַלקער דאָס קעלבל. האָץ-האָץ מיט אַ פֿאַררוסן ווידל, אַ פֿאַרוואָרפֿן קעפּל, מע-מע אין איין קול. דאָס האַרץ רייסט ביי אַלעמען אין שטוב, קוקנדיק אויף דער יתומה, נעבעך. אַלע פֿאַרשטייען דעם טייטש פֿון מע, וואָס דאָס מע באַדייט. דאָס מעקעט עס נעבעך נאָך דער ברוסט, עס וויל עסן. דאָס מעקעט עס, בעט זיך צו דער מאַמע, זי זאָל עס אויסצוואָגן, אָפּלעקן מיט דער צונג. ווייבער, שכנות ווישן די נעז, די אויגן, מאַכן פּיסקלעך, און די ליפּעלעך זייערע רירן זיך, גרייט צום רעדן. איינע פֿון זיי, אַ ווילקענערקע, וואָס שיט אין די רייד ווערטער פֿון די הייליקע חכמים, פֿונעם רבינו בחיי, פֿאַרכאַפּט זיך פֿריער און צעלאָזט זיך אין אַ ברייטן שמועס.

— דער וואָס לעבט אייביק, ברוך הוא וברוך שמו, וואָס איך בין נישט ווערט זיין נאָמען צו דערמאָנען — הייבט זי אָן אויף תחינה-לשון, צונויפֿשנירנדיק די ליפּעלעך און קנייטשנדיק אַ פֿרום פּנימל — דער אַלמעכטיקער, וואָס איז געאַכפּערט, געגרויסט צווישן די הערשאַפֿטן מלאכים, די דאָ הייסן חיות הקודש, ער איז גערעכט און זיין משפּט איז גערעכט, כּי מפּני הרעה, פֿאַר די זינד, זאָגן די חכמים, פּגרט אַמאָל אַ בהמה. לאָז זי, די בהמה, זיין אַ קרבן-עולה, מכפּר זיין, רייניקן, ווי די פּרה-אדומה, אייך און כּל-ישראל פֿון אַלע אומריינקייט און פֿון אַלע אומווירדיקייט, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן: אויב די זינד זענען ווי פּורפּיל-רויט, וועלן זיי ווייס ווערן ווי שניי. און אויב אַזוי, אַז דורך אַ פּיך, די בהמה מיינט מען, האָט באַשיינפּערלעך זיך געטאָן אַנטפּלעקן אַזאַ גרויס וווּנדער, וואָלט מיין ראַט, עצה טובה, געווען, דאָס דאָס קעלבל, די פּרוכט פֿון איר מוטער-לייב, זאָל בלייבן די ווידערשפּעניקע קינדער צום אָנדענקען, אויף דעם משונה-ווילדן מופֿת, דאָס זיי זאָלן מער נישט מוטוויליקן, נישט פֿאַרשוועכן די שבועה פֿון פֿאָרכצומע צדיקים. לאָז עס ביי אייך זיך האָדעווען, און דער, וואָס שפּייזט מביצי כינים, פֿונעם קליין ווערעמל ביז דעם ווילדן טיר, וועט העלפֿן עס צו שפּייזן, אַמאָל מיט שאָלעכץ פֿון קאַרטאָפֿל, אַמאָל מיט אַ ביסל קלייען, דאָס אַ ביסל, יענץ אַ ביסל. וואָס קאָן עס זיך אָנזען אין דעם באַלעבאַטישקייט אַ קעלבל: לאָז זיך אייך דאַכטן אַ ישיבה-בחור — נאָך אַ לעפֿל געקעכטס, נאָך אַ שטיקל ברויט, אַ קבצן, אַ קבצן נעבעך. איר פֿאַרשטייט, פֿון אַ ישיבה-בחור, טפֿו, פֿון אַ קעלבל, מיין איך, וואַקסט אויס אַ בהמה, און אַ בהמה איז גוט, תּמיד אָנגעלייגט, ווער שמועסט ביי היינטיקע משוגענע ציטן, און בפֿרט נאָך ביי ייִדן. אָכ-כאָ-כאָ! שפּילט אוודאי אַ גרויסע ראָל אַ בהמה.

אלע ווייבער באַסעוועןן צו. די מאַמע לאָזט זיך איינרעדן. דאָס קעלבל בלייבט לעבן — און מיר פאַלט אַראָפּ א שטיין פֿון האַרצן.

די מעשה מיט דער בהמה, איר אומגעוויינלעכער טויט, גאָר שלא כדרך הטבע, האָט אָנגעמאַכט א רעש אין שטעטל. לייט זענען געקומען אויף חידושים אָנקוקן דאָס קעלבל, עס האָט באַקומען א שם און געהייסן „תוספות־יום־טוב־קעלבל“.

א קעגן א דריי טעג האָט זיך געטראָגן איבער דעם שטעטל א היילן, א רויען, גאָר טויב צו ווערן. דאָס האָבן גערויעט הינט, וואָס האָבן זיך טשאַטעסווייז פאַרקליבן אויפן פעלד, צו טאָן דער בהמה איר רעכט, זיך געריסן, געביסן און מטפל געווען, ווי געהעריק, מיט דער נבלה.

שטאַרק געבענקט די ערשטע צייט האָט דאָס קעלבל, געבעך, נאָך דער ברוסט. מען האָט עס געשטילט אַמאָל מיט א לעמעשקע פֿון קאָרענע קלייען. אַמאָל מיט ברויט א שטיקל, מיט א הויפן היי. ציינדלעך האָט עס געהאַט אכט פֿאָדערשטע, שיינע, ווייסע, נאָך ביים געבוירן ווערן, איך האָב זיי אליין געציילט. עס האָט געגעסן און דאָך צו ווילע אונטערגעמרוקעט. עס האָט אַלץ געסמאָרעט מיט דער נאָז, געזוכט, געשמעקט, און וואָס נאָר איז אים צום מויל געקומען, א האַנטעך, א טישטעך, א זאָק, האָט עס געקייעט. א היטל, א יאַרמעלקע — אויך סחורה. איינמאָל האָט עס שיר זיך נישט דערוואָרגן מיט א טשאָלנט־שמאַטע. א נס, וואָס מען האָט זיך באַצייטנס אַרומגעקוקט, גראָד באַדאַרפֿט ניכער פאַררוקן דעם טשאָלנט. און אויב מען איז פֿון אים דאָס אַלצדינג אויסגעשטאַנען, נישט זיינע פּטור צו ווערן, איז דאָס נאָר געווען אין דעם זכות פֿון דער מאַמען זיינער, זאָל זיך דאָרט מיען. איך איינער האָב עס אמת מאַקע ליב געהאַט טיף פֿונעם האַרצן, עס שטאַרק באַדויערט: א רחמנות, ס'איז געבעך עלנט, א יתום!... האָט מען עס אַמאָל באַליידיקט מיט א קלאַפּ, מיט א זעץ, פֿלעג איך מיך אַרויסשטעלן, זיך אָננעמען קעלבלס קריוודע, און געכאַפּט דערפֿאַר דאָס מייניקע. אָט דאָס האָט מיך נאָך מער צוגעצויגן צום קעלבל, דערפֿאַר וואָס מען איז אקעגן אונדז ביידן געווען גראָב אומגערעכט, וואָס מיר ביידע האָבן געליטן פֿון אַנדערע, שטאַרקערע פֿון אונדז גאָר אומזיסט. נישט אַזוי די באַליידיקונג, די יסורים, דער ווייטיק פֿון קלעפּ האָט מיך געאַרט, ווי דאָס אומרעכט, מיט וועלכעס יענע האָבן עס אָנגעטאָן. — און אַפֿנים ביים קעלבל בין איך אויך טאַקע געווען א שטיקל חשוב. וואָרעם עס פֿלעגט זיך לאָזן גלעטן פֿון מיר ביים קעפּל, אָננעמען ביי די אויערלעך, קוקנדיק דערביי צו מיר מיט א פּאָר אומעטיקע אויגן, לעקנדיק מיך פֿריינדלעך, גלייך ווי עס וואָלט זיך פֿאַר מיר עפּעס געקלאָגט, געוואָלט עפּעס אַזוינס זאָגן. איך ווידער האָב עס, דאַכט זיך, פֿאַרשטאַנען, געפֿילט וואָס אים אַייף דער לונג, וואָס לעקט עס מיך מיט דער צונג.

אָט דענסטמאָל־אָ, דעם קעלבל צו פֿאַרדאַנקען און דעם הויזגעזינדס באַנעמונג אַקעגן אים, איז אין מיר אַריין אַ געדאַנק, נאָר עפּעס ווי אַ דיבוק — אַ געדאַנק, זאָג איך, נישט גלאַט אַ געפֿיל, אַ טונקלס, אַ שטומס, אָן לשון, נאָר טאַקע ריין גערעדט, מיט ווערטער; אַז אַ בהמה, בלוט און פֿלייש, ווי אַ מענטש, האָט אויך, איר הערט? אַ נשמה, ווי ער; אַז אַ בהמה מיט האַרץ, מיט אַלע רמ״ח אבֿרים, לייב־און־לעבן ווי אַ מענטש, פֿילט לייד און פֿרייד, יסורים און פֿאַרגעניגן אויך ווי ער! — שפּעטער האָב איך מיט דעם דאָזיקן געדאַנק מיך אַרומגעטראָגן גאַנץ אָפֿן, אים געלאָזט וואַקסן, וואַקסן, זיך אַרויסזאָגן פֿריי, נישט געהערט אַ וועלט, ביז ס׳איז געקומען אַזוי ווייט, אַז בהמות האָבן אויך אַ לשון, זייער לשון, זייער קוק אויף דער וועלט, זייער מין יושר און דרך־ארץ, זייער פֿאַמיליע־לעבן, אייגענע און קהלשע אינטערעסן, זייערע מיני געבאָט, מנהגים, געריכט, און פּשר טאַקע אויך זייער מין רעליגיע — קורץ, אַלע מעלות און חסרונות ווי מיר, נישט צו זאָגן אַפֿילו להבֿדיל. ס׳איז דאָ אויך צווישן זיי אַלערליי אומות, נאַציעס, מינים הייסט עס, אומות גרויסע, שטאַרקע, געוואַקסנטע מיט גוטע כלי־זיין, וואָס רויבן, רייסן, געוועלטיקן ביד רמה, און אומות קלייניטשיקע, שוואַכע, קריכנדע, פֿאַרוואָגלטע, ביי יענע אין די לאַפּעס. צווישן איין אומה בהמות גופֿא זענען דאָ פֿאַרשידענע קלאַסן: בהמות געהויבענע, זאַטע, פֿעטע, שיינע, ליידיקגייער, געלערנטע, מיט אָנשטעלן, און זיי אַקעגן יענע פּוגעם געמיינעם עולם: אויך־מיר־בהמות, הונגעריקע, דאַרע, אויסגעדרייוועטע, שטענדיק אין דער אַרבעט, פֿאַרגרעבטע, פֿאַרפּיניצטערטע, ווייסן נישט פֿון זייער חיות. עס זענען דאָ צווישן זיי גוטע אי שלעכטע, בייזע אי שטילע, רואיקע, געלאַסענע; פֿוילע אי בריות; פֿאַלשע אי געטרייע; גנבֿים, נאַשערס, פֿרעסערס אי ערלעכע, כשרע, נישט קיין טריפֿהנע העלדזער; עגאָיסטן נישט פֿאַרגינערס, קאַפּאַבל אויף אַלצדינג פֿאַרן אייגן נפֿשל, אי באַרמהאַרציקע, באַרייט זיך מקריבֿ זיין פֿאַר יענעם אין אַ נויט. ראיות דערויף זענען דאָ גוזמא־גוזמאות, גאַנצע פּעק, ס׳איז דאָ אַזעלכע, וואָס איטלעכן פֿאַר דער נאָז, מען פֿאַרשפּאָרט גאָר ווייט צו זוכן. ווער, אַשטייגער, האָט נישט געזען, וואָס פֿאַר אַ מכניס־אורחטע אַ קו איז? אַ מנין בהמות אַפֿילו מעגן אַריינשטעקן די מאָרדעס צו איר אין צעבער, בשעת זי פֿרעסט — און גאָרנישט, זי זאָל עס כאָטש אַ פּיפּס טאָן. אָדער נעמט אַ הונט, אַשטייגער, עס מאַכט זיך אַמאָל אַ הונט קומט אין שטעטל, עס מעג זיך זיין אַן אויסלענדער, פֿון פּרס ומדי, פֿון עק וועלט, בילט ער מיט אַלע גלייך, איין היניטיש לשון, איין דעה — פֿאַני־בראַטצי מיט אַלע זיינס גלייכן, אַ הונט ווי אַלע הינט, פֿאַרשטייען זיך איינער דעם אַנדערן זייער גוט. ואדרבא, איז עס דערזען אָדער דערהערט געוואָרן צווישן בהמות אַזאַ קללה, אַז אַ הונט, אַשטייגער, זאָל מוזן בילן אַזויפֿיל לשונות, וויפֿל עס זענען דאָ מדינות. און דער וואָס בילט היניטיש דאָ, זאָל זיין אַ שטומער דאָרט? יאָ, ראיות זענען דאָ גענוג, איבערגענוג, נאָר דער מענטש אָבער וויל דערפֿון נישט

וויסן. אים איז גלייכער מאכן זיי, די בהמות, פאַר שטיקער פלייש, נישט צוצולאָזן זיי קיין שום פּיצל שכל, קיין שום געפיל. איינגאנצן וואָס זיי לעבן איז נאָר פאַר אים: טויגן זיי אים, הייסן זיי נוצלעכע; אלא נישט, זענען זיי שעדלעכע, איבעריקע אויף דער וועלט. גאָר העט אין די פריערדיקע דורות האָבן מענטשן, ווי עס זעט אויס, זיך אפּנים געשעמט אזוי מיאוס גראָב זיין אקעגן די בהמות, די רציחה צו עסן זיי, געזוכט ארייַנלייגן אין יראת־שמים. עס האָט געהייסן, ברענגען גאָט א קרבן, קוילען זיי לכבוד זיין נאָמען, אים א שטיקל, זיינע „פּריסטער“ א שטיקל, און אגב טאקע דאָס איבעריקע פאַר זיך אליין. — אָט אזוי האָב איך מיט דעם געדאנק מיך ארומגעטראָגן שוין אין די עלטערע יאָרן, אָבער דענסטמאָל, בשעת נאָך א ייִנגל, האָב איך דעם דאָזיקן געדאנק, באלד טאקע ביים געבוירן ווערן, געשטיקט אין מיר ווי א ממזר, נישט צולאָזן אים אויפקומען, הויך א פּיפּס טאָן. לאָזן לייט נישט זען, וואָס פאַר א בחורל איך בין, פאַרקראָכן גאָר צו בהמות און טראכט אזוינס, וואָס מען טאָר נישט. נאט אייך א בעל־רחמים! איך האָב געהאט דערפון פיל צער. נאָר דער יצר־הרע פון רחמנות איז אזוי גרויס, אז עס האָט מיך געצויגן צום קעלבל, און מיר זענען געוואָרן געטרייע חברים!

געטרייע חברים! די דאָזיקע ווערטער וועלן עפּעס קלינגען משונה־ווילד, עפּעס גאָרנישט פאַר דעם מוח. אמת! אזוינע, ווי נאָך פיל אנדערע זאכן אין דער וועלט, זענען נישט טאקע צו פאַרשטיין מיט דעם מוח, נאָר צו פילן באַדאַרף מען זיי מיט דעם הארצן. אוממעגלעך וצו דערקלערן זיך רעכט גוט יענעמס שטייגער דענקען, יענעמס מעשים, נישט צו פאַרזעצן זיך אין יענעמס לאגע — אין זיין צייט, זיין עלטער און זיין אָרט. די צייט יאָרן פון איטלעכס עלטער אין דעם מענטשנס לעבן איז א באזונדערע וועלט פאַר זיך מיט אירע גענג, מיט אירע געדאנקען, פאַרשטעלונגען, וואָס איז גוט, וואָס שלעכט, מיט איר געשמאַק, מיט אירע חפצים — אלץ מיטאנאנדער. ווילט איר אשטייגער דאָס ייִנגל פאַרשטיין, מוזט איר אין דעם ייִנגלס וועלט גיין. איר באדאַרפט זיך פילן, הייסט עס, יונג, עס זאָל זיך אייך דאכטן א ייִנגל מיט די ביינער. דער חסרון איז אָבער, וואָס גרויסע, דערוואַקסענע, צי מחמת א קורצן זכרון, צי מחמת עפּעס אנדערש, באַטראכטן די גענג פון קינדער נישט לויט דער קינדערשער וועלט, אין וועלכער זיי אליין האָבן זיך אמאָל געפונען, נאָר לויט זייער איצטיקער וועלט אין די עלטערע יאָרן. אזעלכע אָבער, יונג־אלטע, געמלעד, וואָס וועלן זיך אראָפּלאָזן צו מיר, אין מיין דענסטמאָליק וועלטל און מיך גוט פילן — פאַר זיי וועט דער גאנצער שמועס מיינער דאָ גאָרנישט זיין אזוי פרעמד. דענסטמאָל האָב איך מיר אלצדינג נאָך מיין שטאנד זיך פאָרגעשטעלט. עס האָט מיר זיך געדאכט, אז ווי דאָס שטעטל מיינס, אזוי איז די גאנצע וועלט. איין פּנים, איין שטייגער פירונג, מענטשן, בהמות — אלע גלייך, וואָס מאכט עס אויס? מענטשן, ייִדן הייסט עס,

דאווגען, זאָגן תהילים, לערנען משניות, א בלעטל גמרא, זיצן אין קליטלעך, גע־נעצן, פאַלעבעגדיען זיך אַרום, באַשטעלנדיק זיך מיט שטעקנס, שטעקעלעך אַלער־ליי. ייִנגלעך גייען אין חדר, קעלבלעך, בהמות אין דער טשערעדע. דער רבי מיט דעם קאַנטשיק, דער פּאַסטעך מיט דער בייטש. איין רפואה צו אַ פּאַטש, צו אַלע ווייטיקן איז דאָס שפּילן זיך מיט חברים. אַ ייִנגל, אַ קעלבל, וואָס מאַכט עס אויס? אַבי אַ לעבעדיק באַשעפעניש. זאָל מען, אַשטייגער, האָבן די זכיה געפינען חן בײַ אַ ליאַדע הינטל אין די אויגן, עס זאָל פּאָלגן, בילן, אָנפאַלן, אַז מע הייסט, איז מען גרייט אים נישט נאָר דעם מיטיק, אַפילו די נשמה אים אויך אַוועקגעבן. חבר זײַן מיט אַ הונט איז אַ גרויסער, גרויסער יחוס...

נישט דאָס בין איך אויסן.

ס'איז נאָך פּסח. אויס בין־הזמנים. מלמדים נעמען זיך קנעלן, אײַנלעבער מיט זייער חדר, און דער פּאַסטעך מיט זײַנע בהמות. באַהעלפערס שלעפּן, טראָגן, ווי דער סדר־העולם איז, פּיצלעך קינדער, שלאָפנקע אויף די פּלייצעס אין חדר אַרײַן און דאָס קעלבל אונדזערס, אַ געזונטס, נישט קליין צו לויפן מיט די פיס־לעך אַליין, בלײַבט גאָר איבער — אַ חידוש כ'לעבן — אין דער היים! עס גייט אַרום בטל. פאַרוואָס? — ס'איז נאָך צו יונג צו טרײַבן עס אין דער טשערעדע, זאָגט דער פּאַסטעך, עס וועט נישט פאַרזאַמען די תורה זײַנע: מעלה־גרהן, מאַכן מיט דעם מויל, נישקשה שפּעטער אַ ביסל אויך. לעת־עתה, זאָגט ער, זאָל זיך עס מגדל זײַן אונטער אַ היימישער השגחה ביז דער רעכטער צייט. אין־ברירה, דאָס קעלבל בלײַבט, נעבעך, און גייט איבער אויף אַ סך הענט. קיין האַניק דערפון האָט עס נישט געלעקט. די מאַמע ווײַזט אים אַ היי אין סידור; דער פאַרשטאָפּט אים דאָס מויל מיט שהי־פּהי; יענער לערנט דאָס דרך־ארץ — און פון די פיל טובות איז עס, נעבעך, שטענדיק הונגעריק, שטאַרק פונעם לייב אַראָפּ. אויף זײַן גליק האָט זיך בײַ מײַן מלמד אויסגעלאָזט די תורה פאַר מיר. איך הייב אָן דער־ווײַל צו לערנען, הייסט עס, אין בית־מדרש אַליין פאַר זיך. מען פאַרלאָזט זיך, הייסט עס, אויף מײַן יושר, און די השגחה איבערן קעלבל גייט מיט דער צייט אי־בער אינגאַנצן מיר אין די הענט, איך ווער עס דער מדריך זײַנער און אַ גוטער שעה!

עס עפנט זיך פאַר אונדז ביידע אַ נײַע וועלט — אַ וועלט אַ ליכטיקע, אַ שיינע, אַ פרײַע, וואָס נישט איך, נישט דאָס קעלבל האָבן זי ביז אַהער, ליגנדיק פאַרשפּאַרט אין חדר, אין שטעלכל, קיינמאָל נישט אָנגעקוקט. לכה דודי! — זאָג איך, אָננעמענדיק דאָס קעלבל בײַם שטריקל, וואָס אים אַרום דעם האַלדז — קום מײַן פרײַנד, נצא השדה, אַהין אויפן גרינעם גראָז.

איי־איי, איז עס דאָרט גוט, מחיה! עס לעבט, עס רירט זיך אַרום און אַרום. גאָטס באַשעפעניש, וואָס ביז אַהער גאָר ווילד פרעמדע פאַר מיר, פייגעלעך אַלער־ליי, מיני זשוקלעך אַזוינע, היישעריקן, גרילן אַזוינע און אַזוינע, פליען, שפּרינגען

הויך אין דער לופֿט, אי אונטן צווישן דעם גראָז לעבעדיק פֿריילעך, מיט א געזענ=
גערײ, א זשוזשערײ, א צימבלערײ. עס הערט זיך א קאָנצערט, עס פֿילט זיך
ריחות פֿון בשמים, עס שימערט אין די אויגן פֿון בלומען כל המינים קאָלירן. עס
אָטעמט זיך עפּעס אזוי גרינג, אַזוי פֿרײ. עפּעס טוט עס מיך אינעווייניק א ברי
— האָפּ=האָפּ=האָפּ! טו איך א שפּרונג, קוליע מיך פֿאר גרויס פֿארגעניגן עטלע=
כע מאָל איבער און צי מיך אויס אויף פֿריש=ווייכע מאָך מיט דעם בויך ארויף. די
ליכטיקע זון קוקט מיר גלייך אין פּנים אריין, שיינט, שמייכלט, ווי גערעדט: איאָ,
יינגעלע, גוט?

עפּעס גאָר נישט ווילגדיק, ווי פֿון זיך אליין, עפֿנט מיר זיך דאָס מויל און
אַ יקום=פּורקן=ניגון לאָזט זיך הערן אויף אַ וויינענדיק=קווייטשענדיק בײַקולכל. דאָס
קעלבל קוקט זיך מיר אום און מאכט: מע! עס האָט אזויפֿיל געהייסן: שא, שא,
וואָס איז?...

איך טו מיך א כאַפּ — הא! וואָס איז, רב יידעלע, באמת דאָ אזוי דאָס גע=
ווין? שפּײַ אויס, און בלייב שטום.

דאָס קעלבל פֿארטיפֿט זיך אין דעם עסן געשמאק מיט כוונה. איך קוק, קוק
פֿארטראכט און עס קומט פֿאַר יעקב=אָבינו, ווי ער פּיטערט די שאָף ביי לבן=
ארמי, עס דאכט זיך מיר אויך דאָס גוטע באַגעגעניש זיינס מיט רחלען ביים
ברונען דאָרט, ווי זיי קושן, האלדזן זיך פֿאר גרויס ליבשאַפֿט. עס טוט מיך אי=
בעווייניק פֿלוצלינג עפּעס א פּיק — און בלייב ליגן עפּעס ווי אָפּגעקאָכט.

דאָס איז געווען א פּיק פֿון יצר=הרע. דאָס האָט ער מיר געגעבן אָנצוהע=
רעניש אַקעגן אַ שכנס אַ מיידל, זייער אַ שיינס, מיט וועלכן איך פֿלעג מיך
תמיד שפּילן, און פֿלוצעם זיך אָנגעהויבן שעמען, רויט ווערנדיק ביים באגע=
געגען זיך מיט איר, נישט רעכט צו וויסן פֿאַרוואָס. היינטיקער פּיק אָבער האָט מיר
געגעבן גוט צו פֿאַרשטיין אַלצדינג, ס'איז מיר טאַקע גוט אין טעם אַריין — און
איך האָב דערפֿון גרויס צער געהאַט. דער יצר=טוב האָט מיר דערנאָך געגעסן:
זעסטו, בחור, אָט דאָס האָסטו איר, פֿון דער נאַטור דיינער, ווי הייסט מען עס!
זי, די שיינע נאטור, משטיינס=געזאָגט, מיט איר פּוץ, מיט איר חן, אָט די מכשפה=
טע גיט עס איין אַ מענטשן מיאוסע געפֿילן, אַזוינע ווי דיר אַצינד. נאַטור=שמור,
שיינקייט — שמיינקייט — פּע!... אין בית=מדרש אַריין, שייגעץ איינער!

עס פֿאַרשטייט זיך, דאָס קעלבל געבעך האָט פֿון אים זיך אויך נישט גע=
נאַרט. „סטייטש, סטייטש, א יידיש יינגל און א קעלבל!! א שייגעץ ביסטו דען,
שייגעץ איינער?!“

דער יצר=הרע אָבער איז, נישקשה, קלוגער פֿונעם יצר=טוב, אויך פֿיל שטאַר=
קער פֿון אים. קוים איז אַ יינגעלע אַרויס פֿונעם אונטער=אויוון, געשטעלט אַ פֿי=
סעלע אין גאַטס שיין פֿריי וועלטל, אַ קוקעלע געטאָן דערויף און ס'איז אים
אריין אין טעם, הע=הע! וועט אים שוין שווער זיין זיך אומקערן צוריק; וועט עס

פון אַ מינדסט שטופּעלע זיך רוקן, רוקן ווייטער, ווייטער, און דערנאָך — וועט עס גיין ווי אַ פּוטער, גאָר פון זיך אַליין.

איך בין געגאַנגען, וווהין? עס פאַרשטייט זיך אַהין, אין דעם פרייען פעלד, איך מיט דעם קעלבל טאַקע.

אָנגעהויבן לכתחילה האָבן מיר די פּיטערונג מיט דעם גרינעם באַרג, נישט ווייט פונעם שטעטל, דערנאָך האָבן מיר זיך פאַרקליבן העט ווייט, אויסזוכנדיק אַ וווּנדער שיין אָרט, נאָר אַ געמעל. לאָז זיך אייך דאַכטן אַ וואַלד. ביימער־סאָסנעם געוויקסיקע ציען זיך ווי אַ סטרונקע גלייך, הויך אין הימל אַריין, אונטן גלאַט, נאַקעט און אויף די קעפּ גרינע היטלען־קאַפּעליושן א ים, צווישן וועלכע עס ברעכן זיך דורך שטראַלן ליכטיקע פון דער זון און באַלייגן דאָס ריינע סאַמעטענע גראָז ווי ביי די פּיס מיט העלע פאסן גינגאָלדיקע. פאר דעם וואלד שטייען קליינע געדיכטע וועלדלעך פון נידעריקע, יונגע פרישע זאַפטיקע ביימלעך כל־המינים, צעוואָרפן דאָ, דאָרט, אויף א היפשן, פרייען, מיט גרעזלעך און שמעקנדיקע קרייטעכצער באַוואָקסענעם פּלאַץ. פאָרנט צו ציען זיך פון אים, פונעם פּלאַץ, אַוועק פעלדער תבואה העט לאַנג, נישט צו פאַרנעמען מיטן אויג, און אים ביי דער זייט לאָזט זיך די גאַנצע געגנט אַלץ נידעריקער־נידעריקער אַראָפּ אין א טאָל, וווּ עס שפרודלט, ריזלט א ריין־קלאָר וואסערל לעבעדיק־שפּילנדיק ווי אַ קינד. דאָ באַהאַלטנדיק זיך ערגעץ צווישן געדיכט פאַרצווייגטע ווערבעס דאָרט, דאָ אַ ווייז געבנדיק זיך ווידער, לויפנדיק־שפּרינגענדיק באַרג אַראָפּ פון שטיינדלעך אויף שטיינדלעך, האַלטנדיק אין איין מאַכן בול־בול־בול! חוץ מיר און דעם קעלבל נישטאָ דאָרט קיינער. נאָר וואָס אַמאָל טראָגט דער גוטער יאָר אָן עפּעס אַ פויגל, שטעלט זיך אויף אַ צווייגל, וואַרפט אויף מיר בגנבה אן אייגל, וווּנדערנדיק זיך, ווער עס זאָל זיין אָט דער מין נפש, טוט באַלד טאַקע אַ בוק מיטן קעפּל, אַ טרייסל מיטן ווײדעלע, אַ מאַך מיט די פליגעלעך און — זיי געזונט! אַוועק, אַוועק... אָדער אויף יענער זייט טאָל אַקעגן לאָזט זיך אַמאָל אַראָפּ א בושל, טוט זיך אַ שטעל אויף די לאַנגע, רויטע פּיס, אויסשטרעקנדיק אין דער הייך דעם לאַנגן זילבער־ווייסן האַלדז מיט דעם רויטן פּיסק, שטייט אַזוי אַ ווײלע קיין ריר זיך נישט צו טאָן. פּלוצעם קליפּ־קלאַפּ, קלאַפּ־קליפּ מיט דעם שנאָבל און — מאַרש, מאַרש איבער דעם זומפּ. צייטנווייז פאַרטראָגט זיך אַ ווידערקול ערגעץ אין דעם וואַלד, אַ געקלאַפּערײ פון פורלעך אויף דעם וועג דאָרט.

איך ליג מיר מחילה צעלייגט, שמאָכנדיק פאַר גרוים פאַרגעניגן, קוק אויפן קעלבל און טראַכט: אז ווייל איז אונדז ביידע! ביידע האָבן מיר איינער דעם אַנדערן צו פאַרדאַנקען דערמיט, וואָס מיר זענען דאָ. ווען נישט איך, וואָלסטו אַצינד געהינעט אין שטאַלכל, און ווען נישט דו, וואָלט איך אַצינד געהינעט אין בית־מדרש.

אַט אַזוי פֿלעג איך פֿאַרברענגען אַ שטיק טאָג, שעפּנדיק נחת פֿון גאָטס װעלטל און פֿונעם קעלבל, װאָס האָט זיך שטאַרק צוגעלאָזט צו מיר, געװאָרן מיט מיר, װי מען זאָגט, פּאַני-בראַטצי. מען האָט געמעגט אָנקוקן אויף חידושים מיט װאָס פֿאַר אַ שמחה עס האָט זיך געשפּילט מיט מיר, מיט װאָס פֿאַר אַ קעלבערנער התלהבות עס האָט זיך געלאָזט לויפֿן, אונטערהייבנדיק דעם הינטן, מחילה, אַזוי זיך פֿלוצעם, װי עס מאַכט זיך אַמאָל ביי אונדז יידישע קינדער, עפּעס גאָר פֿון דער העלער הויט. טאַקע נאָר עפּעס װי אַ קינד צו דער מאַמען, פֿלעגט עס אַמאָל אויסשטרעקן דעם האַלדז, אָנבייגנדיק צו מיר דעם קאָפּ, װי געזאָגט: נאַ, קראַץ מיך! אין פֿאַרלויף פֿונעם זומער זענען מיר ביידע װי איבערגעביטן געװאָרן. דאָס קעלבל האָט אויף זיך גענומען לייב, ס'איז אים אויסגעקראָכן די האָר און באַקומען אַ נייע גלאַנצנדיקע הויט. איך בין אויך געקומען צו די קרעפֿטן, באַקומען גאָר עפּעס אַ נייע הויט און זייער אַ שטאַרקן אַפּעטיט. דאָס לערנען האָט ביי מיר דענסטמאָל אַזאַ טעם געהאַט װי ביים זאַט קעלבל קומענדיק פֿונעם פֿעלד האָט אַ טעם געהאַט שטרוי, קאַרטאָפֿל-שאָלעכץ — עט, גאָרנישט, קיי-שפּיי!...

— מילא װעגן דעם קעלבל איז שוין נישטאָ װאָס צו רעדן, מען האַלט שוין דערמיט אויף אַ שטייגער — עס װעט, אם ירצה השם, אבי געזונט, זיין אַ בהמה. די שאלה אָבער איז אַציינד: בחור! װי האַלט מען מיט דיר? אַט קוק דיך כאָטש אָן, דאָס אויסזען דיינס. גאָר נישט דאָס איידלקייט, דאָס יידישע פּנים װאָס פֿריער. אַ פּנים, משטיינס-געזאָגט, אַ רויטס, עפּעס איינגאַנצן מגושם גראָב, געזונט עשו! אַז עסן אַ ביסל, עפּעס גאָר געפֿרעסן, באַהיט זאָל מען װערן! אַט דאָס האָסטו דיר, בחורל, פֿון דיינע פֿעלדער, דיינע װעלדער. װאָס דען, גוטס קאָן דערפֿון אַרויסקומען?...

אַזוי האָבן זיך געװענדעט צו מיר מיט אַ מוסר מיינע היימישע, מיך געפֿרעגט און געענטפֿערט פֿאַר מיר, זיי טאַקע אַליין:

— איין מיטל פֿאַר דיר, בהמה איינער, עס זאָל אויס דיר װערן אַ לייט, איז נאָר די ישיבה. קיין אַנדער תכלית איז גאָרנישט געמאָלט.

עס האָט מיר האַרציק באַנג געטאָן שיידן זיך מיט דעם קעלבל, מיט גאָטס װעלטעלע דאָס שיינע, װאָס האָט מיר אַריינגעגעבן אַ נייע נשמה; נאָר װער װיל עס נישט װערן אַ לייט, קומען צו אַ תכלית? אַך, רבונו-של-עולם, האָב איך ביי מיר געטראַכט, עס זאָל מעגלעך זיין אַריבערצופּעקלען אַהינצו, אין דער ישיבה, אַט דאָס אַלצדינג, דאָס קעלבל אַהין אויך טאַקע!

דאָס לעבן מיינס אין דער ישיבה, אָדער בעסער צו זאָגן דאָס װאַלגערן זיך מיינס דאָרט, איז אַ װילד-פֿרעמד אָרט, פּאַסט נישט אַהער צו דער מעשה. דער עיקר איז דאָך די מעשה מיט דעם קעלבל, איך שלעפּ מיך נאָר װי אַ צוגאָב אים נאָך, נישט מער, גלאַט, אַז ס'איז שוין געקומען צו רייד, מוז איך כאָטש זאָגן עטלעכע װערטער. יאָ, אמת, די ישיבה טאַקע װירקט! במשך פֿון אַ קורצער צייט

האָט זי אויס מיר געמאַכט אַ נפש מיט אַן אויסגעווייקט פּנימל, מיט העוויות און פּאָסטעמקעלעך, וואָס האָבן געהאַט דעם זיבעטן חן. וואָלט איך, ווי אַנדערע, זיך געווען אוועקגעוואַלגערט יאָרנלאַנג דאָרט, איז גאַנץ זיכער, אַז זי וואָלט אויס מיר געמאַכט אַ ליט, טאַקע וואָס ליט הייסט, לכל הפּחות נישט ערגער פון יענע אַלע אונדזערע שיינע לייט, וואָס זענען איר אַרבעט, איר מלאכה. נאָר אָמנם חטאָתי! מיר געשטערט דריינען האָט זייער פיל דער יצר־הרע. ער אין דער געשטאַלט פון עם קעלבל און פון דער יפת־תואר — די נאַטור די שיינע, ער האָט עס מיר פאַדרייט דעם קאָפּ, נישט לאָזנדיק מיך ווערן אַ כלי שלימה. אָנקוקנדיק פאַר מיר די קלויזניקעס, די ישיבה־בחורים האָט זיך מיר געדאַכט — קעלבל. פלעגט איינער, ווי דער שטייגער איז, זיך קראַצן — אָט אַזוי האָט זיך געקראַצט דאָס קעלבל. פלעגט איינער א האַרב שטיקל עפּעס אין דעם לערנען א מאָל צען איבערקייען — אָט אַזוי האָט געקייעט, געמעלה־גרהט דאָס קעלבל. האָט איי־נעם, ווי געווייגטלעך, „געפעלט אַ טאָג“ און נישטאָ וואָס צו קייען, ער האָט גע־הונגערט, געלעכצט, געבעט, נאָך א שטיקל ברויט — אָט אַזוי האָט די ערשטע צייט געהונגערט, געלעכצט נאָך דער ברוסט דאָס קעלבל. הכלל, איטלעכע תנועה זייערע האָט דערמאָנט קעלבל. אומעטום איז פאַר די אויגן מיינע גע־שטאַנען דאָס קעלבל. און וואַלגערנדיק זיך אין דער ישיבה, גלייך אַנדערע דאָרט, אַמאָל אויף א האַרטער באַנק, אַמאָל אויף דער ערד, א קולאַק צוקאָפּנס, עס שטינקט, מחילה, וואַנצן, פליי בייסן — אָט דענסטמאָל גראָד, הערט א מעשה, פלעגט זיך מיר עפּעס אין די געדאַנקען וואונדער־שיינע פּאַנאָראַמעס: ביימער, תבואות, בלומען, בערגלעך, טאָלן, אַ גילדענע זון און אַ ריינער בלויער הימל, אין קאָפּ שפּילט מיר אַ טשיזשיק, אין די אויערן זשוזשעט מיר אַ זשוקל, אין נאָז פאַרגייען מיר ריחות — דאַכט זיך בשמים... צוקאָפּנס, דאַכט זיך מיר, פון מאַך א קישעלע און עס קריכן אויף מיר, דאַכט זיך, משה רבינוס פערדעלעך. עס ציט מיך, ציט ביי דער נשמה אַלץ אַהין, אַהין... נו, אַ יצר־הרע! — —

און אַמאָל פלעגט עס מיר טאָן א טראָג אויף, עס פלעגט דערוועקן זיך אין מיר הייסע געפילן, עס האָט געקאָכט, געוויינט אין מיר דאָס האַרץ אויף מיר, אויף מיינע חברים, יידישע קינדער:

אך, ברידער, אין דער פרעמד פאַרוואָגלטע ברידער, אַז אָך און ווי צו אונ־דזערע „טעג“, צו אונדזערע יאָרן! גענוג אָנגעלערנט זיך אויף דער ערד, לעבע־דיקערהייט זיך דאָ צו באַגראָבן, שווארצן דאָס פּנים, זיך לאָזן בייסן פון פליי, פון וואַנצן, אין דער ערד זענען מיר, אין דער ערד איז אונדזער לערנען...

נאָר מיינע חברים ארום מיר ליגן ווי דערהרגעטע. שלאָפן! — איך אייגער בין וואַך, בייז, טראַכט וועגן זיי עפּעס אַ שרעק און באַלד האָב איך חרטה, גוויין שטילערהייט:

ברידערלעך, זייט מיר מוחל, וואָס איך בין פֿונגע אייער כבוד מיט אַ בייזן געדאַנק, מיט אַ שלעכט וואָרט אַמאָל. אַ גאַנץ רחמנות נעבעך אויף אייך — שלאָפֿט, שלאָפֿט געזונטערהייט!...

„מאַמע=לעבן! — שרייב איך אין אַ שיינעם זומער=טאָג אַהיים צווישן אַנדערע זאַכן. — נעכטן איז ביי אונדז געווען אַ סיום אויף „ביצה“! איך באַגער, נישקשה, לערנען, האַלט שוין, ברוך=השם, אויף אַ שטייגער... נאָר וואָס דען? שטאַרק אַהיים בענק איך, נאָך דיר, מאַמע, נאָך איטלען (נאָכן קעלבל האָב איך מיך געשעמט צו זאָגן). אוי, לאָז מיך אויף אַ פּאָר טעג קומען אַהיים! עס וועט קיין הוצאות נישט קאָסטן. איך וועל גיין צופֿוס. נישקשה, וואָס איז? אַלע בחורים ביי אונדז גייען צופֿוס. און נאָך וואָס פֿאַר אַ מין גיין — באָרוועס. מיט דעם שטעקן אין דער האַנט און דאָס פּעקל אויף די פּלייצעס. אַקעגן אַ ח"י גראָשן פֿאַרמאָג איך טאַקע במזומנים, נאָך פֿון פּורים, פֿאַר לייענען די מגילה דער קעכנע דאָרט, ווו איך עס שבת, און פֿאַר אָפּטראָגן פֿונעם באַלעבאָס משלוח=מנות צו זיין מחותן. לאָז מיך„ מאַמעניו, אוי, איך בעט דיך!“.

און נישט וואַרטנדיק אויף תשובה, לאָז איך מיך שפּעטער מיט עטלעכע טעג, אַזוי ווי איך שטיי און גיי, אין וועג אַריין, עס פֿאַרשטייט זיך צופֿוס. אויב ס'איז נאָך געמאָלט אויף דער וועלט אַ גליק, און געווען איז דענסטמאָל איין גליקלעכער מענטש אויף איר, איז דער איינער געווען איך. עס פֿאָרן דאָך סוחרים אין בוידן, פּריצים אין קאַרעטעס, אָבער וואָס פֿאַר אַ טעם האָט דאָס פֿאָרן זייערס אַקעגן דעם צופֿוס גיין פֿון אַ ישיבה=בחור ווי איך, וואָס רייסט זיך אַרויס פֿון שימל, אַ דערשטיקעניש, אויף דער פֿרישער לופֿט, פֿון אַ פֿינצטערער מרה=שחורה דאָרט, אויף דער פֿרייער ליכטיקער וועלט; וואָס ווערט עפּעס, ווי פֿון טויט לעבעדיק? אַרויסגעגאַנגען בין איך גאַנץ פֿרי, געגאַנגען מיט זייטנוועגלעך צווישן ווייץ און קאָרן דעם גאַנצן טאָג, אונטערשפּרינגענדיק פֿאַר פֿרייד, אויך אונטערזעצנדיק זיך אַמאָל, און געקומען אַהיים בין איך מנחה=צייט, ווען בהמות קומען צוריק פֿונעם פֿעלד.

מיין קעלבל, זע איך, איז הע=הע, אָן עין=הרע, א קאַלב. עפּעס א גאַנצע יפֿהפֿיה! צוויי ביקלעך קאַוואַלירן פֿירן זי אָפּ אַהיים, אַזש ביז צום פּלויט פֿונעם טאָרטן הינטער דער שטוב, שדכנען זיך, אונטערלעקן זיך צו איר, אַרויסווייזנדיק דרינען גרויסע בריהשקייט, און הענגען זיך פּשוט אויף איר. איך בעט מחילה די פֿיינע חתנים, פֿאַרטרייב זיי מיט א שטעקן און גיב מיך א שטעל דער כלה מיינער גלייך איר אַקעגן פּנים. — שלום עליכם, קעלבל! מאַך איך און וויל עס אַ גלעט טאָן. עס בייגט אָן דעם קאָפּ, נישט אָנצוקוקן מיך, אויסשטעלנדיק מיר א פּאָר קליינע, שפּיציקע הערנער, ווי געדערדט: אָן הענט! וואָס פֿאַר א מחותן מיט מיר, מיך צו גלעטן, ביסטו, פֿעטער? — עס פֿאַרדריסט מיך טאַקע א ביסל,

נאָר, נישקשה, טראַכט איך מיר, מען באַדאַרף זיך פּרוּוון גאָכאַמאָל. — מאין=
מאין=מאין! זאָג איך, האַלטנדיק דער יפהפיה פאר דער נאָז, אביסל פונדערווייטנס,
א הויפן גראָז. — נא, הייסט עס, א מתּנה פון מיר! זי שמעקט, סמאָרעט מיט
דער נאָז, אָנקוקנדיק מיך פאַרוווּנדערט, גלייך ווי געזאָגט: עפּעס קענטלעך! דאַכט
זיך דער, און פאָרט נישט דער. — האַ, נישט דערקענט? איי=איי! שמייכל איך אַ
ביסל מיט תּרעומות, מיט גאַל הייסט עס. און קוקנדיק אַ ווײַלע אַזוי אויפן קעלבל,
ווי שיין, געזונט, באַלייבט, ווי לעבעדיק פריש עס זעט אויס; פאַרגלייכנדיק אים
אַקעגן דאָס דאַרע, קוואַרע לייב מײַנס, דאָס בלייך אויסגעוויקט פּנימל מיט דער
גאַנצער ישובה=בחורישער געשטאַלט מײַנער, משטײנס געזאָגט, כאַפּט זיך מיר
נישט ווילנדיק ארויס א זיפץ טיף פונעם הארצן. דאָס איז געווען א זיפץ אויף מײַן
פאַרוויסטער יוגנט, א הספּד אויף מײַנע פאר דער צייט אָפּגעשניטענע יאָרן; דאָס
איז געווען א ביטע־רע פראגע: רבונו=של=עולם, איז דען טאקע דאָס דײַן ווילן,
אַז מע זאָל א מענטשן נאָך קינדווייז פאַרשפּאַרן, ווי א גאַנדז אין שטייג, נישט
אָנצוקוקן דײַן וועלט, אָנשטאָפּן אים אַ מוח ווי מיר, און מאַכן אויס אים אַזעלכן
אשטייגער, ווי איך? — דאָס קעלבל, דערקענענדיק מיך, אפּנים, אין דעם קול,
ווערט מיט מיר היימישער, שטרעקט פרײַנדלעך אויס צו מיר דעם האַלדז צום
קראַצן, ווי דער שטייגער זײַנער איז געווען פריער. עס שטייט אַזוי עפּעס, ווי גע=
רירט, קוקט מיט האַלב=פאַרמאַכטע אויגן, אונטערמרוקענדיק צו מיר שטיל פון דער
ברוסט: המ=ם=ם! ס'איז דריַנען געלעגן אַזוינס, וואָס גאָרנישט פאַר דעם מענ=
טשנס לשון. איך האָב עס אָבער גוט געפילט. עס האָט אויסגעדריקט אַ געבעט:
קראַץ מיך, קראַץ מיך, דען דײַנער א קראַץ איז מיר בעסער, ווי דאָס גרינע גראָז.
אויך האָט עס אויסגעדריקט א פראגע: וווּ ביסטו דאָס פּלוצעם אהינגעקומען?
וווּ האָסטו ביז אַהער זיך געפּיטערט און צווישן וועלכע בהמות דאָרט? און צו=
גלייך טאקע א באַדויערן: המ=ם=ם, וואָס פאר א פּנים, גיעבעך, דו האָסט!

די מאַמע מײַנע האָט פון מײַן פּנים דווקא גאָר אָנגעקוואָלן, אַדרבא, זייער
שיין. עס האָט איר באַשײַנפּערלעך באַוויזן, אַז איך באַגער לערנען, האָב א פּנים פון
א גוט קינד, גאַנץ יידישלעך, א בלייכס, אַן איידלס און עס וועט, אם ירצה השם,
שטאַרק טויגן צו אַ שידוך. און ווי עס האָט אויסגעזען, האָבן זיך געשדכנט צו
מיר אַ פּאָר מחותּנים, זיי האָבן זיך עפּעס אַלץ געשושקעט מיט דער מאַמע,
ווינקענדיק אויף מיר מיט אַ שײַנענדיק מינעלע און אַ קנייטשעלע, ווי בײַם
קויפן אַ שטיקל סחורה. דער קרעמער אַלץ: פּישש! און די קונים — בע! פאַר
מיר איז דאָס געווען, עס פאַרשטייט זיך, אַ סוד. עפּעס אַ קעלבל איז דען אַ
בחורל צו וויסן פון אַזעלכע זאַכן? — עס וואָלט געווען באמת גאָר אַ פּלא, אַז
איך מיט דעם קעלבל, ביידע וועלן מיר אין איין צייט זיך פאַרקנסן! נאָר אַפּנים
מיר איז נישט באַשערט געווען, און פונעם גאַנצן עסק האָט זיך אויסגעלאָזט
אַ טייך.

דער יצר־הרע אָבער שלאָפֿט נישט, איז ווי פֿריער צוגעשטאַנען צו מיר, נישט אַנדערש איך זאָל זיך מטריח זיין צו איר — איר פֿאַרשטייט, אויף דעם פֿרייען פֿעלד דאָרט צו איר, צו דער נאַטור הייסט עס, אונטער איין אויסרייד, צוליב דיין געזונט טאַקע, פֿון דיין טובה און דיין הנאה וועגן, נאַרעלע. געפֿועלט ביי מיר דאָס, גיט ער מיר אַ טאַפּ, כלומרשט גלאַט אַזוי זיך, הינטן אַרום, מכוח מיין חכמה, מיין געלערנטקייט, מיין באַשעפֿטיקונג און דעם תכלית מיינעם פֿון די אַלע זאַכן, און ביי איטלעכן טאַפּ פֿאַרקרימט ער זיך מיט אַ שטעכנדיק געלעכטערל, עפּעס ווי איך בין אַ פּרא־אָדם, אַ ווילדע בריאה, נישט פֿון דעם עולם, משטיינס־געזאָגט. קורץ, עס קומט דערצו, אַזוי ווייט, אַז ער צעטרענצלט מיר די ישיבה, דאָס, יענץ, האַק און פּאַק — אַזוי און אַזוי: דו ביסט א... בהמה! מיינסטו אפשר? חלילה. אַ בהמה איז זיך אַ בהמה, ווי גאָט האָט זי באַשאַפֿן, לעבט נאָך זיין געבאָט, אָן שפּיצלעך, אָן דריידלעך. אַ מענטש, אַ נאַר אָבער זוכט זיך אויס זאכן אזעלכע, כדי צו זיין נישט, ווי גאָט האָט אים באשאפֿן. דאָס לעבן זיינס פֿירט זיך נאָך זיין אייגענע אויפֿטועכצן, פֿון אים געמאכטע, אָנגעמאכטע זאַכענישן. — אַ נאַרישער מענטש, אָט וואָס דו ביסט, תכשיט מיינער!...

נאָר, עט, דברים בטלים! די נויט ברעכט אייזן, אַן אייזערנעם יצר־הרע אויך אפילו. בלייבן ביי דער אָרעמער מאַמע, אַ וויסטע אַלמנה מיט יתומים, איז געווען ריין אוממעגלעך. איך געזעגן מיך מיט אלע מיינע ליבסטע, זאָג א זיי־געזונט די שיינע פֿעלדער, די גרינע וועלדער, ווו איך האָב געשפּאַצירט, און לאָז מיך אַוועק צופֿוס ווייטער אהין, אין דער ישיבה.

אַ ביטער יאָר, נישט פֿאַר יידישע קינדער געדאַכט, האָב איך געהאַט דאָס מאָל אין דער ישיבה, פֿיל ערגער נאָך ווי פֿריער. אַ יאָר אָן „טעג“ — עס האָט מיר געפֿעלט טעג צום עסן, און איך האָב געליטן הונגער. צרת רבים, זאָגן די חכמים, חצי נחמה. אויף יידיש הייסט עס: די צרה פֿון כל־ישראל איז אַ האַלבע טרייסט פֿאַר רב־ישראל. נו, הייסט עס, אפֿנים, א גליק פֿאַר מיר, וואָס פֿיל אַנדערע פֿון די אָרעמע בחורים האָבן אויך געדאַרבט, געהונגערט — איז עס פֿאַר מיר געווען כאָטש אַ האַלבע טרייסט. געפּטרט, הייסט עס, אַ האַלבע צרה, מיט דער אַנדערער העלפֿט איז שוין עט, נישט אַזוי קיין סכנות. אַזוי, דאַכט זיך, האָט עס באדאַרפֿט זיין, אי על פּי די חכמים, אי על פּי דרך הטבע. וואָס זשע לאָזט זיך אויס? בוידעם! אדרבא, לא־די, וואָס מיר איז שטאַרק שווער געווען איבערצוטראָגן די האַלבע צרה מיינע, אַלץ געמורמלט: גוואַלד, רבונו־של־עולם, עסן! האָט מיך נאָך געקרענקט די ביטערע נויט פֿון מיינע עלנטע חברים. איך בין זיך מודה, עס האָט מיך דענסטמאָל זייער פֿאַרדראָסן אויף דער ישיבה און אויף דעם גאַנצן משא־ומתן דאָרט. צוואָס? נאָר דאָס איז געווען אין אָנהייב, שפּעטער אָבער, אַז איך בין מיט די צרות שוין געוווינט געוואָרן, האָט מיר די אַכילה שוין נישט אַזוי אויסגעמאַכט. עס האָט מיך אויך קנאַפּ וואָס געאַרט צע־

ריסענע שיך, הוילע פיאַטעס, אַ קאַפּאָטע, אַ שמאַטע מיט אויסגעריבענע עלנ־בויגנס. פאַרקערט, איגייגעם מיט די חברים פלעגן מיר פון אַזעלכע קלייניקייטן אַמאָל גאָר חוזק מאַכן, אָפּזאָגן דערויף גלייכוועדטלעך. ערשט שפּעטער איז מיר קלאָר געוואָרן, וואָס שטעקט אַזויגס אין דער ישיבה און די גרויסע מעלה אירע. אָט וואָס: די קבצנים אירע, וואָס זי לאָזט אַרויס, זענען פרייליכע קבצנים; אירע מלמדים, מקבלים, בטלנים זענען מוחל די עולם־הזה, הערן זי אין דער פּיאַטע. און פאַר יידישע קינדער אין גלות איז דאָך באַשייטפערלעך טאַקע אַ גרוים גליק!...

„מזל־טוב דיר, זונעניו, — שרייבט מיר די מאמע נאָך א לאנגער צייט שטילשווייגן, — מזל־טוב אויך מיר מיט מיין בהמה!... פאַרשטייסט דאָך מסתמא, וואָס מען מיינט בהמה? עס האָט זיך געקעלבט דיין קעלבל, איז גע־וואָרן, אויף קעז און אויף פוטער, א בהמה! ס'איז שוין נומער ערגער. אין שטוב איז דאָ מילכיקס, א ביסל צום פאַרקויפן און פאַר זיך אויך אַ ביסל. ווי דערלעב איך שוין אויך פון דיר איגגיכן נחת, הלוואי אָמן, רבונו של עולם! זייער אַ גוטע בהמה. נאָר וואָס דען? איך האָב פון איר צרות. זי לאָזט זיך נישט מעלקן. וואַרפט זיך, שרייט, בענקט, גייט פשוט אוים נאָכן קעלבל. האָסטו געהערט, אַ בהמה זאָל נישט קענען פאַרגעסן דאָס קעלבל! עפּעס טאַקע נאָר ווי אַ מאַמע אַ קינד, להבדיל. משוגע איז זי טאַקע נאָך קעלבלוויז געוועזן, געטויגט האָסטו אייגער טאַקע צו איר. גוט אויסגעלערנט האָסטו זי. האָסט געמעגט וויניקער לערנען זי און לערנען בעסער אליין. לערן, זונעניו, לערן, וועט אוים דיר, אם ירצה השם, ווערן א לייט. אז מען רייבט זיך, איז דאָ א ווערטל, רייבט מען זיך אוים. יאָ, מען קאָן אנדערש נישט זאָגן. א קעלבעלע איז דאָס געווען זייער א געראָטנס, טאַקע גאָר אַנטיק. דער קצב האָט מיר דערפאַר געגעבן אַ גוטן מקח, אויך דאָס לונג־און־לעבערל. פונעם געלט שיק איך דיר דאָ דורך חיה־הינדען אויך אַ פּאָר גילדן און דעם קעלבלם אַ שטיקל געבראָטן לעבערל. נא, וויים, האָב אויך הנאה כאָטש פאַר דיין מי אַמאָל מיט דיין קעלבל! אירביידע זענען דאָך ווי אַנדערע צווייי. ווייטער שרייב איך דיר, אַז...“

נאָר גענוג! וואָס ווייטער זי שרייבט, האָב איך שוין נישט געלייענט. עס ווערט מיר פינצטער אין די אויגן, פאַרדרייט זיך מיר דער קאָפּ, פע, נישט גוט, אַזוי אַז מען האָט געמוזט אָפּגיסן מיך מיט אַ גאַנצן עמער וואַסער. מיינע חברים שטייען צו מיר צו, פרעגן: וואָס איז פּאָרט די מעשה? איז עמיצער פון די היי־מישע חס־ושלום קראַנק, אָדער, די שעה זאָל נישט זיין, אפשר גאָר געשטאָרבן? און איך שווייג, האַלטנדיק זיך ביים האַרצן. ניי דערציייל, נאָר אויף לייטישע גע־לעכטער, יענעם אַ מעשה מיט אַ קעלבל! אַז דאָס איז מיר נישט גוט פאַר רחמ־נות אויף אַ בהמה, מיט וועלכער מיר איז באַשערט געווען, צום ערשטן מאָל אין אונדזער ביידנס יונגע יאָרן, אָנצוקוקן גאָטס וועלט מיט אירע פעלדער די שיינע און צוברענגען דאָרט ביידע א שטיק צייט, די טייערסטע אין לעבן; אַז דאָס

טריפט מיר דאָס בלוט פאַר רחמנות אויף אַ בהמה, אַ מאַמע, אַן ערשטלינג, וואָס
בענקט נאָך איר קינד, נאָך איר געקוילעט קינד, נעבעך!...

אַ יידיש קינד איבערהויפּט, וואָס איינגאַנצן איז עס אַ רוחניות, עס וואַרפּן
זיך תמיד אין אים די אָדערלעך, אים איז דאָך גענוג אַבי עפּעס אַ בלאָז, עפּעס
אַ ריר, אַז ער זאָל זיך צעשאָקלען און עס זאָל זיך אים צעשפּילן די פאַנטאַזיע
גאָר אַ שרעק, אַ פּשיטא שוין, ווי איך, אַ גמרא־יינגל, אַן אָרעם ישיבה־בחורל אָן
„טעג“, אָן לייב, אָן געזונט, נאָר וואָס דאָס קעפּעלע אין אים; וואָס שטענדיק
האַלט עס אין איין פליענדיש, אין איין טראַכטעניש, צאַפּלעניש. גענוג איבערגע־
נוג איז פאַר מיר געווען דער מאַמעס עטלעכע ווערטער, אַז איך זאָל ווערן צע־
קאָכט, צערייצט; אַז די פאַנטאַזיע זאָל אַרבעטן מעשים, מיך נישט לאָזן רוען
די נעכט. קוים וואָס זיך געלייגט — אַהאַ, ברוך־הבא! הייבט זיך אָן די שפּיל.
עס טרעט אַרויס אויף דער סצענע דאָס אַלטע קעלבל, שוין אַ מאַמע, מיט דעם
קינד — אַ קעלבעלע אַ בריליאַנט. עס טשעפּעט זיך דאָס קעלבעלע, זייגט די
ברוסט, אונטערשלאָגנדיק צווויילע די אייטער, דרייענדיק דערביי מיט דעם וויי־
דעלע. די מאַמע איז גאָר איבערגליקלעך. ס'איז איר דאָס צו דערקענען אין דעם
גאַנצן באַנעמען אירס, ווי זי בייגט אויס דעם קאָפּ צום קינד, לעקט עס, לעקט,
שטיל אונטערמרוקענדיק פאַר גרויס ליבשאַפט. איך קוק פאַרגאַפט אויף דער
מאַמע, זי אויך אויף מיר, און ביידע פאַרשטייען מיר זיך, וואָס אַזוינס אין דעם
קוקן אונדזערם ליגט. עס פינקלט, שימערט אַרום און אַרום, אַ ליבלעכע ווערמע
צעגיסט זיך אין די אַלע גלידער און אויפן האַרצן פילט זיך עפּעס אַזוי גרינג,
אַזוי גוט... באַלד טוט זיך עפּעס ווי אַ דריי. עס טונקלט אין די אויגן, אויס גע־
שטאַלטן ,אויס קאָלירן, אויס אַלצדינג — גאָרנישט!... קיל. אינעווייניק אין מיר
איז אַ מרידה — איי, עסן! עס דאַכט זיך מילך, אַ טעפּל סמעטענע, קעז און אַ
ייפּטעלע ברויט מיט פּוטער. עס דאַכט זיך אויך געבראָטנס. פלייש אַ שטיקל,
איינגעפּרעגלט מיט שמאַלץ און ציבעלעס, מחיה. איך חלש, האַלט עס נישט
אויס, אוי, געבראָטנס! איך וואַרף מיך, קער מיך אום אויף דער אַנדערער זייט,
קלינג־קלאַנג ווי מיט אַ גלעקעלע איז די אויערן — הע, הע, ווידער די שפּיל! אַ
סצענע אַ טרויעריקע. עס רייסט זיך דאָס יונגע קעלבעלע, רייסט זיך דעם קצב
פון די הענט אַרויס, עס לויפט מיט אַ ביטער געשריי, און דער קצב נאָך אים.
פילנדיק זיין מלאך־המות און שטאַרק וועלנדיק לעבן, לויפט עס אויסער זיך נע־
בעך פאַר שרעק, באַהאַלט זיך עמעצן דאָרט צווישן די פאָלעס, קייכט, מעקעט, ווי
עס בעט רחמים: ראַטעוועט! יענער אָבער טוט עס אַ שטופּ, מאַכנדיק: „גיי! דע־
רויף ביסטו דאָך געבוירן געוואָרן“. — „אומברחמנות! לאָזט זיך פאַרנעמען אַ
פאַרדומפּן קול, ווי פון אונטער דעם פאָרהאַנג — פאַר אַזאַ ענטפער אַמאָל בין
איך פונעם אייבערשטן מיט אַ לאַנגער שווערער קרענק באַשטראָפט געוואָרן.
ורחמיו על כל מעשיו, גאָט־ברוך־הוא האָט רחמנות אויף אַלע זיינע באַשעפע־

גישן". דאָס קול איז טאַקע אַ קול, עס רופט, רופט — און קיינער אָבער מאַכט זיך דערווייס נישט. דער קצב כאַפּט דאָס שוואַכע קעלבעלע, בינדט עס אויף אַלע פיר, עס צאַפּלט, שרייט מע־מע — מאַמע הייסט עס, נאָר אומזיסט! די מאַמע איז אויפן פעלד, הערט נישט דאָס ביטער געשריי פון איר ליב קינד. הערט נישט דעם קינדס געזעגענען זיך מיט איר פאַרן טויט! דער קצב טוט עס אַ וואָרף אויף דער ערד, קוועטשט עס גוט צו מיט דער קני, שטרעקט אים אויס דאָס העלדזע־לע, דאָס שוחטל — פליק־פליק, ברוך אתה... און כיק!

רויט־בלוי, אַ פאַרבלענדזעניש, אויסמישעניש אַרום און אַרום. איך טאַפּ מיך, וויש מיך — דאַכט זיך בלוט, שפּריצלעך בלוט — —

עס באַשלאָגט מיך אַ שווייס!...

און זינט רעמלט ווערט מיין קערפּער אַ צעשמעטערטע, צעבראָכענע כלי. אַלצדינג איז אים טוט זיך נישט ווי געהעריק, צווישן ווירקלעכקייט און חלומות גישטאָ קיין אונטערשיד. ס'איז אַ דרייעניש, אַ פּלאָנטעניש, קידער־ווידער. מיין דעה איז גאָרנישט, אויס באַלעבאָס, הפקר אַ וועלט! עפּעס דאַכט זיך, אויף דער נאָז אַ לונג־און־לעבער, פונעם געקוילעטן קעלבל דאָס געבראָטענע לעבערל, עס פּאַטשט מיך, שטעכט מיך ווי מיט שפּילקעס. עפּעס ברענט, בריט מיך אין קע־שענע — און עס שפּריגגען פון דאָרט אַרויס צוויי ווייסע גילדן. עס קוקן אַרויס דאַכט זיך פון זיי אַ פּאָר רויטע, מיט בלוט פאַרלאָפענע אויגן — אוי, אויגן, דער מאַמעס, מיין קעלבלס אויגן! איטלעכער בליק אירער איז מיר אַ פייל אין האַרצן. עס רוישט, קלינגט מיר אין די אויערן אויף אַ טרויעריק קול אַ האַרבער מוסר: תכשיט! אַט ביסטו, אָט איז דיין קעלבל. צוויי באַשעפענישן אַרויס אויף גאָטס וועלט צו לעבן. דאָס קעלבל וואַקסט ווי געהעריק, ווערט אַ בהמה, לעבט אַציגד פאַר זיך, אי פאַר דיין היימישן עולם. קאָרג פאַר אים איר מילך, מען מעלקט זי, ציט זי, האָט פון איר אַ נוצן, נעמט נאָך ביי איר צו אַ שטיק פונעם לעבן, מען פאַרקויפט צו דער שחיטה איר קינד. דו הערסט? זאָג נאָר דו, וויאַזוי וואַקסטו? — דו לעבסט? אַז אָך און ווי צו אַזאַ לעבן, אין גוים, שמאַד, בעטלען! קוק אָן דיין געשטאַלט, משטיינס־געזאָגט, און די געשטאַלט פון יענע, דיין גלייכן, פאַרפינצטערט זענט איר געוואָרן — דו נוצסט? הא, מיט וואָס? דאָס בעבען דיינס — צוואָס? אינגאַנצן טויג עס אויף וואָס? צאַפּעס, קיין וואָל, קיין מילך פון אייך! לעבסט נישט פאַר זיך, זעצסטו זיך נאָך אָן אויף יענעמס לעבן. די צוויי גילדן, תכשיט, פונוואַנען? דאָס איז פונעם געלט פאַר דיין בהמהס בידנע קעלבל! — דו זעסט?... דאָס פּאָר פאַרזאָטענע אויגן קוקן אויף מיר מיט פאַרדראָס, עס שטעכט מיך אין דער זיבעטער ריפּ, עס וואַרפן זיך אין מיר אַלע מיינע גלידער. עס זידט, קאָכט, רוישט אַרום מיר, עפּעס אַ גאַנצע איבערקע־רעניש. אוים איך! וואָס איך? וועגן איך? ווו איך? — עס מעקעט, מוקעט. עס שפּרינגט אַ נאַקעט אָפּגעשונדן קעלבל, ביים מויל נאָר אַ סימן פעלבל ווי וואָגנצעס

עס שוועבן א פּאָר רויטע, פאַרוויינטע אויגן, עס דרייען זיך אַרום מיני באַשעפע־ נישן, בחורים־בטלנים, מיני געשטאַלטן, פאַרזעעניש. עס פייפן גנזער, כאָרכלען העלדזער, עס כראָפּעט, קייכט, הוסט, א שרעק!

איי דער קאָפּ, עס שפּאַלט זיך מיר דער קאָפּ!

אין דעם טאָג, וואָס מען האָט מיך באַדאַרפט אָפּפירן אין ביקור־חולים, איז מיר אָנגעקומען פון דער היים א מוסר און א קלאָג: זע, זונעניו, זיי א מענטש! גאָר אויף דער ישיבה אליין, אויף דעם לערנען דיינעם האָרט האָסטו אציגד צו רופן, ווייטער נישט אויף קיינעם. וויסט איז דער מאמען, זיך אויסגעלאָזט סאַנצע־ לאָמעם די אלע פרנסות. דאָס איינציקע אָנהאַלטעניש אויך פאַרזינדיקט — נעפגרט די בהמה!

---

# ווערטער-ביכל און פאַרטייטשונגען

## א

אָבות (אָ וו ע ס) — אורעלטערן; שטאַמפּאָטערס; די ביבלישע פּאַטריאַרכן: אברהם (אַ וו ר אָ ע ם), יצחק (יי צ כ ע ק), יעקב (י א ג ק ע וו).

אָבות־אבותינו (אָ וו ע ס = א וו ו י ס יי נ ו) — אונדזערע עלטער־זיידעס.

אבות־מלאכה (אָ וו ע ס =מ ע ל אָ כ ע) — עיקרדיקע, גרונטיקע ארבעט. לויט די יידישע רעליגיעזע פאַרשריפטן זענען פאַראַן 39 גרונט־אַרבעטן, וואָס מע טאָר נישט טאָן אום שבת (ש אַ ב ע ס).

אבי־אבות הטומאהניקעס (אַ וו י =א וו אָ ס ה א ט ו מ ע נ י ק ע ס) — באַצייכענונג פאר זייער שלעכטע און געמיינע מענטשן.

אביון (ע וו י ע ן) — אָרעמאַן. מערצאָל: אביונים (ע וו י ו י נ י ם).

אבלי ציון (אַ וו יי ל יי צ י ע ן) — די וואָס טרויערן נאָכן וויסט־געוואָרענעם לאַנד ציון (צ י ע ן).

אבן טוב (ע וו ן ט אָ וו) — קאָסטבאַרער שטיין, ווי א בריליאַנט און דאָס־גלייכן.

אבר (א יי וו ע ר) — גליד. מערצאָל: אברים (א יי וו ר י ם).

אברהם (אַ וו ר אָ ע ם) — נאָמען פון א מאַנצביל; לויט דער ביבל — דער שטאַם־פאָטער, דער ערשטער פון די פּאַטריאַרכן פון די יידישע שבטים (ש וו אָ ט י ם); אברהם־אָבינו (אַ וו ר אָ ע ם אָ וו י נ ו) — אברהם אונדזער אורפאָטער.

אגב (א ג ע וו) — ביי דער געלעגנהייט, איבעריקנס.

אגב־אורחא (אַ ג ע וו = א ו ר כ ע) — אין איינוועגס, ביי דער געלעגנהייט.

אגדתות (אַ ג אַ ד ט ע ס) — לעגענדעס.

אָדון (אָ ד ן) — הער, האַר, באַלעבאָס, פּריץ (פּאָ ר ע ץ); רעגירונגס־באַאַמ־טער (שפּאָטיש). מערצאָל: אדונים (אַ ד ו י נ י ם).

אדוני (אַ ד ו י נ י) — מיין האַר.

אָדון הגדול (אָ ד ן ה אַ ג אָ ד ל) — דער גרויסער פּריץ.

אָדון בפקדך (אָ ד ן ב ע פ אָ ק ד ע ד) — איראָניש וועגן אַ באַאַמטן.

אדיר (אַ ד י ר) — זייער רייכער מענטש.

אדרבא (אַ ד ע ר אַ ב ע) — פאַרקערט, אין קעגנטייל, געוויס, זיכער, ביטע זייער, גערן.

אָדם (אָ ד ע ם) — אַ מענטש; לויט דער ביבל — נאָמען פונעם ערשטן מענטשן אויף דער וועלט.

אוודאי (אַ ו וּ אַ ד ע) — געוויס, זיכער, באַשטימט.

אומה (א ו מ ע) — פאָלק, נאַציע. מערצאָל: אומות (א ו מ ע ס).

אומות־העולם (א ו מ ע ס ־ ה אָ א ו י ל ע ם) — דאָ געמיינט: נישט־יידן.

אופן (א ו י פ ן) — שטייגער, אַרט, מאַניר, צושטאַנד, אַזוי־אַרום. מערצאָל: אופנים (א ו י פ אַ נ י ם).

אוצר (א ו י צ ע ר) — גרויס רייכטום, אַ סך. מערצאָל: אוצרות (א ו י צ ־ ר ע ס).

אותות ומופתים (א ו י ס ע ס א ו מ ו י פ ס י ם) — וווּנדער איבער וווּנדער; קלאָרע באַווייזן.

אות (אָ ס) — בוכשטאַב. מערצאָל: אותיות (א ו י ס י ע ס).

אורח (א ו י ר ע ך) — גאַסט. מערצאָל: אורחים (אָ ר כ י ם).

אוחז ביד (א ו י כ ע ז ב ע י א ד) — אַ פאַרכאַפּער. שפּאָטיש: אַ שטאַרקער.

אחינו בני ישראל (א כ יי נ ו ב נ יי יי ס ר אָ ע ל) — אונדזערע ברידער יידן.

איוב (א י ע ו) — ביבל־פּערסאָנאַזש. באַצייכענונג פון אַ מענטש, וואָס אומגליקן זענען אים באַפאַלן פון אַלע זייטן.

אימת־מות (א יי מ ע ס ־ מ אָ ו ע ס) — טויט־שרעק.

אין ברירה (א יי ן ב ר יי ר ע) — נישטאָ קיין אויסוועג, קיין אויסוואַל, ס'קאָן אַנדערש נישט זיין.

אין אורח מכנים אורח (א יי ן א ו י ר ע ד מ אַ כ נ ס א ו י ר ע ד) — אַ גאַסט נעמט נישט אויף קיין גאַסט.

אינה מקודשת (א יי נ ע מ ע ק ו י ד ע ש ע ס) — איז נישט, דאַרף מען נישט, איז נישט געפּידלט.

איסור (א י ס ע ר) — פאַרבאָט.

איש על מחנהו (א י ש  א ל  מ א כ נ י י ה ו) — יעדער מיט זיין קאָמפּאַניע, גרופּע.

אכילה (א כ י ל ע) — דאָס עסן, דער פּרעס.

אכזר (אַ כ ז ע ר) — אומדערבאַרעמדיקער, גרויזאַמער. מערצאָל: אכזרים (א כ ז אָ ר י ם).

אכסניה (א כ ס א נ י ע) — גאַסט־הויז, איינפאָרהויז, פּראָווינצער האָטעל, קוואַרטיר, סטאַנציע. מערצאָל: אכסניות (א כ ס א נ י ע ס).

אל מלא רחמים (א יי ל  מ אָ ל ע  ר א כ מ י ם) — בוכשטעבלעך: באַרעמ־הארציקער גאָט, רעליגיעז געבעט נאָך געשטאָרבענע אָדער אומגעקומענע.

אל המנוחה ואל הנחלה (ע ל  ה א מ נ ו כ ע  וו ע ל  ה א נ א כ ל ע) — געמיינט: יעדער צו זיין איינגענער ווירטשאַפט.

אל תדון את חברך (אַ ל  ט אָ ד י ן  ע ס  כ אַ וו יי ר כ אָ) — פּאַרטייטשט אין טעקסט.

אליקום (ע ל י אָ ק ו ם) — נאָמען פון אַ מאַנצביל.

אלמן (א ל מ ע ן) — אַ מאַן, וואָס זיין פרוי איז געשטאָרבן.

אלמנה (א ל מ אָ נ ע) — א פרוי, וואָס איר מאַן איז געשטאָרבן. מערצאָל: אלמנות (א ל מ אָ נ ע ס).

אלא (ע ל ע) — אויב, נאָר, טאָמער.

„אלי ציון“ (א יי ל י  צ י ע ן) — אַ קלאָג־ליד אין די יידישע רעליגיעזע שריפטן.

אלף מחילות (ע ל ע ף  מ ע כ י ל ע ס) — בוכשטעבלעך: טויזנט מאָל אַנטשול־דיקן. דאָ געמיינט: דעם הינטער־חלק.

אלף ביז תיו (א ל ע ף  ב י ז  ט אָ וו) — פון אָנהייב ביז ענדע.

אם לויתן בחכה הועלה (א י ם  ל י וו י אָ ס ן  ב ע כ אַ ק ע  ה ו י אַ ל ע) — פּאַרטייטשט אין טעקסט.

אם ירצה השם (א י ם  יי ר צ ע  ה א ש ע ם) — ווערטלעך: אויב גאָט וועט וועלן, מיט גאָטס הילף.

אם אין (א י ם  א יי ן) — אויב ס'איז נישטאָ.

אם ה' לא ישמור עיר (א י ם  א ד ו י נ אָ י  ל ו י  יי ש מ ע ר  א י ר) — פּאַרטייטשט אין טעקסט.

אם כן (א י ם  ק יי ן) — אויב אזוי.

אם אין אני לי, מי לי? (א י ם  א יי ן  א נ י  ל י,  מ י  ל י?) — אויב איך וועל פאַר זיך נישט זאָרגן, ווער וועט עס טאָן?

אמוראים (א מ ו י ר אָ א י ם) — באַצייכענונג פאַר די יידישע געלערנטע אין 3-טן — 5-טן י. ה. לויט דער נייער צייטרעכענונג, וואָס האָבן אינטערפּרעטירט און פאַרפאַסט די אַלטע יידישע רעליגיעזע געזעץ-ביכער.

אמונה (ע מ ו נ ע) — גלויבן, רעליגיע.

אָמנם חטאתי (אָ מ נ אָ ם כ אָ ט אָ ס י) — בעעמעס, איך האָב געזינדיקט.

אָמר מענדעלע מוכר ספרים (אָ מ א ר מ ע נ ד ע ל ע מ ו י כ ע ר ס פ אָ ר י ם) — פאַרטייטשט אין טעקסט.

אמן (אָ מ יי ן) — אויסרוף פון דאַוונער, ווען דער כאַזן ענדיקט געוויסע שטעלן אין דאַוונען; אמן! — האַלעוואַי, אַזוי זאָל זיין.

אמוריאל (א מ ו י ר י א ל) — אַ נאָמען פון א מלאך (מ א ל ע ך).

אמת (ע מ ע ס) — ריכטיק, ווירקלעך, באמת (ב ע ע מ ע ס) — אין דער ווירקלעכקייט, טאַקע, אין דער אמתן — ריכטיק געזאָגט, ווירקלעך.

אסיפה (א ס י פ ע) — פאַרזאַמלונג. מערצאָל: אסיפות (אַ ס י פ ע ס).

אסור (אָ ס ע ר) — דאָ: אַ פאָרמולע פון זיך שווערן: אָסור, אויב איך פארשטיי; אָסור-חזיר (כ אַ ז ע ר) — פאַרבאָטן, ווי כאַזער.

אפנים (א פ אָ נ ע ם) — וואָרשיינלעך, זעט אויס.

אפּוטרופּסות (אַ פּ אָ ט ר אָ פּ ס ע ס) — פאַרזאָרגונג, שוץ, אויפזיכט.

אפּיקורס (א פּ י ק ו י ר ע ס) — פרייַדענקער, נישטגלויביקער. מערצאָל: אפּיקורסים (אַ פּ י ק אָ ר ס י ם).

אפס כסף (אָ פ ע ס ק ע ס ע ף) — ס'האָט זיך אויסגעלאָזט דאָס געלט.

אפשר (ע פ ש ע ר) — מעגלעך, טאָמער.

אצילי בני ישראל (אַ צ י ל יי ב נ יי - יי ס ר אָ ע ל) — די איידעלע, די כאָשעווע יידן.

אקדמות (א ק ד אָ מ ע ס) — איידער איך הייב אָן. אָנהייב. דאָס רעליגיעזע געדיכט אויף אַראַמיש לויטן אַלפאַבעטישן סיידער, וואָס רעליגיעזע יידן זינגען אום שבועות (זע דאָס וואָרט).

ארי שבחבורה (א ר י ש ע ב א כ ו ו ר ע) — דער לייב, דער פירער, די באַדייטנדיקע פערזענלעכקייט פון דער געזעלשאַפט.

ארורה (א ר ו ר ע) — אַ זלידנע, שלעכטע, בייזע פרוי.

אָרון-קודש (אָ ר ן - ק ו י ד ע ש) — דער אלמער, די שאַפע, וו עס שטייען די ספר-תורות (ס יי פ ע ר - ט ו י ר ע ס).

אריכת-ימים (אַ ר י כ א ס - י אָ מ י ם) — לאַנגע יאָרן.

ארץ-ישראל (ע ר ע ץ - יי ס ר אָ ע ל) — בוכשטעבלעך: דאָס יידישע לאַנד, פאַלעסטינע. דאָ געמיינט: ער פילט זיך גוט, ווי ביי זיך אין דער היים.

אשור (א ש ו ר) — אַסיריע. נאָמען פון אַ לאַנד אין אַלטערטום, וואָס האָט זיך געפונען ביי די גרענעצן פון ישראל (יי ס ר אָ ע ל).

אשרי המאמין (אַ ש ר יי ה אַ מ אַ מ י ן) — וואויל דעם, וואָס גלייבט.

אשרי יושבי ביתך (אַ ש ר יי י ו י ש וו יי ו וו יי ס ע כ אָ) — וואויל איז די, וואָס זיצן אין דיין הויז; אַ געבעט, וואָס רעליגיעזע יידן זאָגן דריי מאָל אין טאָג. דאָ געמיינט: וואויל איז צו די יעניקע, וואָס בלייבן זיצן ביי זיך אין דער היים.

אשמנו (אָ ש אַ מ נ ו) — מיר האָבן געזינדיקט. דאָס ערשטע וואָרט פון א געבעט, וואָס רעליגיעזע יידן זאָגן אין די טעג פון ימים=נוראים (י אָ מ י ם = נ ו י ר אָ י ם) און שלאָגן זיך דערביי אין הארצן.

אשת=איש (א יי ש ע ס = א י ש) — א פרוי, וואָס האָט א מאַן.

אשת=חיל (א יי ש ע ס = כ א י ל) — אַ געראָטענע, ענערגישע פרוי; א בעריע, אַן אויפטויערקע, אַ גוטע באַלעבאָסטע, אַ פעיקע און איבערגעגעבענע פרוי.

אתה בחרתנו מכל העמים (אַ ט אָ ב ע כ אַ ר ט אָ נ ו מ י ק אָ ל ה אָ אַ = מ י ם) — ווערטלעך: דו האָסט אונדז אויסדערוויילט פון אַלע פעלקער. דער ערשטער זאַץ פון א רעליגיעזן יאָנטעוודיק געבעט. לויט דער יידישער שאָוויניסטיש=רעליגיעזער אָנשויונג איז דאָס יידישע פאָלק אַן „אתה=בחרתנו“=פאָלק, דאָס אויסדערוויילטע פון אַלע פעלקער.

אתה הראית (אַ ט אָ ה אָ ר א יי ס אָ) — ערשטע ווערטער פון אַ געבעט, וואָס רעליגיעזע יידן זאָגן שמחת=תורה (ס י מ כ ע ס = ט ו י ר ע) פאר די הקפות (ה א ק אָ פ ע ס).

אתרוג (ע ס ר ע ג) — ציטרינארטיקע פרוכט, וואָס ווערט געברויכט ביי רעליגיעזע יידן סוכות (ס ו ק ע ס) צום רעליגיעזן ריטואַל פון „אתרוג=בענטשן“. מערצאָל: אתרוגים (ע ס ר ו י ג י ם).

## ב.

באהבה (ב ע אַ ה אַ וו ע) — מיט ליבשאַפט.

באריכות (ב אַ ר י כ ע ס) — אויספירלעך.

באמת (ב ע ע מ ע ס) — פאַקטיש, טאקע, ווירקלעך.

באם (ב ע א י ם) — אויב, טאָמער.

באשר (ב א א ש ע ר) — אזוי ווי, ווייל, וואָס איז.

באשר בכן (ב א א ש ע ר ב ע כ ע ן) — אזוי ווי, צוליב דעם, ווייל וואָס.

באמונה שלימה (ב ע ע מ ו נ ע ש ל יי מ ע) — מיט פולן גלויבן, מיט דער גאַנצער געטריישאפט.

באין־ברירה (ב ע א יי נ ב ר יי ר ע) — ניטא האָבנדיק קיין אנדערן אויסוועג, קיין אנדערע מעגלעכקייטן.
באין־אופן (ב ע א יי נ א ו י פ ן) — אין קיין פאַל ניט, אבסאָלוט ניט.
באותו רגע (פ ע א ו י ס ע ר ע ג ע) — אין דער זעלביקער מינוט.
בבל (ב אָ וו ל) — אַמאָליקע שטאָט און לאַנד אין מעסאָפּאָטאַמיע באַבילאָניע (היינט איראַק);
בבל־סחורה (ב אָ וו ל ־ ס כ ו י ר ע) — פאַרלעגענע סכוירע.
בגד (ב ע נ ע ד) — קלייד, מאַלבעש. מערצאָל: — בגדים (ב ע ג אָ ד י ם).
בגילופין (ב ע ג י ל ו י פ ן) — אָנגעטרונקען; לוסטיק, פריילעך. בגילופנדיק (ב ע ג י ל ו פ נ ד י ק) שיכורלעך.
בגנבה (ב י נ נ יי וו ע) — אומבאמערקטערהייט, שטילינקערהייט.
בדוחק (ב ע ד ו י כ ע ק) — אין נויט, אין אָרעמקייט, קוים אויסצוקומען.
בדחילא ורחימא (ב י ד כ י ל ו א ו ר כ י מ ו) — מיט ציטער און ליבע, מיט עהפּורכט און ליבשאַפט.
בדוק ומנוסה (ב אָ ד ו ק א ו מ נ ו ס ע) — גוט אויסגעפּרוווט.
בדעה (ב ע ד יי ע) האָבן — איגזינען האָבן, מיינען, טראַכטן.
בדחן (ב אַ ד כ ע ן) — אַ פריילעך־מאַכער, אַ מאַרשעליק אויף אַמאָליקע יידישע כאַסענעס. מערצאָל: בדחנים (ב אַ ד כ אָ נ י ם).
בהמה (ב ע ה יי מ ע) — רינד (קו, אָקס אדגל); אויך — אַ נאַרישער מענטש. מערצאָל: בהמות (ב ע ה יי מ ע ס).
בהרחבה (ב ע ה א ר כ אָ וו ע) — געמיטלעך, ברייטלעך.
בהמתו (ב ע ה ע מ ס ו י) — זיין בהמה. דאָ געמיינט: זיין גוף, קערפּער.
בהלה (ב ע ה אָ ל ע) — טומל, גערודער, איילעניש, איבערקערעניש, אומאָרדענונג, פּאַניק.
בולט (ב ו י ל ע ט) — קלאָר, באַשטימט.
בורא עולם (ב ו י ר ע א ו י ל ע ם) — דער באַשעפער פון דער וועלט, גאָט.
בושה (ב ו ש ע) — שאַנד, שעמעוודיקייט.
בוגרת (ב אָ נ ר ע ס) — אַן איבערגעוואַקסן מיידל.
בושת פנים (ב ו י ש ע ס פ אָ נ ע ם) — שעמעוודיקייט, שעמעוודיקער.
בורר (ב ו י ר ע ר) — אַרביטער, אויסגלייכער. מערצאָל: בוררים (בוירערים).
בור (ב ו ר) — גראָבער יונג, פאַרגרעבטער מענטש.
בזיון (ב י ז אָ י ע ן) — שאַנדע. מערצאָל: בזיונות (ב י ז י ו י נ ע ס) — באַליידיקונגען; ס'איז אַ בזיון (ב י ז אָ י ע ן): ס'פּאַסט ניט; פע.

בזכות (ב י ז כ ו ס) — אין פארדינסט פון... פון וועגן..., צוליב, אדאנק.

בזיל־זול (ב ע ז י ל ־ ז אָ ל) — גאָר וואָלוול, זייער ביליק.

בחרם (ב ע כ יי ר ע ם) פרעגט אים — ער ווייסט אבסאָלוט גאָרנישט. בחרם יהושע בן־נון — (מ י ט ן כ יי ר ע ם פ ו ן י ע ה ו ש י ע ב ע ן ־ נ ו ן) — אַ פירער פון די אוראַלטע יידישע שוואַטים לויט דער ביבל.

בחצי־חנם (ב ע כ אָ צ ע ־ כ י נ ע ם) — האַלב אומזיסט, זייער ביליק.

בחוש (ב ע כ ו ש) — אמתדיק, ריכטיק, גענוי, דייטלעך, בעשיימפערלעך.

בחור (ב אָ כ ע ר) — נישט קיין כאַסענע־געהאַטער, אַ קאַוואַליער. מערצאָל: בחורים (ב ע כ אָ ר י ם).

בחשיבות (ב אַ כ ש י וו ע ס) — מיט ערנסט, וויכטיקייט.

בחיי (ב ע כ אַ י ע) — יידישער מיסטיקער אין מיטלאַלטער.

בחפזון (ב ע כ י פּ אָ ז ן) — אין איילעניש, איילנדיקערהייט, גיך.

בטבע (ב ע ט ע וו ע) — לויט דער נאַטור, לויטן כאַראַקטער.

בטוח (ב ע ט י ע ד) — קרעדיט־פעיקער מענטש; בטוח (ב ע ט ו ע ד) זיין — זיכער זיין.

בטח (ב ע ט ע ד) — זיכער.

בטחון (ב י ט אָ כ ן) — האָפענונג; באַצייכנט עפּעס דאָס געפיל פון רעלי־גיעזן אָפּטימיזם.

בטלן (ב אַ ט ל ע ן) — אַ מענטש, וואָס איז אָפּגעריסן פון פּראַקטישן לעבן. מער־צאָל: בטלנים (ב אַ ט ל אָ נ י ם).

בטל (ב אָ ט ל) ווערן — ווערן צו נישט; זיך פילן נישטיק; בטל ארומגיין — אַרומגיין ליידיק אָן שום אַרבעט.

בטל ומבוטל (ב אָ ט ל א ו מ ע וו ו ט ל) — אַנולירט, אויפגעהערט צו זיין.

בטלען (ב אַ ט ל ע ן) אויסבטלען — עמעצן אויסזידלען, עמעצן אַריינזאָגן; בטלנדיק חלומות (ב אַ ט ל ע נ ד י ק כ אַ ל ו י מ ע ס) — אויסלאָזן צו עמעצן יעם גאַנצן צאָרן, שעלטנדיק.

בין מנחה למערב (ב יי ן מ י נ כ ע ל ע מ אַ ר ע וו) — פאַרנאַכט, צווישן פאַר־נאַכטיקן און אָוונטדיקן דאַווענען.

„ביצה“ (ב יי צ ע, אָבער מע זאָגט: „ב יי ע“) — נאָמען פון אַ תלמודישן טראַק־טאַט.

ביחידות (ב ע י ע כ י ד ע ס) — פאַר זיך אַליין, נישט אין קיין מיניען.

ביד (ב ע י א ד) זיין — אימשטאַנד זיין, האָבן די מעגלעכקייטן, זיין בכוח (ב ע־ק ו י ע ד). ביד־רמה (ב ע י א ד ־ ר אָ מ אָ) — מיט אַ שטאַרקער האַנט.

ביכולת (ב ע י ע כ ו י ל ע ס) — אימשטאַנד, פעיק.

בירושה (בעיערושע) — איבערגענומען פון די עלטערן

בין־הזמנים (ביין־האזמאנים) — די צייט צווישן פייסעך און סוקעס, וואס פיילט אפ זומער פון ווינטער; פעריען־צייט אין די יידישע באדארים.

ביקור־חולים (ביקער־כוילים) — דאס באזוכן קראנקע; פילאנטראפישע אינסטיטוציע ביי יידן צו העלפן ארעמע קראנקע; באצייכענונג פון א שפיטאל ביי יידן.

בישן (ביישן) — א שעמעוודיקער. מערצאל: בישנים (ביישנים).

בישיבה של מטה (ביעשיווע שעל מאטע) — דאס ערדישע געריכט.

בית־עולם (ביים־אוילעם) — ווערטלעך: דאס אייביקע הויז, „גוט ארט", הייליק ארט, וו מע באהאלט די טויטע.

בית־הקברות (ביים־האקוואָרעס) — ביים־אוילעם.

בית־המקדש (ביים־האמיקדעש) — דער אמאליקער הייליקער יידישער טעמפל אין ירושלים (יערושאָלאים).

בית־דין־צדק (בעזן־צעדעק) — ווערטלעך: געריכט פון גערעכטיקייט, יידיש רעליגיעז געריכט.

בית־מדרש (בעסמעדרעש) — קלויז, אן ארט, וו מע דאוונט און מע לייענט. מערצאל: בתי־מדרשים (באטעמידראָשים).

ביתר (בעטער, בעטאר) — נאמען פון א היסטארישער פעסטונג אין פאלעסטינע, דאס לעצטע פארטיידיקונגס־ארט פון בר־כוכבא (באר־קאָכווע) אין יאר 28 לויט דער נייער צייט־רעכענונג.

בית יעקב לכו ונלכה (ביים יאנקעוו לעכו ווענײלכאָ) — איבערפראזירט פון א תנכישן (טאנאכישן) זאץ, וואס דא געמיינט: יידן, לאמיר אויסוואנדערן.

בכבוד (בעקאָוועד) — אנגעזען, אנשטענדיק.

בכבודו ובעצמו (ביכווידוי אווועאצמוי) — ער אליין, פערזענלעך.

בכבודה ובעצמה (ביכבוידאָ אוועאצמאָ) זי אליין, פערזענלעך.

בכדי (ביכדיי) — מיטן צוועק, מיטן ציל.

בכורות מיט מכות (בכוירעס מיט מאקעס) — אזא שעלטונג, א קללה (קלאָלע).

בכוח (בעקויעד) — זיין אימשטאנד, האבן די מעגלעכקייט.

בכיוון (בעקיוון) — אומישנע, באוווסטזיניק, מיט א ספּעציעלן מיין.

בכלל (ביכלאל) — אין אלגעמיין, איבערהויפּט.

בכל תפוצות ישראל (בעכאָל טפוצעס יסראָעל) — אין אלע ערטער, וו יידן זענען צעשפּרייט, אין אלע יידישע קהילות (קעהילעס).

בכן (בעכיין) — נו, אַלזאָ, הייסט עס, דעריבער.

בלבול (בילבל) — אויסטראַכטעניש, פֿאַלשע באַשולדיקונג. מערצאָל: בלבו־לים (בילבאָלים).

בלי־נדר (בעלי־נעדער) — נישט אומבאַדינגט; אַ צושפּרוך ביי רעליגיעזע יידן, ווען מע זאָגט עפּעס צו; באַטייט: איך זאָג צו, נאָר כ'גאַראַנטיר נישט דערפֿאַר.

בלי־ספק (בעלי־סאָפעק) — אָן צווייפֿל.

בלעם (בילעם) — נאָמען פֿון אַ ביבל־פּערסאָנאַזש. באַצייכענונג פֿון אַ שלעכטן מענטש; בלעמס אייזל — אַ זידל־אויסדרוק, וואָס באַטייט: אַ גרויס מויל.

בלק (באָלעק) לערנען — אַ קאַפּיטל פֿון חומש, געמיינט: עמעצן אָנלערנען, עמעצן מאַכן שווער דאָס לעבן.

במה דברים אמורים (באַמע דוואָרים אַמורים) — ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן, אויסשליסלעך אין פֿאַל, ווען.

במוצאי יום מנוחה (בעמאָצע יאָם מענוכע) — דער אויפֿדערנאַכט נאָך שאַבעס, שבת־צונאַכטס.

במזומן, במזומנים (בימזומען, בימזעמאָנים) — מיט גרייט געלט, מיט באַר געלט.

במילא (בעמיילע) — סיוויסיי, אַלציינס.

במחילה (בימכילע) — וואָרטלעך: מיט אַנטשולדיקונג, האָט נישט קיין פֿאַריבל, פֿאַרצייעט.

במקום (בימקוים) — אויפֿן אָרט פֿון..., אַנשטאָט.

במתנה (בעמאַטאָנע) — ווי אַ געשאַנק.

בן־אָדם (בען־אָדעם) — מענטשן־קינד, מענטש.

בן־זיווג (בען־זיווג) — איינס פֿון אַ פּאָר־פֿאָלק.

בן־פּקועה (בען־פּעקויע) — אַ קעלבל, וואָס געפֿינט זיך אין דער בהמה נאָכן שעכטן.

בן־ציון (בען־ציען) — נאָמען פֿון אַ מאַנצביל.

בן־מלך (בען־מעלעך) — פּרינץ. מערצאָל: בני־מלכים (בניי־מעלאָכים).

בני־בית (בניי־באיס) — שטוב־מענטשן, דאָס הויזגעזינד.

בני אברהם, יצחק ויעקב (בניי אַוואָראָם, ייצכאָק וועיאַנקעוו) — די קינדער פֿון די יידישע פּאַטריאַרכן (שטאַם־פֿאָטערס) מיט די דערמאָנטע נעמען.

„בני אָדם“ (ב נ י ־ אָ ד ע ם) — א רעליגיעז געבעט ערב יום־כיפור (ע ר ע וו י אָ נ ק י פ ע ר), ביי וועלכן מע האלט א האָן. ער קוקט, ווי א האָן אין „בני־אָדם“, געמיינט: ער פאַרשטייט גאָרנישט.

בנין (ב י נ י ע ן) — געביידע. מערצאָל: בנינים (ב י נ י אָ נ י ם).

בנימין (ב י נ י אָ מ י ן) — נאָמען פון א מאַנצביל.

בנעימותדיק (ב י נ אי מ ע ס ד י ק) — ליבלעך, פאַמעלער, גוטמוטיק, אָנגענעם.

בנשימה אחת (ב י נ ש י מ ע א כ א ס) — אין איין אָטעם.

בסוד (ב ע ס אָ ד) — געהיים.

בעוונותינו הרבים (ב א וו י נ ו י ס יי נ ו ה אָ ר א ב י ם) — צוליב אונדזערע גרויסע זינד.

בעצם (ב עֶ ע צ ע ם) — אייגנטלעך, אין גרונט.

בעלן (ב אַ ל ן) — א נייגערייקער, א משעקאַווער, אן אמאַטאָר, ליבהאָבער. מערצאָל: בעלנים (ב אַ ל אָ נ י ם).

בעגלא ובזמן קרוב (ב א א ג אָ ל ע א וו י ז מ א ן ק אָ ר ע וו) — ווערטלעך: איינגיכן, אין דער גאָענטסטער צייט. פון א געבעט, וואָס רעליגיעזע יידן זאָגן נאָך א טויטן. א וואָרט־שפיל: ער זאָל קויפן אן עגלה (א ג אָ ל ע — וואָגן) — בעגלאָ.

בעל־אכסניא (באַ ל אַ כ ס אַ נ י ע) — באַזיצער פון אַן איינפאָר־הויז.

בעל־גאווה (ב א ל ג א וו ע) — גרויסהאלטער, פאררייסנער.

בעל־דברן (ב א ל ד א ב ר ן) — דער, וואָס קאָן א סך און שיין רעדן, האָט א געשליפן צינגל.

בעל־דרשן (ב א ל ד א ר ש ן) — רעדנער אויף רעליגיעזע טעמעס.

בעל־הלוואה (ב א ל ה א ל וו אָ ע) — דער, וואָס באָרגט געלט; א פּראָצענטניק.

בעל־חוב (ב אַ ל כ ו י וו) — דער, וואָס איז עמעצן עפּעס שולדיק. מערצאָל: בעלי־חובות (ב אַ ל ע כ ו י וו ע ס).

בעל־חשבון (ב א ל כ ע ש ב ן) — אַ רעכענער, דער, וואָס קאָן גוט רעכענען. א מאַטעמאַטיקער.

בעל־מלאכה (ב א ל מ ע ל אָ כ ע) — האַנטווערקער, פאכמאן. מערצאָל: בעלי־מלאכות (ב א ל ע מ ע ל אָ כ ע ס).

בעל־כרחה (ב א ל ק אָ ר כ ע) — מיט געוואלט, קעגן איר ווילן.

בעל־מוח (ב א ל מ ו י ע ד) — אַ קאָפּמענטש.

בעל־סברא (ב א ל ס וו אָ ר ע) — אַ מענטש מיט געדאַנק, אַ קאָפּמענטש, א באַל־מויעד.

מכפּר (מ ע כ אַ פּ ע ר) זיין — מוחל זיין, פאַרגעבן די שולד, פאַרגיטיקן.

מכשול (מ ע כ ש ל) — שטרויכלונג, שטערונג, אָפּהאַלט.

מכשפה (מ אַ כ ש י פּ ע) — ווערטלעך: צויבערין, קישעף-מאַכערין. דאָ געמיינט: בייזע, שלעכטע פרוי. מערצאָל: מכשפות (מ אַ כ ש י פ ע ס).

מלא-טוב (מ אָ ל י י - ט אָ וו) — זייער רייך; פול מיט האָב און גוטס.

מלאך (מ אַ ל ע ך) — געטלעך וועזן, באַדינער פון גאָט, הימל-באַשעפעניש מיט פליגלען. מערצאָל: מלאכים (מ אַ ל אָ כ י ם).

מלאך-המות (מ אַ ל ע ך - ה אַ מ אָ וו ע ס) — דער מאַלעך פון טויט.

מלבושים (מ אַ ל ב ו ש י ם) — אָנטועכץ, באַקליידונג.

מלוכה (מ ע ל ו כ ע) — קעניגרייך, רעגירונג, מעדינע. מערצאָל: מלוכות (מ ע - ל ו כ ע ס).

מלחמה (מ י ל כ אָ מ ע) — קריג. מערצאָל: מלחמות (מ י ל כ אָ מ ע ס). מלחמת-מצווה (מ י ל כ אָ מ ע ס - מ י צ וו ע) — קריג צוליב אַ הייליקער זאַך; אַ באַרעכטיקטער, גערעכטער קריג.

מליץ (מ יי ל י ץ) — פאַרטיידיקער, גוט-זאָגער, פאַרענטפערער.

מליצה (מ ע ל י צ ע) — געקינצלטע שפּראַך, וואָרט-באַפּוצונג, פסעוודאָ-ביבלי-שער סטיל אין דער האַסקאָלע-ליטעראַטור.

מלך (מ ע ל ע ך) — קעניג. מערצאָל: מלכים (מ ע ל אָ כ י ם).

מלכות (מ אַ ל כ ע ס) — דאָ: פּראַכטפול, גרויסאַרטיק; אַ פּנים אַ מלכות — אַ קייסעריש געשטאַלט.

מלמד (מ ע ל אַ מ ע ד) — רעליגיעזער לערער. מערצאָל: מלמדים (מ ע ל אַ מ - ד י ם).

מלמדות (מ ע ל אַ מ ד ע ס) — דאָס רעליגיעזע לערעריי אין כיידער און יעשיווע.

מלכתחילה (מ י ל ע כ א ט כ י ל ע) — פון אָנהייב אָן.

ממזר (מ אַ מ ז ע ר) — ווערטלעך: אומגעזעצלעך קינד, כיטרער, דורכגעטריבע-נער. געשטיקט אין מיר ווי א ממזר — געמיינט: ווי א פאַרבאָטענע זאַך, וואָס מע טאָר עס נישט אַרויסברענגען.

ממזריש (מ א מ ז ע ר י ש) — אויף א כיטרען שטייגער.

ממש (מ אַ מ ע ש) — פאַקטיש, ווירקלעך, טאַקע, בוכשטעבלעך.

ממשות (מ אַ מ אָ ש ע ס) — רעאַלקייט, קאָנקרעטקייט, ווערט, אין אָנצוטאַפּן.

ממונה (מ ע מ ו נ ע) — באַפולמעכטיקט, באַשטימט, באַפולמעכטיקטער, עלטסטער.

מן-הסתם (מ י ן - ה א ס ט א ם) — וואָרשיינלעך.

מן השמים (מ י ן  ה אַ ש אָ מ אַ י ם) — באַשערט פון גאָט.

מנהג (מ י נ ע ג) — איינפיר, שטייגער, טראַדיציע. מערצאָל: מנהגים (מ י נ ה אָ ג י ם).

מנוחה (מ ע נ ו כ ע) — רו, אָפּרו.

מנין (מ י נ י ע ן) — ווייניקסטנס צען דערוואַקסענע יידן, וואָס דאַווענען צוזאַמען. מערצאָל: מנינים (מ י נ י אָ נ י ם).

מנחה־צייט (מ י נ כ ע) — פאַרנאַכט.

מניעה (מ ע נ י ע) — שטערונג, אָפּהאַלט. מערצאָל: מניעות (מ ע נ י ע ס).

מסוכן חולה (מ ע ס ו ק ן  כ ו י ל ע) — געפערלעך קראַנק, פאַרביי.

מסחר (מ י ס כ ע ר) — האַנדל, געשעפט. מערצאָל: מסחרים (מ י ס כ אָ ר י ם).

מספיד (מ אַ ס פּ י ד) זיין — באַקלאָגן, באַווייגען אַ געשטאָרבענעם, האַלטן אַ טרויער־רעדע.

מסתמא (מ י ס ט אָ מ ע) — וואָרשיינלעך, געווים.

מסירה (מ ע ס י ר ע) — דענונציאַציע, צוטראָגעכץ, דאָס איבערגעבן, געהיימע אָנקלאַגע. מערצאָל: מסירות (מ ע ס י ר ע ס).

מסלק (מ ע ס אַ ל ע ק) זיין — דעקן, איינלייגן געלט.

מעלתו (מ אַ ל אָ ס ו י) — אַן אופן פון טיטולירן, אַ העפלעכקייט־פאָרם.

מעוברת (מ ע אוּ ב ע ר ע ס) ווערן — פאַרשוואַנגערן, טראָגנדיק ווערן.

מעלה (מ אַ ל ע) — גוטע אייגנשאַפט, פאָרצוג. מערצאָל: מעלות (מ אַ ל ע ס).

מעמד (מ אַ מ ע ד) — באַשטאַנד, שטעל.

מערכה (מ אַ ר אָ כ ע) — מאַזל, גליק, גוטער צופאַל, צוגעטראָפן.

מעלה־גרהן (מ אַ ל ע ־ ג יי ר ע ן) — איבערקייען.

מעשה (מ יי ס ע, מ אַ נ ס ע) — פּאַסירונג, געשיכטע, געשעעניש, טאַט.

מעשה־נורא (מ אַ נ ס ע ־ נ ו י ר ע) — שרעקלעכע געשיכטע. מעשיות (מ אַ נ ס ע ס) — געשיכטעס, פּאַסירונגען, געשעענישן.

מעשה־ניסים (מ אַ נ ס ע ־ נ י ס י ם) — טאַקע אַ וווּנדער געשען.

מעשה־סדום (מ אַ נ ס ע ־ ס ד אָ ם) — נידערטרעכטיקע, פאַרדאָרבענע טאַט.

מעשה־שטן (מ אַ נ ס ע ־ ס אָ ט ן) — דאָ: אויף צולאָכעס. מעשה־ראמאי (מ אַ נ ס ע ־ ר אַ מ אַ י) — אַפּעריסטיש, שווינדלעריש.

מעשים (מ יי ס י ם, מ אַ נ ס י ם) — טאַטן, טואונגען. מעשים־טובים (מ אַ נ ס י ם ־ ט ו י ו י ם) — גוטע טאַטן. ער אַרבעט מעשים — ער באַמיט זיך שטאַרק, מאַכט אָנשטרענגונגען, קערט וועלטן.

מעשים שבכל יום (מ א נ ס י ם   ש ע ב כ אָ ל   י אָ ם) — זאַכן, וואָס טרעפֿן זיך יעדן טאָג; געוויינלעכע זאַכן.

מעגן (מ ע א ג ן) געווען — פֿאַרלאָזט דאָס ווייב, געמאַכט פֿאַר אַן אַגונע.

מעת־לעת (מ ע ס ־ ל ע ס) — אַ טאָג מיט אַ נאַכט, 24 שעה.

מפֿלפּל (מ ע פּ אַ ל פּ ל) זיין — איבערגעשפּיצט, סכאָלאַסטיש דיסקוטירן.

מפֿרנס (מ ע פּ א ר נ ע ס) זיין — שפּייזן, אויסהאַלטן, דערנערן.

מפֿסיק (מ א פּ ס י ק) זיין — איבעררייסן, אויסרעדן אין מיטן דאַווענען.

מפֿרשים (מ ע פּ אָ ר ש י ם) — קאָמענטאַרן, דערקלערער פֿון דער רעליגיעזער ליטעראַטור; ספֿאָרים, וואָס קאָמענטירן דעם טאַלמוד.

מצבֿה (מ א צ יי וו ע) — אָנדענק־שטיין אויף אַ קייווער. מערצאָל: מצבֿות (מ א צ יי וו ע ם).

מציאה (מ ע צ י ע) — געפֿונענע זאַך, ביליק געקויפֿטע זאַך. מערצאָל: מציאות (מ ע צ י ע ם).

מצה (מ אַ צ ע) — פֿלעצל געבאַקן פֿון נישט געזויערטן טייג אויף פּייסעך לויטן יידישן רעליגיעזן ריטואַל. מערצאָל: מצות (מ אַ צ ע ם).

מצווה (מ י צ וו ע) — ווילטאַט, רעליגיעז געבאָט. מערצאָל: מצוות (מ י ־ צ וו ע ם).

מציל (מ אַ צ ל) זיין — אָפּראַטעווען.

מצליח (מ א צ ל י ע ד) זיין — האָבן דערפֿאָלג, באַגליקט ווערן.

מצרים (מ י צ ר א י ם) — עגיפּטן. מצרים־הונט — קרעציקער, צעשלאָגענער הונט.

מציצה (מ ע צ י צ ע) — דאָס אויסזייגן דאָס בלוט פֿון דער וווּנד ביים באַשניידן אַן אַכט־טאָגיק ייִנגעלע לויטן ריטואַל.

מקבל־באהבֿה (מ ע ק א ב ל ־ ב ע א ה א וו ע) זיין — אָננעמען פֿאַר ליב.

מקבל ־ פּנים (מ ע ק אַ ב ל פּ אָ נ ע ם) זיין — אויפֿנעמען, באַגעגענען אַ גאַסט.

מקבלים (מ ע ק אַ ב ל י ם) — יידן, וואָס האָבן געלעבט פֿון נעמען שטיצע; כאָשעווע שנאָרערס.

מקדים נעשׂה לנשמע (מ אַ ק ד י ם   נ א ס ע   ל ע נ י ש מ ע) — געמיינט: ער איילט זיך זיין פֿון די ערשטע; איידער וואָס־ווען, טוט ער שוין אין דער זאַך.

מקווה (מ י ק וו ע) — ריטואַל־באָד.

מקום (מ אָ ק ע ם) — אָרט. דאָ: געגנט, פּראָווינץ. מערצאָל: מקומות (מ ע ־ ק וו מ ע ם). מקום־מנוחה (מ אָ ק ע ם ־ מ ע נ ו כ ע) — רו־אָרט, אָפּרו־אָרט. מקום־קדוש (מ אָ ק ע ם ־ ק אָ ד ע ש) — הייליק אָרט, ווי בעסמע־דרעש, שול.

מקונן (מ ע ק וי נ ע ן) — באַווייַנער, באַקלאָגער, קלאָגער.

מקורב (מ ע ק ו ר ע ו) — נאָענטער פֿרייַנד, אייגענער מענטש. מערצאָל: מקורבים (מ ע ק ו ר אָ ו י ם).

מקח (מ ע ק ע ך) — פּרייַז.

מקים פּסק (מ ע ק אַ י ע ם פּ ס אַ ק) זייַן — באַשטראָפֿן, אויספֿירן אַן אורטייל.

מקנא (מ ע ק אַ נ ע) זייַן — נישט פֿאַרגינען, וועלן זייַן אין יענעמס לאַגע.

מקפּיד (מ אַ ק פּ י ד) — פּעדאַנט, שטרענגער אָפּהיטער.

מקצר (מ ע ק אַ צ ע ר) געווען — פֿאַרקירצט.

מקריב (מ אַ ק ר ע ו) זייַן — אָפּפֿערן, אָפּגעבן דאָס לעבן.

מקפּח שכר (מ ע ק אַ פּ יי ע ך ס כ אַ ר) זייַן — צונעמען דעם לוין, נישט באַלוינען פֿאַר אַרבעט.

מראה (מ אַ ר ע) — אויסזען.

מרה־שחורה (מ אָ ר ע ־ ש כ ו י ר ע) — מעלאַנכאָליע, דערשלאָגנקייט, טרויער, אומעט.

מרחיק מן השכל (מ אַ ר כ י ק מ י ן ה אַ ס יי כ ל) זייַן — מאַכן אומפֿאַרשטענדלעך, אומלאָגיש.

מרחץ (מ ע ר כ ע ץ) — ריטועלע באָד.

מרת (מ אָ ר אַ ס) — האַרנטע; טראַדיציאָנעלער טיטל פֿאַר אַ פֿרוי פֿון אַן אָנגעזעענער פֿאַמיליע.

מרידה (מ ע ר י ד ע) — אויפֿשטאַנד, בונט.

מרכּבה (מ ע ר ק אָ ו ע) — די ביבלישע באַשרייַבונג פֿון גאָטס רייטוואָגן; געטלעכע קלוגשאַפֿט.

משׂא (מ אַ ס ע) — לאַסט. מערצאָל: משׂאות (מ אַ ס אָ ע ס).

משגיח (מ אַ ש ג י ע ך) — אויפֿזעער. מערצאָל: משגיחים (מ אַ ש ג י כ י ם).

משה רבינו (מ ו י ש ע ר אַ ב יי נ ו) — ווערטלעך: אונדזער פֿירער משה. נאָמען פֿון באַפֿרייער און געזעצגעבער פֿונעם ייִדישן פֿאָלק לויט דער ביבל.

משוגע (מ ע ש ו ג ע) — צעמישט, דול. מערצאָל: משוגעים (מ ע ש ו ג אָ י ם).

משוגעת (מ ע ש ו ג אַ אַ ס) — צעמישטקייט, נישט־קלאָרקייט, גרויסע נאַרישקייט.

משום דרכי שלום (מ ע ש ו ם ד אַ ר ק יי ש אָ ל ע ם) — צוליב פֿרידן, פֿון שאָלעם וועגן, צוליב קורטואַזיע.

משונהדיק (מ ע ש ו נ ע ד י ק) — מאָדנע, מערקווירדיק, גאָר אַנדערש, אויסטערליש.

משיח (מ אָ ש י ער) — ווערטלעך: דער געזאלבטער, דער דערלייזער פונעם יידישן פאָלק. געקומען משיחס צייטן — געמיינט: זיך דערוואַרט אויף וואָס מ'האָט געהאָפט און געוואַרט.

משכון (מאַ ש ק ן) — פאַרזעצטע, איינגעלייגטע זאַך. מערצאָל: משכנות (מ אַ ש ק אָ נ ע ס).

משכיל (מ אַ ס ק י ל) — אויפגעקלערטער, אָנהענגער פון דער האַסקאָלע, מערצאָל: משכילים (מ אַ ס ק י ל י ם).

משל (מ אָ ש ל) — פאַרגלייך, ביישפיל, פאַבל; משל לעמעשקע — רייד, וואָס קלעפּן זיך נישט.

משולח (מ ע ש ו ל ער) — יידישער קוריער, ספּעציעל געשיקטער מענטש פון אַ יעשיווע אדגל. מערצאָל: משולחים (מ ע ש ו ל אָ כ י ם).

משלנו (מ י ש ע ל אָ נ ו) — פון אונדזערע מענטשן, אונדזעריקער.

משניות (מ י ש נ יי ע ס) — זאַמלונג פון רעליגיעזע געזעצן. משניות־לערנערס — יידן, וואָס לערנען מישנייעס אין אַ יאָרצייט.

משער (מ ע ש יי ע ר) זיין זיך — זיך אָנשטויסן, באַקומען אַ פאָרשטעלונג, זיך פאָרשטעלן.

משך (מ ע ש ע ך) — אין פאַרלויף, אין דער צייט.

משלוח־מנות (מי ש ל אַ כ מ אָ נ ע ס) — מאַטאָנעס, וואָס יידן שיקן זיך אום פּורים.

משפט (מ י ש פּ ע ט) — פראָצעס, אורטייל. מערצאָל: משפטים (מ י ש פּ אָ ־ ט י ם).

משקה (מ אַ ש ק ע) — געטראַנק פון בראָנפן, וויין און דאָס גלייכן. מערצאָל: משקאות (מ אַ ש ק אָ ע ס).

משקולת (מ י ש ק ו י ל ע ס) — גלייכגעוויכט, וואָג־צינגל. ער שטייט אויף משקולת — ער האַלט זיך קוים, אָט אָט פאַלט ער, האָט נישט קיין פעסטן אָנשפּאַר.

משפחה (מ י ש פּ אָ כ ע) — פאַמיליע, קרויווישאַפט. מערצאָל: משפחות (מ י ש פּ אָ כ ע ס).

משרת (מ ע ש אָ ר ע ס) — באַדינער. מערצאָל: משרתים (מ ע ש אָ ר ס י ם).

משטינים (מ א ס ט י נ י ם) — די, וואָס רייצן, רעדן אָן שלעכטס צו טאָן.

מת (מ ע ס) — טויטער, געשטאָרבענער, באַרמיגער. מערצאָל: מתים (מ יי ־ ס י ם).

מתחייב (מ י ס כ א י ע וו) זיין — פאַרפליכטן.

מתיקות (מ ע ס י ק ע ס) — זיסקייט, איינגענעמלעכקייט.

מתן=בסתר (מ אַ ט ן =ב ע ס יי ס ע ר) — צדאָקע, וואָס מען גיט אין דער שטיל, פאַרבאָרגענערהייט.

מתנת בשר ודם (מ אַ ט נ א ס ב אָ ס ע ר וו ע ד אָ ם) — א געשאַנק פון אַ מענטשלעכער האַנט, שטיצע פון מענטשן.

מתנגד (מ י ס נ אַ ג ע ד) — קעגנער פון כסידיזם.

מתרה (מ א ס י ר ע) זיין — וואָרענען, פאַרזאָגן.

טור=מלכה (ט ו ר =מ א ל ק ע) — אַ קייזערלעכער בארג.

נ.

„נאמנה“ (נ ע מ אָ נ ע) — געמיינט: אמונה (ע מ ו נ ע) — גלויבן.

נביאות (נ ע וו י ע ס) זאָגן — פאָרויסזאָגן.

נבלה (נ ע וו יי ל ע) — געפּייגערט באשעפעניש, העסלעכער, געמיינער מענטש.

נגיד (נ אָ ג י ד) — רייכער מענטש. מערצאָל: נגידים (נ ע ג י ד י ם).

נדבה (נ ע ד אָ וו ע) — געלט=געשאַנק אַן אָרעמאַן. מערצאָל: נדבות (נ ע ד אָ = וו ע ם).

נדיב (נ אָ ד י וו) — א פילאַנטראָפּ. מערצאָל: נדיבים (נ ע ד י וו י ם).

נדן (נ אַ ד ן) — כאַסענע=אויסשטייער (אין געלט און אין זאכן), וואָס די עלטערן גיבן זייערע קינדער.

נבוכדנצר (נ ע וו ו כ אַ ד נ ע צ ע ר) — נאָמען פון א קעניג פון בבל (ב אָ וו ל), וועהין עס זענען פאר זיין הערשאפט פארטריבן געוואָרן די יידן נאָכן חורבן פונעם בייסהאמיקדעש.

נוהג (נ ו י ע ג) זיין זיך — זיך פירן.

נוסח (נ ו ס ע ד) — סטיל, שטייגער, טראַדיציאָנעלע מעלאָדיע. מערצאָל: נוסחאות (נ ו ס כ אָ ע ס).

נושה=חן (נ ו י ס ע = כיין) זיין — געפעלן ווערן.

נחלה (נ אַ כ ל ע) — אייגענע ווירטשאפט, אייגענע שטוב, אייגן שטיקל ערד. מערצאָל: נחלאות (נ א כ ל אָ ע ס).

נחת (נ אַ כ ע ס) — פאַרגעניגן, פרייד, גליק. נחת=רוח (נ אַ כ ע ס = ר ו ע ד) — גייסטיקער גענוס, גייסטיקער פארגעניגן.

ניגון (נ י ג ן) — מעלאָדיע. מערצאָל: ניגונים (נ י ג ו נ י ם).

ניחא (נ י כ ע) זיין — זיין אָנגעלייגט, אָנגענעם, צום הארצן, ־רעכט.

נחמה (נ ע כ אָ מ ע) — טרייסט.

**נופת** (נ ו י פ ע ס) — זיסקייט.

**נמאס־ומאוס** (נ י מ ע ס ־ א ו מ אָ ע ס) — שטאַרק צוגעגעסן, שטאַרק פאַר־האסט.

**נצחנות** (נ א צ כ אָ נ ע ס) — דאָ: אַמביציע, דאָס אויספירן.

**„ננתקה"** (נ ע נ א ט ק אָ) — רעדן אויף ננתקה — דאָ געמיינט: רעדן אויף די פּריצים און אויף די רייכע.

**נס** (נ ע ס) — וווּנדער. מערצאָל: **נסים** (נ י ס י ם).

**נסיון** (נ י ס אָ י ע ן) — פּרוּוו, אויספּרוּווּנג, שווערקייט. מערצאָל: **נסיונות** (נ י ס י ו י נ ע ס).

**נפקא־מינה** (נ אַ פ ק ע ־ מ י נ ע) — אונטערשייד.

**נפש** (נ ע פ ע ש) — מענטשלעך באַשעפעניש, פאַרשוינדל. מערצאָל: **נפשות** (נ ע פ א ש ע ס). **נפש־אחת** (נ ע פ ע ש ־ א כ ע ס) — איין וועזן, איין נעשאָמע.

**נצא השדה** (נ יי צ יי ה אַ ס אָ ד ע) — לאָמיר אַרויסגיין אין פעלד.

**נקבה** (נ ע ק יי וו ע) — פרוי, פרויענצימער; מין נקבה — ווייבלעך געשלעכט. מערצאָל: נקבות (נ ע ק יי וו ע ס).

**נשמה** (נ ע ש אָ מ ע) — גייסט, זעל, דאָס לעבן. קוים די נשמה האַלט זיך ביי אים — קוים וואָס ער לעבט, אָטעמט. מערצאָל: **נשמות** (נ ע ש אָ מ ע ס).

**נשרף** (נ י ס ר ע ף) — אָפּגעברענטער. מערצאָל: **נשרפים** (נ י ס ר אָ פ י ם).

**נתעשר** (נ י ס א ש ע ר) **געוואָרן** — רייך געוואָרן

**נתפעל** (נ י ס פ אָ ע ל) **ווערן** — אַנטציקט ווערן, איבעראַשט ווערן.

## ס.

**סבלנות** (ס א וו ל אָ נ ע ס) — געדולד, טאָלעראַנץ, אויסדויער.

**סברא** (ס וו אָ ר ע) — מיינונג, געדאַנק, השערה. מערצאָל: **סברות** (ס וו אָ ־ ר ע ס). בויד־סברות — אומבאַגרינדעטע מיינונגען, אויסגעקלערטע זאַכן.

**סבר פנים יפות** (ס יי וו ע ר פ אָ נ ע ם י אָ פ ע ס) — פריינדלעך געזיכט, האַרציק, פריינדלעך.

**סגולה** (ס ג ו ל ע) — מיטל, וווּנדער־מיטל, היילונג. מערצאָל: **סגולות** (ס ג ו ־ ל ע ס).

**סדום** (ס ד אָ ם) — נאָמען פון אַ שטאָט, וווּ ס'האָבן געוווינט פאַרדאָרבענע, שלעכטע מענטשן; באַצייכענונג פון אַ שלעכטער שטאָט. **מעשה־סדום** — נידערטרעכטיקע, פאַרדאָרבענע שטאָט.

[illegible]

סדרה (ס ע ד ר ע) — טייל פון חומש, תורה, קאפיטל; א זאך, וואָס מ'האלט אין איין רעדן וועגן דעם; סדרה הוצאות (ס ע ד ר ע ה ו י צ אָ ע ס) — אַ גאַנצע ריי אויסגאבן. סדרה „לך לך“ (ס ע ד ר ע ל ע ך ־ ל ע כ אָ) — געמיינט: אָנהייבן צו וואנדערן, פארוואָגלט צו ווערן.

סוחר (ס ו י כ ע ר) — הענדלער, קרעמער. מערצאָל: סוחרים (ס אָ כ ר י ם).

סוכה (ס ו ק ע) —ביידל, אין וועלכן פרומע יידן עסן אום יאָנטעוו סוקעס.

סוכות (ס ו ק ע ס) — א יידישער יאָנטעוו.

סוסים (ס ו ס י ם) — פערד.

סוף (ס אָ ף) — שלוס, ענדע. עד סוף כל הדורות (אַ ד ס אָ ף ק אָ ל ה א ־ ד ו י ה ע ס) — ביז אין דער אייביקייט אריין.

סופר (ס ו י פ ע ר) — רעליגיעזער שרייבער פון מעזוזעס, סייפער־טוירעס, טפילן

סומך (ס ו י מ ע ך) זיין זיך — זיך פארלאָזן.

סותר (ס ו י ס ע ר) זיין זיך — זיין אין ווידערשפרוך, אין ווידעראנאנד.

סחורה (ס כ ו י ר ע) — שטאָף, האנדלס־קעגנשטאַנד. אויך אין איראָנישן זין וועגן א מענטש: אַ וואַזשנע סכוירע. מערצאָל: סחורות (ס כ ו י ר ע ס).

סידור (ס י ד ע ר) — אַ געבעט־בוך. מערצאָל: סידורים (ס י ד ו ר י ם).

סיום (ס י ע ם) — דאָס ענדיקן אַ באַשטימטן טייל פון טאלמוד, די פייערונג ביים סיום. סיום־בראָנפן — דאָס טרינקען בראָנפן ביי דער סיעם־פייערונג.

סילוקן (ס י ל ע קן) — אָפצאָלן, איינלייגן.

סימן (ס י מ ע ן) — צייכן, באווייז. מערצאָל: סימנים (ס י מ אָ נ י ם).

סך־הכל (ס א ך ־ ה אַ ק ל) — די לעצטע סומע, די אונטערשטע שורע, ארום און ארום. אין סך־הכל — נאָך אַלעמען.

סכסוך (ס י כ ס ע ך) — קאָנפליקט. מערצאָל: סכסוכים (ס י כ ס ו כ י ם).

סכנות (ס ק אָ נ ע ס) — דאָ: שרעקלעך. אָן סכנות — ס'איז נישט שרעקלעך.

סליחות (ס ל י כ ע ס) — אזעלכע טפילעס.

סם (ס אַ ם) — גיפט.

סנדק (ס אַ נ ד ע ק) — דער, וואָס האלט דאָס קינד אויפן שוים ביים מאלע זיין.

סעודה (ס ו ד ע) — פייערלעכער מאָלצייט. מערצאָל: סעודות (ס ו ד ע ס).

ספירה (ס פ י ר ע) — די טעג צווישן פייסעך און שוועס; אין די טעג איז פאר־ווערט צו פראווען חתונות. ספירה־צייט — געמיינט: טרויער־צייט.

ספק (ס אָ פ ע ק) —צווייפל, אומזיכער. מערצאָל: ספקות (ס פ יי ק ע ס).

ספר (ס ײ פ ע ר) — בוך, ײדיש־רעליגיעז בוך, טױרע. מערצאָל: ספרים (ס פ אָ־ ר י ם).

ספר־הבהמות (ס ײ פ ע ר ־ה א ב ה ײ מ ע ס) — דאָס בוך, אין װעלכן עס װערט דערצײלט װעגן בהמות.

ספר־הגלגולים (ס ײ פ ע ר ־ ה א ג י ל ג ו ל י ם) — דאָס בוך, אין װעלכן ס'װערט דערצײלט װעגן פאַרװאַנדלונגען. ספר־תורה (ס ײ פ ע ר ־ ט ו י ר ע) — די טױרע געשריבן אױף פּאַרמעט. מערצאָל: ספר־תורות (ס ײ פ ע ר ־ ט ו י ־ ר ע ס).

סרכא (ס י ר כ ע) — אָנװוּקס אױף דער לונג בײַ אַ בהמה, פעלער.

סתירה (ס ט י ר ע) — װידערשפּרוך, װידעראַנאַנד, קעגנזאַץ. מערצאָל: סתירות (ס ט י ר ע ס).

## ע.

עבודת־הבורא (א װ ו י ד א ס ־ ה אַ ב ו י ר ע) — דאָס דינען גאָט, דאָס דאַװע־ נען, הײליקע אַרבעט.

עבודת־פרך (אַ װ ו י ד א ס פּ ע ר ע ך) — אױסמאַטערנדיקע, שװערע אַרבעט.

עבירה (א װ ײ ר ע) — זינד, פאַרברעכן, שאָד. מערצאָל: עבירות (א װ ײ ־ ר ע ס).

עבירה גוררת עבירה (א װ ײ ר ע ג ו י ר ע ר ע ס א װ ײ ר ע) — אײן אװײרע שלעפּט נאָך זיך די צװײטע.

עבר זמנו (אָ װ ע ר ז מ אַ נ ו י) — אַװעק די צײַט, פאַריבער, פאַרבײַ, צו שפּעט.

עברי (א י װ ר ע) — דאָס עלעמענטאַרע לײענען. אין בײדער האָט מען געלערנט איװרע, נאָך דעם — כומעש, שפּעטער — גמאָרע. שטומפּיק זײַן אױף עברי — בײַשט קענען לײענען.

עגמת־נפש (א ג מ א ס ־ נ ע פ ע ש) — קרענקונג, האַרצװײטיק, פאַרדרוס.

עגונה (אַ ג ו נ ע) — פרױ, װאָס איר מאַן איז פאַרפאַלן געװאָרן, פאַרלאָזטע. מערצאָל: עגונות (אַ ג ו נ ע ס).

עד־היום (א ד ־ ה א י ע ם) — ביזן הײַנטיקן טאָג.

עד פרוטה אחרונה (א ד פּ ר ו ט ע אַ כ ר ו י נ ע) — ביזן לעצטן גראָשן.

עדה (א ײ ד ע) ײדן — גרופּע ײדן, אַלע ײדן אינײנעם.

עדות (א ײ ד ע ס) — דער, װאָס איז בײַגעװען; דער, װאָס באַשטעטיקט פאַרן געריכט עמעצנס שולד אָדער אומשולד.

עובדה (א ו ו ד ע) — באַשעפטיקונג, טועכץ.

עובר (א ו י ו ע ר) זיין — איבערטרעטן, זינדיקן. עובר אויף כל התורה כולה (א ו י ו ע ר א ו י ף ק אָ ל ה אַ ט ו י ר ע ק ו ל ע) — טוט אַלע זאַכן, וואָס די טוירע פאַרבאָט.

עובר־בטל (א ו י ו ע ר ־ ב אָ ט ל) — אָפּגעפּאָרעניער, אויסגעוועפּטער מענטש; שוין נישט ביי די געדאַנקען מאַכמעס אַלטקייט.

עוג מלך הבשן (אָ ג מ ע ל ע ך ה אַ ב אָ ש ן) — ווערטלעך: עוג, דער קעניג פון בשן — ביבלישער פּערסאָנאַזש; זייער א הויכער מענטש, א ריז.

עוולה (אַ וו ל ע) — אומרעכט, אומגערעכטיקייט, קריוודע. מערצאָל: עוולות (אַ וו ל ע ס).

עול (אָ ל) — יאָך, שווערע לאַסט, פליכט.

עולה לגדולה (א ו י ל ע ל י ג ד ו ל ע) — דערהויבן ווערן, הויך שטייגן.

עולה־רגל (א ו י ל ע ־ ר ע ג ל) זיין — גיין צופוס צו א הייליקן אָרט.

עולם (א ו י ל ע ם) — געזעלשאַפט, פּובליקום, פאַרזאַמלטע מענטשן, וועלט; אויף דעם עולם — געמיינט: אויף דער ווירקלעכער וועלט. עולם־הבא (א ו י ל ע ם ־ ה א ב ע) — „יענע וועלט“. עולם התוהו (א ו י ל ע ם ־ ה אַ ט ו י ה ו) — כאַאָס, כאַאָטישע וועלט. עולם־הזה (א ו י ל ע ם ־ ה אַ ז ע) — די וועלט ביים לעבן, דאָס האָבן פאַרגעניגן אויף דער וועלט.

עולם־הזהניקעס (א ו י ל ע ם ־ ה אַ ז ע נ י ק ע ס) — מענטשן, וועלכע זוכן וואָס מער קערפּערלעכע פאַרגעניגנס.

עולם כמנהגו (א ו י ל ע ם ק ע מ י נ ה אָ ג ו י) — די וועלט פירט זיך אויף איר שטייגער, די וועלט גייט מיט איר וועג.

עוסק (א ו י ס ע ק) זיין — זיך פאַרנעמען, זיך באַשעפטיקן. עוסק בצרכי ציבור (א ו י ס ע ק ב ע צ אָ ר כ יי צ י ב ע ר) — פאַרנעמט זיך מיט געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן.

עופהלע (א ו י פ ע ל ע) — דאָ: גאָר אַ קליין קינד.

עוקר מן השורש (א ו י ק ע ר מ י ן ה אַ ש ו י ר ע ש) זיין — אויסרייסן מיטן וואָרצל, אויסוואָרצלען.

עושר (א ו י ש ע ר) — רייכער. מערצאָל: עשירים (א ש י ר י ם).

עזות (אַ ז ע ס) — געוואַגטקייט, אומפאַרשעמטקייט, פרעכקייט. עזות־מחוצף (א ז ע ס ־ מ ע כ ו צ ע ף) — זייער אַן אומפאַרשעמטער מענטש. עזות־פנים (אַ ז ע ס ־ פּ אָ נ ע ם) — פאַרשייטער, פרעכער מענטש.

עטרה (אַ ט אָ ר ע) — דאָס אויסנייעכץ מיט זילבער־פעדעם אויפן אייבערשטן ראַנד פון טאַלעס. מערצאָל: עטרות (אַ ט אָ ר ע ס).

עין־הרע (א י ע נ ה אָ ר ע) — בייז, שלעכט אויג, „גוט אויג“.

עיפוש (א י פּ ע ש) — דומפּיקייט, שימל, שלעכטער גערוך; באַצייכענונג פון אַ שלעכטן מענטש.

עיקר (א י ק ע ר) — הויפּט־זאַך, דאָס וויכטיקסטע.

עיקר שכחתי (א י ק ע ר ש אָ כ אַ כ ט י) — דאָס וויכטיקסטע האָב איך פאַרגעסן; פּאָסט סקריפּטום.

עיר ואם בישראל (א י ר וו ע א ייִ ם ב ע יי ס ר אָ ע ל) — אַן עכט יידישע שטאָט, א גרויסע יידישע שטאָט.

על־פּי (אַ ל ־ פּ י) — לויט, דורך. על פּי סוד (ס אָ ד) — אויסטייטשונג לויטן פאַרבאָרגענעם זין. על־פּי גורל (אַ ל ־ פּ י ג ו י ר ל) — לויטן שיקזאַל, לויטן ארויסגעצויגענעם צעטל. על־פּי דרוש (אַ ל ־ פּ י ד ר ו ש) — אַ סכאָלאַסטישע אויסטייטשונג פון די ביבלישע זאצן און טאַלמודישע אפאָריזמען. על־פּי דין (א ל ־ פּ י ד י ן) — לויטן געזעץ, לויט דער רעליגיעזער פאָרשריפט. על־פּי דין פּטור (פּ אָ ט ע ר) — לויטן געזעץ איז ער פריי, מעג ער. על־פּי דרך הטבע (אַ ל ־ פּ י ד ע ר ע ד ה אַ ט ע וו ע) — אויפן נאַטירלעכן וועג. על־פּי גזרה־שווה (ג ע ז יי ר ע ־ ש אָ וו ע) — לויטן פאַרגלייך.

על הניסים (אַ ל ה אַ נ י ס י ם) — די ערשטע ווערטער פון א כאַנוקע־טפילע, נאָכן אָנצינדן די כאַנוקע־ליכטלעך.

על־פּי פּשט (אַ ל ־ פּ י פּ ש א ט) — איינפאַכע קלאָרע אויסטייטשונג לויטן מיין פונעם וואָרט.

על ספּסלי (אַ ל ס א פּ ס אָ ל יי) — אויף די בענק.

על־פּי רמז (ר ע מ ע ז) — אָנדייטונג לויטן ווינק.

עליה (אַ ל י ע) — דאָס ארויפשטייגן; דאָס אויפגערופן ווערן צו דער טוירע.

עם קטן (א ם ק אָ ט ן) — קליין פעלקל.

עם־הארץ (אַ מ אָ ר ע ץ) — אַנאַלפאַבעט, גראָבער יונג, נישט געבילדעטער. מערצאָל: עם־הארצים (אַ מ ע ר א צ י ם).

עם חכם ונבון (א ם כ אָ כ אָ ם וו ע נ אָ וו ו י ן) — קלוג און פארשטענדיק פאָלק.

עם קדושים (א ם ק ע ד ו י ש י ם) — הייליק פאָלק.

עמוד (אָ מ ע ד) — שטענדער, ביי וועלכן ס׳דאַוונט דער כאַזן.

ענין (א י נ י ע ן) — אָנגעלעגנהייט, זאַך, פּראָבלעם, פראַגע, אינטערעס. מערצאָל: ענינים (א י נ י אָ נ י ם).

עניני עולם הבא (א י נ י אָ נ יי א ו י ל ע ם ה אַ ב אָ) — אָנגעלעגנהייטן, פּראָבלעמען, וואָס געהערן זיך אָן בלויז מיט „יענער וועלט“.

עני־ואביון (אָ נ י וו ע ווי ע ן) — גרויסער אָרעמאַן, בעטלער.

עניו (אָ נ ע וו) — באַשיידענער. מערצאָל: ענווים (א נ אָ וו י ם).

עסק (א יי ס ע ק) — וועזן; געשעפט, אונטערנעמונג. מערצאָל: עסקים (אַ ס אָ ־ ק י ם).

עץ הדעת (א יי ץ ה א ד א אַס) — בוכשטעבלעך: בוים פון וויסן. לויט דער ביבל האָט גאָט פאַרבאָטן אָדעמען צו עסן די פרוכטן פון אייץ האַדאַאַס, ער האָט אָבער געגעסן און באַקומען פאַרשטאַנד. באַצייכענונג פון קלוגשאַפט און וויסן.

עצה (א יי צ ע) — ראַט, אויסוועג. מערצאָל: עצות (א יי צ ע ס).

עקרה (אַ ק אָ ר ע) — קינדערלאָזע פרוי. מערצאָל: עקרות (אַ ק אָ ר ע ס).

עקשנות (אַ ק ש אָ נ ע ס) — איינגעשפּאַרטקייט.

ערב (ע ר ע וו) — א טאָג פריער. ערב־שבת (ע ר ע וו ־ ש אַ ב ע ס) — פרייטיק.

ערוב (אָ ר ע וו) — דער, וואָס גאַראַנטירט, פאַרזיכערט, זשירירט.

ערל (אָ ר ל) — נישט געמאַלטער, פויער; א שאָוויניסטישער אויסדרוק פאַר אַ נישט־ייִד. מערצאָל: ערלים (א ר יי ל י ם).

עשו (א יי ס ע וו) — נישט־ייִד; שאָוויניסטישער אויסדרוק ביים באַצייכענען אַ נישט־ייִד; זידל־וואָרט — געמיינט: שלעכטער, בייזער מענטש; נאָמען פונעם אורפאָטער יאַנקעווס ברודער.

עת־צרה (א יי ס ־ צ אָ ר ע) — צייט פון אומגליקן, פון נויט.

פ.

פגירה (פּ ע ג י ר ע) — דאָ: פויל פערד.

פגרן (פּ יי גֿ ע ר ן) — דאָ: אויסגיין, אומקומען פאַר עפּעס.

פדיון (פּ י ד י ע ן) — לייזעכץ.

פגעים רעים (פּ ע ג אָ י ם ר א א י ם) — בייזע שלעק, אָנשיקענישן.

פה קדוש (פּ ע ק אָ ד ע ש) — מיט אַ פה קדוש, דאָ געמיינט: אַרויס מיט דער עמעסער שפּראַך; אַ גרויס מויל, באַרעדעוודיקייט, א מויל אויף שרויפן.

פוגע בכבוד (פּ ו י ג יי ע ב ע ק אָ וו ע ד) זיין — אָנרירן יענעמס ערע, עמעצן באַליידיקן.

פועל־יוצא (פּ ו י ע ל ־ י ו י צ ע) — רעזולטאַט. פועל־יוצא זיין — דערגרייכן, באַווירקן, באַקומען א רעזולטאַט.

פועלן (פּ ו י ע ל ן) — אויספירן, דערגרייכן, אויסווירקן.

פורעניות (פּוּראָניעס) — בראָך, פּלאָג, שלאק, אָנשיקעניש.

פּושע־ישׂראל (פּאָשעיִסראָעל) — זינדיקער ייד, זינדיקער קעגן דער יידישער רעליגיע.

פּזמון (פּיזמען) — אַלט לידל, רעליגיעז געדיכט; אויסגעטראַכטע זאַך.

פּחד (פּאַכעד) — שרעק.

פּיקוח־נפש (פּיקועך־נעפעש) — דאָס ראַטעווען דאָס לעבן, דאָס ראַטעווען אַ מענטשן.

פּיאה (פּייע) — דאָס האָר־קרייזל לעבן אויער אויף דער באַק. מערצאָל: פּיאות (פּייעס).

פּיוט (פּאַיעט) — רעליגיעזע לידער איינעם יאָנטעווּדיקן דאַווענען.

פילוסופיה (פילאָסאָפיע) — פילאָזאָפיע.

פּירות (פּייראָס) — פּרוכטן.

פּירוש (פּייראָש) — קאָמענטאַר, דערקלערונג. מערצאָל: פּירושים (פּערושים). מיט אַלע פּירושים, דאָ: מיט אַלע קליפּערלעך, וועזן; זע נאָר, פון וואָס ער מאַכט אַ פּייראָש — אַ וועזן.

פלא (פּעלע) — וואונדער, אויסטערלישקייט.

פלאהדיק (פּליעדיק) — וואונדערלעך, אומפאַרשטענדלעך.

פליטה (פּלייטע) — פליטה מאַכן — אַנטלויפן, אָפּציען.

פלפול (פּילפּל) — שאַרפזיניקע, פאַרפּלאָנטערטע כקירע; אַזאַ „סיסטעם" ביים לערנען געמאָרע.

פלוני (פּלוני) — אומבאַקאַנטער מענטש, אַ געוויסער מענטש, דער און דער.

פלוניתטע (פּלוניסטע) — ווייב.

פנוי מקום (פּאַנוי מאָקעם) — מאַכט אַן אָרט, אַ וואַרע.

פנים (פּאָנעם) — געזיכט, אויסזען.

פנחס בן יאיר (פּינכעס בען יאָאיר) — נאָמען פון אַ טאַלמודישן געלערנטן.

פנקס (פּינקעס) — הייליק בוך, די כראָניק פון דער יידישער קעהילע — געמיינדע.

פסול (פּאָסל) — וואָס מע טאָר נישט באַנוצן לויט דער רעליגיע; וואָס איז נישט צום באַנוצן.

פסוק (פּאָסעק) — די ביבל, זאַץ פון דער ביבל. מערצאָל: פסוקים (פּסוקים).

**פּסח** (פּ יי ס ע ד) — נאָמען פון דעם פרילינג=יאָנטעוו, וואָס רעליגיעזע יידן פייערן צום אָנדענק פון באפרייט ווערן פון דער שקלאפעריי אין עגיפטן.

**פּסלנות** (פּ אַ ס ל אָ נ ע ס) — דאָ: דאָס ערגסטע, אומטויגבארע.

**פּסק** (פּ ס אַ ק) — אורטייל, אָפּשניט, שטראָף. **פּסקענען** (פּ א ס ק ע נ ע ן) — אורטיילן, אַנטשיידן.

**פּעולה** (פּ ו ל ע) — ווירקונג, אויפטו.

**פּקד, פּקדתי, פּקדת** (פּ אָ ק ו י ד, פּ אָ ק אַ ד ט י, פּ אָ ק אַ ד ט אָ) — דערמאָנען, איך האָב דערמאָנט, דו האָסט דערמאָנט.

**פּרא=אדם** (פּ ע ר ע = אָ ד ע ם) — ווילדער, נישט=דערצויגענער מענטש.

**פּרה אדומה** (פּ אָ ר ע אַ ד ו מ ע) — רויטע קו פאַר ריטועלע צוועקן.

**פּרוטה** (פּ ר ו ט ע) — גראָשן, קלענסטע מאַטבייע.

**פּרוש** (פּ אָ ר ע ש) — אָפּגעזונדערטער, לערנער, וואָס האָט פאַרלאָזט זיין פאַמיליע און איז אַוועק לערנען אין דער יעשיווע אָדער בעסמעדרעש. מערצאָל: **פּרושים** (פּ ר ו ש י ם).

**פּרט** (פּ ר אַ ט) — איינצלנער, איינצלהייטן, הינזיכט. מערצאָל: **פּרטים** (פּ ר אָ = ט י ם).

**פּריץ** (פּ אָ ר ע ץ) — גוטבאַזיצער, האַר, באַלעבאָס, מיוכעס, אַריסטאָקראַט. מערצאָל: **פּריצים** (פּ ר י צ י ם). **פּריצה** (פּ ר י צ ע) — ווייבלעכע פאָרם פון פריץ. מערצאָל: **פּריצות** (פּ ר י צ ע ם).

**פּרנס=חודש** (פּ אַ ר נ ע ם כ ו י ד ע ש) — געמיינדע=פאָרזיצער אויף אַ מאָנאַט.

**פּרנסה** (פּ אַ ר נ אָ ס ע) — דאָס פאַרדינען אויף אויסהאַלטונג, אויף עקזיסטענץ. מערצאָל: **פּרנסות** (פּ אַ ר נ אָ ס ע ם).

**פּרעה** (פּ אַ ר ע) — עגיפטישער קעניג פון דער אַמאָליקער פאַראַאָן=דינאַסטיע; ביבל=פערסאָנאַזש.

**פּרשה** (פּ אַ ר ש ע) — קאַפּיטל פון כומעש.

**פּרס ומדי** (פּ אָ ר אַ ס או מ אָ ד אַ י) — נעמען פון לענדער.

**פּשט** (פּ ש אַ ט) — טייטש.

**פּשטלן** (פּ ש ע ט ל ע ן) **זיך** — שאַרפזיניק אריינטייטשן, סכאָלאסטיש באַהאַנדלען, קאַזואיסטיש באַטראַכטן.

**פּשוט** (פּ אָ ש ע ט) — איינפאַך.

**פּשרה** (פּ ש אָ ר ע) — אויסגלייך, קאָמפּראָמיס. מערצאָל: **פּשרות** (פּ ש אָ ר ע ם).

**פּשיטא** (פּ ש י ט ע) **שוין** — געוויס, אוודע, און גאָר, איז דאָך אָפּגערעדט.

**פּתחון=פּה** (פּ י ס כ ע ן = פּ ע) — אויסרייד, געלעגנהייט צו עפענען.

פתי יאמין לכל דבר (פעסי יאַמין לעכאָל דאָוואָר) — אַ נאַר גלייבט אין אַלץ.

## צ.

צאן־קדשים (צוין־קאָדאָשים) — ווערטלעך: הייליקע שעפעלעך. באַצייכענונג פאַר ייִדן, יידישע קינדער.

צבועק (צוואַק) — צווייפּנימדיקער, צוויזייטיקער, פאַלשער מענטש. מערצאָל: צבועקעס.

צביה (ציוויע) — נאָמען פון אַ פרוי.

צד (צאַד) — זייט, איינער פון צוויי פּערזאָן אָדער איינע פון צוויי גרופּן; אין היינזיכט פון קרוויועשאַפט. מערצאָל: צדדים (צדאָדים).

צדיק (צאַדיק) — ערלעכער, פרומער ייִד, גוטער ייִד, כסידישער רעבע. מערצאָל: צדיקים (צאַדיקים).

צדקה (צדאָקע) — הילף פאַר אָרעמע. צדקה־ענינים (צדאָקע־איניאָנים) — צדאָקע־זאַך — צדאָקע־אָנגעלעגנהייטן.

צורה (צורע) — דאָ: אויסזען. צורת־מטבע (צוראַס מאַטבייע) — דאָס אויסזען פון געלט.

צורר (צוירער) — באַדריקער, גאָר שלעכטער מענטש.

„ציון, בך כל בהמה ועוף חכמו (ציען, באָד קאָל בעהיימע וועאָף כאַכאָמו) — פאַרטייטשט אין טעקסט.

ציצה (ציצע) — פרענדזלעך פונעם טאַלעס און לייבצודעקל. מערצאָל: ציצית (ציצעס).

צלם־קאָפּ (ציילעם־קאָפּ) — דאָ: אַ ליטוואַק, אַ קעגנער פון כסידים; אַן אייזערנער קאָפּ.

צנועה (צנועע) — באַשיידענע, ציכטיקע, אָרנטלעכע, ישעמעוודיקע. מערצאָל: צנועות (צנועס).

צער (צאַאַר) — פאַרדרוס, קרענקונג, האַרצווייטיק, ווייטיק איבייעם מיט ראַבמאָנעס.

צרה (צאָרע) — אומגליק, ליידן. מערצאָל: צרות (צאָרעס). צרת רבים חצי נחמה (צאָראַס ראַבים כאָצי נעכאָמע) — אַז אַלגעמיין אומגליק איז אַ האַלבע טרייסט.

# ק.

קבורה (ק ו ו ר ע) — דאָס באַערדיקן אַ פאַרשטאָרבענעם.

קבר (ק ײ ו ע ר) — גרוב פאַר אַ טויטן. מערצאָל: קברים (ק װ אָ ר י ם).

קבלה (ק אַ ב אָ ל ע) — מיסטישע יידישע לערע.

קבלת=פנים (ק אַ ב אָ ל ע ס פּ אָ נ ע ם) — פייערלעכע אויפנאַמע פון געסט, פייערלעכע באַגעגעניש, פייערלעכע אויפנאַמע פונעם כאָסן פאַר דער חופּה.

קבצן (ק אַ פּ צ ן) — בעטלער, גרויסער אָרעמאַן. מערצאָל: קבצנים (ק אַ פּ צ אָ = נ י ם).

קברן (ק אַ ב ר ע ן) — באַגרעבער. מערצאָל: קברנים (ק אַ ב ר אָ נ י ם).

קדחת (ק אַ ד אָ כ ע ס) — פיבער, קראַנקהייט.

קדיש (ק אַ ד ע ש) — תּפילה נאָך געשטאָרבענע טאַטע=מאַמע, זון אאַוו. אויך דער, וואָס זאָגט קאַדעש.

קדמונים (ק אַ ד מ ו י נ י ם) — אַמאָליקע. פון קדמונים אָן — פון אַמאָליקע צייטן.

קהל (ק אָ ה ע ל) — דאָ: די אָנפירונג פון דער יידישער געזעלשאַפט.

קהילה (ק ע ה י ל ע) — יידישע געמיינדע=פאַרוואַלטונג.

קודם כל (ק ו י ד עם = ק אָ ל) — צום אַלעם ערשטן, פריער פון אַלץ.

קול (ק אָ ל) — שטים, אויך אַ קול — הויך, מיט אַ הויכער שטים. מערצאָל: קולות (ק ו י ל ע ס).

קונדס (ק ו נ ד ע ס) — שטיפער. מערצאָל: קונדסים (ק ו נ ד ײ ס י ם).

„קורא נכבד" (ק ו י ר ע נ י כ ב ע ד) — אַ טיטל, וואָס מיינט: געשעצטער לייענער.

קונה (ק ו י נ ע) — קויפער, קליענט, קונד. מערצאָל: קונים (ק ו י נ י ם).

קונטרס (ק ו נ ט ר ע ס) — בראָשור, העפטל. מערצאָל: קונטרסים (ק ו נ ט = ר ײ ס י ם).

קידוש=לבנה (ק י ד ע ש = ל ע װ אָ נ ע) — תּפילה פון דער לבֿנה=באַנייונג.

קידוש=השם (ק י ד ע = ה אַ ש ע ם) — ווערטלעך: דאָס פאַרהייליקן גאָטס נאָמען. דאָס אָפּגעבן דאָס לעבן פאַר יידישקייט, פאַרן יידישן פאָלק.

קדושים (ק ד ו י ש י ם) — דאָ: מאַרטירער.

קודשא ברוך הוא (ק ו ד ש ע ב ר י ך ה ו) — געמיינט: גאָט.

קיום (ק י ע ם) — עקזיסטענץ, באַשטאַנד, האַפט.

קוממיות (ק ו י מ מ י ע ס) — דאָ: אָפּגעשטעלט דאָס צאָלן, באַנקראָטירט.

קינות (קינעס) — קלאָג־לידער, געבעט־ביכער מיט קלאָג־לידער.

קיימא־לן (קיימעלאָן) — באַטראַף, פעסטגעשטעלטע זאַך.

קל־וחומר (קאַל־וועכוימער) — ווערטלעך: פון גרינג צו שווער. טאַלמו־דישער מעטאָד פון דערקלערן אַ האַרבע זאַך אויפן גרונט פון אַ גרינגער זאַך; לאָגישער אויספיר.

קליפה (קליפּע) — טייוול, גישטגוטער, בייזע פרוי.

קללה (קלאָלע) — שעלטונג. מערצאָל: קללות (קלאָלעס).

קמח (קעמעך) — מעל.

קמצן (קאַמצן) — קאַרגער. מערצאָל: קמצנים (קאַמצאָנים).

קנאה (קינע) — נישטפאַרגינעריי.

קנס (קנאַס) = מאָל — מאָלצייט ביים שרייבן תנאָים.

קערה (קאַרע) — שיסל, טעלער; דער טעלער, אין וועלכן מע זאַמלט געלט פאַר פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס ערעוו־יאָנקיפּער ביים דאַווענען. מערצאָל: קערות (קאַארעס); אויך אַ טעלער, אויף וועלכן ס'איז אויסגעלייגט אַלץ, וואָס עס פאָדערט זיך צום סיידער אויף פּייסעך.

קצב (קאַצעוו) — פלייש־העקער, פלייש־הענדלער. מערצאָל: קצבים (קאַ־צאָווים).

קרבן (קאָרבן) — אָפּפער. מערצאָל: קרבנות (קאָרבאָנעס). קרבן־עולה (קאָרבן־אוילע) — אַן אָפּפער פון שאָף און רינדער, וואָס רע־ליגיעזע ייִדן פלעגן אַמאָל ברענגען פאַר גאָט.

קרבן־מנחה־סידור (קאָרבן־מינכע־סידער) — אַ זאַמלונג פון געבעטן פאַר רעליגיעזע פרויען.

קרוב (קאָרעוו) — אַן אייגענער, אַ פאַמיליע־מיטגליד. מערצאָל: קרובים (קרויווים).

קרובה (קרויווע) — אַן אייגענע, ווייבלעכער פאַמיליע־מיטגליד. מערצאָל: קרובות (קרויוועס).

קריעה (קריע) רייסן — איינרייסן דעם לאַץ, ווי אַ צייכן פון טרויער נאָך אַ געשטאָרבענעם. דאָ: ווערן אויסגעריסן, פאַרשוואַרצט.

קרחם אוצרות (קוירעכס אויצרעס) — אַ גרויס פאַרמעגן.

קשה (קאָשע) — שווער צו פאַרשטיין, אומפאַרשטענדלעך.

קשיא (קאַשע) — פראַגע, האַרבע זאַך צום פאַרשטיין. מערצאָל: קשיות (קאַשעס). קלאָץ־קשיות — פראַגן, אויף וועלכע ס'איז שווער צו ענטפערן איבער זייער נאַרישקייט.

# ר.

**ר׳** (פארקירצט פון ווארט: רב (ר ע ב) — א טיטל, וואס מע פלעגט ביי יידן צו=געבן צום נאמען; הער.

**ראיה** (ר א י ע) — באווייז. מערצאל: ראיות (ר א י ע ס).

**ראש=חודש** (ר אָ ש =כ ו י ד ע ש) — אָנהייב מאָנאַט.

**ראשית** (ר יי ש י ס) — ערשטנס. ראשית=חכמה (ר יי ש י ס = כ אָ כ מ ע) — דאָס ערשטע פון וויסן, דאָס סאמע ערשטע. ראשית חכמה און סוף חכמה — דאָס גאנצע קלוגשאפט.

**ראש וראשון** (ר אָ ש וו ע ר י ש ן) — ווערטלעך: דער הויפט און דער ערשטער, דער סאמע ערשטער, דער אָנגעזעענסטער.

**ראשי=תיבות** (ר אָ ש י =ט יי וו ע ס) — ערשטע אותיות פון ווערטער, איניציאלן, ווערטער=פארקירצונג.

**רב** (ר אָ וו) מערצאָל: רבנים. (ר א ב אָ נ י ם).

**רבותי** (ר א ב ו י ס יי) — מיינע הערן.

**רבי** (ר ע ב ע) — לערער, מעלאמעד פון אַ כיידער, גוטער=ייד.

**רבותים** (ר א ב ו י ס י ם) — הערן.

**רבינו** (ר א ב יי נ ו) — אונדזער רעבע, אונדזער לערער.

**רבינו בחיי** (ר א ב יי נ ו ב ע כ א י ע) — אונדזער לערער בחיי, א יידישער מיסטיקער אין מיטלאלטער.

**ר׳ ישראל** (ר ע ב יי ס ר אָ ע ל) — געמיינט: אַן אייבצלנער ייד אין קעגנזאץ צו **כלל=ישראל** (ק ל אַ ל = יי ס ר אָ ע ל) — אלע יידן צוזאמענגענומען.

**רבונו של עולם** (ר י ב ו י נ ע ש ע ל א ו י ל ע ם) — גאָט.

**רגע** (ר ע ג ע) — מינוט, ווײַלע. מערצאָל: רגעם (ר ע ג ע ס).

**רוגז, רוגזא** (ר ו י ג ע ז, ר ו ג ז ע) — צערייצטקייט, צאָרן, פארדרוס.

**רדיפה** (ר ע ד י פ ע) — פאַרפאָלגונג. מערצאָל: רדיפות (ר ע ד י פ ע ס).

**רודפן** (ר ו י ד ע פ ן) — פאַרפאָלגן.

**רחל** (ר אָ כ ל) — נאָמען פון א פרוי; ביבל=פערסאָנאַזש.

**רוח** (ר ו ע ד) — גייסט, טייוול. מערצאָל: רוחות (ר ו כ ע ס).

**רוחניות** (ר ו כ נ י ע ס) — גייסטיקייט, איבערערדישקייט. דער קעגנזאץ פון גאשמיעס, פיזישע שוואכקייט.

**רומל=ספרים** (ר ו מ ל = ס פ אָ ד י ם) — פארשידענע קליינע ביכלעך צום מאסן=געברויך, ווי סידורים, מאכזוירים, האגאָדעס אאוו.

רחמנא ליצלן (ר אַ כ מ אָ נ ע ל י צ ל אָ ן) — זאָל גאָט אויסהיטן, באהיט גאָט.

רחמים (ר אַ כ מ י ם) — דערבארעמקייט, בארעמהערציקייט, ראכמאָנעס.

רחמנים בני רחמנים (ר א כ מ אָ נ י ם ב נ יי ר א כ מ אָ נ י ם) — בארעמהארציקע, די זין פון בארעמהארציקע. אזוי פלעגן יידן אָנרופן זיך אליין.

ריח (ר יי ע ד) — גערוך, אראָמאַט. מערצאָל: ריחות (ר יי כ ע ם).

רכילות (ר ע כ י ל ע ם) —בארעדעריי; טרייבן רכילות — בארעדן, פארשווארצן עמעצן.

רמז (ר ע מ ע ז) — אָנדייט, ווונק. מערצאָל: רמזים (ר ע מ אָ ז י ם).

רמ"ח (ר ע מ אַ ד) — 248 (ר — 200, מ — 40, ח — 8).

רמ"ח אברים (ר ע מ אַ ד א יי ו אָ ר י ם) — 248 גלידער, פון וועלכע עס באַשטייט דער מענטשלעכער קערפער (לויט דער טאלמודישער אויפפאסונג).

רעש (ר א א ש) — גערודער, טומל, רויש, אויפרודערונג.

רצועה (ר ע צ ו ע) — לעדערנער רימען פון די טפילן. מערצאָל: רצועות (ר ע צ ו ע ם). כפול־שמונהדיקע (ק אָ פ ל ־ ש מ ו נ ע ד י ק ע) רצועות — אַכטפאַכיקע רעצועס.

רצון (ר אָ צ ן) — ווילן.

רצו עבדיך את אבניה ואת עפרה יחוננו (ר אָ צ ו א ו ד ע יכ אָ ע ס א ו אָ נ ע י ה אָ ו ע ע ס א פ ר אָ י ע כ ו נ נ ו) — טייטש אין טעקסט.

רק (ר אַ ק) — נאָר, בלויז, דורכאנאנד.

רציחה (ר ע צ י כ ע) — געוואלט, אומרעכט, מאָרד. מערצאָל: רציחות (ר ע צ י כ ע ם).

רש"י (ר א ש ע) — איניציאלן פון רבי שלמה יצחקי (ר ע ב ש ל ו מ ע יי צ כ אָ ק י) — נאָמען פונעם גרויסן געלערנטן, וואָס האָט געמאכט קאָמענטאַרן צום טאַנאַך און טאַלמוד; אזוי רופט זיך אויך זיין קאָמענטאַר.

רשע (ר אָ ש ע) — שלעכטער, בייזוויליקער מענטש, זינדיקער. באצייכענונג פון א יידן־פיינט. מערצאָל: רשעים (ר ע ש אָ י ם).

## ש

שבח (ש ו א ר) — לויב, לויב־געזאנג, קאָמפלימענט. מערצאָל: שבחים (ש ו אָ כ י ם).

שבט יהודה (ש יי ו ע ט י ע ה ו ד ע) — ־ער שטאַם יהודה.

שבעה מדורי גיהנום (ש י ו ע מ ע ד ו ר יי ג ע ה ע נ ע ם) — זיבן אָפטיילונגען פון גיהנום. באדייט: שווערע ליידן, פיין.

שבת־קודש (ש אַ ב ע ס ־ ק וי ד ע ש) — דער הייליקער שאַבעס.

שבכל הלילות (ש ע ב כ אָ ל ה אַ ל יי ל ע ס) — וואָס אין אַלע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר.

שגעון (ש י ג אָ ע ן) — מאַניע, מאָדנער קאַפּריז, איינרעדעניש.

שביעי של פסח (ש וו י א י ; ש ע ל פ יי ס ע ך) — דער זיבעטער טאָג פּסח.

שד (ש ע ד) — טייוול. מערצאָל: שדים (ש יי ד י ם).

שדכן (ש א ד כ ן) — דער פאַרמיטלער, וואָס פירט אויס שידוכים. מערצאָל: שדכנים (ש אַ ד כ אָ נ י ם).

„שהחיינו" (ש ע כ ע י אָ נ ו) — ווערטלעך: וואָס מיר האָבן דערלעבט. ווען רעליגיעזע יידן עסן דאָס ערשטע מאָל אַ פרישע פרוכט, אָדער ווען ס'פּאַסירט אַ נייַ גליקלעך געשעעניש, מאַכן זיי אַזאַ בראָכע; אויף אַ נייַ אויפגעקומענע זאַך זאָגט מען, אַז מע דאַרף מאַכן דערויף אַ שהחיינו.

שהי־פהי (ש י ע ־ פ י ע) — מיט שהי פהי אָפּקומען — אָפּקומען מיט וואָס ס'איז.

שהיות (ש י ע ס) מאַכן — אָפּשלעפּן.

„שהכל" (ש א ק ל) מאַכן — דאָ: מאַכן אַ שנאַפּס, נעמען אַ טרינק בראָנפן.

שוחט (ש ו י כ ע ט) — דער, וואָס קוילעט בעהיימעס און אויפעס לויט יידישן ריטואַל. מערצאָל: שוחטים (ש אָ כ ט י ם).

שוטה (ש ו י ט ע) — נאַר. מערצאָל: שוטים (ש ו י ט י ם). שוטה בן (ב ע ן) פּיקהאָלץ — גרויסער נאַר.

שומר (ש ו י מ ע ר) — היטער, וועכטער. מערצאָל: שומרים (ש ו י מ ר י ם).

שופר (ש ו י פ ע ר) — בלאָזהאָרן, מיט וועלכן רעליגיעזע יידן בלאָזן ראָשעשאָנע ביים דאַווענען.

שור הבור (ש אָ ר ה אַ ב אָ ר) — לעגענדאַריש ריזיקער אָקס (לויט דער יידי־שער מיטאָלאָגיע), וואָס זיין פלייש וועלן עסן די יידן נאָך מאָשיעכס קומען.

שורה (ש ו ר ע) — ריי, צייל, פערז. מערצאָל: שורות (ש ו ר ע ס).

שונא (ס ו י נ ע) — פיינט. מערצאָל: שונאים (ס אָ נ י ם). שונאי־ציון (ס אָ ־ נ ע ־ צ י ע ן) — געמיינט: די יידישע פיינט.

שותפות כתב (ש ו ט פ ע ס ק ס אַ וו) — געמיינזאַמער אָפּמאַך.

שחיטה (ש כ י ט ע) — דאָס קוילען בעהיימעס און אויפעס לויט דער יידישער רעליגיעזער פּראָצעדור.

שטות (ש ט ו ס) — נאַרישקייט. מערצאָל: שטותים (ש ט ו ס י ם).

שטר חצי זכר (שטאַר כאַצי זאָכער) — לויטן יידישן רעליגיעזן
געזעץ באַקומט קיין טאָכטער גישט קיין ירושה, אויב עס זענען פאַראַן זין.
אָבער דער פאָטער האָט רעכט צו געבן דער טאָכטער א שטר (דאָקומענט)
חצי זכר, לויט וועלכן זי באַקומט א העלפט דערפון, וואָס עס באַקומט א זון.

שיטה (שיטע) — סיסטעם, מעטאָדע, ריכטונג. מערצאָל: שיטות (שי=
טעס).

שייך (שייעך) — באַלאַנגט, געהער, באַציט זיך.

שיעור (שיער) — מאָס, צאָל, עק.

שירה (שירע) — געזאַנג, דיכטונג.

שיר השירים (שיר השירים) — אַ ליבע=פּאָעמע, וואָס איז ביי רעליגיע=
זע יידן פאַרהייליקט.

שיריים (שיראַים) — איבערבלייבעכץ, רעשטלעך (באַזונדערס פון א מאָל=
צייט ביי א כסידישן רעבן).

שישי (שישע) — די זעקסטע אַליע פון דער סעדרע, צו וועלכער מע רופט אויף
„שייגע" יידן; א פעטער ביסן.

שכינה (שכינע) — גאָט, געטלעכע הייליקייט, גאָטס גייסט.

שכל (סייכל) — פאַרשטאַנד, געדאַנק, לאָגיק; דער שכל איז מחייב (מע=
כאַיעוו) — אזוי איז די לאָגיק.

שכן (שאָכן) — מיטוווינער, לאָקאַטאָר; דער, וואָס וווינט נאָענט. מערצאָל:
שכנים (שכיינים). שכנה (שכיינע) — שאָכנטע. מערצאָל: שכנות
(שכיינעס).

שכר (סכאַר) — באַלוינונג. שכר=לימוד (לימעד) — לערנגעלט.

שלא כדרך הטבע (שעלוי קעדערעך האַטעווע) — קעגן די
נאַטור=געזעצן, איבערנאַטירלעך.

שלום לאהובי מחותני וכוי (שאָלעם לאהובי מעכוטאָני וועכוי)
אַ טיטל אין אָנהייב בריוו. פרידן צו מיין ליבן מעכוטן אאוו.

שלום עליכם (שאָלעם אַלייכעם) — אַלטע, טראַדיציאָנעלע יידישע באַ=
גריסונגס=פאָרמול.

שליח (שליעך) — קוריער; אַ מענטש, וואָס ווערט געשיקט; דעלעגירטער. מער=
צאָל: שליחים (שעליכים).

שליחות (שעליכוס) — אויפגאַבע, מיסיע.

שלל (שלאַל) — אַ סך, אַ גרויסע סומע, אַ הויפן.

שלמה (שעלוימע) — נאָמען פון אַ מאַנצביל.

שלמנאסר (שאַלמענעסער) — קעניג פון אַסיריען.

שלנו (שעלאָנו) — אַן אונדזעריקער, אַן אייגענער מענטש.

שלשלת (שאַלשעלעס) — באַצייכענונג פון אַן אויסגעצויגענעם, פאַרדרייטן, געציקלטן טאָן ביים לייענען די טוירע. שנייצן מיט אַ שלשלת — שנייצן, דרייען מיט דער נאָז לאַנג און אויסגעצויגן.

שם ויפת (שעם וועיאָפעס) — ביבל-פערסאָנאַזשן: שם — אורפאָטער פון די סעמיטן (לויט דער טראַדיציע); יפת — אורפאָטער פון דער אַרישער ראַסע (לויט דער יידישער לעגענדע).

שם (שעם) — אַ נאָמען. שם-רע (שעם-ראַ) — שלעכטער נאָמען.

שמות (שיימעס) — אַרויסגעפאַלענע בלעטער פון רעליגיעזע ספאָרים.

שם ישבנו (שאָם יאָשאַוונו) — דאָרט זענען מיר געזעסן.

שמע ישראל (שעמאַ יסראָעל) — ערשטע ווערטער פון אַ קורצער טפילע, וואָס רעליגיעזע יידן זאָגן ביים דאַוונען. אין איין שמע ישראל — אין אַ גאָר קורצער צייט.

שמחה (סימכע) — פרייד, געלעגנהייטלעכע פייערונג. מערצאָל: שמחות (סימכעס).

שמש (שאַמעס) — באַדינער אין בעסמעדרעש, שול און ביי אַנדערע רעליגיעזע אינזיטוציעס. מערצאָל: שמשים (שאַמאָסים).

שמחת תורה (סימכעס טוירע) — דער יידישער פריילעכער רעליגיעזער יאָנטעוו פון פאַרענדיקן דאָס לייענען פון דער טוירע.

שנאה (סינע) — פיינטשאַפט.

שעת-רוגזא (שאָאַס-רוגזע) — בייזער מינוט.

שערי חכמה, בינה, התלהבות, דביקות (שאַריי כאָכמע, בינע, הים-לייוועס, דווייקעס) — טויערן פון קלוגשאַפט, פאַרשטאַנד, באַגייסטערונג (עקסטאַז) און פון גייסטיקער באַהעפטונג מיט גאָט (לויט דער רעליגיעז-מיסטישער פאָרשטעלונג).

שפל (שאָפל) — נידעריק, געפאַלן; שפלה (שפיילע) — געפאַלענע.

שפרה (שיפרע) — נאָמען פון אַ פרוי.

שקר (שעקער) — פאַלש. שקר וכזב (ועקאָזעוו) — פאַלש און ליגן.

שקר החן והבל היופי (שעקער האַכיין וועהעוועל האַיויפי) — פאַלש איז דער רייץ און נישטיק איז דאָס שיינקייט.

שקצים (שקאָצים) — געמיינט: לאָבוסעס, שטיפערס.

שטן (ס אָ ט ן) — טייוול, פאַרפירער, שלעכטער מאַלעך, וואָס פאַרפירט דעם מענטשן.

שר (ס אַ ר) — עלטסטער, מאַלעך. שר־המשקים (ס אַ ר ־ ה אַ מ אַ ש ק י ם) — געטראַנק־מייסטער.

שר־התורה (ס אַ ר ־ ה אַ ט ו י ר ע) — דער, וואָס האָט צו שאַפן איבערן לערנען.

שר־הריון (ס אַ ר ־ ה ע ר אָ י ע ן) — דער מאַלעך, וואָס האָט צו שאַפן איבערן פאַרשוואַנגערן.

שרה בת טובים (ס אָ ר ע ב אַ ס ט ו י וו י ם) — לעגענדאַרע געשטאַלט.

שריד ופליט (ס אָ ר י ד או פ אָ ל י ט) — אַן איבערבלייבעניש, אַ רעשט, אַ צייכן, אַ שפור. שרידים־יחידים (ש ר י ד י ם ־ י ע כ י ד י ם) — איינצלנע.

שרפה (ס ר יי פ ע) — אַ פייער. מערצאָל: שרפות (ס ר יי פ ע ם).

שרפה, סקילה, הרג וחנק (ס ר יי פ ע, ס ק י ל ע, ה ע ר ע ג וו ע כ ע נ ע ק) — די פירערליי טויט־שטראָפן, וואָס פלעגן אַמאָל ביי ייִדן אָנגעווענדעט ווערן: פאַרברענען (שרפה), פאַרשטיינען (סקילה), הארגענען מיט דער שווערד (הרג), דערוואַרגן (חנק).

שררה (ס ר אָ ר ע) — מאַגנאַט, פּאָריץ.

שררות (ס ר אָ ר ע ם) — זעט אויס שררות — זעט אויס פריציש, לוקסוסאַרטיק.

שתדלן (ש ט אַ ד ל ן) — דער, וואָס אינטערווענירט אונטערטעניק אין געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן. מערצאָל: שתדלנים (ש ט אַ ד ל אָ נ י ם).

## ת.

תאווה (ט יי וו ע) — גלוסטעניש, שטאַרקע גיריקייט. מערצאָל: תאוות (ט יי־וו ע ם).

תבואה (ט וו ו ע) — קערנער־געוויקסן, ווי קאָרן, ווייץ, גערשטן, האָבער אד״גל. מערצאָל: תבואות (ט וו ו ע ם).

תהילים (ט י ל ע ם) — אַ בוך פון רעליגיעזע דיכטונגען, פּסאַלמען.

תוהו ובוהו (ט ו י ה ו וו אַ וו ו י ה ו) — כאַאָס.

תוך (ט אָ ך) — גרונט, אינהאַלט, וועזן, עצעם.

תוך כדי דיבור (ט אָ ך קעד יי ד י ב ע ר) — גלייך אויפן אָרט.

תוכחה (ט ו י כ ע כ ע) — אַ קאַפּיטל אין כומעש, וואָס באַשטייט דורכויס פון קלאָלעס. דאָ: אַ שווערע שטראָף, אַ שווערע פאַרשעלטונג.

**תורה** (ט ו י ר ע) — לערע; די פינף טוירע-ביכער, וואָס הייסן כומעש; דער כומעש געשריבן אויף פּאַרמעט, רעליגיעזע ספאָרים אין אַלגעמיין. **תורה כולה** (ט ו י ר ע  ק ו ל ע) — די גאַנצע טוירע, דאָס גאַנצע וויסן.

**תורת-לאָקשן** (ט ו י ר ע ס - ל אָ ק ש ן) — איראָנישער אויסדרוק, ווען מע וויל זאָגן, אַז דער געזעץ, די מיינונג איז לאַכלוטן גישט קיין ריכטיקע.

**תוספות** (ט ו י ס פ ע ס) — ווערטלעך: צוגאָבן. קאָמענטאַרן און דערקלערונגען צום טאַלמוד.

**תוספות יום טוב** (ט ו י ס פ ע ס  י אָ נ ט ע ו) — פּסעוודאָנים פון רעב יום-טוב ליפּמאַן, וועלכער האָט געמאַכט אַ קאָמענטאַר צום **משניות** (מ י ש נ אַ י ע ס) מיטן זעלבן נאָמען.

**תושב** (ט ו י ש ע ו) — אַ שטענדיקער, איינגעזעסענער איינוווינער. מערצאָל: **תושבים** (ט ו י ש ו י ם).

**תחבולה** (ט אַ כ ב ו ל ע) — אויפטו, מיטל, פאָרטל. מערצאָל: **תחבולות** (ט אַ כ ב ו ל ע ס).

**תחום** (ט כ ו ם) — געביט, גרענעץ. **תחום שבת** (ט כ ו ם  ש אַ ב ע ס) — שאַבעס-גרענעץ: די שטרעקע, וואָס איז לויט דער יידישער רעליגיע דערלויבט צו גיין אום שאַבעס אויסער דער שטאָט.

**תחילת** (ט כ י ל ע ס) — פון אָנהייב.

**תחית המתים** (ט כ י ע ס  ה אַ מ י י ס י ם) — ווידערגעבורט, אויפלעבונג, דאָס ווידעראויפלעבן פון טויטע.

**תחינה** (ט כ י נ ע) — געבעט. מערצאָל: **תחינות** (ט כ י נ ע ס) — אַ זאַמלונג פון טפילעס אין יידיש פאַר ווייבער.

**תחתונים** (ט אַ כ ט ו י נ י ם) — הויזן.

**תיכף** (ט ײ ק ע ף) — גלייך, באַלד.

**תיקון** (ט י ק ן) — אויפריכטונג. לויט אַ מיסטישער אויפפאַסונג ווערט פון הימל-געריכט באַשטימט פאַר יעדער נעשאָמע אַן אָפּקומעניש, נאָך וואָס זי גייט אַ געלייטערטע אין גאַנײדן אַריין. תיקון-בראָנפן — דער בראָנפן, וואָס מע טרינקט אויפן יאָרצייט, ווינטשעווענדיק די נעשאָמע זאָל האָבן אַ טיקן.

**תירוץ** (ט ע ר ע ץ) — אויסרייד, פאַרענטפערונג. מערצאָל: **תירוצים** (ט ע - ר ו צ י ם).

**תל** (ט ע ל) **מאַכן** — פאַרוויסטן, פאַרניכטן. תל ווערן — צעשטערט ווערן.

**תלמוד** (ט אַ ל מ ו ד) — געזעצגעבעריש ווערק אין דער אַראַמייאישער שפּראַך.

**תלמוד-תורה** (ט אַ ל מ ו ד - ט ו י ר ע) — רעליגיעזע אָנפאַנג-שול פאַר אָרעמע קינדער. מערצאָל: **תלמוד-תורות** (ט אַ ל מ ו ד - ט ו י ר ע ס).

תלמיד־חכם (טאַלמיד־כאָכעם) — געלערנטער אין יידישן וויסן.

תם (טאַם) — נאַיווער, נישט־איבערגעשפּיצטער, נאַר.

תמוז (טאַמוז) — דער צענטער כוידעש אין יאָר (יוני־יולי).

תמונת־אות (טמונעס־אָס) — דאָס אויסזען פון א בוכשטאַב, א געשריפט. ער קען נישט קיין תמונת־אות — ער איז א גראָבער יונג.

תמצית (טאַמצים) — קערן, קווינטעסענץ, אינהאַלט.

תנא (טאַנע) — ווערטלעך: לערער, יידישער געלערנטער. תנא קמא (טאַנע קאַמע) — דער ערשטער טאַנע.

תנאי־גט (טנײַ־געט) — באַדינגלעכער צעשיידונגס־דאָקומענט: אויב דער מאַן ווערט פאַרפאַלן אויף יאָרנלאַנג, זאָל די פרוי מעגן כאַסענע האָבן מיט אַ צווייטן.

תנאים (טנאָים) — שריפטלעכער אָפּמאַך צווישן כאָסן־קאַלע.

תנו רבנן (טאָנו ראַבאָנען) — דאָ געמיינט: קוועטשן די באַנק און לערנען.

תנו שכר לאובד (טנו סכאַר לאָאויוועד) — פאַרטײַטשט אין טעקסט.

תנוע (טנוע) — זשעסט, אָנשטעל, שטיק. מערצאָל: תנועות (טנועס).

תנ״ך (טאַנאַך) — פאַרקירצט פון: תורה, נביאים, כתובים (טוירע, נעווייִם, קסווים) — די ביבל.

תענוג (טאַנוג) — פאַרגעניגן, גענוס. מערצאָל: תענוגים (טאַנוגים).

תענית (טאַניס) — פאַסט־טאָג. מערצאָל: תעניתים (טאַנייסים).
תענית־יחיד (טאַניס־יאָכיד) — וואָס אײנער פאַסט בלויז פאַר זיך. תענית־ציבור (טאַניס־ציבער) — אַ טאָנעס פון דער גאַנצער קעהילע.

תפילה (טפילע) — געבעט צו גאָט, דאָס דאַווענען. מערצאָל: תפילות (טפילעס).

תפילין (טפילן) — לעדערנע פירעקיקע שיידלעך, אין זיי אָנגעשריבענע אויף פּאַרמעט פראַגמענטן פון דער ביבל. איין טפיל טוט מען אָן אויף דער לינקער האַנט און דעם צווייטן אויפן קאָפּ. תפילין־לייגן — אָנטאָן די טפילן צום דאַווענען. אַ יינגל הייבט אָן לייגן טפילן צו דרייצן יאָר.

תפיסה (טפיסע) — פעיקייט פון פאַרשטיין, פון באַנעמען דאָס לערנען.

תפיסה (טפיסע) — אַרעסט, טורמע, געפענגעניש. מערצאָל: תפיסות (טפיסעס).

תפל (טאָפל) — צוגאָב־זאַך, בייזאַך, צווייטראַנגיקע זאַך.

**ת׳ק** (טאָק) — באַטייט 500 (ת—400, ק—100).

**תקיעה** (טקיע) — בלאָז פון א שויפער.

**תקיעות** (טקיעס) — דאָס שויפער-בלאָזן ראָשעשאָנע ביי רעליגיעזע יידן.

**תקיעה-גדולה** (טקיע-גדוילע) — לאַנגער שויפער-בלאָז.

**תקיעת-כף** (טקיעס-קאַף) — פייערלעכער צוזאָג דורך געבן די האַנט.

**תקיף** (טאַקעף) — מאַכטהאָבער, גיריקער נאָך הערשאַפט; שטאַרקער. מער-צאָל: תקיפים (טאַקיפים).

**תקיפות** (טקיפעס) — מאַכטהאָבעריי, שטאַרקייט, געוואַלט-הערשאַפט.

**תר״מ לפ״ק** (טאַרמעם לעפאַק) — ראַבאָנישע באַצייכענונג פאַר צייט-רעכענונג.

**תרבות** (טאַרבעס) — אָפשיי, גוטע אויפפירונג, דערעכערעץ.

**תרגום-לשון** (טאַרגעם-לאָשן) — אַראַמיש, אומפאַרשטענדלעכע שפּראַך.

**תרי״ג מצוות** (טאַריאַג מיצוועס) — זעקס הונדערט דרייצן (ת—400, ר—200, י—10, ג—3) געבאָטן, וואָס זענען פאַרפליכטנדיק פאַר רעליגיעזע יידן.

**תרי״ג פניות** (טאַריאַג פּניעס) — געמיינט: אָן א צאָל זייטיקע הינטערגעדאַנקען, קאַוואָנעס.

**תרח** (טערעך) — ביבל-פערסאָנאַזש. אַלטער תרח — זידל-וואָרט פאַר א ביינ אַלטן מענטש.

**תרופה** (טרופע) — מיטל, הייל-מיטל.

**תשעה-באב** (טישעבאָוו) — נייַנטער טאָג אין כוידעש אָוו. טרויער-טאָג נאָך דער צעשטערונג פון יערושאָלאַים.

---

# אינהאַלט